# פארווארט

וועגנראָוו, איינע פון די עלטסטע יידישע קהילות אין פוילן, איז לויט טראַדיציע אַלט געווען 800 יאָר בערך בעת דעם חורבן פון יידישן פוילן. ווי יעדע קהילה האָט אויך וועגנראָוו געהאַט תקופות פון עליה און צייטן פון ירידה. איר יחוס איז געווען פון די סאַמע בכבודיקסטע צווישן די הונדערטער קהילות אין קרוין פוילן: בכבודיק מיט אירע רבנים, דיינים, מיט באַטייליקונג אין ועד ארבע ארצות, חסידים, פּאַרטייען, עסקנים און סתם יידן, וואָס זענען געווען דער רוב פון דער באַפעלקערונג.

לויט אַ לעגענדע האָט זיך ר' יהודה החסיד מיט זיין פמליה אויפגעהאַלטן אין וועגנראָוו פאַרן עולה זיין קיין ארץ-ישראל, געלערנט תורה אין אַלטן בית-המדרש און דאָרט זיך געטובלט אין דער מקווה, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלער פון בית-המדרש. געווען אויך אַנדערע בתי-מדרשים; די גרויסע שוהל מיט אירע דיקע ווענט און מיט די לוחות-הברית, וואָס האָבן באַצירט איר פּאַסאַד, און האָבן זיך געלאָזן זען פון ווייטן. אויף די ווענט אין דער שוהל זענען געווען געמאָלן שיינע אויפשריפטן. דער אדמו"ר פון קאַלושין האָט געלעבט אַ צייט אין וועגנראָוו און חסידים פון דער גאַנצער סביבה האָט צו אים געשטראָמט.

היסטאָריקער הויבן אָן די געשיכטע פון וועגנראָוו פון יאָר 1414. דער פריער-דיקער פעריאָד איז פאַרנעפּלט. אין 15-טן יאָרהונדערט זענען אַהינצו אָנגעקומען די ערשטע איינזידלער פון מערב-פוילן, וועלכע האָבן געזוכט נייע שטחים צו באַזעצן זיך אין מזרח. וועגנראָוו איז אין יענער צייט געווען אַ ראַנד-ישוב אין אַ וויסטן געביט, האַרט ביי דער ליטווישער גרענעץ. שפּעטער איז די שטאָט איינגעגלידערט געוואָרן אין מאַזאָווער פירשטענטום. צוויי הויפּט-שליאַכן האָבן זיך באַגעגנט אין וועגנראָווער מאַרק: איינער פון ליטע קיין וואַרשע, דער צווייטער פון דאַנציג קיין לוקאָוו. אַזוי לאַנג ווי די וועגן זענען געווען נישט זיכערע, איז געשטיגן די חשיבות פון וועגנראָוו אַלס צענטער פון וואַסער-וועגן ליגנדיק אויפן רעכטן ברעג פון טייך ליוויעץ. אין דער העלפט פון 16-טן יאָרהונדערט איז די שטאָט געווען באַוווסט אויך אַלס אַ קולטורעלער און גייסטיקער צענטער, פאַרבונדן מיט דער רעפאָרמאַציע וואָס האָט זיך דעמאָלט פאַר-שפּרייט איבער גאַנץ פוילן; אין יאָר 1570 זענען אין וועגנראָוו געגרינדעט געוואָרן אַ דרוקעריי (האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן) און אַ שול, וואָס איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער מדינה.

וועגנראָווער שטאָט-לייט האַלטן, אַז קרוב פאַרן חורבן האָט די שטאָט געציילט 8000 איינוווינער און בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך די באַפעלקערונג פאַר-טאָפּלט, ווייל זי האָט אויפגענומען פליטים פון ווישקאָוו, פולטוסק, מישניץ, מאַקאָוו א. אַ. וו. לויט פאַראַנענע פריערדיקע ציילונגען האָט די שטאָט פאַרמאָגט אין יאָר 1580 — 1430 איינוווינער (286 הייזער), אין יאָר 1840—3902 איינוווינער (פון זיי 2130 יידן), אין 1931 — 9416 איינוווינער (5100 יידן).

לויט דער עקאָנאָמיש-סאָציאַלער סטרוקטור איז וועגנראָוו געווען אַ שטאָט פון

האָראָפּאַשניקעס, אַ גאָר קליינע צאָל זענען געווען סוחרים. די שטאָט איז געווען באַוווּסט מיט אירע שטריקער־אויסאַרבעטונגען (הויז־אַרבעט פאַר פרויען און מיידלעך) און סופרי סת״ם און בת״ניקעס (מאַכער פון „בתים״ פאַר תפילין). אַ ברויזנדיקע געזעלשאַפטליכע און פּאַרטייאישע טעטיקייט פון אַלע פּאַראַנענע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס, האָט עקזיסטירט אין ווענגראָוו. די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אויך געהאַט זייער ווירקונג אויף דער יידישער באַפעלקערונג און זיי פּלעגן זיך באַטייליקן אין אַלע דיסקוסיעס. וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין די לאָקאַלן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען. דאָרט האָט מען אויך געקענט באַגעגענען יונגע לייט מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און יידישע היטלעך. דער געזעלשאַפטליכער געראַנגל איז געפירט געוואָרן מיט אימפּעט און טעמפּעראַמענט, סיי אויפן פּאָליטישן געביט, ווי שטאָטראַט־און קהילה־וואַלן, און סיי ביי וואַלן צום סיים, ציוניסטישן קאָנגרעס, טעטיקייט פאַרן אַרבעטענדיקן ארץ־ישראל א. אַ. וו.

דער כאַראַקטער פון דער שטאָט האָט זיך אויסגעפאָרמט במשך לאַנגע דורות און האָט פאַרמאָגט אַ יידישן חן. שבתים און ימים־טובים האָבן זיך אָנגעהויבן אין די פריע שעהן פון טאָג. די שבת־ליכט האָבן געלויכטן און די הייליקע זמירות האָבן אָפּגעקלונגען אין די גאַסן. פון די טעג פון שבת און יום־טוב האָט מען געשעפּט כוח און אמונה, אין די שווערע טעג פונעם גרויעם אינדערוואָכן.

✶

**וו**ענגראָוו איז געווען איינע פון די לעצטע שטעט אין פּוילן, וואָס איז חרוב געוואָרן דורך דער נאַצישער בעסטיע. אַסך פון די ווענגראָווער יידן זענען אַוועק פון דאָרט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה: ווער קיין ארץ־ישראל אַלס חלוץ, און ווער אַלס עמיגראַנט קיין אַרגענטינע, פאַראייניקטע־שטאַטן א. אַ. וו. די דאָזיקע גרופּן האָבן אָפּגעהיטן זייער ליבשאַפט צו ווענגראָוו, אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די פאַרבליבענע; און ווען ס'איז געקומען די שרעקליכע שעה — האָבן זיי געדינט אַלס אבסאָרפּציע, אָנטקעגן געטראָגן זייער הילף פאַר די געראַטעוועטע פון חורבן; ווער ס'איז געקומען איבער סיבירער סטעפּן, פּערסיע, פון פאַרשידענע פאַרניכטונגס־לאַגערן — אַלע פליטים האָבן געקריגן הילף.

אויך ביי אונדז, ווי ביי אַסך אַנדערע קהילות, איז אויפגעשוווּמען דער געדאַנק צו שטעלן אַ מצבה דער שטאָט און אירע יידישע איינוווינער — אַט דעם יזכור־בוך. נאָך אין יאָר 1940 האָט ה' **אפרים (פישל) פשעפיורקא,** נאָך אַ באַזוך אין ווענגראָוו (ממש אין די לעצטע טעג פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה) אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן און דאָקומענטן: ער האָט געזען זיינע שטאָט־לייט אין זייער שרעק און האָפענונג, אין זייערע אילוזיעס, פאַרפירט מיט זיי שמועסן, געמאַכט פאָטאָגראַפיעס, וואָס זענען טאַקע פאַרבליבן ביז היינט. ער האָט מיט גרויס מסירות געקליבן דאָקומענטן, געשריבן עדות, געפירט דעם אַרכיוו א.אַ.וו.

סוף 1945 איז פאָרגעקומען אין תל־אביב אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די ווענגראָווער שטאָט־לייט אין ארץ־ישראל, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך. דאָס זאַמלען פון מאַטעריאַל (עדות־זאָגן, פאַרצייכנונגען, דאָקומענטן, פאָטאָגראַפיעס) האָט געדויערט יאָרן. די מקורות: ווערטפולע זאַמלונג אין אַרכיוו פון „יד ושם״; עדות־באַריכטן דורך יוו״א במשך עטלעכע יאָר; אויפרופן פון די דייטשן און בריוו פון דער סאָציאַלער קאָמיסיע צום „יודענראַט״ אין ווענגראָוו, און צום פרעזידיום פון דער יידישער סאָציאַלער געמיינזאַמער הילף אין קראָקע;

אַן אַרטיקל פון דער „יידישער צייטונג״ אין קראָקע, 1941; זכרונות און עדות פון געראַטעוועטע; זאַמלונג פון פאָטאָגראַפיעס בעת דער פאַרניכטונגס-תקופה און פון פריערדיקע יאָרן.

ווערנדיק געבן אַן איבערבליק פון דער אַנטשטייאונג פון דער שטאָט, האָט דער „בוך קאָמיטעט״ זיך געווענדעט צו ה׳ **ניסן סלוצקי**, אַ יונגער פאָרשער אין ירושלים, וועלכער האָט זיך במשך פון עטלעכע יאָר באַמיט אויסצופאָרשן די געשיכטע פון דער שטאָט און קהילה. זיינע אויספאָרשונגען שטיצן זיך אויף היסטאָריש-ביבליאָגראַפישע מקורות, אָנהויבנדיק פונעם 15-טן יאָרהונדערט; דעם יונגן פאָרשער איז געלונגען צו באַקומען אַ בינטל דאָקומענטן פון „פנקס הדיינים״ — אַ זעלטענער און גאָר וויכטיקער מקור — אויך אַ טוץ פאָטאָגראַפיעס פון דאָקומענטן וואָס זענען אַלט איבער 150 יאָר. די אַלע היסטאָרישע דאָקומענטן האָט ה׳ סלוצקי סעגרעגירט און אויפגעקלערט, אַזוי ווי מיר ברענגען זיי אין בוך אין העברעאישן אָריגינאַל (די היסטאָרישע אַרבעט — אויך אין דער יידישער איבערזעצונג).

אין 1954 איז בשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן דאָס בוך. אַלס רעדאַקטאָר איז איינגעלאַדן געוואָרן דער שרייבער ה׳ **משה תמרי**, וועלכער האָט אין 1930 פאַרבראַכט קרוב אַ יאָר צייט אין אונדזער שטאָט אַלס אַ שליח פון אַ ציוניסטישער יוגנט-באַוועגונג. זיינע איינדרוקן פון יענער צייט האָבן בייגעטראָגן צו דער פאָרם און כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן בוך.

דאָס פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, האַלטן מיר פאַר אונדזער הייליקן חוב; ס׳איז פאַר אונדז, מיטגלידער פון „בוך-קאָמיטעט״, געווען אַ זכיה צו זאַמלען מאַטעריאַלן און פאַרגלייכן פאַקטן מיט דאָקומענטן, זאָרגן פאַר די נויטיקע געלט מיטלען, און בכלל זיך פאַרנעמען מיט אַלע פרטים וואָס זענען פאַרבונדן מיטן דערשיינען פון בוך. געווים זענען מיר ווייט פון שלמות; ס׳קען זיין אַז דאָ און דאָרט פעלן נעמען, דאַטעס, פאַקטן — אָבער מיר האָבן געטון אַלץ וואָס איז געווען אין אונדזער מעגלעכקייט, כדי צו דערגרייכן דעם מאַקסימום.

מיר דאַנקען די קאָמיטעטן פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אין ישראל און אויף דער גאָרער וועלט; אונדזערע שטאָט-לייט אין אַרגענטינע, פאַראייניקטע-שטאַטן, פראַנקרייך, ווענעצועלא און אַוווּ זיי געפינען זיך, וואָס צוליב זייער פינאַנסיעלער הילף און פען-ביישטייער איז דאָס בוך דערשינען. באַזונדערס דאַנקען מיר ה׳ **שלמה זאַבלודאָוויטש**, אונדזער בן-עיר אין ווענעצועלאַ, וועלכער האָט פיל בייגעשטייערט דערצו, ער האָט זיך אַפילו באַמיט צו באַקומען מאַטעריאַלן פון יוו״א; אַ באַזונדערן דאַנק די ביבליאָטעקן, וואָס האָבן אונדז געהאָלפן אין זאַמלען היסטאָרישע און דאָקומענטאַרישע מאַטעריאַלן; דעם ה׳ **ניסן סלוצקי** פאַר זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט; דעם ה׳ **משה תמרי**, וועלכער האָט סטיליזירט, רעדאַגירט און צוגעגרייט דעם גאַנצן מאַטעריאַל צום דרוק, און אויך פלאַנירט און געפאָרמט די ראָם — אַ דאַנק אים איז אונדזער שטרעבונג פאַרווירקלעכט געוואָרן; דער דיכטערין **רחל קראַמפף**, פאַר מיטבאַטייליקונג אין סטיליזירן אַ טייל פון די יידישע אַרטיקלען; דער פר׳ **מרים תמרי**, פאַר איבערזעצונגען פון יידיש און פויליש. דער דרוקעריי ״אחדות״ אין תל-אביב און אירע אַרבעטער, וואָס האָבן אויסגעפירט די אַרבעט מיט ליבע און מסירות, און דעם ה׳ **משה וויזעלבערג**, וועלכער איז אונדז בייגעשטאַנען מיט זיין רייכער דערפאַרונג. אַ האַרציקן און אַ ברודערלעכן יישר כוח די מיטגלידער פון די קאָמיטעטן אין אַרגענטינע: ד. אייזנבערג, צ. גליקסבערג, י. האָלאַנד, י. ווערניק, מ. זאַיאָנץ, א. זילבערשטיין, פ. טשאַפּאָוו, י. ניעביעסקי, י. פרידמאַן, ה. פשעפּיורקא, א. קאָכאַן און י. שעדלינסקי; ח. בראַנד

און ד. רעקאַנט אין די פּאַרייניקטע-שטאַטן — זיי אַלע האָבן אַסך געלייסטעט, מאַטעריאַל און גייסטיק, לטובת דעם בוך און באַגלייט פון ווייטן מיט גרויס אינטערעס און איבערגעגעבנקייט די חבלי-לידה פון דעם דאָקומענטאַרן בוך. יעמדו הכל על הברכה.

*

מיט הייליקן ציטער דערפילן מיר דעם געבאָט צו פיקסירן דעם זכר פון אונדזערע טייערע. זאָלן די בלעטער פון דעם בוך, באַנעצטע מיט בלוט און טרערן, זיין אַ מצבה פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זייער בלוט האָט גערונען אין אַלע עקן פון דער שטאָט און זענען אומגעקומען מיט כלערליי מיתות און ליידן; פאַרצערט געוואָרן אין פלאַמען און די גאַזן אין טרעבלינקא. זאָל זיך דער בוך געפונען אין שטוב פון יעדן בן-עיר, אַ זכר פונעם פאַרשניטענעם אבשטאַם-בוים, אַלס רוף און אַ וואָרנונג צו די פעלקער, וועלכע האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט ווען אונדזער בלוט האָט זיך געגאָסן פאַר אַלעמען אין די אויגן. זאָל דאָס בוך אויך זיין אַ מצבה אויף איינצלנע און מאַסן קברים, וואָס זייער אָרט איז נישט באַוווּסט — זאָל זיין דאָס בוך אַ דאָקומענט פאַר קומענדיקע דורות. זאָל דער נאָמען פון קהילה ווענגראָוו, וואָס האָט אָנגעהאַלטן הונדערטער יאָרן, בלייבן איינגעקריצט אין אונדזער האַרץ און אין די האַרצן פון אונדזערע קינדער. אמן.

**בוך קאָמיטעט**

**ניסן סלוצקי** (ירושלים)

# די אַנטוויקלונג פונעם יידישן ישוב אין ווענגראָוו

## 1. אַנטוויקלונג פון דער שטאָט — פאַר דער אַנטוויקלונג פונעם יידישן ישוב אין ווענגראָוו

### א. דער 15־טער יאָרהונדערט

ווענגראָוו, איינע פון די עלטסטע שטעט אין פּאָדלאַסיע, געפינט זיך ביי די מערב גרענעצן פון דער פּראָווינץ, אויפן רעכטן ברעג פון טייך ליוויעץ, וואָס פליסט אַריין אין בוג נישט ווייט פון וואַרשע, די הויפּט־שטאָט פון פּוילן. אין דער צייט פון דער גרינדונג איז ווענגראָוו געווען אַ מזרחדיקער ראַנד־ישוב פונעם מאַזאָוויער פירשטנטום — האַרט ביי דעם ליטווישן גרענעץ, וואָס האָט זיך געצויגן נישט ווייט פון דער שטאָט. אַ דאַנק דעם האָט זי אויך געדינט אַלס וואַך־פּונקט, וואָס האָט ווייזט אויס געהאַט די אויפגאַבע צו באַפעסטיקן די הערשאַפט פונעם מאַזאָוויער פירשט אינעם גאַנצן קרייז, וועלכער איז געווען ווייט פונעם מאַזאָוויער צענטער, און שטאַרקן די זיכערקייט.

געווי ווען די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן — איז נישט באַקאַנט. אָבער שוין אין יאָר 1414 שאַפט זיך אין איר דער אָנהויב פון אַ שטענדיקן ישוב אַ דאַנק זידלער פון מערב פוילן, וועלכע האָבן געוואַנדערט ווייט נאָך מזרח זוכענדיק נייע שטחים. דער איינזאַמער פּונקט ווענגראָוו, אינמיטן פון ברייטע און וויסטע אומבאַזעצטע שטחים, האָט זיי צוגעצויגן.

וואָס שייך דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט אין דער ערשטער העלפט פונעם 15־טן יאָרהונדערט זענען נישט פאַרבליבן קיין פּרטים. אין אַלגעמיין לאָזט זיך אָבער פעסטשטעלן, אַז געוויסע פאַקטאָרן האָבן געשטערט דאָס שנעלע וואַקסן פון דער שטאָט, כאָטש זי האָט פּראָפיטירט פונעם פאַקט, וואָס זי איז געווען אַ גרעניץ־שטאָט, וואָס ליגט אויף רוישיקע שליאַכן און פאַרבייפאָרער האָבן זיך אין איר פאַרהאַלטן. ווענגראוו האָט אויך גענאָסן פון דער פּריווילעגיע צו זיין דער איינציקער שטאָטישער צענטער אין אַ ברייטער סביבה. פונדעסטוועגן איז דאָס דאָך נישט געווען מער ווי אַ מזרחדיקער ראַנד־ישוב ביים מאַזאָוויער־ליטווישן גרענעץ, ווייט פון האַנדלס צענטערן אין מערב פוילן מיט וועלכע עס איז געווען מעגלעך אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט נאָר דורך לאַנגע מסוכנדיקע לאַנד־וועגן. אויך די ווייטקייט פון מאַזאָוויער צענטער גופא האָט צונישט געמאַכט דאָס פאַרוואַנדלען זיך פון ווענגראָוו אין אַ וויכטיקן האַנדלס צענטער פונעם פירשטנטום. ווייזט אויס, אַז די הויפּט־פונקציע פון דער שטאָט איז געווען צו שטאַרקן די זיכערקייט און דעריבער האָבן די מאַזאָוויער הערשער נישט געמאַכט קיין באַזונדערע באַמיונגען, כדי צו פאַרוואַנדלען די שטאָט אין אַן עקאָנאָמישן צענטער.

אָבער אויך דער זיכערקייטס פאַקטאָר האָט אַ שפּאָר ביסל געווירקט אויפן מצב פון דער שטאָט; צוליב דער נאָענטער גרענעץ האָט דער דראָהאטשינער קרייז, וואָס האָט אויך אַרומגענומען ווענגראָוו, געליטן פון אומאויפהערלעכע גרענעץ־אינצידענטן מצד די ליטווינער, וועלכע האָבן אָפט איבערגעפאַלן די ישובים; די גאַנצע סביבה האָט געהאַט אויסצושטיין אומרו און אומענדלעכע סכסוכים. עס איז אָנצונעמען, דאָס דער מאַזאָוויער הערשער האָט זיכער געשטרעבט צו סאַנירן דעם צערודערטן זיכערקייטס מצב, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט אַ נאָרמאַלן לעבן. אַ פּנים אָבער, אַז זיין שוואַכקייט און מאַכטלאָזיקייט האָבן נאָר דערמונטערט די חוצפּה'דיקע ליטווינער. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו צאַמען די ליטווינער האָט ער באַשלאָסן צו פאַרקויפן דעם גאַנצן קרייז די גראַפן. און ריכטיק, אין יאָר 1443 איז דער דראָהיטשינער קרייז פאַרקויפט געוואָרן צו ליטע. אינטערעסאַנט איז אָבער, דאָס צוליב געוויסע טעמים האָט דער מאַזאָוויער פירשט באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן ביי זיך ווענגראָוו און אויסצושליסן די שטאָט פונעם פאַרקויף־אַקט. אָבער די ליטווינער האָבן ווייטער אויסגענוצט זיין שוואַכקייט און אינקאָרפּערירט די שטאָט אין זייערע באַזיצונגען. אַזוי אַרום איז ווענגראָוו געוואָרן אַ ליטווישע שטאָט.

מיט דער אינקאָרפּעראַציע הויבט זיך אָן דער שנעלער וווּקס פון דער שטאָט אין דער צווייטער העלפט און באַזונדערס צום סוף פון 15־טן יאָרהונדערט. די אינקאָרפּעראַציע האָט אַ סוף געמאַכט צום באַדראָטן זיכערקייטס־מצב, ווייל די ליטווינער האָבן מער נישט געהאַט קיין סיבה פאַר ווייטערדיקע אַטאַקעס אויף דער שטאָט. אומגעקערט, פאַר די ליטווינער איז איצט ווענגראָוו געווען אַ מערבדיקע און נישט מער קיין מזרחדיקע ראַנד־שטאָט און גאָר וויכטיק אַלס האַנדלס צענטער, פאַרבונדן מיטן מערב.

אין יענער צייט זענען פאָרגעקומען ווייטערדיקע ענ־

דערונגען, וואָס האָבן באַגינסטיקט דעם אויפשטייג פון דער שטאָט ; ווענגראָוו איז אַריבער אין די הענט פון אַ פּריוואַטן באַזיצער, וועלכער האָט איצט געזאָרגט פאַר דער שטאָט צוליב אייגענע אינטערעסן. די שטאָט הויבט טאַקע אָן צו שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל אינעם לעבן פון דער סביבה, וואָס ווערט באַזעצט אין אַ שנעלן טעמפּאָ דורך אַ פאַרגרעסערטן שטראָם פון נייע ייִדלעך. ווענגראָוו ווערט אַרומגערינגלט מיט דערפער, וואָס נויטיקן זיך אין אַן איינקויף־צענטער פאַר זייערע באַדערפענישן און אַן אָבזאַץ־מאַרק פאַר זייערע פּראָדוקטן. די שטאָט דינט אויך אַלס אַ צענטער אין באַזע פאַר אַ ווייטערדיקער עקספּאַנסיע נאָך מזרח. ס'ווערן אין איר אָפּגעהאַלטן ירידים אין באַשטימטע טעג, וואָס פאַרלייכטערן דעם עקאָנאָמישן קאָנטאַקט מיט דער סביבה.

## ב. 16־טער און ערשטע העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט

אין דעם פּעריאָד איז געשטיגן די צאָל איינוווינער פון דער שטאָט, ס'זענען צוגעקומען פיל נייע געביידעס און נאָענט צום 16־טן יאָרהונדערט איז ווענגראָוו געוואָרן די צענטראַלע שטאָט אין דער אומגעבונג.[1] די איינוווינער האָבן גענאָסן פון אַן עקאָנאָמישער רחוותדיקייט און האָבן אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט אין דער שטאָט, אין דער סביבה און אויך ווייט אויסער אירע גרענעצן. היסטאָרישע קוועלן פון 16־טן יאָרהונדערט דערמאָנען ווענגראָווער איינוווינער, וועלכע האָבן געוואַנדערט מיט זייערע סחורות ווייט איבער דער גאַנצער מדינה און האָבן דערגרייכט קיין אויסלאַנד.[2] אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט איז די שטאָט געוואָרן באַקאַנט אַלס קולטורעל־אידייִשער צענטער, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָרישער באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט אַיינגעדרונגען קיין פּוילן. צוליבן דאָזיקן צענטער זענען געגרינדעט געוואָרן קולטורעלע אונטערנעמונגען: אַ דרוקעריי (געגרינדעט אין 1570 און נישט לאַנג עקזיסטירט) און אַ שול, וואָס איז געוואָרן באַרימט אין דער מדינה.

וואָס האָט געשאַפן אָט דעם אויפבלי פון דער שטאָט ? קודם־כל — דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער מצב אין דער מדינה: דאָס איז געווען דער בלי־פּעריאָד פון פּוילן, וואָס אַלס פּועל־יוצא פון איר אויסברייטערונג און פּאָליטישער שטאַרקונג איז געקומען אַן עקאָנאָמישער אויפשטייג, וואָס האָט זיך אומעטום אויסגעווירקט: די באַפעלקערונג איז געוואָקסן, אַלטע ישובים האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט און נייע זענען געגרינדעט געוואָרן, באַזונדערס אין מזרח ווו ס'איז געווען פיל באָדן. דער אויסן־האַנדל האָט געבליט.

צוויי צענטראַלע געשעענישן, פאַרבונדן איינע מיט דער צווייטער, האָבן בעיקר דערפירט צום עקאָנאָמישן אויפבלי פון דער מדינה, און אומדירעקט אויך פון ווענגראָוו:

1) די דעראָבערונג פונעם ווייסלע אויסגאַנג, וואָס איז געווען אין די הענט פון טאַוטאָנישן אָרדן און דאָס באַנוצן דאַנציג (גדאַנסק) אַלס עקספּאָרט־פּאָרט פון פּוילן האָט געבראַכט אַן עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אין לאַנד, באַזונדערס אין אויסן־האַנדל. פּוילן און ליטע האָבן פאַרמאָגט ריזיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע שטחים, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט די דאָזיקע לענדער אין אַגראַרישע ליפעראַנטן, באַזונדערס צוליבן באַזיצן ביליקע אַרבעטס־קראַפט נאָכן צושמידן די פּויערים צו די לאַנד באַזיצונגען פון די פּריצים. דעריבער, ווי נאָר ס'איז געשטיגן דער פאַרלאַנג נאָך לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע מצד די מערב אייראָפּעאישע לענדער און ס'איז געעפנט געוואָרן דער ים־וועג — איז גאָר שטאַרק פונאַנדערגעוואָקסן דער האַנדל, באַזונדערס מיט תבואה. דער גרעסטער טייל פון דער עקספּאָרטירטער תבואה איז געווען פון די פּריצישע ווירטשאַפטן. דער געעפנטער ים־וועג האָט געהויבן נישט בלויז די וויכטיקייט פונעם דאַנציגער פּאָרט, נאָר אויך די עקאָנאָמישע וויכטיקייט פון אַלע האַנדלס צענטערן, וואָס האָבן געקאָנט אָנהאַלטן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט דאַנציג — מיט דער הילף פון וואַסער־וועגן. די וויכטיקייט פון וואַסער־וועגן באַווייזט אויך דער פאַקט, וואָס די פּריצישע ווירטשאַפטן, וואָס זענען געווען די אַגראַרישע הויפּט־עקספּאָרטערן, האָבן זיך קאָנצענטרירט קודם כל לענג אויס די טייכן. צוליב דעם איז אויך געוואָקסן די עקאָנאָמישע חשיבות פון ווענגראָוו, וואָס האָט זיך געפינען אין צענטער פון ריזיקע לאַנדווירטשאַפטלעכע שטחים און האָט באַזיצט וואַסער־וועגן, וואָס האָבן איר דערמעגלעכט אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט דאַנציג.

2) דער איבערגאַנג צו גרויס־לאַנדווירטשאַפט, וואָס פּראָדוצירט אין אַ גרויסער מאָס פאַרן מאַרק, האָט אויך געווירקט אַלס אַ ריזיקער סטימול פאַרן האַנדל אין דער מדינה. אַ גרויס־ווירטשאַפט פון אַ פּריץ האָט געקאָנט דערפילן אַ פיל וויכטיגערן עקאָנאָמישן ראָל ווי די קליין־ווירטשאַפט פון אַ פּויער, וואָס איז געווען באַשטימט אין דער ערשטער ריי פאַרן דעקן דעם אייגענעם געברויך פון זיין משפּחה. און אויב ס'זענען פאַרבליבן איבערשוסן האָט מען זיי אָוועקגעגעבן דעם פּריץ — אַלס שטייער, אָדער מתנה. דאַקעגן האָט די גרויס־ווירטשאַפט דערמעגלעכט גרויסע איבערשוסן, וואָס זענען פאַרקויפט אָדער פאַראַרבעט געוואָרן אין ווייטערדיקע פאַרברויכס־מיטלען (געטראַנקן). אַזוי

---

[1] לויט דעם שטייער־ריעסטער פון יאָר 1580, זענען אין ווענגראָוו — אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט אין דער אומגעבונג — געווען:

| שטאָט | הייזער | איינוווינער (לויט 5 נפשות אין אַ הויז) |
|---|---|---|
| ווענגראָוו | 286 | 1430 |
| טשעכאַנאָוויטש | 271 | 1355 |
| סאָקאָלאָוו | 190 | 950 |
| טיקטין | 240 | 1200 |

זע: A. Jabłonowski: Źródła Dziejowe, Tom XVII, część I, str. 3.

[2] זע: Rybarski: Handel i Politika Handlowa Polski w XVI stuleciu. Tom II, Poznan, str. 89, 93, 149, 156—8.

אַרום איז על־פּי רוב דערמעגלעכט געוואָרן אַ צוזאַמענ־אַרבעט, אָדער לכל הפּחות אַ קאָאָרדינירטע האַנדלונג, צווישן דעם גוט און דעם שטאָטישן צענטער; די שטאָט האָט פֿאַרזאָרגט די באַדערפֿענישן פֿון דער ווירטשאַפֿט און פֿון אירע מענטשן און אויך צוגעשטעלט דעם נויטיקן אַרבעטס־כּוח פֿאַרן דערפֿילן די נייע דורך איר געשאַפֿענע פֿונקציעס — בעיקר לייטונג און פֿינאַנסן. דער דאָזיקער האַנדלס פֿאַרנעם (די פּריצים האָבן תּמיד געשטרעבט צו אומאויפֿהערלעכער עקספּאַנסיע) האָט געפֿאָדערט ווירטשאַפֿט־לעכע און פֿינאַנסיעלע פֿאַכמענישקייט, וועלכע דער גרויסער לאַנדבאַזיצער האָט געמוזט זוכן מחוץ פֿון זיינע לאַנדווירטן. די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט איז געווען נוצלעך פֿאַר ביידע צדדים. ווענגראָוו — איינע פֿון די שטעט, וואָס האָבן דער־פֿילט אַזאַ עקאָנאָמישע פֿונקציע אין דער ווירטשאַפֿט פֿון איר באַזיצער, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט ריזיקע לאַטיפֿונדיעס — האָט דעריבער פֿיל פּראָפֿיטירט.

אינאיינעם מיטן עקאָנאָמישן אויפֿבלי און אויפֿשטייג פֿונעם תּבֿואה האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿאַרשנעלערטע זידלונגס־באַוועגונג אין אַ וואַקסנדיקן פֿאַרנעם — בעיקר צו דער זייט פֿון ליטע, וואָס דאָרט האָבן זיך געפֿונען גרויסע נאָך נישט עקספּלאָאַטירטע לאַנד רעזערוועס. ליגנדיק נאָענט צו אָט די שטחים האָט ווענגראָוו געצויגן פֿיל נוצן פֿון באַזאָרגן די באַדערפֿענישן פֿון די אַלס ניי אויפֿגעקומענע פּונקטן.

אָבער אויך ספּעציפֿישע באַדינגונגען האָבן באַגינסטיקט די עקספּאַנסיע פֿון ווענגראָוו.

א. די געאָגראַפֿישע לאַגע האָט פֿאַרזיכערט דער שטאָט באַדייטנדע עקאָנאָמישע פּלוסן. די דאָזיקע יתרונות זענען אויספֿירלעך אויסגערעכנט געוואָרן אין דער פּריווילעגיע, וואָס איר באַזיצער, פֿירשט באָגוסלאַוו ראַדזיוויל, האָט געגעבן דער שטאָט: „...נעמענדיק אין אַכט דאָס צופּאַסן פֿון אונדזער שטאָט ווענגראָוו נישט נאָר צום וווּקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע, נאָר באַזונדערס צום באַקוועמען קויפֿן און טראַנספּאָרטירן פֿון סחורות צוליב איר נאָענטקייט צו די טייכן, וואָס פֿליסן אַריין אין פּאָרט גדאַנסק, ווי אויך דעם לייכטן פֿאַרקויפֿן צוליב דער נאָענט־קייט צום פּאַלאַץ פֿון מלך און דעם שטענדיקן פֿאַרקער פֿון מענטשן אויף די צוויי הויפּט שליאַכן — איינער פֿון ליטע קיין וואַרשע און דער צווייטער פֿון גדאַנסק קיין לוקאָוו — וואָס שפּאַנען דורך דעם שטאָטישן מאַרק, ווי אויך צוליב דער שכנות פֿון פֿיל שליאַכטע־לייט, וועלכע האָבן נישט קיין נאָענטערע און פּאַסיקערע שטאָט פֿון דער אונדזע־ריקער פֿאַרקויף און פֿאַרקויף־באַדערפֿענישן...”[3]

ובכן, ווענגראָוו פֿאַרמאָגט באַקוועמע לאַנד־און וואַסער־וועגן, ווי אויך אַ גרויסן קאָנסומענטן קרייז, צווישן דעם אויך דעם גרעסטן קאָנסומענט אין דער מלוכה — דער קעניגלעכער הויף. קיין וווּנדער דעריבער, דאָס זייענדיק אין אַזאַ פּאָזיציע האָט די שטאָט געקאָנט פֿאַרברייטערן איר עקאָנאָמישע טעטיקייט.

ב. די פּאָליטיק פֿון איר באַזיצער — ווי געזאָגט איז ווענגראָוו געווען אַ פּריוואַט פֿאַרמעגן. דאָס הייסט: אונטער־וואָרפֿן דער קאָמפּעטענץ און לייטונג פֿון איר באַזיצער, אין קעגנטייל צו דער קעניגלעכער שטאָט, וואָס איז געווען אין באַזיץ פֿון מלך און אונטער דער לייטונג פֿון דער מלוכה׳שער אַדמיניסטראַציע און איר קאָמפּעטענץ. אין דער באַהאַנדלטער תּקופֿה האָט די שטאָט געהאַט געהערט צו צוויי באַזיצער: יאַן קישקאַ (1607—1545) און באָגוסלאַוו ראַדזיוויל (1664—1607).

דער פֿאַקט אַליין, דאָס די שטאָט איז געווען אַ פּריוואַטע האָט איר שוין פֿאַרזיכערט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּלוסן, וואָס האָבן פֿאַרשטאַרקט איר קאָנקורענץ־פּאָטענץ מיט דער קעניגלעכער שטאָט. צוליב דעם, וואָס דער פּריץ איז געווען דער אַלמעכטיקער הערשער פֿון דער שטאָט און האָט געקאָנט אין איר טון, וואָס ער האָט געוואָלט. דאַקעגן אין דער קעניגלעכער שטאָט האָט דער באַאַמטער געמוזט זיך רעכענען מיט כּלערליי מעכטיקע פֿאַקטאָרן און לייט און נישט געקאָנט אויספֿירן אַלס וואָס ער האָט געוואָלט, אַפֿילו ווען דאָס איז געווען לטובֿת דער שטאָט. דער פּריץ, וועלכער האָט פֿינאַנסיעל פּראָפֿיטירט פֿון דער שטאָט און האָט תּמיד געשטרעבט צו פֿאַרגרעסערן זיין הכנסה, האָט זיך באַמיט צו שאַפֿן אין איר באַדינגונגען, וואָס זאָלן העלפֿן אים דערגרייכן אָט דעם ציל.

גינסטיקע באַדינגונגען האָבן באַדייט אין דער ערשטער ריי — פֿאַרזיכערן די איינוווינער פֿעסטן שוץ, בעיקר דורך פֿאַרמיידן דאָס שטערן פֿון די דאָזיקע באַדינגונגען דורך פֿרעמדע. ס׳איז ווערט אונטערצושטרייכן, אַז אין דער באַהאַנדלטער תּקופֿה זענען די פּריצים געווען דער ממשות־דיקער כּוח אין דער מדינה און האָבן אַקומילירט אַ גרויסע פּאָליטישע מאַכט אויפֿן חשבון פֿון דער אָפּגעשוואַכ־טער קאָמפּעטענץ פֿון מלך. דעריבער איז זיי מעגלעך געווען צו פֿאַרזיכערן און רעאַליזירן דעם נויטיקן שוץ אין זייערע שטעט, וואָס איז שווער אָנגעקומען דער קעניגלעכער אַדמי־ניסטראַציע.

פֿעסטער שוץ האָט אָבער נישט געסטאַיעט. וויכטיק איז אויך געווען דאָס רעגולירן די אינערלעכע באַציִונגען צווישן די פֿאַרשיידענע איינוווינער. דאָס איז געווען נויטווענדיק פֿאַרן נאָרמאַלן לעבן פֿון דער שטאָט אין אָנבליק פֿון די אָפּט אַנטקעגנגעזעצטע אינטערעסן פֿון די פֿאַרשיידענע טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס האָבן דערפֿירט צו סכסוכים, ווי למשל דער גערעַנגל צווישן די שטאָט־בירגער און די יידן. דער פּריץ, וועלכער האָט געהאַט אַ דירעקטן קאָנטראָל איבער זיין שטאָט, האָט געזאָרגט פֿאַר „שלום בית” צווישן זיינע אונטערטעניקע, ווייל יעדער אַנדערער מצבֿ האָט געשטערט דער שטאָט און דעריבער אויך זיינע הכנסות. אויך דאָ האָט ער זיך באַהאָלפֿן מיט זיין גרויסער פּאָליטישער מאַכט: זיין קאָמפּעטענץ אין דער שטאָט איז געווען אַ פֿולע און אַן אומבאַשטרייטלעכע און ער האָט פֿאַרמאָגט

---

[3] Baliński-Lipinski: Starożytna Polska, część III. טערמין ווענגראָוו.

דעם כוח אויפצוצווינגען געהאָרזאַמקייט צו זיינע באַשטימונגען אויך אויף אָרגאַניזירטע גרופּעס, ווי די שטאָט־בירגער א. אַ.

די באַזיצער פון ווענגראָוו האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, כדי צו דערגרייכן זייער ציל — דער אויפשטייג פון זייער שטאָט. ביידע באַזיצער האָבן געשטאַמט פון רייכע ליטווישע דינאַסטיעס, בכבודיקע און פון גרויסער פּאָליטישער וואָגיקייט, און האָבן באַזונדערס זיך באַמיט פאַר דער גוטער אָרדענונג אין דער שטאָט, הן אין קלאָרן דעפינירן די חובות און רעכט פון די פאַרשיידענע אונטערטעניקע און הן אין דער דערמוטיקונג פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט דורכן פאַרזיכערן פּריווילעגיעס און פאַרלייכטערונגען דורכן איינפירן אַ „גנאַדיקן, גערעכטן און ברייטהאַרציקן" רעזשים. באַזונדערס זענען זיי געווען באַקאַנט פון זייער ליבעראַלער באַציִונג, וואָס האָט אויך איינגעשלאָסן אין זיך דעם רעליגיעזן שטח — נישט קיין גרינגוואָגיקער ענין אין אָרטאָדאָקסיש־קאַטוילישן פּוילן. ראַדזיוויל דער פּראָטעסטאַנט האָט באַוויזן זיין באַציִונג מיט די ווערטער:[3] „...מיר פאַרזיכערן אַלע סוחרים און האַנטווערקער, געלערנטע, ערלעכע און פרייע מענטשן, וועלכע וווינען אין דער שטאָט, אָדער וועלן זיך אין איר באַזעצן אין דער צייט פון אונדזער הערשאַפט, אַלע פרייהייטן אין דינען גאָט און געוויסן". פון אָט דער ליבעראַלער באַציִונג האָבן אויך יידן גענאָסן — ווי מיר וועלן נאָך ווייטער זען.

ג) כאַראַקטער פון דער שטאָט — זייענדיק אַ צענטער פון דער רעליגיעזער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג האָט די שטאָט באַקומען אַ באַזונדערער געזעלשאַפטלעכער קאָלאָריט. ווי באַוווּסט האָבן אַריינגעדרונגען קיין פּוילן די אידייען פון די רעליגיעזע רעפאָרמאַטאָרן און האָבן זיך איינגעוואָרצלט באַזונדערס אַ דאַנק דער הילף פון די פּריצים, וועלכע האָבן געקאָנט מיט זייער פּאָליטישן כוח זיך אַנטקעגנשטעלן דעם דרוק פון דער קאַטוילישער קירכע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע השפּעה אין דער מדינה. אויך דער באַזיצער פון ווענגראָוו, יאַן קישקאַ, איז געווען אַן אָנהענגער פון דער רעליגיעזער רעפאָרמאַציע און האָט פאַרוואַנדלט זיין שטאָט אין אַ הויפּט צענטער פון די אַריאַנער — אַ פּראָטעסטאַנטישער אָפּצווייג, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע ראַדיקאַלע פּרינציפּן (קעגנערשאַפט צו דער דרייאייניקייט). אין דער שטאָט האָט זיך אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע גייסטיקע טעטיקייט, און וואָס איז נאָך וויכטיקער — זי האָט געווירקט ווי אַ צוציִונגס־קראַפט פאַר די מיטגלידער פון דער סעקטע. אין ווענגראָוו האָבן זיך קאָנצענטרירט די הויפּט פּראָפּאַגאַנטאָרן פון דער סעקטע, וועלכע האָבן מיט דער הילף פונעם שטאָט־באַזיצער אומגעשטערט פאַרשפּרייט זייערע אידייען. אין ווענגראָוו זענען אויך פאָרגעקומען די ערשטע צוזאַמענפאָרן פון די גלויביקע לטובת אינערלעכער קאָנסאָלידאַציע[4]; פון איר איז אַרויס אין וואָרט און שריפט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר פאַרשפּרייטן די רעליגיעזע אידייען; אַהינצו האָט מען זיך געווענדעט ווען ס'איז געשטיגן די קעגנערשאַפט צו דער באַוועגונג. די נויטווענדיקייט צו שטיין תמיד אין אַ אינערלעכן און אויסערלעכן געראַנגל האָט געשטאַרקט די אידייאישע טעטיקייט און דאָס לעבן אין דער שטאָט האָט באַקומען אַ באַזונדערן כאַראַקטער.

דער שטאָט־באַזיצער איז דעריבער געווען פאַראינטערעסירט צו שאַפן באַדינגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן דער שטאָט צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ גייסטיקן צענטער פון זיין סעקטע, סיי דורכן באַזאָרגן אַנטשפּרעכנדע הילף דער טעטיקייט פון יחידים צווישן דער באַפעלקערונג און סיי דורכן פאַרזיכערן אַן אַזיל די פאַרפאָלגטע אַריאַנער אין אַנדערע ערטער.

ס'איז נויטיק צו געדענקען, אַז דאָס קאָנצענטרירן זיך פון אַ סך אַריאַנער אין ווענגראָוו האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ אַריאַנישע שטאָט. זייענדיק טריי די פּרינציפּן פון טאָלעראַנץ אין גלויבן און געוויסן האָבן אויך די איינוווינער געשטרעבט איינצושטעלן פּאַסיקע באַציִונגען צווישן די פאַרשיידענע טיילן פון דער באַפעלקערונג און אויך דאָס האָט זיכער גינסטיק געווירקט אויפן מצב אין דער שטאָט. די פּראָטעסטאַנטישע „טראַדיציע" האָט אָנגעהאַלטן אויך אין דער צייט פון ראַדזיוויל.

דאָס איז געווען אַ גינסטיקער יסוד אויך פאַרן וואַקסן און באַפעסטיקן זיך פונעם יידישן ישוב אין דער שטאָט. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס דערפון, וואָס יידן זענען אָן שטערונגען אויפגענומען געוואָרן אַלס איינוווינער פון דער שטאָט. אין דער פּריווילעגיע פון דער שטאָט, וואָס דער באַזיצער קראַשינסקי האָט איר געגעבן אין יאָר 1665 און וואָס איר גילטיקייט, געשטאַמט פון פריער, איז נאָר געווען אַ איינציקע באַגרענעצונג, וואָס שייך דער באַזעצונג פון יידן: אַן איינמאָליקער אָפּצאָל פון 6 פּוילישע גילדן באַזעצונגס־שטייער. ווענגראָוו איז אויך געווען איינע פון די 246 ישובים אין פּוילן אין וועלכע ס'אין קיינמאָל נישט פאַרווערט געוואָרן דאָס באַזעצן זיך פון יידן. אויסער דעם אַלגעמיינעם אינטערעס פון שטאָט־באַזיצער צוציִען יידן, ווייל זיי זענען געווען אַ רענטאַבילער אַנטוויקלונגס־פאַקטאָר, דאַרף אויך גענומען ווערן אין אַכט די ליבעראַלע איינשטעלונג פון די אָרטיקע איינוווינער.

די יידן האָבן זיך געקאָנט אומגעשטערט באַטייליקן אין דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון דער שטאָט און אויך

[3] אָ' "...y wszystkim wobec kupcom, rzemieślnikom, ludziom uczonym, poczciwym i swobodnym, którzy w mieście mieszkają y którzy osiadać pod panowaniem naszem będą, tym listem naszym, tak w nabożeństwu y sumienia jako y w potocznym ich pożyciu... wszelaką wolność y swobodę... obiecujemy...
טערמין Starożytna Polska, Węgrów

[4] ס'איז באַקאַנט דער סינאָד פון יאָר 1565, וועלכער האָט באַהאַנדלט דעם ענין פון טויפן, וואָס די אַריאַנער האָבן זיך אים קעגנגעשטעלט, זע:
Wilbur — A history of Unitarism, Cambridge 1947; Słownik geograficzny טערמין. ווענגראָוו,

[5] פּעטער פון גאָניאָנדז איז געווען, אין יענער צייט, דער גלח אין ווענגראָוו; ער איז געווען אַ געשווירענער פּאַציפיסט און, אַלס סימבאָל, געטראָגן אַ הילצערנע שווערד. זע: Wilbur, ז. 289.

געניסן פון איר וווילשטאַנד. געווען איז דאָס אַ פּועל־יוצא נישט נאָר פונעם גוטן שוץ, וועלכן די שטאָט־באַזיצער האָבן זיי פאַרזיכערט, נאָר אויך צוליב די גערדנטע באַציִונגען מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וואָס האָט גענייגט צום אריאַניזם. ניט קוקנדיק, וואָס צו יענער צייט האָט געבושעוועט אַ לאַנגער און שאַרפער גראַנגל צווישן די שטאָט־בירגער (מעשטשאַנען) און יידן, וועלכע זענען געווען זייערע געפערלעכסטע קאָנקורענטן — דער גראַנגל איז אויך געווען קענטיק אין די יידישע ישובים — איז גרייכלעך אָנצונעמען, אַז דער פרינציפּ פון טאָלעראַנץ האָט גינסטיק משפּיע געווען אויף די יידיש־קריסטלעכע באַציִונגען אין ווענגראָוו. מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, דאָס די קריסטלעכע בירגער אַליין זענען געווען גלויביקע פון אַ רעליגיעזער סעקטע, וואָס איז אַ מינדערהייט — במשך אַ געוויסע צייט אַ פאַרפאָלגטע מינדערהייט — און זענען דעריבער נישט געווען גענייגט צו רודפן אָנהענגער פון אַן אַנדערער רעליגיע. כאָטש אין די מקורות זענען נישט פאַראַן קיין בפירושע באַווייזן דערפאַר לאָזט זיך פונדעסטוועגן אָננעמען, אַז דאָס איז אַ ריכטיקע פעסטשטעלונג: געשיכטלעך זענען נישט באַוווּסט קיין פאַלן פון סכסוכים צווישן די שטאָטישע און די יידן אין ווענגראָוו; נאָך מער — די צופרידנשטעלנדיקע באַשטימונגען צווישן די יידן און קריסטן אויפן געביט פון האַנטווערקעריי זען אויס צו זיין כאַראַקטעריסטיש פאַר זייערע קעגנזייטיקע באַציִונגען.

## 2. דער יידישער ישוב אין דער שטאָט

(פון אָנהויב ביז דער אויפטיילונג פון פוילן)

### א. די קהילה און איר אַנטוויקלונג

דער יידישער ישוב אין ווענגראָוו איז דער עלטסטער אין פּאָדלאַסיע, כאָטש ס'איז נישט באַוווּסט די גענויע צייט ווען יידן האָבן זיך דאָרט באַזעצט צום ערשטן מאָל. מיר ווייסן נישט ווער זענען געווען די דאָזיקע יידן און פון וואַנען זיי זענען געקומען. די ערשטע ידיעה, וואָס דערמאָנט דעם יידישן ישוב אין דער שטאָט שטאַמט פון יאָר 1537.[6] אָבער מעגלעך, אַז יידן האָבן זיך דאָרט נאָך פריער אָנגעהויבן צו באַזעצן.

כראָניקאַלע פּרטים וועגן אָנהויב פון דער קהילה זענען נישט פאַרבליבן. אָבער דאָס לאָזט זיך פעסטשטעלן, אין אַן אַלגעמיינער פאָרם, פון די אַקטן פון ועד ארבע ארצות, דער צענטראַלער רעגירנדיקער אינסטיטוט פון פּוילישן יידנטום, צום סוף פונעם 16־טן יאָרהונדערט:

א. „צוזאַמענפאָר פון גראמניצער יריד,[7] יאָר שנ"ה לפ"ק (1595): די ווענגראָווער לייט זענען געבליבן שולדיק לעת־עתה צו דריי לענדער פופציק גילדן אויסער דעם וואָס זיי זענען געבליבן שולדיק פונעם פאַרגאַנגענעם יריד. זיי האָבן אויך עובר געווען אויפן געבאָט נישט צו רירן זיך פון דאַנען און אויפצוהאַלטן זיך אונטער דער שטראָף פון חרם און זיי האָבן נישט געאַכט דערויף. דעריבער וועט מען זיי פאַרקנסן לויט ווי ס'וועלן דאָס באַשטימען די אָנפירער פון די מדינות אין קומענדיקן יריד".

ב. „יעראסלאווער צוזאַמענפאָר, סיון, שנ"ה לפ"ק[8]: ...די פּריוואַטע הוצאות פון איצטיקן יריד אויסערן איינמאָנען פונעם פּאבער[9] מאַכן אויס לעת־עתה אין יאראסלאוו 615 גילדן גדולים (— —), ווי אויסגערעכנט אין צעטל... און דערויף האָבן מיר דערווייל איינגעמאָנט פון אויסערלעכע דיני־תורה מיט ווילנער, טיקטינער און ווענגראָווער... דערויף איז ווענגראָוו נאָך געבליבן שולדיק[10] פון יאָר שנ"ה לפ"ק. נאָך פון גראמניץ שנ"ה 50 גילדן קרן מיט קנס, ווי אויסגערעכנט אין פּנקס. און נאָך צוליבן באַשטימטן טאָג[11] קרן און פּראָצענטער ביז היינט 21 גילדן און 8, דאָס הייסט צוויי סכומים. איצט נאָך 10 גילדן פון שוואַנקער יריד. פון דעם וועלן זיי באַצאָלן צינזן, ווי אַלעס איז אָפּגערעדט און אָפּגעמאַכט געוואָרן זונטיק, ד' תמוז שנ"ה לפ"ק".

ג. „שוואנקער יריד, יאָר שנ"ו לפ"ק. (די ווענגראָווער) האָבן אַלץ באַצאָלט פון פריער און אויך די פיר סכומות פון שוואנקער יריד שנ"ו. דער רעשט פון די פיר סכומות פאַרן שוואַנקער יריד שנ"ו, זיי זענען געבליבן שולדיק..."[12]

די דאָזיקע אַקטן זענען אַלזאָ נוגע די לויפנדיקע אָפּצאָלונגען פון ווענגראָוו צום ועד ארבע הארצות (4 לענדער קאָמיטעט), וואָס האָט קאָנצענטרירט די אָפּצאָלונגען פון אַלע קהילות. די וויכטיקייט פון די דאָזיקע אַקטן באַשטייט נישט אין די ספּעציפיצירטע אָפּצאָלונגען פון וועלכע ס'לאָזט זיך אַפילו נישט אַרויסדרינגען וויפל האָט באַטראָפן דער יערלעכער קאָנטינגענט, וואָס די ווענגראָווער קהילה האָט באַדאַרפט באַצאָלן דעם ועד ד' ארצות. דאָס וואָלט מעגלעך געמאַכט פעסטצושטעלן דעם רעלאַטיוון פאַרנעם פון דער קהילה. דער ווערט פון די אַקטן באַשטייט דערין, וואָס זיי באַווייזן אויסדריקלעך, דאָס ווענגראָוו האָט באַצאָלט אירע שטייערן דירעקט דעם ועד ד' ארצות און נישט דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ צענטראַלער קהילה. דערפון לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז ווענגראָוו איז שוין דעמאָלט געווען אַ

[6] בלעטער פאַר געשיכטע, יוואָ — פעלדמאַן: די עלטסטע ידיעות וועגן יידן אין פּוילן, לויט: 15, XII, Archiwum Główne, Warszawa.

[7] אַ קריסטלעכער פייערטאָג, אין וועלכן ס'איז פאָרגעקומען אַ יריד אין לובלין; אין יענע טעג איז זיך צוזאַמענגעפאָרן דער ועד ארבע ארצות. דער יריד האָט זיך אָנגעהויבן דעם 2־טן פעברואַר און געדויערט 16 טעג. מ'האָט אים אויך גערופן „יריד אדר".

[8] „יריד שוואנקי" — Świątki — אַ קריסטלעכער פייערטאָג אין חודש סיוון, אַרום שבועות, דעם 7־טן זונטיק נאָך פסחא; געדויערט 16 טעג.

[9] פון פּויליש — Pobór — קאָפּ־שטייער.

[10] שמעון יהודה — אַפּאָסטאָלן יום־טוב, מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דער יריד וואָס האָט געדויערט 8 טעג (פון דעם 28־טן אָקטאָבער).

[11] דאָס מיינט, שתדלנות־הוצאות, אין צוזאַמענהאַנג די סעסיע פון פּוילישן סיים אין מערץ 1595.

[12] „סכומות" — אַ אָפּצאָל אַרויפלעגט פּראָפּאָרציאָנעל אויף די קהילות לויט זייערע מעגלעכקייטן. למשל: אין געוויסע יאָרן האָט איין „סכומה" אין ועד ד' ארצות באַטראָפן 2000 גילדן.

צענטראַלע קהילה, גרויס און שטאַרק גענוג, כדי צו זיין זעלבסטשטענדיק און אויך ביכולת צו נעמען אונטער איר שוץ אַנדערע קליינע קהילות. און כאָטש מיר האָבן נישט קיין ידיעות איבערן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס ווענגראָוו האָט אַדורכגעמאַכט ביזן דערשלאָגן זיך צו אַזאַ פּאָזיציע — לאָזט זיך פיל אָנשטויסן דערפון, וואָס איז באַוווּסט איבער דער אַנטוויקלונג פון דער קהילישער אינסטיטוציע אין פּוילן וועלכע איז געווען כמעט אַן איינהייטלעכע אין דער גאַנצער מדינה.

אין אַלגעמיין האָבן די יידן געלעבט אין די שטאָטישע צענטערן, אין וועלכע זיי האָבן געקאָנט דערגרייכן אַ בעסערן שוץ פון זייער לעבן, פאַרמעגן און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. אין אַ שטאָט אַרומגערינגלט מיט אַ מויער און וואָס איז דער זיצפּלאַץ פון דער אַדמיניסטראַציע, פון פּריץ אָדער מלך, איז זיך לייכטער צו פאַרטיידיקן, ווי לעבנדיק ווייט צושפּרייט אין דאָרף. אויך די נומערישע גרעסערע יידישע קאָנצענטראַציע אין דער שטאָט האָט פאַרלייכטערט דאָס פאַרטיידיקן זייערע רעכט. די נומערישע גרעסערע קאָנצענטראַציע האָט אויך דערמעגלעכט דאָס אָרגאַניזירן און פּראַקטיצירן אַ יידיש לעבן. דאָס אויסהאַלטן פון די יידישע אינסטיטוציעס מיט זייער פּערסאָנאַל (רב, שוחט, חזן, בעאַמטער) האָט פיל געקאָסט און וואָס גרעסער ס׳איז געווען די צאָל באַטייליקטע איז געווען לייכטער דער עול און בעסער דאָס פונקציאָנירן פון די איסטיטוציעס. אַזוי, צום ביישפּיל, אַ גרויסע קהילה האָט זיך געקאָט דערלויבן אויפצונעמען אַ רב, וועלכער זאָל איר באַשיינען מיט זיין באַרימטקייט, אָבער אַ קליינע קהילה האָט זיך געמוזט אָנשליסן צו אַן אַנדערער קהילה, כדי צו קאָנען דעקן אירע באַדערפענישן. וואָגיק איז אויך געווען דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר. נאַטירלעך, איז אַ שטאָט געווען אַ צענטער פאַר אינטענסיווער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייט און דאָס אַליין האָט שוין געשאַפן גרעסערע מעגלעכקייטן פון איניציאַטיוו און פּרנסה. אין דער שטאָט איז דעריבער אַנטשטאַנען די אָנפירערישע קהילה.

אָבער אַנטקעגן די וואָגיקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן צוגעצויגן יידן אין די שטעט, זענען געווען נישט ווייניקער וויכטיקע פאַקטאָרן, וואָס האָבן זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטעט, און זיך באַזעצן אין זייער סביבה און אָפטמאָל שאַפן דעם יסוד פאַרן אַנטשטייען פון אַ נייער שטאָט. נישט דאָ איז דער פּלאַץ אויסצורעכענען די דאָזיקע פאַקטאָרן. גענוג אָבער צו דערמאָנען דעם שטענדיקן געראַנגל מיט די שטאָט־בירגער, וואָס האָט באַגרענעצט די צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך געקאָנט איינאָרדנען אין דער שטאָט. כדאי צו געדענקען, דאָס אינאיינעם מיטן וואַקסן פון דער שטאָט זענען אויך געוואָקסן די פּרנסה פּראָבלעמען, און אויך די אינערלעכע קאָנקורענץ, וואָס איז געווען אומפאַרמיידלעך זייענדיק אַ פּועל־יוצא פון דער גרויסער קאָנצענטראַציע פון יידן אין געציילטע פּראָפעסיעס. אָט דידאָזיקע קאָנקורענץ האָט געצוווּנגען יידן צו זוכן פּרנסה אויסער דער שטאָט. מ׳דאַרף אויך נעמען אין אַכט די עקאָנאָמישע פאַרבינדונג, וואָס איז באַשטאַנען צווישן שטאָט און דאָרף, די אָפּהענגיקייט פון דאָרף אין די שטאָטישע איינוווינער, די נייע זידלערישע פונקציעס צו וועלכע יידן האָבן פיל בייגעשטייערט. דאָס אַלץ האָט אַרויסגעצויגן יידן פון דער שטאָט. די טענדענץ איז אָבער געווען אָפּצוהיטן די פאַרבינדונג מיט דער שטאַם־שטאָט פון וועלכער מ׳האָט דערוואַרט נויטיקן שוץ און וועלכע האָט אויך באַפרידיקט די לעבנסוויכטיקע רעליגיעזע באַדערפענישן. אין די שטאַם־שטאָט איז מען געקומען אויף יום־טוב, שטעלן אַ חופּה, ברענגען צו קבורה אַ מת א. אַ. וו. פאַר דעם אַלעם האָט מען געדאַרפט באַצאָלן מיט שטייערן און געהאָרזאַמקייט צו דער מוטער־קהילה. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די קליינע קהילה, וואָס איז אָנגעשלאָסן צו דער שטאַרקערער קהילה אינעם קרייז.

די אָפּהענגיקייט פון דער קליינער קהילה אין דער גרויסער קהילה, האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז די קליינע קהילה האָט זיך אַנטוויקלט און געשטאַרקט און געקאָנט זיין זעלבשטענדיק און אויך דערפילן אַליין די צוויי הויפּט־באַדינגונגען — שוץ און באַזאָרגן די רעליגיעזע באַדערפענישן. ווי נאָר די קליינע קהילה האָט זיך געפילט איינגעפונדעוועט האָט זי געזוכט זיך צו באַפרייען פון דער אַפּוטרופּסות. די הויפּט־קהילה פון איר זייט האָט אָבער נישט געהאַט קיין חשק אויפצולעזן די דאָזיקע אָפּהענגיקייט צוליב די פּראָפיטן, וואָס זי האָט דערפון געצויגן: די אָנגעהעריקייט פון דער קליינער קהילה האָט פאַרגרעסערט די צאָל מיטגלידער פון דער גרויסער קהילה און אויך איר חשיבות און געהויבן איר שטעלונג לגבי אַנדערע קהילות. ס׳איז אויך געווען אַ כבוד, וואָס די גרויסע קהילה פירט אָן און דעצידירט אין אַלע ענינים. געווען אויך עקאָנאָמישע פּלוסן, ווייל די הויפּט־קהילה האָט באַשטימט דעם שטייער קאָנטינגענט פון דער קליינער קהילה לויט איר אָפּשאַצונג, ווייל זי איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך לגבי דעם ועד ד׳ ארצות אויך פאַרן אָפּצאָל פון דער קליינער קהילה. דאָס האָט אָבער געעפנט אַ וועג צום שווערן באַלאַסטן די קליינע קהילות, באַזונדערס אין צייטן ווען דער לאַסט פון די שטייערן איז געוואָרן שווער און האָט באַדריקט די צענטראַלע קהילות.

צוליב דעם איז די עמאַנציפּאַציע פון די קליינע קהילות נישט געווען קיין אויטאָמאַטישער פּראָצעס, נאָר אַ פּועל־יוצא פון אַ שווערן קאַמף, וואָס זיין אויסגאַנג איז געווען זיכערער אין דער מאָס אויף וויפל די קליינע קהילה האָט זיך באמת אַנטוויקלט און קאָנסאָלידירט אין פאַרגלייך מיט דער גרויסער קהילה, וואָס איז ביז איצט געווען איר באַשיצערין. ווי מיר וועלן ווייטער זען איז דער זעלבער גורל געווען באַשערט אויך ווענגראָוו. אָבער די קאָנסעקווענץ וואָס לאָזט זיך אַרויסציען פון אָט דער אַנטוויקלונג איז: צום סוף פונעם 16־טן יאָרהונדערט האָט שוין ווענגראָוו געהאַט אַדורכגעמאַכט דעם דאָזיקן פּראָצעס און איר פּאָזיציע אַלס הויפּט־קהילה איז שוין געווען זייער אַ שטאַרקע. און אין אמת׳ן, לויט אַ שפּעטערע ידיעה פון דער

צווייטער העלפט פונעם 17־טן יאָרהונדערט, האָבן באַלאַנגט צו ווענגראָוו אַכט שטעט און שטעטלעך (דערונטער סאָקאָלאָוו, טשעכאַנאָוויטש און מעזריטש) און 12 דאָרפישע אַרענדאַרן.[13]

די וויכטיקייט פון דער ווענגראָווער קהילה באַווייזט אויך די פּאָזיציע, וואָס זי האָט פאַרנומען צווישן די אַנדערע קהילות פון פּוילן. בנוגע אָט דער פּאָזיציע פאַרמאָגן מיר ידיעות. שוין אין די דאָקומענטן פון ועד ד׳ ארצות איז אָנגעדייט דאָס ווענגראָווער יידן זענען געווען אָנווועזנד אין וועלכער ס׳איז פאָרם אין די צוזאַמענקונפטן פונעם ועד („זיי זאָלן זיך נישט רירן פון דאַנען ביז זיי וועלן באַצאָלן״). האָבן זיי געהאַט אַן אָפּיציעלע רעפּרעזענטאַנץ אין ועד? באַוווסט איז, אַז דער ועד איז באַשטאַנען אויס פאַרטרעטער פון די הויפּט־און ראַיאָן־קהילות אין פּוילן. דוכט זיך, אַז ביז דער צווייטער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט האָט ווענגראָוו נישט פאַרנומען קיין אָפּיציעלע פּאָזיציע אינעם ועד, כאָטש זי האָט גענאָסן פון אַ ספּעציעלער שטעלונג צוליב איר געפינען זיך אין דער שטרייט־טעריטאָריע צווישן פּוילן און ליטע — פּאָדלאַסיע. ס׳איז אויך באַוווסט, דאָס נאָך דער צעשיידונג פון פּוילן און ליטע אין יאָר 1623 איז טיקטין צוגעפאַלן די ראָל צו רעפּרעזענטירן דעם פּאָדלאַסיער ראַיאָן אינעם ועד. דוכט זיך אָבער, אַז אויך ווענגראָוו האָט זיך געהאַלטן באַרעכטיקט צו זיין רעפּרעזענטירט און ווייל דאָס איז געווען אַ וויכטיקער פּאָסטן האָט זי אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַרן געווינען אַ רעפּרעזענטאַנץ אין ועד ד׳ ארצות. אין דעם קאַמף האָבן איר אונטערשטיצט די מעזריטשער און טשעכאַנאָוויטשער קהילות, וואָס האָבן אויך אָנגענומען, אמת נישט אויף לאַנג, די אָנפירערשאַפט פון ווענגראָוו. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס איז אָנהויב צווייטן העלפט פונעם 17־טן יאָרהונדערט האָט ווענגראָוו אַן אָפּיציעלע רעפּרעזענטאַנץ אין ועד, צוליב דעם וואָס זי איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער ראַיאָן, וועלכן זי האָט אויך רעפּרעזענטירט. ווענגראָוו האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן ביז צו דער ליקווידאַציע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין 1764. פאַראַן באַווייזן פון דאָמאָלסדיקע יידישע און פּוילישע קוועלן, וואָס באַשטעטיקן דאָס.

צווישן די אַקטן פונעם ועד ארבע ארצות איז פאַראַן איינער פון יאָר תכ״ד (1664), וואָס איז אַ באַגלייט־וואָרט (הסכמה) צום בוך „עמודי שבעה״ (אויך אַ פונקציע פון ועד ד׳ ארצות). צווישן די רבנים, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אינעם צוזאַמענפאָר פון ועד און האָבן געגעבן זייער הסכמה צום בוך, געפינט זיך אויך ר׳ יעקב בר׳ יחזקאל, דער דעמאָלסדיקער רב פון ווענגראָוו. ער האָט אָבער געחתמ׳ט „מבורר דק״ק פוזנא״.[14] דער ווענגראָווער רב האָט זיך באַטייליקט אין צוזאַמענפאָר פון ועד ארבע ארצות, אָבער מעגלעך אַז דעמאָלט זייענדיק שוין באַשטימט אַלץ רעפּרעזענטאַנט פון ווענגראָוו, האָט ער נאָך ווייטער רעפּרעזענטירט פּויזן, אָדער ער איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ בורר דורך פּויזן אין אירס אַ סכסוך. דאָקעגן דער דאָקומענט פון תמ״ג (1683) באַשטעטיקט שוין אָן ספק, דאָס ווענגראָוו איז אַ זעלבסטשטענדיקער ראַיאָן אינעם ועד. דער דערמאָנטער דאָקומענט פונעם ועד איז נוגע דעם סכסוך צווישן טיקטין און דעם פּויזנער ראַיאָן, וואָס איז געבראַכט געוואָרן צום אויסגלייך פאַרן ועד ד׳ ארצות, וועלכער האָט פון זיין זייט פעסטגעשטעלט:

„....נאָר ק״ק טיקטין און ק״ק ווענגראָוו און דער גאַנצער פּויזנער ראַיאָן וועלן אויסוויילן יעדער איין פירער פון זיין קהילה און פון דערמאָנטן ראַיאָן און די דריי וועלן אַלץ באַוואָכן און באַהאַנדלען. די דאָזיקע דריי בוררים וועלן איינפירן די ריכטיקע אָרדענונג וויפל ס׳זאָל אויף להבא געבן דער פּויזנער ראַיאָן און מיט וויפל ס׳דאַרפן העלפן דער ווענגראָווער ראַיאָן און אַלע אומגעבונגען און צו דאַרפן געבן די סביבות פון טיקטין און וואָס זאָל זיין זייער גאָב... דאָס זענען די רייד פון די בוררים פונעם פולן רוזנים טיש פון ד׳ ארצות יצ״ו, יום א׳, כ״ג אדר תמ״ג פה ק״ק לובלין״.

פון דעם דאָקומענט איז קלאָר, אַז ווענגראָוו איז שוין אַ זעלבסטשטענדיקער ראַיאָן, וואָס איז רעפּרעזענטירט אין ועד דורך דער ווענגראָווער קהילה. עטלעכע יאָר שפּעטער — תמ״ה און תמ״ח — 1685—1688 — געפינט זיך די אונטערשריפט פון ר׳ משה מרדכי הי״ד, דער רב פון ווענגראָוו, נאָך ר׳ יעקב בר׳ יחזקאל, אויף אַ הסכמה פון ועד ד׳ ארצות צו די ספרים „נחלת עזריאל״ ו„כתונת פסים״.[15] ס׳איז מעגלעך, אַז דער רב, אַ גדול בתורה, האָט געחתמעט אין זיין אייגענעם זכות (אויך דאָס באַווייזט די וויכטיקייט פון דער שטאָט, וואָס האָט געקאָנט איינלאַדן צו זיך אַ רב פון אַזאַ פאַרנעם). פונדעסטוועגן דאַרפן מיר אָננעמען, אַז דאָס איז אַ ווייטערדיקער באַווייז פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון ווענגראָוו און איר רעפּרעזענטאַנץ אין ועד ד׳ ארצות.

אַ נאָך מער קלאָרערער באַווייז, כאָטש פון אַ שפּעטערדיקער דאַטע, איז פאַראַן אין די פּוילישע מקורות. לויט צוויי ליסטעס, וואָס זענען נוגע דעם ועד ד׳ ארצות און זיין צוזאַמענשטעל, שטעלט זיך אַרויס:

---

[13] זע: История Еврейского Народа Т. 111 Стр. 167—8. Издание „Мир", Москва 1915

מ. באַלאַבאַנס אַרטיקל.

[14] דער נוסח פון דער הסכמה איז פאָלגנד: ....„כ״ד היום יושבי כסאות למשפט פה ק״ק לובלין ביריד גרומניץ יום א׳, י״א ניסן כד״ת לפ״ק״. צוזאַמען מיט די רבנים פון לובלין, לעמבערג, לאָדמיר, בראָד, שעברעשין, האָט אויך געחתמעט „יעקב בלא״א (בן לאדוני אבי) הרב הגדול מוהר״ר יחזקאל זלה״ה חונה בק״ק ווענגראָב, מבורר דק״ק פוזנא״.

זע: פנקס ד׳ ארצות, סימן רמז.

[15] „כה דברו המאורות המופלגים רבני מ״צ דד׳ ארצות יצ״ו. היום יום ה׳, כ״ח אלול תמ׳הא, החותמים לדבר אמת וצדק... ביעד קודש ביומא דשוקא פה יערסלב... ונא׳ משה בר׳ מרדכי הי״ד מווענגראָב.״

זע: פנקס ד׳ ארצות, דאָרט, סימנים תכה, תמ.

לויט דער ליסטע פון יאָר 1717 איז דער ועד באַשטאַנען[16]:

פון 6 „לענדער" — קראקע, פּויזן, רייסן, לובלין, וואָלין, פּאָדאָליע;

6 „קרייזן" — כעלם, בעלז, זאמאשטש, פשעמישל, ווענגראָוו, טשעכענאָוויטש,[17] טיקטין;

4 „זעלבסטשטענדיקע קהילות" — פשעמישל, יאראסלאוו, דאבראמיל, ריישע.

די פונאַנדערטיילונג פון די דעלעגאַטן צום ועד ארבע ארצות איז געווען:

יעדעס „לאַנד" האָט געשיקט 4 דעלעגאַטן; יעדער „קרייז" — 2 דעלעגאַטן; יעדע „זעלבסטשטענדיקע קהילה" — 1 דעלעגאַט. די אַלגעמיינע צאָל פון קהילות און קרייזן, וואָס זענען געווען פאַרטראָטן אין ועד איז געווען 16 און צווישן זיי פאַרנעמט שוין ווענגראוו אַ בכבודיקן אָרט.

אין דער צווייטער ליסטע פון יאָר 1764 איז דער צוזאַמענשטעל פון ועד געווען דער פאָלגענדער:

15 „קרייזן" — צווישן זיי ווענגראוו, טשעכאַנאָוויטש, טיקטין;

3 „ראַיאָן קהילות";

4 „זעלבסטשטענדיקע קהילות" — צווישן זיי מעזריטש.[18]

די פונאַנדערטיילונג פון די דעלעגאַטן איז געווען: יעדער „קרייז" — 2 דעלעגאַטן; ראַיאָן־קהילה — 2; זעלבסטשטענדיקע קהילה — 1 דעלעגאַט. די אַלגעמיינע צאָל פון די רעפּרעזענטירטע קהילות — 22. אין די צוויי ליסטעס שפּיגלט זיך אָפּ די אַנטוויקלונג וואָס איז פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון דער צייט — לגבי ווענגראוו איז דאָס געווען דער באַפרייאונגס פּראָצעס פון טשעכאַנאָוויטש און מעזריטש, וואָס אַנטשפּרעכט אויך די יידישע מקורות — אַ באַווייז אַז ביידע ליסטעס זענען פאַרלעסלעך.

קלאָר דעריבער, אַז דער איינגעפונדעוועטער מצב פון ווענגראוו אין 16־טן יאָרהונדערט האָט זיך נאָך מער פאַרפעסטיקט אין 17־טן יאָרהונדערט און דער פּרעסטיזש פון דער קהילה איז געשטיגן אויך לגבי חוץ. דאָס איז טאַקע געווען די בלי־תקופה פון דער קהילה און איר העכסטע דערגרייכונג איז געווען דאָס געווינען אַ רעפּרעזענטאַנץ אין ועד ד׳ ארצות — די אָנפירנדיקע און באַשטימענדיקע אינסטאַנץ פון דעמאָלסדיקן פּוילישן יידנטום. ווענגראוו איז געווען איינע פון די ווייניקע און בכבודיקע קהילות אין דער מדינה, וואָס אויף זיי איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די זאָרג פאַר כלל ישראל.

דאָס דערגרייכן אַ רעפּרעזענטאַנץ אין ועד ד׳ ארצות שליסט אויך אָפּ די תקופה פון שטענדיקער אויסברייטערונג און שטאַרקונג, ווייל ווי מיר וועלן באַלד זען האָט זיך די קהילה שפּעטער אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן, וואָס זענען געווען אַ פועל יוצא פון ענדערונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דער מדינה און אין דער שטאָט. שוין אין אָנהויב פון 17־טן יאָרהונדערט האָט פאַרפלייצט פּוילן אַ כוואַליע פון מלחמות און אומסטאַביליטעט, וואָס האָט אין דער ערשטער ריי געטראָפן די יידן און דערונטער אויך די ווענגראוווער קהילה.

ווי געזאָגט זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אויך אין דער שטאָט. אָנגעהויבן האָט זיך דער ענין נאָך אין יאָר 1660 מיטן פולשטענדיקן פאַרטרייבן פון די אריאַנער פון פּוילן. ווענגראוו, וואָס איז געווען זייער הויפּט־זיץ, האָט דערפון באַזונדערס געליטן. דערנאָך האָבן זיך געטוישט די באַזיצער פון דער שטאָט: אין 1664 האָט דער פירשט באָגוסלאוו ראדזיוויל פאַרקויפט ווענגראוו דעם פּוילישן פינאַנס־מיניסטער קאזימיר קראשינסקי. דער נייער באַזיצער, אַן אָרטאָדאָקס־קאַטאָלישער, האָט באַגינסטיקט דאָס רודפן די פּראָטעסטאַנטן אין שטאָט און אזוי אַרום איז צערודערט געוואָרן דער באַשטייענדיקער מצב. פיל פּראָטעסטאַנטן, וועלכע האָבן פריער גענאָסן פון זיכערקייט, האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. אויך דאָס האָט זיך אויסגעווירקט נעגאַטיוו. אויף ווי ווייט די צייט איז געוואָרן אומנאָרמאַל באַווייזט דער פאַקט, דאָס די ווענגראווער יידן האָבן רעגיסטרירט די פּריווילעגיע וואָס קראַשינסקי האָט זיי געגעבן אין יאָר 1665 אין די אַקטן־ביכער פון דער שטאָט ל׳וווע (אין יאָר 1687). אַזאַ רעגיסטראַציע איז געמאַכט געוואָרן, כדי אָפּצוהיטן דעם דאָקומענט אָדער זיין אינהאַלט. דערפון איז צו זען, אַז ס׳זענען געקומען צייטן אין וועלכע ס׳איז שוין געווען שווער אָפּצוהיטן דעם דאָקומענט — וואָס פּאַסירט דאָס רוב אין טעג פון אומרו אין דער מדינה.

די נייע שטערונגען האָבן זיך אויסגעדריקט ראשית כל אין פינאַנסיעלע שוועריקייטן, מיט וועלכע די קהילה־לייטונג האָט געהאַט צו קעמפן אין אַ וואַקסנדער מאָס. אַלץ וואָס דער פּאָליטישער מצב און די זיכערקייט אין דער מדינה זענען געוואָרן אומסטאַבילער — זענען געשטיגן די דערהאַלטונגס הוצאות פון די יידן. די סיבות דערפון זענען פאַרשטענדלעך: — די יידן האָבן געמוזט קויפן פאַר געלט זייערע רעכט און זיכערקייט. אויסער דעם פּערמאַנענטן אָפּצאָל צו דער פינאַנס־קאַמער פון דער מלוכה, זענען זיי געווען פאַרפליכטעט צו געבן שטענדיק געלט די הויכע בעאַמטע און אויך אויסגעבן פיל אויף תמידיקער שתדלנות, כדי צו זיכערן די באַשטייענדיקע רעכט און דערווערבן נייע פאַרלייכטערונגען. מיטן וואַקסן פון די סכנות, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אומסטאַבילע צייטן, איז געשטיגן די נויטווענדיקייט פון פאַרטיידיקונג, וואָס האָט ווידער געמיינט — צאָלן געלט. דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער מצב פון וועלכן אויך ווענגראָוו האָט געליטן.

אַ ליסטע פון חובות, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין 1764 נאָכן ליקווידירן פון ועד ד׳ ארצות, באַווייזט

[16] היסטאָרישע שריפטן, ייוואָ, 1־טער טייל, רעדאַגירט פון טשעריקאָווער, ווילנע 1937. י. שיפּער: דער צוזאַמענשטעל פון „ועד ד׳ ארצות", זייט 80.

[17] דאָס באַווייזט, אַז טשעכאַנאָוויטש האָט זיך שוין דאַן באַפרייט פון ווענגראָווערס קהילה אַפּיטראָפּסות.

[18] פון דעם איז צו פאַרשטיין, אַז מעזריטש האָט זיך שוין באַפרייט פון ווענגראָוו.

אַז די חובות פון װענגראָװ שטאַמען פון די יאָרן 1686—1703.[19] ס'איז נישט באַװוּסט גענױ פּאַרװאָס האָט זיך די װענגראָװער קהילה אַזױ פאַרשולדיקט — צי צוליב פאַרגרעסערטע הוצאות פון דער קהילה, אָדער צוליב אומ־געלונגענע האַנדלס־טראַנזאַקציעס. אַ פאַקט איז אָבער, אַז אין דער דערמאָנטער תקופה האָט די קהילה געבאָרגט געלט, בעיקר ביי דער גלח'שאַפט, װאָס האָט געהאַלטן יידן פאַר אַ זיכערע אינװעסטיציע פון אירע קאַפּיטאַלן. די קהילה האָט זיכער געהאָפט, אַז זי װעט קאָנען באַצאָלן אירע חובות — לכשירחיב... אָבער די דאָזיקע האָפענונגען האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרװירקלעכט. אומגעקערט, װאָס מער די צייט איז פאַריבער איז שװערער אָנגעקומען דער קהילה צו באַצאָלן אַפילו די צינזן פון אירע חובות. אין דער דערמאָנטער ליסטע פון חובות איז פאַראַן אַ באַמער־קונג װעגן בודזשעט פון דער קהילה אין יאָר 1762/3, װאָס באַװייזט אַז די הכנסות פון דער קהילה אין אָט דעם יאָר זענען געװען 16.841 גילדן, 25 „גדולים". דאַקעגן האָבן באַטראָפן די הוצאות 29.216 גילדן, 24 „גדולים".[20] דער דעפיציט האָט דעריבער אױסגעמאַכט 12.375 גילדן, מינוס 1 „גדול". קיין װוּנדער דעריבער, דאָס ס'איז שװער אָנגע־קומען דער קהילה צו באַצאָלן אירע חובות. ס'איז מעגלעך, אַז צום טייל זענען די בודזשעט שװעריקייטן אין דעם יאָר גראָד געװען אַ פועל־יוצא פון דער אומרואיקער צייט.

ר' פנחס בן עזריאל הלוי, דער דעמאָלסדיקער רב פון װענגראָװ, שרייבט אין דער הקדמה צו זיין בוך „נחלת עזריאל":

„...און עטלעכע ספרים װאָס געפינען זיך נישט ביי מיר, כאָטש אין אַן אַנדער אָרט האָב איך זיי אין פריערדיקע יאָרן בפירוש ציטירט װען איך האָב זיי געהאַט. אָבער דערנאָך איז גאָטס האַנט געװען אין דער גרױסער שריפה, װאָס איז געװען אין װענגראָװ יצ"ו אין ראש חודש סיון תקכ"א (1761). באַשײנפּערלעך פאַר מיינע אױגן האָבן געברענט אַלע מיינע הייליקע ספרים, װאָס איך האָב פאַר־מאָגט און איך האָב נישט געקאָנט ראַטעװען די ספרי הקודש צוליב דער שריפה. איך בעט דעריבער מיך נישט חושד צו זיין, אַז איך האָב דאָס געגנבעט". (זע „נחלת יזרעאל" פון פנחס בן עזריאל הלוי, הוראדנא תקע"ז — 1817).

קיין ספק נישט, אַז אַזאַ גרױסע שריפה האָט געקאָנט צונישט מאַכן די אָפּצאָל־מעגלעכקייטן פון די געליטענע מיטגלידער, װעלכע זענען אױך אין אַזאַ פאַל לױט דער אָנגענומענער פּראַקטיק באַפרייט געװאָרן אױף אַ געװיסע צייט פון צאָלן שטייערן. פאַרשטענדלעך אַז דאָס האָט זיך אױך אָפּגעשפּיגלט אין בודזשעט פון דער קהילה. מ'דאַרף אױך נעמען אין אַכט, דאָס דער קריזיס האָט נישט געטראָפן בלױז די װענגראָװער קהילה. אױך אַנדערע קהילות האָבן געליטן און ס'איז זיי שװער געװען נישט נאָר צו העלפן, נאָר אױך צו דערפילן זייערע אייגענע פאַרפליכטונגען.

[19] פון דער אַלגעמיינער סומע חובות 48.439 גילדן — זענען 43.185 גילדן געװען פון די דאָזיקע יאָרן.

[20] אין איין פּױלישן גולדן — 30 „גדולים".

אַזױ, צום ביישפּיל, איז סאָקאָלאָװ געבליבן שולדיק װענג־ראָװ 5000 גילדן — אַן אַלטער חוב פון דער צייט װען װענגראָװ האָט באַצאָלט דעם ועד ד' ארצות די שטייערן פון סאָקאָלאָװ, װאָס האָט דעמאָלט אָנגעהערט צו װענגראָװ.

די פינאַנסיעלע שװעריקייטן זענען אָבער נישט געװען פאַראייזנצלט. די קהילה האָט געמוזט שטענדיק באַשיצן איר פּאָזיציע און אירע דערגרייכונגען און באַזונדערס איז זי געװען פּאַרטױן אין אַ געראַנגל מיט די ספּעראַטיסטישע טענדענצן פון די אָנגעגלידערטע קהילות. װענגראָװ האָט זיכער אַלץ געטון װאָס איז נאָר געװען מעגלעך, כדי צו פאַרמיידן דעם דאָזיקן סעפּעראַטיזם. אָבער נישט אַלץ איז געװען אָפּהענגיק פון איר — די אַנטװיקלונג האָט געװירקט קעגן איר: ס'איז געװען אוממעגלעך איינצוהאַלטן די זיך אַנטװיקלענדיקע קהילות, װאָס האָבן דערגרייכט די זעלבע פּאָזיציע װאָס װענגראָװ אַליין האָט פאַרנומען. צוליב דעם האָט װענגראָװ נישט גע־קאָנט איינהאַלטן ביי זיך טשעכאַנאָװיטש, װאָס האָט זיך סעפּאַרירט אין די יאָרן 1714/15 און מעזריטש, װאָס האָט זיך זעלבסטשטענדיק געמאַכט נאָענט צום יאָר 1753. דערמיט אַליין האָט זיך אָבער דער ענין נישט פאַרענדיקט. די באַפרייטע קהילות האָבן אָנגעהױבן צו קאָנקורירן מיט װענגראָװ אין דער פאַרבליבענער סביבה. אַ לאַנגע האַמפּער־ניש האָט אָנגעהאַלטן צװישן װענגראָװ און טשעכאַנאָװיטש. איבער דער קהילה װיסאָקיע, װאָס יעדע פון זיי האָט געפאָדערט פאַר זיך. דער סכסוך איז געבראַכט געװאָרן פאַרן ועד ד' ארצות אין יאָר תפ"ו (1726), װאָס האָט באַשטימט אַ בוררים־געריכט אין באַשטאַנד פון די רבנים פון די צװיי פאַראינטערעסירטע קהילות, כדי זיי זאָלן אַנטשיידן אין דעם ענין. אין אַ דאָקומענט פון ועד ד' ארצות פון יענעם יאָר שטייט געשריבן:

„...זענען געקומען די דאָזיקע צװיי צדדים און האָבן פאַר אונדז געבראַכט זייערע טענות, אָבער האָבן אונדז נישט אױפגעװיזן זייער רעכט מיט זייער מענה־לשון, װאָס זיי פאַרמאָגן נישט... איז אַזױ אַרױס פון אונדז, אַז מיר האָבן אױסגעבריייטערט דעם משפט ביז נאָכן מעזריטשער יריד פון יאָר תפ"ו... און אינצװישן בעת דער פאַרטיילונג פאַרן „סקאַרב קאָראָני"[21] פון „יחיאל" תפ"ו[22] זאָלן זיי אַזױ באַהאַנדלען די שטאָט, דאָס יעדע פון די צװיי דערמאָנטע קהילות זאָל געבן דעם „סקארב" די העלפט „קארגא",[23] װאָס קומט פון דער אױבנדערמאָנטער שטאָט... און בסך־הכל מאַכט אױס די קארגא פון דער געזאַגטער שטאָט פאַר היי־יאָר 120 פּױלישע גילדן; 60 גילדן פון דער קארגא דאַרפן באַצאָלן די אַנפירער דק"ק װענגראָװ און 60 די אַנפירער דק"ק טשכענאװוצע יצ"ו... און קיין איינציקע פון די צװיי קהילות האָט נישט קיין שום הערשאַפט אױף דער געזאָגטער שטאָט און אין יעדן דין און משפט זענען נאָר מיר צװיי, די אונטן געחתמטע, האַר און הערשער איבער איר..."

[21] Skarb Koronny — דער מלוכה־אוצר.

[22] אַ יריד װעלכער איז אױסגעפאַלן כ"ב תשרי תפ"ו.

[23] קאָפּ־שטייער.

דאָס האָבן מיר באַשטימט מיט דער איינוויליגונג פון די צדדים אָפּצוהאַלטן און אויסצופירן ווי אויבן געזאָגט אין חלילה נישט צו ענדערן...

דאָס זענען אונדזערע רייד הײנט, יום ג׳ חיל־המועד חג הסוכות, תפ״ו, לפ״ק׳.

הקטן יושע לוי מקראקי, החונה פה ק״ק טשעכאנאפצי, נאמן ב״י דד״א יצ״ו.

הק׳ בעריש סגל מקראקי, החו״פ ק״ק ווענגראב והגליל יצ״ו.[24]

דער טעקסט פון דעם דאָקומענט מאַכט אונדז קלאָר די סיבה פון סכסוך: די הויפּט־קהילה האָט געקאָנט זיין האַר און הערשער איבער וויסאקיע און אויך איינמאָנען שטייערן לויט איר אייגענער אָפּשאַצונג. ווענגראוו איז נישט געווען גרייט צו פאַרציכטן פון גוטן ווילן אויף אַזעלכע פלוסן און האָט געפּרוווט אָפּצולייגן די אַנטשיידונג, אָבער אויך דאָס האָט איר נישט געהאָלפן: אין יאָר 1729 איז פאָרגעקומען די ווייטערדיקע באַהאַנדלונג אין דער שטאָט אסטערדין,[25] וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן ועד ד׳ ארצות אין יאָר תצ״ב. לויט די אויספירונגען פון דער באַהאַנדלונג גייט אַריבער ויסאקיע צו טשעכאַנאָוויטש און שוין אין יאָר 1733 דערשיינט זי אין דער שטייער ליסטע פון יענער קהילה.

די באַפרייאונגס־טענדענצן פון די אָנגעגלידערטע קהילות האָבן באַקומען אַ שטאַרקן אויסערלעכן סטימול נאָך דער ליקווידאַציע פון דער אינערלעכער יידישער אוטאָנאָמיע צוליבן אויפלייזן פונעם ועד ד׳ ארצות אין יאָר 1764. די פוילישע רעגירונג האָט אויסדריקלעך באַשטימט דעם פרינציפּ דאָס יעדע קהילה באַזונדער איז פאַראַנטוואָרטלעך לגבי דער מאַכט. אַזוי אַרום איז די פריערדיקע אָפּהענגיקייט און די קעגנזייטיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פרייוויליקן באַשלוס. און נאָכמער: די גאַנצע קהילישע אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור, וואָס האָט ביז דעמאָלט עקזיסטירט, איז געווען באַזירט אויף דער אוטאָנאָמיע, וואָס איז איצט אויפגעלייזט געוואָרן. מ׳קאָן זיך דעריבער לייכט אָנשטויסן, דאָס נאָכן אויפלייז האָט די דאָזיקע סטרוקטור פאַרלוירן איר יסוד און ס׳איז נאָר געווען אַ פראַגע פון צייט ווען איר פאָרם וועט זיך פולשטענדיק ענדערן.

וויפל יידן זענען געווען אין ווענגראוו? גענויע ציפערן זענען פאַרבליבן נאָר פון אָנהויב 1765, ד. ה. צום סוף פון דער תקופה. נאָך דער ליקווידאַציע פון דער יידישער אוטאָנאָמיע, בעיקר צוליבן באַרויבן דאָס רעכט פון ועד ד׳ ארצות איינצומאָנען שטייערן אין אַ צענטראַליזירטער פאָרם, האָט די פוילישע מאַכט באַשלאָסן אַדורכצופירן אַ ציילונג פון די יידן, כדי גענוי פעסטצושטעלן דעם סכום פון קאָפּ־שטייער, וואָס זיי דאַרפן באַצאָלן. די ציילונג וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אינעם דערמאָנטן יאָר באַווייזט, אַז די ווענגראָווער קהילה האָט געציילט 3623 יידן, אָבער אין דער שטאָט גופא זענען געווען 581 יידן.[26] אַזוי ווי די ציילונג האָט געדינט דעם צוועק פון באַשטימען שטייערן איז אָנצונעמען, אַז פיל האָבן זיך פון איר אַרויסגעדרייט און דעריבער שפּיגלט זי נישט אָפּ די רעאַלע צאָל יידן אין די קהילות. פאַראַן אויך פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דער דאָזיקער צאָל: עטלעכע האַלטן, אַז מ׳דאַרף צוגעבן איין דריטל צו דער אָפיציעלער צאָל און אַנדערע מיינען, אַז די אמתע צאָל איז נאָך אַ פיל גרעסערע.[27]

בנוגע דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער קהילה און אירע אינסטיטוציעס אין דער באַהאַנדלטער תקופה זענען נישט פאַראַן קיין פרטים. אויף יעדן פאַל איז אָנצונעמען, אַז זי איז נישט געווען אַנדערש ווי אין אַנדערע קהילות אין פוילן. דער צענטראַלער און באַשטימענדער גוף אינעם לעבן פון די יידישע ישובים איז דער קהל וואָס רופט זיך טיילמאָל אין פוילישע אַקטן „עלטסטע״ (Starsi). לויט דאָקומענטן פון יענער תקופה (קראשינסקיס פריוועלעגיע פון 1665; דאָקומענטן פון ועד ארבע ארצות) איז קלאָר, אַז די אויטאָריטעט פון די קהילה פירער איז געווען אַן אומפּאַסנדיקע. נישט געווען קיין איין־איינציקער שטח אין לעבן פון יחיד און געמיינשאַפט, וואָס איז נישט אונטערלעגן זייער אויפזיכט און באַשטימונגס־רעכט. דער יחיד האָט אויך נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט אויסצומיידן די דאָזיקע אויטאָריטעט. די גרויסע מאַכט פון די פירער האָט געשטאַמט נישט נאָר פון דער שטרענגער אינערלעכער דיסציפּלין — אַ דיסציפּלין וואָס האָט צעמענטירט די יידישע סאָלידאַרישקייט און פאַרמיטן פריצות גדר — אָבער אויך פון די פולמאַכטן, וואָס די פירער האָבן פאַרמאָגט אַלס פועל יוצא פון דער געריכטלעכער אויטאָנאָמיע. זיי האָבן פאַרמאָגט דעם אָפיציעלן אויספיר־כוח, וואָס די שטאָט באַזיצער האָבן זיי געגעבן. אַ ייד האָט נישט געקאָנט ווידערשפּעניקן די פירער דורכן ווענדן זיך צו דער מאַכט. מ׳דאַרף צוגעבן, אַז די דאָזיקע גאָר ברייטע אויטאָריטעט איז געווען אַ נויטווענדיקייט פון דער ווירקלעכקייט, ווייל נאָר זי האָט געשאַפן גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער אייגענער פאַרטיידיקונג פון די יידן. זי האָט אָבער אויך דערמעגלעכט מיסברויכן צוליב אירע פאַרפירערישע מעגלעכקייטן פון פריוואַטן גענוס דורך די

[24] זע: פנקס ד׳ ארצות, דאָרט, סימן תרז.

[25] Steredin.

[26] אין פאַרגלייך מיט עטלעכע אַנדערע שטעט, איז געווען די לאַגע פון ווענגראָוו:

אין סאָקאָלאָווער קהילה 1467 יידן; אין דער שטאָט — 587 יידן.
אין מעזריטשער „ 1076 „
אין טשעכאַנאָוויטש „ 1577 „ „ „ „ — 920 „
אין סעמיאַטיטשער „ 1895 „ „ „ „ — 1015 „
זע: J. Kleczynski i F. Kluczycki: Liczba głów żydowskich w Koronie z taryf roku 1765.

[27] יצחק שיפּער שאַצט אָפּ די צאָל פון ווענגראָווער יידן — אין דער שטאָט אַליין (אין יאָר 1765) — 1500.
I. Schiper: Dzieje handlu żydowskiego na ziemiach polskich. Warszawa 1937, str. 258.

הויכע פונקציאָנאַרן — אַ דערשיינונג, וואָס איז געוואָרן זייער אָפט אין דער שפּעטערדיקער תקופה.

די געשטאַלט פון דער ידישער קהילה אינעם באַהאַנדלטן פּעריאָד שפּיגלט זיך אָפּ אין עטלעכע דאָקומענטן פון יענער צייט. אין דער הקדמה צום בוך „ברית מטה משה"[28], שרייבט דער מחבר, זון פונעם ווענגראָווער רב, ר' ישעיהו שליט:

„...איך לויב גאָט פונעם פולן האַרצן און דערצייל זיינע וווּנדער ווייל זיין גנאָד צו מיר איז גרויס... ביז איך בין געווען געצוווּנגען צו וואַנדערן פון מיין געצעלט, דאָס געצעלט פון תורה, ווייל אויך איך בין געווען פון די פאַרווײלער אין בית־המדרש אין דער טרייער שטאָט אינאיינעם מיט די גערעכטע פון דער הייליקער עדה, וואָס איז כולה סופרים און פול מיט חכמה און פאַרשטאַנד ק"ק ווענגראָב יצ"ו..."

נישט געאַכט אויף דער מליצה'דיקער שפּראַך, וואָס האָט אוּדאי אַ ביסל באַצירט די שטאָט — זענען דאָך בולט די גייסטיקע אייגנשאַפטן פון ווענגראָוו: זי איז אַן אָרט פון לערנען תורה און פאַרמאָגט פיל למדנים, — אַ באַווייז פון אַ בכבודיקער קהילה.

אין דער רעקאָמאַנדאַציע וואָס דער ועד ד' ארצות האָט געגעבן אין יאָר תנ"א (1691) דעם אַלטן ווענגראָווער רב, ר' מנחם מענדל בר' צבי הירש פון פויזן, וועלכער האָט זיך געקלויבט צו פאָרן קיין בערלין, כדי דאָרט אָפּצודרוקן זיין בוך „צנצנת מנחם", איז געשריבן: „...און בפרט פון די דריקער בעטן מיר, אַז זיי זאָלן זייער אַרבעט מאַכן געשיקט, כדי דער דערמאָנטער רב זאָל נישט זיין אָפּגעריסן פון זיינע תלמידים, וועלכע טרינקען מיט דורשט זיינע ווערטער און זאָלן נישט זיין ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך... און דער דערמאָנטער רב מוז צוריקקומען צו זיין קהילה און לערנען תורה מיט זיינע פילע תלמידים, וועלכע וואַרטן אויף זיין לערנשאַפט..."[29]

דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישע אילוסטראַציע פאַר דער געשטאַלט פון דער ווענגראָווער קהילה אין דער באַהאַנדלטער תקופה און באַווייזט די וויכטיקייט פון דער שטאָט, וואָס איז אַן אָרט פון תורה נישט נאָר פאַר די שטאָטישע איינוווינער, נאָר אויך פאַר פיל תלמידים, וועלכע זענען געקומען פון דרויסן. צוליב דעם האָט די שטאָט אויסגעהאַלטן אַ ישיבה, בראש פון וועלכער ס'זענען געשטאַנען די רבנים פון דער קהילה און צומינדעסטן אין דער צייט פון רבי מנחם מענדלס רבנ'שאַפט איז די ישיבה געווען אַ שם־דבר אויך ווייט אויסער די גרענעצן פון ווענגראָוו. דער נוסח פונעם רעקאָמענדאַציע־בריוו באַווייזט אָן ספק די מערצאָליקייט פון די ישיבה תלמידים. דאָס איז אַ וויכטיקער צייכן פונעם איינגעפונדעוועטן מצב פון דער קהילה, וואָס לויטן מנהג האָט זי מיט אייגענע כוחות אויסגעהאַלטן אַ ישיבה.

און אויב ווענגראָוו האָט געקאָנט אויסהאַלטן אַ גרויסע ישיבה — האָט זי זיכער פאַרמאָגט די נויטיקע מיטלען דערצו.

אויך די רבנים האָבן געהויבן דעם כבוד און די חשיבות פון דער שטאָט. געווען צווישן זיי גדולים אין תורה און חכמה, באַרימט אין דער גאַנצער מדינה און אויך ווייט אויסער אירע גרענעצן. דער פאַקט דאָס ווענגראָוו האָט געקאָנט איינלאַדן צו זיך אַזעלכע רבנים, באַווייזט אויך די וויכטיקייט פון דער שטאָט און איר גוטן מצב, ווייל וואָס מער אַ רב איז געווען באַרימטער האָט ער געוויילט פאַר זיך אַן אַלץ וויכטיקערע קהילה.

צווישן די רבנים פון דער באַהאַנדלטער תקופה געפינען זיך ר' אליהו הלוי עטינגען, דער מחבר פון „ברית הלוי", ר' יעקב בר' יחזקאל ור' משה בר' מרדכי הי"ד — וועלכע זענען אויפגעטראָטן, ווי שוין דערמאָנט, אין שטח פון ווענגראָוו בעת די באַראַטונגען פון ועד ד' ארצות — זענען אויך געווען באַרימטע רבנים אין לאַנד. דאָס באַווייזט אויך די רשימה פון בכבודיקע קהילות אין וועלכע זיי זענען געווען רבנים.

נאָר באַזונדערס באַרימט איז געווען דער ווענגראָווער רב ר' מנחם מענדל בר' צבי הירש פון פויזן, זיין רבנות איז באַמערקנסווערט פאַר דער געשיכטע פון דער שטאָט נישט נאָר ווייל ער האָט געהויבן איר פּרעסטיזש מיט זיינע פילע תלמידים, וועלכע זענען געקומען ביי אים לערנען תורה, נאָר אויך צוליב דער לאַנגער צייט אין וועלכער ער איז געווען דער רב פון ווענגראָוו און גייסטיק באַאיינפלוסט און באַשיינט זיין קהילה. ער איז געקומען אַרום 1692/3 און געווען רב ביז ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1724. דאָס זענען געווען געבענטשטע אַקטיווע יאָרן פאַרן רב און פאַר דער שטאָט אינאיינעם.

דער שוין דערמאָנטער רעקאָמאַנדאַציע בריוו געחתמט דורך די רבנים פון ועד ד' הארצות באַווייזט אויף ווי ווייט דער ווענגראָווער רב איז געווען געערט:

„...אומעטום ווו ס'וועט טרעטן דער פוס פונעם דערמאָנטן רב דאַרף מען אים אָפּהיטן און ערן, באַשיינען און באַצירן מיט אַלע באַצירענישן, וואָס באַלאַנגען צו אַ צדיק פון זיינס גלייכן..."

אינטערעסאַנט איז דער לעבנסוועג פון דעם רב ביז ער האָט זיך דערוואָרבן די בכבודיקע פּאָזיציע פון אַ באַרימטן תלמיד חכם. ער דערציילט דאָס אַליין אין זיין בוך „צנצנת מנחם":

„...דאָס זענען געווען מיינע לערער נ"ע ביי וועלכע איך האָב געלערנט און נישט פאַרפעלט קיין איינציקן פון זיי: דער ערשטער איז געווען הרב הגאון מוהר"ר מאיר ר"י יש' פון פויזן, וועלכער איז געווען אב בית־דין דק"ק שווארנעזש און איך בין דעמאָלט אַלט געווען זיבן יאָר. דער צווייטער איז געווען הרב הגדול המופלג מוהר"ר שמעיה, אב"ד וראש ישיבה דק"ק בערלין, וועלכער האָט מיט מיר געלערנט, ווען איך בין געווען אַ צעניאָריקער. דערנאָך איז דאָס לאַנד חרוב געוואָרן... (אין שוועדישן קריג) און אין יאָר תי"ח

[28] „ברית מטה משה" — הרב משה ב"ר ישעיה כץ פון ווענגראָוו, בערלין תס"א.

[29] זע: פנקס ד' ארצות, דאָרט, סימן תסו. „צנצנת מנחם", בערלין ת"פ.

(1658) זענען מיר צוריק געקומען קיין פויזן און איך האָב געלערנט ביים החריף הרבני מוהר״ר זעלקי. און מיין פאָטער האָט מיך געשיקט לערנען ביים הרב המופלג מוהר״ר שלמה אב״ד דק״ק ווראניק, דאָס איז דער גאון מוהר״ר מאַן און פון דאָרט בין איך געפאָרן קיין ק״ק גלובא און איך האָב געלערנט ביי מיין קוזין הגאון מוהר״ר יאקובסקי, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אב״ד ור״מ דק״ק ניקולש־פארג. און פון דאָרט האָט מיך מיין פאָטער געשיקט קיין ק״ק קראקע און איך האָב געלערנט ביים באַרימטן גאון מוהר״ר העשיל,[30] אב״ד ור״מ דק״ק קראקע, און אויך ביי מיין פעטער הגאון מוהר״ר מיכל, אב״ד דק״ק פראסטיץ. אַזוי ווי דאָרט האָט אויסגעבראָכן אַ פּעסט בין איך אַוועק קיין ק״ק לוואוו (לעמבערג) צום גאון המופלג, מיין מחותן, מוהר״ר דוד, דער בעל „טורי זהב״.[31] און אויך דאָרט האָב איך נישט גערוט און בין געפאָרן קיין ק״ק זאלקבה און געלערנט ביים מוהר״ר משה, אב״ד ור״מ דק״ק הארַאדנע און בין געוועזן פון זיינע טיש־געסט. דערנאָך האָט ער מיך געשיקט לערנען ביים באַרימטן ליכט, מוהר״ר שמואל קיידנאווער,[32] וועלכער איז געוועזן אב״ד דק״ק רישע און דערנאָך אין ק״ק קראקע...״

יאָרן לאַנג האָט דער רב געוואַנדערט פון איין מקום תורה צום צווייטן, אין פוילן און אויסער אירע גרענעצן. די איינדרוקספולע רשימה פון זיינע לערער, וועלכע זענען דעמאָלס געווען די גרעסטע אין אָנזען און אוטאָריטעט רבנים און למדנים אין דער מדינה, איז אויך אַ באַווייז פון דער למדנות און די טיפע קענטענישן פון ר׳ מנחם מענדל מיט וועלכע ער האָט באַשיינט די שטאָט. קיין וווּנדער דעריבער, וואָס ער האָט צוגעצויגן קיין ווענגראָוו פיל תלמידים.

## ב. דער רעכטלעכער מצב פון די ווענגראָווער יידן

איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן, וואָס האָבן דערמעג־לעכט דאָס איינפונדעווען און קאָנסאָלידירן זיך פונעם יידישן ישוב אין ווענגראָוו אין דערמאָנטן פּעריאָד, איז געווען זייער גינסטיקער רעכטלעכער מצב, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין די פּריווילעגיעס און אין מער לייכטערע עקזיסטענץ באַדינגונגען ווי אין פיל אַנדערע שטעט אין פוילן. דער וויכטיקסטער דאָקומענט, וואָס אינפאָרמירט אונדז איבערן רעכטלעכן מצב איז די פּריווילעגיע, וואָס דער נייער באַזיצער קראשינסקי האָט געגעבן אין יאָר 1665 די יידן אין ווענגראָוו און סאקאלאוו. גענוג אַפילו אַן אויבער־פלעכלעכער איבערבליק, כדי באַלד צו דערקענען די ענלעכקייט צווישן דעם כתב קיום (פּריווילעגיע) און דער פּריווילעגיע, וואָס קאַזימיר דער גרויסער האָט געגעבן דעם יידישן כלל אין פוילן אין יאָר 1453 און וועלכע ס׳האָבן באַשטעטיקט אויך די קומענדיקע מלכים. די דאָזיקע פּריווי־לעגיע, וואָס רופט זיך די „פאַו־ברייטערטע קאַזימירישע״, איז די גינסטיקסטע פאַר די יידן. פאַראַן אַפילו אַזעלכע וועלכע האַלטן, אַז די פּריווילעגיע איז אַזוי גינסטיק דאָס די יידן האָבן זי געפעלשט, כדי צו דערווערבן פאַר זיך גינס־טיקע רעכט. די גרויסע ענלעכקייט צווישן די צוויי דאָקו־מענטן דערלויבט אָנצונעמען, דאָס די ווענגראָווער יידן האָבן זיך געשטיצט אויפן אַלגעמיינעם כתב־קיום אין זייערע באַמיאונגען צו זיכערן זייערע רעכט. דער פאַקט, וואָס זיי האָבן געקאָנט באַווייזן דאָס אַזעלכע רעכט זענען פאַראַן פאַרן יידישן כלל אין לאַנד האָט זיכער משפּיע געווען און לייכטער געמאַכט די באַזיצער פון ווענגראָוו אַנטקעגן צוקומען די יידן.

די פּריווילעגיע פון קראשינסקי איז אין דער אמתן אַ נייע באַשטעטיקונג פון די אַלע רעכט, וואָס די יידן האָבן דערוואָרבן במשך דער צייט פון די פריערדיקע שטאָט־באַזיצער. אַזאַ באַשטעטיקונג איז געווען אָנגענומען מיטן קומען פון אַ נייעם באַזיצער אין די שטאָט. דאָס איז אויך קענטיק אינעם טעקסט פון דער פּריווילעגיע:[33]

„...יאַן קראשינסקי, פינאַנס־מיניסטער, סטאַראָסטא פון נאַוואמיע, פראמניצע, דער ערבלעכער באַזיצער פון ווענג־ראוו און סאקאלאוו, זענען מיר מודיע מיט דעם כתב... דאָס די יידן פון מיין ווענגראוו האָבן פאַר מיר פּרעזענטירט די פּריווילעגיעס, וואָס די פריערדיקע באַזיצער פון ווענגראוו האָבן זיי געגעבן און אויך דער לעצטער פאַר מיר, זיין עקסעלענץ דער פירשט באָגוסלאוו ראדזיוויל... וועמענס הערשאַפט איז איצט אַריבער צו מיר. דעריבער האָבן זיי געבעטן, אַז איך זאָל זיי באַשטעטיקן די דאָזיקע פּריווילע־גיעס... און זיי באַשטעטיקן אַ געזעצלעכע גילטיקייט...״

צום סוף פון דער פּריווילעגיע ווערט געזאָגט:

„...געפינענדיק די בקשה פון די דערמאָנטע יידן פון ווענגראוו און סאקאלאוו פולשטענדיק גערעכט און שטיצנ־דיק זיך אויף די פריערדיקע רעכט וועלכע מיינע פאַרלויפער האָבן זיי באַשאָנקען, באַשטעטיק איך און מאַך רעכטלעך גילטיק אַלע זייערע רעכט...״

פון דעם דאָזיקן נוסח איז אָנצונעמען, דאָס די רעכט,

---

[30] הרב העשיל — פון די גרעסטע פוילישע רבנים אין 17־טן יאָרהונדערט. געווען רב און ראש־ישיבה אין לובלין, בריסק, קראָקע. געהאַט אַ סך תלמידים, וועלכע זענען באַוווּסט געוואָרן. געשריבן „חידושי הלכות״ אויף געוויסע מסכתות, און האָט קאָרעגירט „ספר מצוות גדול״ פון ר׳ משה מקוצי. געשטאָרבן 1664.

[31] ר׳ דוד הלוי, דער מחבר פון „טורי זהב״ (טז) — פון די גרעסטע רבנים אין 17־טן יאָרהונדערט. געווען רב אין פּאַטיליטש, פויזן, אסטראה, לעמבערג א׳אַ. געשריבן אַ אויספירלעכן פירוש אויף אַלע חלקים פון „שולחן ערוך״, וואָס איז געווען זייער אָנגע־נומען. געווען דער איידעם פון ר׳ יואל סירקיס, דער מחבר פון ב״ח.

[32] ר׳ שמואל קיידאַנאָווער (מהרש״ק) — פון די גרעסטע רבנים אין פוילן אין 17־טן יאָרהונדערט. געווען רב אין ניקאָלשבערג, גלאגא, פראַנקפורט דמיין, ביאלא, ווילנע. געשריבן: „ברכת הזבח״, „ברכת שמואל״.

[33] די פּריווילעגיע — אין רוסישער איבערזעצונג, אַ קאָפּיע פון לאַטייניש און פּוילישן (מערסטנס) טעקסט — איז געשריבן אין די אַקטן פון דער שטאָט ליווע, וועלכע געפונען זיך אין וואַרשעווער הויפּט־אַרכיוו, בוך נומער 63, זייטן 441—438.
זע: Еврейская Старина, 1911, V, СПБ. דאָס אַרטיקל פון נ. נ.: „צו דער געשיכטע פון די יידן אין ווענגראָוו אין סאָקאָלאָוו, אין פּאָדליאַשער געגנט״.

וואָס קראַשינסקי רעכנט אויס און באַשטעטיקט (דערנאָך אויך זיין זון), האָבן פּאַקטיש פאַרפליכטעט נאָך אַ לאַנגע צייט פאַר דעם. אַזוי ווי ער דערמאָנט באַזונדערס און אויסדריקלעך דעם פריערדיקן באַזיצער ראַדזיוויל און דערנאָך רעכנט ער נאָך אויס די „פריערדיקע באַזיצער" — באַציט זיך זיכער דער לעצטער זאַץ צו דער צייט פון קישקאַ, וועלכער איז געווען דער באַזיצער פון ווענגראָוו פאַר ראַדזיוויל. הייסט דאָס, אַז נאָך לאַנג פאַר דער פּריוועלעגיע פון קראַשינסקי האָבן יידן גענאָסן פון באַדינגונגען און רעכט, וואָס האָבן פאַרלייכטערט זייער עקזיסטענץ אין דער שטאָט.

וואָס שייך קישקאַ — דוכט זיך, אַז מיר האָבן אַ ווייטערדיקע אָנצוהערעניש וועגן דער רעכטלעכער לאַגע פון די יידן אין זיין צייט: אינעם דאָקומענט פון יאָר 1585 איז דעטאַלירט די ראָל פונעם הויף בעאַמטער — דער שטעלפאַרטרעטער פונעם שטאָט־באַזיצער, וועלכער האָט געוווינט אין ווענגראָוו.[34] ווי געזאָגט אין דאָקומענט האָט דער דאָזיקער בעאַמטער פאַרמאָגט אַ גרויסע מאַכט אויף די אונטערטעניקע פון אַלע קלאַסן, וועלכע האָבן געלעבט אין די גיטער פון באַזיצער. ער האָט קאָנצענטרירט אין זיין האַנט די פּאָליצייאישע מאַכט, ער איז געווען באַפולמעכטיקט אַרויסצוטראָגן אורטיילן לויטן „אַלגעמיינעם געזעץ". צווישן די אויסגערעכנטע קלאַסן געפינען זיך די שליאַכטע, באַיאַרן, שטאָטישע בירגער, פּויערן — אָבער נישט יידן. מעגלעך, אַז די יידן זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן — די זאַך איז נישט זיכער — ווייל זיי האָבן שוין גענאָסן פון אַן אינערלעכער יוריסדיקציע.

די פּריוועלעגיע פון קראַשינסקי פאָרמולירט גענוי די פליכטן און רעכט פון די יידן לגבי דעם שטאָט־באַזיצער. אַזאַ פאָרמולירונג איז געווען זייער באַהילפיק ביים אויסמיידן סכסוכים מיט שכנים און איינשטעלן נאָרמאַלע קעגנזייטיקע באַציונגען, באַזונדערס צוליבן אויפמערקזאַמן אָרדנען די פּאָטענציאָנעלע שטרייט־שטחים דורך דעם שטאָט־באַזיצער. אַזוי, צום ביישפּיל, איז פעסטגעשטעלט אין דער פּריוועלעגיע:

„די יידן האָבן קיין שום שייכות נישט מיט די שטאָטישע קאַסעס און די קריסטן האָבן נישט קיין רעכט צו נעמען פון זיי אַזעלכע שטייערן. אָבער דאָס וואָס קומט פון זיי לויט אַ קאָנטיגענט, וואָס איז גלייך צום קאָנטיגענט פון די קריסטן — זאָלן זיי פונאַנדערטיילן צווישן זיך און די פירער פון די שוהלן דאַרפן לויטן געזעץ איינמאָנען פון זיי און אַריינטראָגן אין דער שטאָטישער קאַסע".

אַזוי אַרום האָבן די יידן זיך געקאָנט באַשיצן קעגן איבעריקער עקספּלאָאַטאַציע פון דער שטאָט, ווייל עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַן אינדיווידועלן דרוק אויפן איינצלנעם ייד. אַ באַפולמעכטיקטע יידישע רעפּרעזענטאַנץ איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן איינמאָנען און אַריינטראָגן דעם אָפּצאָל אין דער שטאָטישער קאַסע. אויפן זעלבן שטייגער זענען די יידן געווען באַפרייט פון באַצאָלן לויט די אינקאַסענטן פון געטראַנק־שטייער, ווייל די אינקאַסענטן זענען געווען מחויב צו אַרבעטן אויפן חשבון פון דער שטאָט, אָדער די אַרענדאַרן פון דעם שטייער. אגב, דאָס זענען נישט געווען די איינציקע שטחים אין וועלכע ס'זענען פּאָרויס באַשטימט געוואָרן די פליכטן פון די יידן לגבי דער שטאָט און איר באַזיצער.

די פליכטן פון די יידן צום שטאָט־באַזיצער זענען געווען באַשרענקט אויסשליסלעך אין געלט באַצאָלונגען:

„די אויבנדערמאָנטע יידן (פון ווענגראָוו און סאָקאָלאָוו) זענען מחוייב צו באַצאָלן יעדעס יאָר פון יעדן זייערס אַ הויז צוויי גילדן אין מיין קאַסע. יידן וועלכע וווינען אַלס מיטער אין פרעמדע הייזער וועלן באַצאָלן אין מיין קאַסע 24 „גדולים"... יידן... וועלכע ווילן זיך באַזעצן אין דער שטאָט וועלן דאַרפן באַצאָלן באַזעצונגס־געלט... אַן איינמאָליקער אָפּצאָל אין דער הויך פון 6 גילדן..."

דער דאָזיקער שטייער שפּיגלט גוט אָפּ די באַזונדערע פּאָזיציע פון די יידן אין דער מדינה. אין פּוילן וואָס איז געווען אָרגאַניזירט אויף אַ קאָרפּאָראַטיוון יסוד, האָבן אויך די יידן געשאַפן אַ באַזונדערע קאָרפּאָראַציע. אמת, זיי האָבן נישט געקאָנט פערלאַנגען פּאָליטישע רעכט, אָבער זייער מצב איז געווען גלייך דעם פון די שטאָטישע בירגער און אין געוויסע פאַלן אַפילו אַ בעסערער. אָבער זייערע עקזיסטענץ־רעכט און באַשיצונג האָבן זיי געמוזט קויפן פאַר פיל געלט.

אין דעם דאָזיקן פּרינציפּ שפּיגלט זיך אָפּ דאָס באַטראַכטן דעם ייד פאַר אַ פרעמדן. דאָס האָט אויך לייכטער געמאַכט דאָס פּרעסן געלט פון יידן אַפילו דורך מער ליבעראַלע הערשער...

די באַקוועמערע עקזיסטענץ פון די יידן איז צום טייל תמיד געווען אָפּהענגיק פון זייער מעגלעכקייט צו באַצאָלן פאַר זייער זיכערקייט. אויך די באַזיצער פון ווענגראָוו האָבן נישט אָפּגעווייכט פון דער פּראַקטיק און האָבן איינגעמאָנט פון די יידן הויכע אָפּצאָלונגען און אַ סך מער ווי פון די קריסטן. אָבער זיי האָבן פאַרן פרייז פון די אָפּצאָלונגען זיי געגעבן רעכט, וואָס יידן האָבן נישט באַקומען אין פיל אַנדערע שטעט אויך פאַרן פרייז פון אַ סך געלט. די דאָזיקע רעכט האָבן פאַרזיכערט די יידן פּאַסיקע עקזיסטענץ באַדינגונגען. די פּריוועלעגיע פון קראַשינסקי רעכנט אויס אַ ריי רעכט, וואָס זענען נוגע די וויכטיקסטע לעבנס שטחים:

1. זיכערקייטס שטח

די יידן אין דער שטאָט האָבן גענאָסן פון אַ פולן שוץ פון זייער לעבן און פאַרמעגן. דער באַזיצער פון דער שטאָט האָט דאָס פאַרזיכערט דורכן באַשטימען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן אויספירן פון אָט דעם שוץ, רעכנדיק אויס די מעגלעכע ברען־פּונקטן:

„...אויב ס'וועט זיי געטון ווערן אַן עוולה געצוווּנגענער־

[34] זע: Biblioteka Warszawska, 1912, Tom I, str. 362. Jgn. Baranowski: Halszka z Ostroga i podlascy jej lennicy. Rękopis No. 4891, Biblioteka Krasińskich.

הייט, אָדער זיי וועלן באַלעסטיקט ווערן דורך וועמען ס'זאָל נישט זיין, אַלע צוזאַמען אָדער יעדער באַזונדער אַלס פּועל יוצא פון בייזוויליקע אָפּזיכטן מצד מחוצפהדיקע לייט... אין פאַל פון זוכן געגנבטע זאַכן — אין אַלע די פאַלן און אויך אין אַנדערע — איז מען מחויב זיי צו פאַרטיידיקן: ...אין פאַל זיי וועלן בעוולט ווערן און דער בירגערמייסטער (Wójt) צוזאַמען מיטן פירער פון די שטאָטישע און מיטגלידער פונעם שטאָט־ראַט הערנדיק און זעענדיק דאָס, וועלן נישט זיין וויליק זיי צו פאַרטיידיקן (פון זייער זייט) — דעמאָלט וועט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט (דערפאַר) פאַלן געזעכטערהייט אויף זיי... (און דער בירגערמייסטער) וועט מוזן באַצאָלן דעם שאָדן...״

אָט די באַשטימונג, וואָס איז געווען געשטיצט מיטן אויספיר־כוח פונעם שטאָט־באַזיצער און וואָס באַשטימט בפירוש די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די בירגער פאַר דער זיכערקייט פון די יידן — איז געווען אַ ווירקזאַמע באַשיצונג קעגן די ממשותדיקע סכנות.

מיטן זעלבן שוץ זענען אויך באַשאָנקען געוואָרן די רעליגיעזע איסטיטוציעס — דער בית־הקברות, שוהלן — און די יידן האָבן זיך תמיד באַמיט אומעטום ווו זיי האָבן געוווּנט צו פאַרזיכערן זיך אַזאַ שוץ. און נישט בלויז שוץ האָבן זיי באַקומען. די גוטע מיינונג איבער זיי אויך מצד די קריסטלעכע שטאָט־באַזיצער האָט געפינען איר אויסדרוק אינעם מנהג צו באַפרייען זיי פון פאַרשיידענע פאַרמעגנס שטייערן:

„דאָסגלייכן די שול מיטן פלאַץ און די בייגעהעריקע הייזער, ווי אויך דער הקדש (Hospital), ווו זיי האַלטן זייערע אָרעמע לייט, זענען באַפרייט פון יעטוועדע שטייערן...״

## 2. אינערלעכע אָרגאַניזאַציע

די יידן אין ווענגראָוו איז פאַרזיכערט געוואָרן די וויכטיקסטע דערגרייכונג פון די יידן אין פוילן — גערינכטלעכע אויטאָנאָמיע. אין דער פּריווילעגיע איז געשריבן:

„אַלע יידן, וועלכע לעבן אין דער שטאָט מיינער איצט און וועלכע וועלן אין איר לעבן להבא, דאַרפן געמשפט ווערן אין אַלע זייערע ענינים דורך מיין שטעלפאַרטרעטער, וועלכער דאַרף און איז מחויב זיי צו משפטן לויט זייערע אַלטע געזעצן אָבער איבערלאָזנדיק זיי די פרייהייט פון אַפּעלאַציע פאַר מיר אַליין. זיי זענען באַפרייט פון בירגערמייסטערס (Wójt) גערינכט און די שטאָט־בירגער״ און ווידער, כדי צו אונטערשטרייכן פעסטער: „...די אויבן דערמאָנטע יידן, סיי פון ווענגראָוו און סיי פון סאָקאָלאָוו, וועלן בשום אופן נישט אונטערליגן דעם שטאָטישן גערינכט, נאָר קודם כל דאַרפן זיי גערופן ווערן צום משפט פאַר זייערע אָנפירער. אין פאַל ווען דער אָנקלאָגנדער צד וועט נישט זיין צופרידן מיט די באַשלוסן פון די יידישע אָנפירער, האָט ער דאָס רעכט אַריינצוטראָגן אַן אַפּעלאַציע צו מיין שטעלפאַרטרעטער אין מיין הויף.

אַן אַפּעלאַציע אויפן באַשלוס פון מיין שטעלפאַרטרעטער דאַרף דערלאַנגט ווערן פערזענלעך צו מיין אַליינִיקער יוריסדיקציע.״ און: „...אויב אַ ווענגראָווער שטאָט־בירגער וועט באַליידיקט ווערן דורך אַ יידן קאָן ער (דער באַליידיקטער) אָנקלאָגן פאַרן בירגערמייסטער און זיין שטאָט־ראַט און זיי זענען מחויב אים גערעכט צו משפטן״.

פון אויבן געזאָגטן באַקומט זיך פאָלגענד: אין סכסוכים צווישן יידן מיט יידן — זענען די יידישע אָנפירער די גערינכטלעכע אינסטאַנץ, כאָטש ס'ווערט פאַרזיכערט דאָס רעכט פון אַפּעלאַציע פאַרן הערשער; אין פּראָצעסן צווישן יידן און קריסטן אַנטשיידט — לויטן אַלטן מנהג — דאָס רעכט פונעם אָנגעקלאָגטן; איז ער אַ ייד — משפט אים דער בעאַמטער לויטן יידישן דין, אויב ער איז אַ קריסט ווערט ער געמשפט לויטן אַלגעמיינעם לאַנד געזעץ. דאָס האָט באַדייט אַ ווייטערדיקע באַשיצונג פון די יידן. נישט קענענדיק דעם יידישן דין האָט דער בעאַמטער געמוזט זיך באַהעלפן מיט קאָמפּעטענטע מיטגלידער פון דער קהילה. אַזוי אַרום האָט די קהילה געקאָנט פאַרזיכערן צום איבעריקן מאָל דעם שוץ פון אירע מיטגלידער אָרגאַניזירנדיק זייער פאַרטיידיקונג אינעם קריסטלעכן גערינכט.

די וויכטיקסטע גאַראַנטיע פאַר דער אויספירונג פון דער אויטאָנאָמיע איז געווען דער פאַקט, דאָס די יידן זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון דער קאָמפּעטענץ פון יעדן גערינכט אויסער שטאָט־באַזיצער. דאָס איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג. דאָס זיין באַפרייט פון שטאָטישן גערינכט האָט זיי געראַטעוועט פון ווערן געמשפט דורך קאָנקורענטן, וועלכע וואָלטן זיכער זיך באַנוצט מיט זייער גערינכטלעכער מאַכט צום אומגינסטן פון די יידן, ווייל סיכסוכים צווישן יידן און שטאָט־בירגער זענען נישט געווען זעלטן.

עטלעכע פאַראַגראַפן אין דער פּריווילעגיע מאַכן קלאָר, אַז ס'איז געווען אַ קעגנזייטיקע ערבות צווישן די יידן. די פאַראַנטוואָרטונג כלפי חוץ האָט געטראָגן אויסשליסלעך אַן אויטאָריטאַטיווע רעפּרעזענטאַנץ און האָט נישט געהערט צו יחידים. נאָך וויכטיקער איז, וואָס די גערינכטלעכע אויטאָנאָמיע האָט געבראַכט צו אַ געזעלשאַפטלעכער אויטאָנאָמיע — אָן קיין שום אינגערענץ אין די אינערלעכע ענינים פון די יידן.

## 3. עקאָנאָמישער שטח

די פּריווילעגיע האָט באַשאָנקען די יידן מיט פולע פרייהייט פון האַנדל און מלאכה:

„...אַלס פאַרגעלטונג פאַרן דערפילן דאָס אויבנדערמאָנטע (אָפּצאָלונגען), דערלויב איך זיי צו פאַרנעמען זיך מיט כלערליי קויפונגען, מלאכות און האַנדל לויטן ווילן פון יעדן איינעם...״

אויך דאָ ווערן באַשטימט די קאָנטאַקט גרענעצן מיט די שטאָט־בירגער און האַנטווערקעריי א. אַ. וו.

אין אַלגעמיין זעט אויס, אַז די יידן זענען נישט דיסקרימינירט געוואָרן דורך די שטאָט־באַזיצער אין פאַרגלייך מיט די שטאָט־בירגער. בנוגע פיל אָפּצאָלונגען באַשטימט בפירוש דער שטאָט־באַזיצער, אַז די יידן דאַרפן באַצאָלן

גלייך ווי שטאָט־בירגער: „פאַרן (פּראָדוצירן ביר) דאַרפן זיי באַצאָלן אין מיין שאַך־קאַמער באַזונדער... 20 „גרויסע״ פון יעדן קעסל, אַזוי ווי עס באַצאָלן אויך די שטאָטישע פון ווענגראָוו...״ אַזוי איז אויך געווען בנוגע דעם שטייער פון געטראַנקען, דעם אָפּצאָל פון די האַנטווערקער און דעם אָפּצאָל פון די קצבים.

### ג. די עקאָנאָמישע טעטיקייט

די עקאָנאָמישע טעטיקייט פון די יידן אינעם באַהאַנדלטן פּעריאָד איז געווען זייער אַ אָנזעעוודיקע אין דער מדינה און ס׳איז אָנצונעמען, אַז דאָס איז ריכטיק אויך לגבי ווענגראָוו. לויט די צייטלעכע אומשטענדן האָט זיך די עקאָנאָמישע טעטיקייט קאָנצענטרירט אין עטלעכע געבונדענע מיט זיך שטחים: אַלגעמיינע אַדמיניסטראַציע, נייע באַזעצונג, האַנדל, באַזונדערס מיט אויסלאַנד, און האַנטווערקעריי. דער אָנטייל פון די יידן אין דער לייטונג פון ווירטשאַפט אין דער אויסגעברייטערטער קאָלאָניזאַציע און אין מסחר איז דערמעגלעכט געוואָרן צוליב דער עקאָנאָמישער אינטערעסן געמיינשאַפט צווישן די פּריצים, גוט־באַזיצער, און די יידן. די דאָזיקע געמיינשאַפט האָט געשטאַמט דערפון וואָס יעדער צד האָט געהאָלפן דעם צווייטן צו דערגרייכן זיינע עקאָנאָמישע און אויך אַנדערע צילן.

צוליב פיל סיבות זענען די פּריצים געווען פאַראינטערעסירט אַריינצוציען יידן אין זייערע גיטער: זייער מעגלעכקייט צו מאָביליזירן געלט און אַפילו אין גרויסע סכומים, וואָס האָט דערלויבט די פּריצים צו לעבן אויף אַ הויכן סטאַנדאַרד באַזירט אויף לוקסוס און פּוסט־פּאַסעוון; זייערע אַדמיניסטראַטיווע און אָרגאַניזאַטאָרישע טאַלאַנטן, וואָס האָבן זיך אויסגעווירקט נישט נאָר אין אַ צוועקמעסיקערע אָרגאַניזאַציע פון דער גוט־ווירטשאַפט, נאָר האָבן אויך דערפירט צו איר עקספּאַנסיע און אַנטוויקלונג, אין וועלכע די פּריצים זענען געווען זייער פאַראינטערעסירט. צוליב די אַלע סיבות האָבן די פּריצים מקרב געווען די יידן און אין אַלגעמיין נישט געאַכט אויפן דרוק פון די שטאָטישע און קירך, וואָס האָבן געפאָדערט — דערווייטערן זיי. די יידן אָבער האָבן געקאָנט ווירקן און עקזיסטירן בעיקר אַ דאַנק דער פאַרטיידיקונג מצד די פּריצים.

די יידן האָבן געווירקט אין די פּריצישע גיטער אין צוויי גרונט־פאָרמען: אַלס פאַרוואַלטער און אַרענדאַרן. אַן אינטערעסאַנטן ביישפּיל פאַר די ביידע פאָרמען גיט אונדז ווענגראָוו אין אַ דאָקומענט פון 1585 אין וועלכן ס׳ווערט דערציילט:

„...הער יאַן קישקאַ, און שפּעטער אויך זיין פרוי, זענען געווען צו רייך, כדי צו קאָנען אַליין פירן זייער ווירטשאַפט. דעריבער האָבן זיי פאַראַרענדירט הן צווישן די בעאַמטע, וועלכע זענען געווען אין זייער דינסט, און הן צו זייערע באַנקירערס וועלכע זענען מאָביליזירט געוואָרן צווישן זייערע יידישע אונטערטעניקע אין ווענגראָוו... אַזוי אַרום האָט הער קישקאַ אַוועקגעגעבן אין אַרענדע, אין יאָר 1585, לויט דער בקשה פון זיינע יידישע אונטערטעניקע אין ווענגראָוו אברהם משה און דוד — אַלע זיינע מילן, מאָסן, קעסלען און מכס סיי אין סאָקאָלאָוו און סיי אין ווענגראָוו. צו די זעלבע יידן פון ווענגראָוו האָט ער פאַראַרענדירט די ערד פון סאָקאָלאָוו פאַר 1850 פּוילישע גילדן״.

פון אָט דעם דאָקומענט לאָזט זיך עטלעכעס אַרויסדרינגען: ערשטנס — די יידן זענען בשום אופן נישט געווען די איינציקע אַרענדאַרן פונעם שטאָט־באַזיצער, אדרבא, אויך די שליאַכטע האָט דערפילט די זעלבע פונקציע. אָבער באַנקירן זענען געווען אויסשליסלעך יידן אַליין. דער באַגריף „באַנקיר״ מאַכט אויך קלאָר דעם סאָרט טעטיקייט און עקאָנאָמישע פונקציעס, וואָס די יידן האָבן דערפילט אין דער ווירטשאַפט פון קישקאַ. זיי לייטן זיין גאָר־גרויסע פינאַנס־ווערטשאַפט.[35] די פּרעפערענץ פון יידן האָט נישט געשטאַמט פונעם שטאָט־באַזיצערס גוטהאַרציקייט — צו יענער צייט זענען נאָך נישט געווען קיין שטעלפאַרטרעטער פאַר יידן אין פינאַנס־לייטונג — אַ געביט אויף וועלכן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט. צווייטנס — ס׳האַנדלט זיך דאָ וועגן רייכע יידישע אַרענדאַרן, ווייל דער דערמאָנטער סכום איז געווען אַ באַדייטנדער לויטן דעמאָלדיקן ווערט פון געלט.[36] דערביי איז דאָס אויך נישט געווען זייער איינציקע אַרענדע.

די אַרענדע איז געווען דער הויפּט פּרנסה צווייג פון די יידן אין פּוילן און אַזוי אויך אין ווענגראָוו. אין אונדזער פאַל האַנדלט זיך וועגן צוויי מינים ארענדע: אַרענדע פון הכנסות און אַרענדע פון אַ גאַנצער ווירטשאַפט. אין ביידע פאַלן האָבן זיך די יידישע אַרענדאַרן באַדינט מיט דער הילף פונעם פּריץ, כדי צו צווינגען די אַרויסדרייער צו באַצאָלן, וואָס זיי זענען שולדיק. די גרויסע צאָל פון יידן, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אַרענדע באַווייזט, אַז דאָס איז געווען אַ בכבודיקע פּרנסה.

וואָס שייך מסחר — איז נישט קיין צופאַל וואָס די יידן האָבן זיך געשאַרט צום אויסערן־האַנדל. ערשטנס צוליב דעם, ווייל פון אינערן־האַנדל האָבן זיי די שטאָטישע בירגער סיסטעמאַטיש אַרויסגעשטופּט. צווייטנס, דער אויסערן־האַנדל איז געווען געבונדן מיט דער פּריצישער עקאָנאָמיק אין וועלכער זיי האָבן גענאָסן פון הילף. צוליב דעם האָט זיך אינעם באַהאַנדלטן פּעריאָד געפונען דער אויסערן־האַנדל צומיינסט אין יידישע הענט. אויך דער גרויסער אויפבלי אין יענער צייט האָט דערמעגלעכט דאָס אבסארבירן פון פיל יידן אין האַנדל. זיי האָבן פאַרמאָגט די נויטיקע פאַרבינדונגען ווי אויך די געוואַגטקייט צו ריזיקירן, וואָס איז אומטיילבאַר פון דעם פּרנסה צווייג.

וועגן דער מסחרישער טעטיקייט ספּעציעל פון די ווענגראָווער יידן האָבן מיר נאָר אָנדייטונגען. די פּריווילעגיע פון קראַשינסקי שענקט זיי פרייהייט אין האַנדל —

---

[35] קישקאַ האָט פאַרמאָגט 70 שטעט און שטעטלעך און 400 דערפער, איבער גאַנץ פּאָדליאַשע און רייסן.

[36] לויט די קוועלן פון יענער צייט, האָט אַן אַרבעטער פאַרדינט 3 „גדולים״ אַ טאָג; אַ פּאָר שיך האָט געקאָסט 19 „גדולים״ (אין איין גולדן — 30 „גדולים״).

וואָלטן נישט געווען צווישן זיי מענטשן, וועלכע פֿאַרנעמען זיך מיט האַנדל וואָלט נישט געווען נויטיק דאָס צו פֿאַרזיכערן. אַ קלאָרן באַווייז פֿאַרן געפֿונען זיך פֿון יידישע סוחרים אין דער שטאָט ליפֿערט אונדז אַ פֿאַרקויפֿס־קאָנטראַקט אין לוקאוו פֿון יאָר שמ״א (1580). אין דעם דאָקומענט, וואָס איז געשריבן אין העברעאיש, טרעט אויף דער נאָמען פֿונעם יידישן סוחר ר׳ יעקב פֿון ווענגראוו, וועלכער האָט געפֿירט אַ גרויסן טראַנספּאָרט פֿון פֿאַרשיידענע שטאָפֿן פֿון לובלין, כדי צו פֿאַרקויפֿן זיי — דוכט זיך אויסער זיין שטאָט — אין ליטע. דאָס איז אַ באַלערנדיקער ביישפּיל פֿאַרן פֿאַרנעם פֿונעם יידישן מסחר אין ווענגראוו און זיינע גרענעצן. ס׳איז אָנצונעמען, אַז ר׳ יעקב איז נישט געווען דער איינציקער צווישן זיינע שטאָט־לייט, וועלכער האָט געוואַנדערט איבער דער מדינה צוליב זיינע געשעפֿטן.

וואָס שייך די פּרנסה קוואַלן פֿון די ווענגראָווער יידן איז אויך זער ווייניק באַקאַנט. אויסער אַרענדעס און מסחר, האָבן די יידן זיך פֿאַרנומען מיט האַנטווערקעריי און אינדוסטריע פֿון ווייַן. די פּריווילעגיע פֿון קראַשינסקי דערמאָנט בפֿירוש דאָס פּראָדוצירן פֿון ביר און עפּל־ווייַן און זייער פֿאַרקויפֿן אין אכסניות דורך די יידן. אויך אין די העברעאישע מקורות האָבן זיך דערהאַלטן רמזים, וואָס באַווייזן, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּטע באַשעפֿטיקונג פֿון די יידן אין שטאָט:

„איין נידריגער יהודי... האָט זיך מחבר גיוועזן מיט דעם יונג דען קדוש זון און זיינן גנגין לק״ק ווענגראב ער האָט געזאָגט ער האָט קרובים ער וויל דאָרטין עוסק זיין במלאכת יין שרף״.[37]

אויך וועגן דער יידישער האַנטווערקעריי זענען נישט פֿאַראַן קיין סך דעטאַלן, באַזונדערס וואָס איז נוגע אין אָנהויב פֿון דער תקופֿה. פֿונדעסטוועגן איז אָנצונעמען, אַז לכל הפּחות אין די צווייגן וואָס האָבן באַנויטיקט יידישע אַרבעט, ווי קצבֿות, בעקעריי, שניידעריי, קאָכן געטראַנקן, קירשנעריי זענען זיכער שוין געווען באַשעפֿטיקט יידן אין דער פֿריסטער צייט.

אין דער פּריווילעגיע פֿון קראַשינסקי ווערט באַהאַנדלט די יידישע האַנטווערקעריי אין דער שטאָט. זי שענקט די יידן דאָס רעכט פֿריי זיך צו פֿאַרנעמען מיט האַנטווערקעריי — נאָכן רעגולירן זייער באַציִונג צו דער שטאָטישער האַנטווערקער געמיינשאַפֿט דורך אַ סטאַבילן אָפּצאָל, וואָס די באַזיצער האָבן באַשטימט. אין דער פּריווילעגיע ווערן אויך די קצבֿים דערמאָנט אויסדריקלעך באַזונדער, ווייל לויט דער פּראַקטיק זענען זיי געווען פֿאַרפּליכטעט צו אַ באַזונדערן אָפּצאָל פֿאַרן שטאָט־באַזיצער ווי אַנדערע בעלי־מלאכות. דאָס באַווייזט, אַז ס׳זענען געווען פֿאַרשיידענע קאַטעגאָריעס פֿון יידישע האַנטווערקער. ס׳ווערן אויך דערמאָנט יידישע בעלי־מלאכות, וועלכע זענען נישט קיין שטאָט־בירגער, און זענען געקומען נאָר אין מאַרק־טעג און ירידים, כדי צו פֿאַרדינען זייער ברויט.

כאַראַקטעריסטיש אין שטח פֿון האַנטווערקעריי צום סוף פֿון דער תקופֿה איז דאָס פּראָפֿעסיאָנעלע־געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזירן זיך פֿון קריסטלעכע שטאָטישע האַנטווערקער געמיינשאַפֿטן, ווי אויך יידישע האַנטווערקער חברות. דער מקור פֿון די דאָזיקע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿאַרבינדונגען זענען געווען די פּראָפֿעסיאָנעלע אינטערעסן, וואָס האָבן אויך דערפֿירט צו געזעלשאַפֿטלעכער געמיינשאַפֿט. די קריסטלעכע ווי אויך די יידישע האַנטווערקער געמיינשאַפֿטן זענען געווען עקסקלוסיוו־מאָנאָפּאָליסטישע און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער באַטאָנטער רעליגיעזער באַפֿאַרבונג און שאַרפֿן געראַנגל מיט שטענדיקע קאָנקורירנדע בעלי־מלאכות פֿון דרויסן.

דער רעליגיעז־געזעלשאַפֿטלעכער כאַראַקטער פֿון די געמיינשאַפֿטן — אַנטשפּרעכנט צו די צייט באַדינגונגען — שאַפֿט אַן אינטערעסאַנטן באַגריף פֿון באַציִונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע האַנטווערקער. די געזעלשאַפֿטלעכע, רעליגיעזע און אַלגעמיינע גרונט־פֿאַרשיידנקייטן צווישן די יידן און קריסטן, ווי דאָס באַטראַכטן דעם ייד אַלס אַ פֿרעמדן, האָט נישט געשאַפֿן אין דער קריסטלעכער געמיינשאַפֿט די נייגונג אָנצונעמען אַלס מיטגלידער זייערע יידישע פֿאַך־קאָלעגן. פֿון דער צווייטער זייט איז אָבער געווען אוממעגלעך צו לאָזן די יידן פֿריי אָן יעטוועדער אויפֿזיכט מצד אַ האַנטווערקערישע געמיינשאַפֿט, ווייל די יידן זענען געווען ערנסטע קאָנקורענטן. צוליב דעם האָבן זיי געפּרוווט צו פֿאַרבינדן די יידן מיט דער קריסטלעכער געמיינשאַפֿט נאָר אויף אַ פֿאָרמעלן אופֿן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט בעיקר אין סטאַבילע אָפּצאָלונגען און דאָס אונטערוואַרפֿן זיך פֿון די יידן דער אויטאָריטעט פֿון דער געמיינשאַפֿט. אַלס לוין דערפֿאַר האָבן זיי אָבער נישט גענאָסן פֿון די גלייכע רעכט ווי זייערע קאַטאָלישע חברים. פֿאַרקערט — אין פֿיל ערטער זענען זייערע רעכט געווען נאָך קלענער. דערפֿאַר אָבער איז זיי געווען דערלויבט צו פֿאַרנעמען זיך מיט זייערע פּראָפֿעסיעס און אויך צו פֿאָדערן שוץ קעגן קאָנקורענץ פֿון דרויסן. דערביי אָבער מוז באַמערקט ווערן, אַז ס׳איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די פֿאַרשיידענע שטעט אין דער מדינה, וואָס שייך די געאָרדנטע באַציִונגען צווישן דער קריסטלעכער געמיינשאַפֿט און די יידישע בעלי־מלאכות: אין אַ פּריוואַטער שטאָט איז זייער מצב געווען בעסער ווי אין אַ מלוכה׳שער שטאָט; אין אַ פּראָטעסטאַנטישער שטאָט איז געווען לייכטער ווי אין מערבֿ פּוילן.

אין ווענגראוו וואָס איז געווען אַ פּראָטעסטאַנטישע און פּריוואַטע שטאָט — געלעגן אין ליטע — איז דעריבער אָנצונעמען, אַז דער מצב פֿון די יידישע האַנטווערקער איז געווען בעסער ווי אין פֿיל אַנדערע ישובֿים. אין דעראמתן איז טאַקע אַזוי געווען. די פּריווילעגיע פֿון קראַשינסקי האָט אונדז שוין באַוויזן דאָס דער שטאָט־באַזיצער האָט

---

[37] אַ שאלה וועגן אַ עגונה, געפֿרעגט ביי ר׳ יעקב, אב־בית־דין וראש־ישיבה פֿון ק״ק צוזמיר, אין יאָר 1676. געדרוקט געוואָרן אין זיין בוך „בית יעקב״ אין יאָר תנ״ו (1696), זייט י״ד, שאלה ט׳.

זע אויך: „היסטאָרישע שריפֿטן״, יוואָ I, ווילנע 1937. ז. רובאַשוב, יידישע גבית עדות אין שאלות ותשובות פֿון אָנהויב 15 ביז 17 יאָרהונדערט, זייט 187.

באַשטימט אָפּצאָלונגען, וואָס האָבן געזיכערט די פֿאַרבינדונג פון די יידישע בעלי־מלאכות מיט דער שטאָטישער האַנטווערקער געמיינשאַפט. דער שטאָט־באַזיצער אַליין איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין דער צוגעהעריקייט פון די יידן אין דער שטאָטישער האַנטווערקער געמיינשאַפט. ווייזט אויס, אַז אַזוי איז אויך געווען, ס'איז אָבער אומבאַוווּסט לויט וועלכע באַדינגונגען.

אַן אַנדערער דאָקומענט פון יאָר 1728 באַשטעטיקט דורכן שטאָט־באַזיצער [38] — דער סטאַטוט פון דער שטאָטישער קצבישער געמיינשאַפט — וואַרפט ליכט אויף די דאָזיקע באַדינגונגען. לויט דעם סטאַטוט איז דער סטאַטוס פון די יידישע האַנטווערקער געווען דער זעלבער ווי פון די פּראָטעסטאַנטן. צען פּאַראַגראַפן פונעם סטאַטוס פאַרנעמען זיך מיט יידישע ענינים. דער פּאַראַגראַף 9, למשל, שטעלט פעסט, אַז מען דאַרף נישט אָפּהאַלטן אין שבת פאַרזאַמלונגען אויף וועלכע ס'ווערן באַשטימט די שטייערן און איינגעאָרדנט וואַלן — ווייל דעמאָלט קאָנען זיך די יידן נישט באַטייליקן. אַן אַנדערער פּאַראַגראַף שטעלט פעסט, דאָס די עלטסטע פון דער געמיינשאַפט ווערן געוויילט אויך דורך די יידן. לויטן פּאַראַגראַף 20 האָבן די יידן דאָס רעכט צו האַלטן אַ סעפּעראַטע קאַסע, וואָס דינט דעם צוועק פון רענאָווירן זייערע יאַטקעס. מען דאַרף אָננעמען, אַז די קאַסע האָט געדינט אויף פאַר אַנדערע צוועקן.

## 3. פון די אויפטיילונג פון פּוילן — ביז דער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט

### א. די קהילה און איר אַנטוויקלונג

די אומגעוועגלעכע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין פּוילן אינעם באַהאַנדלטן פּעריאָד האָבן אויך טיף באַווירקט דעם מצב פון דער ווענגראָווער קהילה און בעיקר — איר צוקונפטיקע אַנטוויקלונג. דער צערודערטער פּאָליטישער מצב, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער אויפטיילונג פון פּוילן און אינעם פאַרלוסט פון דער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט, ווי אויך אין מלחמות און אויפשטאַנדן, וואָס זענען געווען אַ פּועל יוצא פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג — האָבן געשאַפן אַן אומסטאַביליטעט וואָס האָט אונטערמינירט דער פריערדיקן אויפבלי און אויך אַרויפגעלייגט אַ נייעם לאַסט אויף דער קהילה. אַזוי, צום ביישפּיל, איז געווען די קהילה געצוווּנגען צו באַצאָלן אין אויפשטאַנד פון יאָר 1794 אַ סכום פון 154.814 גילדן — ביישטייער געלט פאַר דער באַוואָפענונג פונעם אויפשטאַנד־מיליטער.[39] דאָס איז געווען זייער אַ שווערער אָפּצאָל. אָבער נאָך מער דעצידירנד איז געווען דער צעטרייסלטער פּאָליטישער מצב, וואָס האָט אוממעגלעך געמאַכט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער קהילה.

נישט גענוג דאָס, האָבן אויך עקאָנאָמישע ענדערונגען פאַרגרעסערט די שוועריקייטן, וואָס האָבן געטראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. ווי שוין דערמאָנט, האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפבלי פון דער שטאָט מיט דער עפענונג פונעם ים־וועג און דעם פאַרשטאַרקטן האַנדל אויף אים. דער דאָזיקער אויפשטייג האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי ס'האָט זיך געפירט דער ים־מסחר פאַר וועלכן די וואַסער־וועגן פון ווענגראָוו האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסע חשיבות. אַלס רעזולטאַט פון די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער האַנדלס־פּאָליטיק פון דער מדינה נאָך דער אויפטיילונג און וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין דער ליקווידאַציע פונעם ים־האַנדל, איז דאָס זינקען פון ווענגראָוו געוואָרן אומפאַרמיידלעך. און נאָכמער: מיט דער דערנענטערונג פון דער מאָדערניזאַציע אין האַנדל און אינדוסטריע איז געשטיגן די וויכטיקייט פון אַנדערע קאָמוניקאַציע וועגן — די באַן. גענוי ווי די עפענונג פונעם ים־וועג האָט דערהויבן די האַנדלס צענטערן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דעם וועג, אַזוי האָט די באַן וויכטיק געמאַכט די צענטערן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אירע וועגן. אַ פאַרגלייך צווישן שעדלעץ און ווענגראָוו קאָן דאָס גוט אילוסטרירן. ווען ווענגראָוו איז שוין געווען אַן עיר ואם בישראל, איז נאָך שעדלעץ געווען אַ קליינער דאָרף. ווי נאָר אָבער ס'איז געבויט געוואָרן די באַן און שעדלעץ איז געוואָרן אַ וויכטיקער קנאָטן־פּונקט, וואָס האָט אויסגעמיטן ווענגראָוו — האָט זיך שעדלעץ ריזיק אַנטוויקלט, אָבער ווענגראָוו איז געבליבן שטיין אויפן זעלבן אָרט...

אויך די פּאָזיציע פון ווענגראָוו אַלס דער וויכטיקסטער האַנדלס־צענטער אין דער סביבה האָט באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ. מיט דער צייט האָבן זיך אַנטוויקלט די שטעט פון דער סביבה ביזן ווערן קאָנקורענץ פעאיק. עס זעט אויס, אַז מיט דער צייט האָבן זיי אויך פאַרדרענגט ווענגראָוו. ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש און באַלערנדיק, וואָס אין „פּנקס הדיינים" שפּיגלען זיך נישט אָפּ בכלל די מאַרק־טעג און ירידים פון ווענגראָוו, כאָטש ס'איז באַוווּסט, דאָס אַפילו אין יאָר 1786 האָט דער שטאָט־באַזיצער אוסאָלינסקי באַקומען פונעם קעניג די פּריווּלעגיע אָפּצוהאַלטן 4 ירידים אין יאָר. נאָכמער: דוקא די האַנדלס־צענטערן אין דער סביבה זענען זער קענטיק אינעם פּנקס — ווענגראָווער יידן פאָרן אָפּט אויף ירידים קיין מעזריטש, לוקאָוו, שעדליץ א. אַ., וואָס זענען ווייזט אויס געוואָרן די צענטערן פון עקאָנאָמישער טעטיקייט אין דער סביבה. דאָס איז אַ ווייטערער באַווייז, דאָס די וויכטיקייט פון ווענגראָוו אַלס דער עקאָנאָמישער צענטער אין דער פריערדיקער תקופה האָט זיך פאַרמינדערט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס.

די סיבה פאַר די אַלע ענדערונגען איז געווען די סטאַגנאַציע, הן פון דער שטאָט בכלל און הן פון דער יידישער קהילה אין איר, וואָס האָט זיך געמאַכט קענטיק אין סוף פון יענער תקופה. מען דאַרף אָבער באַטאָנען, אַז

[38] „ציון", 2־טער יאָרגאַנג, בוך ג—ד, ירושלים, תמוז תרצ"ז. מ. קרמר: לחקר המלאכה וחברות בעלי־המלאכה אצל יהודי פולין במאות הט"ז—י"ח. זייט 311, לויט: Księga Cechowa rzeźników w Węgrowie, rękopis 781, Biblioteka Krasińskich.

[39] זע: רינגעלבלום ע.: די פּוילישע יידן אין אויפשטאַנד פון קאָשציושקא 1794. זייט 123, יוואָ, וואַרשע 1937.

דאָס איז נישט געווען קיין אײנהײטלעכער פּראָצעס און לכל הפּחות די טעטיקייט פון די ייִדן איז אַ באַווייז פון בונטאַרישקייט און געראַנגל קעגן דער דרויענדיקער אַנטוויקלונג.

וואָס שייך דער קהילישער סטרוקטור האָט דער סעפּעראַטיסטישער פּראָצעס פון די סביבה ישובים אָנגעהאַלטן אויך אינעם באַהאַנדלטן פּעריאָד — ביז צו דער פולשטענדיקער סעפּעראַציע צווישן דער שטאָט און די אָנגעשלאָסענע קהילות אונטער דעם רוסישן רעזשים. דער מתחיל ב„מצווה" איז געווען פּראַגע — די פאָרשטאָט פון וואַרשע. דאָס פּראַגע איז געווען אָנגעשלאָסן צו ווענגראָוו אינעם צאָלן דעם קאָפּ־שטײַער איז קענטיק פון דער ווענדונג פון איר קהילה פירער, לייזער מארקאָוויטש, אין יאָר 1768 צו דער פּוילישער מאַכט. ער האָט פאַרלאַנגט דאָס מען זאָל אים אויסליפערן אַ פרעמדן ייד, וועלכער איז באַשולדיקט אין מיסברויכן זיין ווייב. מאַרקאָוויטש האָט באַגרינדעט זיין בקשה אויף דער שטענדיקער דערלויבעניש, וואָס פּראַגע האָט באַקומען פון ווענגראָוו — אײַנצושפּאָרן ענלעכע פאַרברעכער.

און ווידער אין יאָר 1788 האָט שוין געפירט דער באַרימטער פּרנס פון פּראַגע, שמואל זביטקאָווער, אַ משא־ומתן מיט ווענגראָוו בנוגע איר פאַרלאַנג צו באַפרייען זיך פון ווענגראָוו. אין דער זעלבער צייט האָט פּראַגע געמאַכט שבת פאַר זיך און האָט אָפּגעוואָרפן די פאָדערונג פון ווענגראָוו צו זיין אָפּהענגיק פון איר אין דערפילן אירע רעליגיעזע באַדערפעניש און האָט זיך זיי אַליין פאַרשאַפט. ווי געווענלעך, ווענגראָוו האָט נישט גוטוויליק געוואָלט פאַרציכטן אויף פּראַגע, אָבער האָט געמוזט באין ברירה דאָס טון און פּראַגע האָט דערגרייכט דעם ציל פון איר געראַנגל.

אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט, וואָס געפינט זיך אין „פּנקס הדיינים" פון יאָר תקס"א (1801), באַווייזט אַז די האַנדלונג פון פּראַגע איז נישט געווען קיין פאַראײַנצלטע, נאָר אַ פּראָצעס, וואָס האָט אומאויפהערלעך אָנגעהאַלטן. דער דאָקומענט אַליין איז אַן העברעיש־ייִדישער אויפרוף קעגן אײַנאָרדענען חופּה וקדושין אָן דעם דערלויבעניש פונעם ווענגראָווער רב און זיין באַטייליקונג:

„חלילה וחלילה לשום בן אדם לסדר קדושין בלתי רשות והורמנא מכבוד הרב ה"ה אב"ד ור"מ דק"ק יצ"ו. ובאמת הוא מיוסד ע"פ טוב טעם ודעת, מלבד שהוא תקון וחזוק ליסוד ומעמד הקהלה העולה על כלנה הוא גדר וסיג לתורתנו הקדושה. עס קאָן אַרויסקומען דערפון גרויסע מכשולות ואי אפשר לפרסם כי רבים הם... און מען לאָזט מכריז ומודיע ברבים זיין בפקודת כב' אלופי', ראשי', רוזני', נגידי', מנהיגי' מנויי וטובי העיר בצירוף כב' הרב ה"ה אב"ד ור"מ דק"ק יצ"ו ובית דיני הצדק בחרם הגדול והנורא ושאָר איסורים, אַז עס זאָל זיך ניט דערוואַגין קיין שום בן אדם מסדר קדושין צו זיין על שום חתונות בתוך כל הישובים והגלילות הסרים למשמעתנו בלתי ידיעת והורמנא ורשות מכב' הרב... יום א', ב' מנחם אב דהאי שתא תקס"א".

צי האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ פאַל פון רעליגיעזער שענ־דונג? ווייזט אויס, אַז נישט. לויט דער באַגרינדונג איז אָנצונעמען, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ ראַנגלעניש פון דער קהילה מיט די „ישובים והגלילות הסרים למשמעתנו", כדי אָפּצוהיטן איר אויטאָריטעט. ווייל אַזוי האָבן אָנגעהויבן די קליינע קהילות זייער קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט: זיי האָבן דערפילט אַליין זייערע רעליגיעזע באַדערפענישן נישט אָנקומענדיק צו דער הויפּט־קהילה. ס'איז אָבער אויך מעגלעך, אַז דער אויפרוף איז געווענדעט קעגן דעם אינערלעכן קאַמף אין דער שטאָט — אַ קאַמף, וואָס איז פאַרבונדן מיטן אויפשטייג פון חסידנטום.

ווי גרויס איז געווען די קהילה אין יענער צייט? דערויף האָבן מיר צווייערליי סאָרטן פון מאַטעריאַל: פון דער פאַרברייטערטער קהילה און פון ווענגראָוו אַליין. די ברייטע ציילונג באַהאַנדלט אַ מער באַגרעניצטע תקופה: די ערשטע ציילונג פון יאָר 1765 באַווייזט, אַז די קהילה האָט געציילט 3623 ייִדן. אָבער אין יאָר 1794 זענען געווען אין דער קהילה נאָר 3430 ייִדן[40]. אויגנשיינלעך איז דאָס אַ פאַרקלענערונג, מען דאַרף אָבער געדענקען דעם שטענדיקן באַפרייאונגס פּראָצעס פון די אַרומיקע קהילות פון דער הויפּט־קהילה ווענגראָוו. דעריבער איז אָנצונעמען, אַז די צאָל באַווייזט נישט קיין באמתדיקע פאַרקלענערונג.

דאָס באַשטעטיקט אויך אויף אַ בולטן אופן די צווייטע ציילונג פון דער שטאָט ווענגראָוו אַליין: אין יאָר 1765 האָט זי געציילט 581 ייִדן, אָבער אין דער ציילונג פון יאָר 1840 איז שוין די צאָל ייִדן 2130. דאָס הייסט, אַז דער ייִדישער ישוב אין דער שטאָט האָט זיך במשך 75 יאָר פאַרגרעסערט 4 מאָל[41]. דערפון פליסט אַרויס אַ וויכטיקע קאָנסעקווענץ: אומגעאַכט אויף די שוועריקייטן פון דער שטאָט האַלט אָן אַ שטענדיקער שטראָם קיין ווענגראָוו פון דער אומגעבונג, וואָס האַלט איר פאַר אַ וויכטיקן צענטער.

וועגן דער אינערלעכער סטרוקטור פון דער קהילה האָט זיך דערהאַלטן אַן אינטערעסאַנטער אַקט אינעם אָריגינעלן „פּנקס הדיינים" פון יאָרן תקמ"א—תקע"ד (1781—1814)[42]. דער „פּנקס" איז נישט קיין כראָנאָלאָגישע שילדערונג פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט, נאָר אַ רעגולע־

[40] רינגעלבלום ע.: דאָרט, זייט 123, לויט: Akty powstania Kościuszki, II, str. 197.

[41] אין פאַרגלייך מיט די שטעט פון אַנאַנדער סביבה, איז די לאַגע געווען (זע די ספירה פון יאָר 1765 אין אַ פריערדיקער באַמערקונג), אין יאָר 1840:

| שטאָט | ייִדן |
| --- | --- |
| שעדליץ | 4359 (אין 1765 — 631 ייִדן) |
| סאָקאָלאָוו | 1412 |
| ווענגראָוו | 2130 (אין 1765 — 581 ייִדן) |
| נאַשעלסק | 1745 |
| ביאלא | 2220 |

לויט: Статистика Царства Полскаго по Височ. ковал, Составил Колл. Сов. М. Завелейским СПБ 1842 стр 186—206.

[42] דער אָריגינאַל געפינט זיך אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק (הספריה הלאומית), ירושלים.

רע פאַרצייכענונג פון די קהילישע דיינים'ס טעטיקייט, ווי זי איז אויסגעפירט געוואָרן אין דער ווירקלעכקייט. דערפון נעמט זיך די גרויסע וויכטיקייט, וואָס ליגט אין שילדערן דאָס קהילה לעבן, באַקומענדיק זיך טראָץ אַלעם פון „פנקס", כאָטש ער קאָן נישט זײַן קיין פולשטענדיקער. אַ פולער בילד פונעם געזעלשאַפטלעכן אינערן לעבן וואָלט זיך באַקומען פונעם „פנקס הקהילה", וועלכער האָט זיך ניט געפונען, וואָס ווערט דערמאָנט אין „פנקס הדיינים".

די קהילה אינסטיטוציעס האָבן אָנגעפירט מיטן קהילה לעבן. די וויכטיקסטע אינסטיטוציע איז געווען דער — קהל. דער פרינציפּ אויף וועלכן ס'האָט זיך באַזירט דער קהל, די ראָם פון זײַן טעטיקייט, זײַנע פונקציעס און פולמאַכטן — דאָס אַלץ האָט באַשטימט די קעגנזײַטיקע אָפּהענגיקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט — כל ישראל חברים וערבים זה לזה. געווען איז דאָס נישט אַ פּועל יוצא פון אַן אינער־לעכער שטרעבונג, נאָר די קריסטלעכע וועלט אין וועלכער די ייִדן האָבן געלעבט, האָט זיי באַטראַכט אַלס אַ געזעלשאַפט־לעכע איינהייט אין וועלכער דער ציבור איז פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די מעשים פון יחיד. דער קהל איז דעריבער געווען מחויב אָפּצוהיטן מיט פאַרזיכטיקייט און באַשטימען דעם כאַראַקטער פון די באַציונגען, וואָס ווערן אָנגעקניפּט נישט נאָר צווישן דעם ייִדישן ציבור און די קריסטן, אָבער אויך צווישן ייִדן יחידים און קריסטן. דער קהל איז דעריבער געווען דער אָפיציעלער רעפּרעזענטאַנט פונעם כלל כלפּי חוץ און איז געווען מחויב אַלץ צו טון, וואָס איז געווען אין זײַן מעגלעכקייט און מיט אַלע מיטלען וואָס ער האָט געפונען פאַר פּאַסיק, כדי צו פאַרזיכערן אָט דעם כלל אַ גוטע און לײַכטע עקזיסטענץ.

אָבער די הויפּט טעטיקייט איז געווען געווענדעט כלפּי פנים — אין קאָנטראָלירן און רעגולירן דעם טראַדיציאָנעלן שטייגער פון ייִדישן לעבן. צוליב דעם זענען געגעבן געוואָרן דעם קהל זער ברייטע פולמאַכטן, אונטערשטיצט אויך דורך דער מאַכט, וואָס איז אויך געווען פאַראינטערע־סירט אין אַ שטאַרקן און תקיפדיקן קהל. אַזאַ קהל האָט געקאָנט אָנווענדן כל מיני צוואַנגס־מיטלען, כדי צו דערפירן דעם יחיד און דעם ציבור, דאָס זיי זאָלן לעבן לויטן געווינטשטן שטייגער אָן יעדוועדער אָפּנייגונג רעכטס אָדער לינקס. דער קהל האָט אַלץ רעגולירט און קאָנטראָלירט. באַזונדערס איז ווערט צו באַמערקן, דאָס ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון זײַן אויפזיכט אויך געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מיט פיל זעלבשטענדיקייט, ווי די האַנטווערקער געמיינשאַפטן, וואָס זענען ווי באַוווּסט געווען זער שטאַרק אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטן.

אין „פנקס הדיינים" זענען פאַראַן בײַשפּילן ווי אַזוי דער קהל האָט באַהאַנדלט פּראָבלעמען, וואָס זענען אַנשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט די האַנטווערקער גע־מיינשאַפטן (נישט תמיד אויף אַ דירעקטן אופן, ווײַל אויך דער בית־דין האָט זיך אַרײַנגעמישט). למשל: „.... (די שנײַדער) האָבן אָנגעקלאָגט די חברה פועלי צדק, ווײַל לויטן הכשר פון די חשובע פירער פון קהל (אלופי הקהל) געהערן די פלעצער פון די קירזשנערס און שמוקלערס צו שנײַדער..." (תקמ"ג). עס האַנדלט זיך דאָ אין אַ סכסוך צווישן צוויי האַנטווערקער געמיינשאַפטן, וואָס דער קהל ליקווידירט — לטובת דעם כלל.

אין משפּט צווישן די בעקערס און די שענקערס, וועלכע האָבן לעצטנס אָנגעהויבן צו „פאַרקויפן יעדעם איינעם הן געבעקס און הן לייבלעך ברויט", באַשליסט דער בית־הדין: „דער בית־דין צדק האָט באַשלאָסן צו דערלויבן אונדזערע קהילה לײַט צו פאַרנעמען זיך מיט בעקערײַ, יעדעם וואָס וויל זיך מפרנס זײַן מיט וואָס נאָר מעגלעך און אַלע זאָלן זיך דערהאַלטן פון וואָס זיי טון..." דער בית־הדין האָט אַזוי אַרום ליקווידירט דעם מאָנאָפּאָל פון די פריערדיקע בעקערס, ווײַל דאָס איז געווען לטובת הכלל און די בעקערס האָבן אָנגענומען דעם באַשלוס פון דער קהילה — „און ס'איז בפירוש באַשטימט געוואָרן אַן איסור גמור אויף די „בעקערס" פון דער זײַט צו גיין צום „ציך מאַנסטער" (צעכמייסטער) [43] און גאַרנישט צו זאָגן, וואָס קאָן ברענ־גען שאָדן אונדזער קהילה..." (ב' ניסן, תקמ"ט). זעט אויס, אַז די בעקערס האָבן זיך אונטערוואָרפן דעם דיקטאַט פון די קהילה אינסטיטוציעס — אַ באַווײַז פאַר דער תקיפות פון קהל. די דאָזיקע דיסציפּלין האָט פאַרזיכערט שוץ דעם יחיד און די עקזיסטענץ פונעם ייִדישן כלל.

אין אָנבליק פון אַזעלכע לעבנסוויכטיקע אויפגאַבן פאַרן ייִדישן כלל און דעם ממשותדיקן באַשטימענדיקן כוח, וואָס דער קהל האָט פאַרמאָגט, איז קיין ווּנדער נישט דאָס ער האָט גענאָסן פון אַ גאָר גרויסן רעספּעקט, וואָס קיין שום אַנדערע אינסטיטוציע האָט נישט דערוואָרבן. דער „פנקס הדיינים" רופט די אָנפירער פון קהל מיט ערן טיטולן ווי „אלופים, ראשים, רוזנים, מנהיגים, מנהלי עדת ישורון" — אַ באַווײַז וואָס פאַר אַ הויכע פּאָזיציע דער קהל האָט פאַר־נומען. קיין ספק נישט אַז דער דאָזיקער יראת הכבוד איז געווען אַ נישט איבעריקער פאַקטאָר אין דער פעיִקייט פונעם קהל צו דערפילן זײַנע אויפגאַבן.

וואָס איז געווען זײַן באַשטאַנד און ווי אַזוי איז ער געווײַלט געוואָרן? לויטן „פנקס הדיינים" לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן די צײַט ווען ס'זענען געווײַלט געוואָרן די קהל מיטגלידער צו דערפילן זייער אַמט. דער מיין איז געווען, אַז זיי זאָלן זיך בײַטן יעדעס יאָר, אָבער אין דער ווירקלעכ־קייט איז געווען אַנדערש און פיל מיטגלידער זענען פאַר־בליבן אויף זייער פּאָסטן במשך לאַנגע יאָרן — וואָס האָט זיך אָפּטמאָל נוקם געווען סײַ אין זיי אַליין און סײַ אין כלל וועלכן זיי האָבן געדינט. לויטן „פנקס" איז אויך שווער צו דערגיין, וואָס איז געווען דער פולער צוזאַמענשטעל פון קהל. אָבער דער פאַקט, דאָס ס'זענען פאַראַן אונטער־שיידן אין די טיטולן פון די קהילה מיטגלידער, ווי „ראשים", „רוזנים", „רוממים", וואָס זען אויס נישט צו זײַן מעכאַנישע איבערחזרונגען, באַווײַזט דאָס אונטערשיידן פון ראַנגען און אַן אינערלעכער פאַרטיילונג פון די פונקציעס.

[43] צעכמייסטער — Cechmistrz — דער עלטסטער פון די שטאָטישע מלאכה חברה.

בנוגע דעם שטייגער אויף וועלכן ס'איז געוויילט געוואָרן דער קהל איז פאַראַן נאָר אַן אָנצוהערעניש אין „פנקס הדיינים". אין איין פּראָטאָקאָל ווערט דערציילט וועגן דעם אויסווייל פון אַ דיין אין חול המועד סוכות — אַ דרייפאַכיקער וואַל —: דער אַוועקגייענדיקער קהל האָט געוויילט בוררים (וויילער), וועלכע האָבן געוויילט דעם נייעם קהל. אַזוי ווי ס'איז באַוווּסט דאָס די דיינים זענען געוויילט געוואָרן צוזאַמען מיטן קהל אין די זעלבע וואַלן, האָבן מיר דאָ אַ ווונק אויף וועלכן אופן ס'איז געוויילט געוואָרן דער קהל. די דרייפאַכיקע וואַלן האָבן געדינט אַ מיטל קעגן צו לאַנגן פאַרוואַלטן מיט די קהל פונקציעס און געוועלטיקן אויפן כלל. דיווירקלעכקייט איז אָבער געווען אַן אַנדערע.

דער ניי אויסגעוויילטער קהל האָט געוויילט צווישן זיך דער פרנס החודש — דעם „ראש", וועלכער האָט געזאָרגט פאַר אַלע טאָג־טעגלעכע ענינים פון דער קהילה. אין דער דערמאָנטער בוררות צווישן די בעקערס און שענקערס האָט דער בית־דין באַשטימט: ס'איז דערלויבט די שענקערס צו באַקן, זיי דאַרפן אָבער באַצאָלן דער שטאָטישער האַנט־ווערקער געמיינשאַפט אַן אָפּצאָל. די אויספירונג איז געגעבן געוואָרן אין די הענט פונעם — פרנס החודש:

„נאָר דער פרנס החודש זאָל געביטן דעם שמש איינצו־מאָנען פופצען גילדן מיט זיינע אייגענע הענט..."

נאָכן איינמאָנען פון אָפּצאָל האָט דער פרנס החודש איבערגעגעבן דאָס געלט ווו עס געהער.

אין באַזונדערע פאַלן, וואָס האָבן באַנויטיקט אַן אויסער־געוויינלעכע אַקציע האָט דער קהל אָפּגעהאַלטן אַן אויסער־געוויינלעכע פאַרזאַמלונג. אין אַזעלכע פאַלן האָט זיך געהאַנדלט אין לייזן צייטלעכע פּראָבלעמען מיט דער הילף פון באַשטימען אַ ספּעציעלע פאַראָרדענונג, וואָס איז געווען די עקסקלוסיווע קאָמפּעטענץ פון קהל. די אָנגענומענע פאַראָרדענונג האָט באַקומע די מאַכט פון אַ באַפעל, וואָס באַשטימט דאָס האַנדלען פון יחיד און כלל.

אַן אינטערעסאַנטער ביישפּיל פון אַזאַ פאַראָרדענונג איז פאַראַן אין „פנקס הדיינים", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ווען דער קהל האָט זיך באַמיט צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון די דעמאָלס אָנגענומענע הויכע צינזן. ווייזט אויס, אַז דאָס יאָר תקמ"ח (1788) איז געווען זער שווער און אין דער ערשטער ריי זענען געטראָפן געוואָרן די יידן, וועלכע האָבן געפירט זייערע געשעפטן מיט דער הילף פון קרעדיטן, ווייל געווענלעך אין אַזאַ סיטואַציע האָבן זיך געפונען לייט, וועלכע האָבן אויסגענוצט די אומשטענדן און גענומען הויכע צינזן „אומגלויבלעך ווי פיל". אַזעלכע צינזן האָבן געשטעלט אין סכנה די פרנסה פון די באָרגער. די לייער האָבן געמעגט לויט דער פאַראָרדענונג פון ועד ד' ארצות אין יאָר 1607, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „היתר עסקא", נעמען צינזן פון יידן. אָבער איבערטריבענע צינזן זענען געווען קעגן דעם בפירושדיקן פאַרבאָט פון דער תורה „וחי אחיך עמך". אַזוי ווי צום קהל איז דערגאַנגען די „אנקת אביונים" האָט ער אָנגעהויבן צו האַנדלען: פאַרזאַמלט זיך אין קאָרפּאָרע און כדי צו אונטערשטרייכן די פייערלעכקייט פון אַקט זענען אויך דער רב פון דער שטאָט, די דיינים און אַלע „ראשי בעלי אסופות הנקראים לכל דבר שבקדושה" באַ־טייליקט געוואָרן אין דער פאַרזאַמלונג און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן:

קיין ייד דאַרף נישט וואַגן צו נעמען מער ווי 20 פּראָ־צענט צינזן און ווער עס וועט עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט — גיט דער ציבור די פולמאַכט דעם באָרגער צו באַטראַכטן פאַר אויפגעלייזט זיין אָפּמאַך, אויסער דעם וועט דער קהל באַשטראָפן די לייער מיט קנס.

די אויביקע פאַראָרדענונג האָט אַלזאָ רעגולירט די הויך פון צינזן לויטן טראַדיציאָנעלן אָנווייז פון באַשיצן דעם אָרעמען „וחי אחיך עמך".[44]

דער קהל איז אויך געווען די העכסטע אויספיר אויטאָ־ריטעט, וואָס האָט געזאָרגט פאַרן דערהאַלטן דעם אָנגע־נומענעם שטייגער און פאַרן אויספירן אַלע טעטיקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיטן לעבן פון דער קהילה און איר עקזיסטענץ. ער האָט טאַקסירט די שטייערן און געזאָרגט פאַר זייער איינמאָנונג און איינצאָלונג ווו עס געהער. דער קהל האָט אויך געזאָרגט פאַרן אויספירן די אורטיילן און אַנדערע באַשלוסן פון די קהילה אינסטיטוציעס.

אין דער אויספירונג פון זיינע פונקציעס האָט זיך דער קהל באַדינט מיט קהל'שע בעאַמטע, וועלכע ער אַליין האָט נאָמינירט און פּראַקטיש באַשעפטיקט. דאָס נאָמינירן און באַפרייען בעאַמטע איז געווען אויסשליסלעך אין דער קאָמפּעטענץ פון קהל[45]. צווישן די בעאַמטע, וועלכע ס'דערמאָנט אין „פנקס", זענען געווען:

די שמשים — צווייערליי: שמש פון בית־הדין, וועלכער רופט זיך אין פנקס „שמש ונאמן"; שמש פון בית־הכנסת, וועלכער רופט זיך תמיד „שמש". דער שמש פון בית־הדין איז געווען אַן אָפיציעלער שליח און עדות. ער האָט געגעבן די רעכטלעכע באַשטעטיקונג אויף אָנקלאַגונגען, ווי קער־פערלעכע פאַרלעצונגען, און האָט אויך דערפילט די פונקציע פונעם געזעלשאַפטלעכן נאָטאַר דורכן באַשטעטיקן הכנסה־דעקלאַראַציעס. ער האָט באַשטעטיקט די שטייער אָפּשאַ־צונגען און איינגעלאַדנט אָנגעקלאָגטע צום משפט. דער שמש בית הכנסת, ווידער, האָט דערפילט פונקציעס פאַר־בונדענע מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָט זיך

[44] ...„ואח"כ עשו כב' אלופי' רומ' תקון והעריכו מערכה מול מערכה ונתנו מגרעת מסך המס לחנויות שהם פתוחים אעפי"כ יגרעו דמים מסך אַרבעים זה' לשנה"... פון אַ דין־תורה, וואָס האָט מחייב געווען צוויי קרעמער צו צאָלן מער שטייערן ווי פריער. דאָס יאָר — תקמ"ח.

[45] ..."יצא מאתנו בד"צ ח"מ לתוקף פ"ד [פסק דין] ע"פ דתה"ק שבנידון הקוויטאַווי אין להם שום טו"מ זה ע"ז רק כל מה שהיה כ"א שנתנו לו הוא שלו לבדו זולת האלופי' רומ' דפ"ק יצ"ו יכולים לבטל ולהרחיק את ר' שמעון הנ"ל מנאמנותו אצל האלופים שלא יהיה נאמן הקהלה מאחר שהוא עובר על התנאי שהיה להם בעת שכירותו אותו... כמבואר בפנקס של האלופים רומ' דפ"ק יצ"ו... אַ דין תורה בין שני נאמנים — היום יום ו' עש"ק י' אלול דהאי שתא תקמ"ח פה ק"ק וועגרב יצ"ו.

קאָנצענטרירט דאָס רוב אַרום דעם בית־כנסת. ער האָט געלייגט די אויסרופונגען אין בית־כנסת, פון קהל און אַנדערע.

דער נאמן אָדער גזבר — זיין פונקציע איז געווען איינ־צומאַנען די געהעריקע אָפּצאָלונגען פון יחיד און כלל (אַנגעשלאָסענע קהילות) — לויט דער באַשטייערונג פון קהל. ער האָט קאָנצענטרירט די אַלע געלטער ביזן ענטגיל־טיקן איבערגעבן זיי דעם קהל.

די צווייט־וויכטיקע אינסטיטוציע אין לעבן פון דער קהילה זענען געווען די — בתי־דין. מערצאָל — ווייל געוויינלעך איז געווען מער ווי איין אינסטאַנץ. די פּאַרטיילונג איז געווען לויט דער הויך פון דער אָנקלאַגונג און אַלס פועל יוצא פון זיין פּאָזיציע איז דער רב געווען דער אב״ד (אב בית הדין), דער פּאַרזיצער פון דער העכסטער אינס־טאַנץ. לויטן „פנקס" לאָזט זיך נישט פעסטשטעלן וויפל אינסטיטוציעס ס׳זענען געווען (כאָטש איינמאָל קומט פאָר דער מערצאָל אויסדרוק „בתי דין הצדק"). עס באַקומט זיך אָבער דער איינדרוק, אַז ס׳זענען געווען מער ווי איינע.

די פונקציעס פון דעמאָלסדיקן בית־דין זענען געווען אַנדערע אין באַשטימטע שטחים פון היינטיקן בית־דין, ווייל ער האָט אויך פאַרמאָגט דאָס רעכט פון אָנקלאָגן אין פאַלן, ווען דאָס איז געווען לטובת דעם כלל. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט ער אַליין געזאָרגט פאַר אלמנות און יתומים, גערופן צום משפט יידן אין פאַל פון פאַרלעצן די רעליגיע און געזעלשאַפטלעכע מאָראַל[46].

אויבן איז באַמערקט געוואָרן, אַז לויטן „פנקס" ווייזט אויס, אַז די דיינים זענען געווילט געוואָרן אין דער זעלבער צייט און אויפן זעלבן שטייגער ווי דער קהל. די לענג פון דער קאַדענץ איז נישט קלאָר. לויט די חתימות אויף די פסקי־דין זענען געווען דיינים, וועלכע האָבן לאַנג אָנגע־האַלטן אויף זייער פּאָסטן: צוואַנציק, דרייצן, עלף יאָר. דאָס רוב האָבן זיי אָבער אַמטירט אַ פיל קורצערע צייט.

דער בית־דין האָט אַרויסגעטראָגן אַ פסק־דין אויפן פאַרלאַנג פון יעדן יחיד. לויטן אָנגענומענעם שטייגער האָט געקאָנט יעדער ייד זיך ווענדן צום בית־דין און פאַרלאַנגען זיין אינטערווענץ. ער האָט נאָר באַדאַרפט בעטן דעם שמש פון בית־דין צו גיין צום באַשטימטן אָנגעקלאָגטן און אים מודיע זיין, אַז ער ווערט גערופן צו אַ דין תורה. אין אַלגעמיין האָט דער אָנגעקלאָגטער אָנגענומען די איינלאַ־דונג. אין פאַל פון בוררות האָט דער אָנגעקלאָגטער געהאָט די געזעצלעכע מעגלעכקייט אָפּצוּוואַרפן די איינלאַדונג:

„איך דער אונטן געחתמטער בין געגאַנגען מתרה זיין מו״ה יהודה ליב כץ ער זאָל זיך שטעלן צום דין מיט מו״ה דוד שניידער, אָבער זיי האָבן זיך יעדער באַזונדער געשריבן און געחתמ׳ט אַ כתב „קומפּראַמס" אויפן בעסטן אופן.[47] מו״ה יהודה ליב כץ האָט געענטפערט, אַז ער ווילט זיך אַלס בורר דעם כבוד הרב אב״ד וראש מתיבתא דפ״ק און היות דער כבוד הרב איז נישט איצט אין דער היים, דעריבער וועט זיך דער ענין פאַרשלעפּן ביזן צוריקקער פונעם רב, און תיכף ווי דער כבוד הרב וועט נאָר קומען, איז ער גרייט זיך צו שטעלן צום דין און אויספירן וואָס ער האָט אויף זיך מקבל געווען.

לראיה באתי על החתום יום ג׳, ר״ח שבט, תקס״ה (1805).

נאום אליעזר במוה״ר חיים זצ״ל שמש ונאמן דק״ק ווענגראָב יצ״ו".

דער אָנגעקלאָגטער האָט באַשיינפּערלעך זיך באַנוצט מיטן פאַקט, וואָס דער רב איז דעמאָלס נישט געווען אין דער שטאָט, כדי אָפּצולייגן די בוררות.

אויף יעדן פאַל איז קלאָר, אַז דער בית־הדין האָט פאַר־מאָגט געוויסע קראַפט צו ברענגען אָנגעקלאָגטע צום משפט, ווי עס באַווייזט דאָס די פאָלגנדע ווענדונג:

„הער דב האָט געשיקט נאָכן שליח בית־הדין, אַז איך זאָל זיך מיט אים שטעלן צום משפט און בין נישט תיכף געגאַנגען, אַזוי ווי איך האָב געענטפערט דעם דערמאָנטן שליח, וועלכער האָט אויפגעשריבן און געחתמט... דאָס איך האָב נישט געוואָלט שטעלן זיך מיט הער דב צום משפט און היינט שטיי איך..."

דער שרייבער פון דער ווענדונג בעט, אַז דער אָנקלאָגער זאָל צוריקגעבן די באַשטעטיקונג פונעם שליח בית־הדין, דאָס ער האָט אָפּגעזאָגט זיך צו שטעלן צום דין.

אַ דין־תורה האָט זיך דאָס רוב געענדיקט מיט אַ פשרה, וואָס איז מחייב ביידע צדדים צו שווערן, אַז זייערע טענות זענען ריכטיק. בדרך כלל האָבן זיי אָנגענומען דעם פסק־דין און נישט אַפּעלירט. מען דאַרף אָבער פאַרצייכענען דעם פאַקט, דאָס צוליבן צוריקהאַלטן זיך פון יידן פון יעטוועדער שבועה, האָבן זיך ביידע צדדים פאַרגלייכט — אָן אַ שבועה. נאָר אין אַ באַזונדערן פאַל האָט אַ צד אין משפט זיך געזוכט צו באַפרייען מיט אַ שבועה. פונדעסטוועגן זענען אויך געווען פאַלן אין וועלכע יידן האָבן אַפּעלירט קעגן דעם באַשלוס פון די „ראשים" — אויפן סמך פון געזיכערטן רעכט דורך דער פריוועלעגיע, וואָס דער שטאָט־באַזיצער האָט זיי געגעבן:

„...ר׳ שלמה כפר בד״ת (דין תורה) עשה אַפּעלאַציע לאדון גוברנטור" (שטאָט באַאַמטער).

ווי מיר האָבן געזען האָבן די אינסטיטוציעס באַוויזן צו האַלטן די קהילה מיטגלידער אין דיסציפּלין און צו פאַרזי־

[46] „...ואתא לקדמנא ה׳ יואל במו״ה מנחם וה׳ יעקב במו״ה יצחק שמשי קהלתנו והעידו לפנינו... ביום אתמל כי יעבר בשבת קודש... אז ר׳ יצחק בר׳ שמיאל חייט האָט עובר גיוועזן שני עברות חמורות דהיינו עד האט מחלל שבת גיוועזן ער האָט גע־טראגן מחוץ לערוב הציצית של בגדיו בידיו אפגעריסן מבגדו כ״ז העידו השמשים הנ״ל... ...בקשותינו מכב׳ אלופי׳ רומ׳ לעשות למען קדוש השם להעניש האיש הבליעל הנ״ל בעונש מפירסם למען יוסרו כל רשעי ארץ ולא יזידון לעשות עוד...

יום ה׳ ק״ה אלול תקע״ד.

נא׳ הק׳ נחמן במוהר״מ סגל זלה״ה

נא׳ זאב וואלף במוהור״מ ז״ל

נא׳ נפתלי הירץ במו״ה אהרן דב יצ״ו.

[47] קומפּראָמיס — בוררות.

כערן אָרדענונג אינעם אָרגאַניזירטן לעבן. אָבער דער מצב האָט זיך געביטן מיט דער צייט, באַזונדערס אַלס פּועל יוצא פון די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די באַציִונגען צווישן יידן און קריסטן אין לענדער, וואָס האָבן מבטל געמאַכט דעם פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און האָבן באַטראַכט יעדן יחיד פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך. אַזוי אַרום איז אויך אויפגעלייזט געוואָרן, אמת במשך אַ לאַנגזאַמען פּראָצעס, די אָפּהענגיקייט פונעם יחיד אין כלל. דער דאָזיקער מצב האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין ווענגראָוו. ס'איז אַ פאַקט, דאָס אָנגעהויבן פון די נײַנציקער יאָרן אינעם 18־טן יאָרהונדערט ווערן פאַרצייכנט אין „פּנקס" דיני־תורה וועגן עבירות פון יחידים, וואָס זענען פריער נישט באַגאַנגען געוואָרן, ווייל פּשוט קיין שום יחיד האָט נישט געוואַגט אַזוי צו האַנדלען: חילול שבת בפרהסיה, שיכרות, און אפילו שפּילן אין קאָרטן [48].

די נײַע צייטן האָבן אויך געבראַכט אַ ווייטערדיקע דערשיינונג — סאָציאַלע קעגנזאַצן. ס'דערשיינען די מאַכטהאָבער, די עשירים פון דער קהילה, וועלכע האָבן פאַרבינדונגען מיט אויסערלעכע פאַקטאָרן און קאָנען זיך מיט זיי באַנוצן לטובת זייערע צוועקן אין דער קהילה גופא. אַזעלכע לייט האָבן זיך נישט געשראָקן נישט נאָר פון צוזאַמענשטויסן מיט יחידים נאָר אויך מיט די קהילה אינסטיטוציעס. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז כאַראַקטעריסטיש די דערקלערונג, וואָס ר' בנימין בר' משה האָט אָפּגעגעבן פאַרן בית־דין אונטערן פאָרזיץ פון רב, אין ט"ו טבת תקנ"ד (1794):

...„זייט איר מיינע עדות, דאָס איך דערקלער אייך מיין האַנדלען מיט די מענטשן... איר ווייסט דאָך דאָס איך בין געצוווּנגען דאָס צו טון, ווייל מו"ה אריה ליב הנ"ל און זיין זון זענען געוואַלט־מענטשן, ווי עס איז באַוווּסט און באַקאַנט און ווילן זיך נישט שטעלן צו קיין שום משפּט פון אַ הייליקן דין תורה, נאָך דעם ווי איר האָט נאָך זיי געשיקט עטלעכע מאָל דעם שליח־בית־דין, כדי זיך צו שטעלן מיט מיר צום דין, און זיי האָבן נישט געאַכט דערויף. ווייל זיי האָבן אַ מעכטיקע האַנט און באַזונדערס אַז זיי האָבן מיך געבונדן מיט אייזערנע קייטן און פאַרשפּאַרט במשך דריי טעג ביז איך האָב געמוזט מסכים זיין דאָס זיי זאָלן האַלטן מיין סחורה און זי פאַרטיילן צווישן זיך אָן שום אויפזיכט פון בית־דין און אָן קיין שום דין־תורה..."

[48] „לפנינו בד"ח [בית דין חתום] קבל עליו כמר יצחק במוהר"ר יהודא שלא יהיה שכור בעת שיעמוד באטליז למכור בשר כשר ובעת נקירת בשר כשר... אם יעבור על הנדר הנ"ל וימצא והיה בעת מכירת בשר כשר או בעת ניקו̇ר שכור וחבירו לא השגיח בזה היטב עליו או שיצא עוד מכשל אחר תחת ידו אזי ידחו מאומנותם וחלילה לבני עירנו לקנות מאתם בשר כשר כלל ולא יועיל שום אמתלא. יצא מאתנו בד"צ וגם הם עצמם קבלו עליהם בחומר חרם. אור ליום ו', ה' מנחם אב, תקס"ד [1804].
ישראל [היילפרין] החב"ק ווענגראב והגליל [רב העיר].
הק' נחמן במוהר"ם סגל.
דוב בער במוהר"ר מרדכי סגל.
יוסף במוהר"ר משה
מנחם במוהר"ר יהודא.

דער בית־הדין האָט אויך באַשטימט: „און מיר אָנערקענען דאָס ס'איז אויף אים געמאַכט געוואָרן אַ גרויסער צוואַנג, ווייל ער האָט געשיקט עטלעכע מאָל צו די מענטשן, אַז זיי זאָלן צווישן זיך גאָר נישט מאַכן ביז זיי וועלן זיך נישט שטעלן צום דין און וועלן נישט אויסהערן זיינע רייד... דאַקעגן האָבן זיי אים פאַרשפּאַרט אין תפיסה, אַז ס'איז געווען ממש אַ סכנת נפשות...

ולראיה באנו על החתום יום ו' ט"ו טבת, תקנ"ד, פה ק"ק ווענגראָב. נא' (נאום) גרשון הכהן (דער רב פון שטאָט); נא' אריה ליב סגל, נחמן במהו"ר סגל (דיינים)".

דער בית־דין האָט, אַלזאָ, נישט אָנגעווענדעט קיין שום אַקציע. זעט אויס אַז ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה. דער דאָזיקער פאַל, וואָס איז אפשר דעמאָלס געווען אַ פאַראיינצלטער, שטייגט אָבער מיט דער צייט אַלס מער און מער...

ס'ווערט אויך גרעסער די צאָל יידן, וועלכע ווענדן זיך צו נישט־יידישע געריכטן. ביז צו דער נײַער צייט, און באַזונדערס ווי לאַנג ס'האָט אָנגעהאַלטן די יידישע אויטאָנאָמיע אין פּוילן, האָבן די יידן שטרענג אָפּגעהאַלטן דעם פּרינציפּ פון נישט אָנקומען צו גוישע געריכטן. די קהילה אינסטיטוציעס האָבן זיך אויך באַמיט, אַז יידן זאָלן נישט געבראַכט ווערן פאַר גוישע ריכטער, אויסער די וועלכע ס'איז באַשלאָסן געוואָרן מפקיר צו זיין צו גוישע חסדים (גוישן געריכט) אַלס אינערלעכע ווידערשפּעניגער [49]. און יידן זענען טאַקע נישט אָנגעקומען צו פרעמדע געריכטן. אָבער איצט האָבן זיך געמערט די פאַלן פון נישט ווענדן זיך אָדער אויסמיידן יידישע געריכטן, באַזונדערס ווען די אויסמיידער האָבן געהאַט דעם באַגרינדעטן חשש, דאָס לויטן יידישן דין זענען זיי נישט גערעכט...

די ווייניקע אָנדייטונגען אין "פּנקס" באַווייזן, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען גוט אָרגאַניזירט. די קהילה אָנגעהעריקע זענען געווען מיטגלידער פון פאַרשיידענע פאַריינען, פּראָפעסיאָנעלע און אַנדערע, וואָס האָבן פאַרשאַפן יעדן מיטגליד אויך אַן אינטימערן געזעלשאַפטלעכן קרייז צו וועלכן ער האָט געקאָנט באַלאַנגען אויסער זיין צוגעהעריקייט צו דער קהילה. אין „פּנקס" ווערן דערמאָנט די געמיינשאַפטן פון די בעלי־מלאכה, דאָס כאָטש זיי זענען געווען פּראָפעסיאָנעלע צעכן, איז נויטיק זיי דאָ צו דערמאָנען, ווייל זיי האָבן דערפילט וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס הן לגבי זייערע מיטגלידער און הן לגבי דעם יידישן כלל אין שטאָט. דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון די געמיינשאַפטן באַווייזט דער פאַקט, דאָס זיי האָבן געהאַט קאָנצענטרירטע זייך־פּלעצער אין די שולן (די פּשרה וואָס דער קהל האָט געמאַכט צווישן צוויי געמיינשאַפטן — ווי דערמאָנט אויבן). זיי האָבן אויך געהאַט זייערע ספר

[49] אין אַ פּסק־דין פון זונטיק, י"ב מנחם־אב תקס"ג [1803], איז געשריבן: „ורשות [אָנצווּוענדן קעגן ווידערשפּעניקער] כל הכפיות והנגישות הן עפ"י דת הקהל דקהילתנו והן על פי סענדזי דומיניקאַלני דפה קהילתנו..." ד. ה. — אויך מיט דער הילף פון דער פּוילישער מאַכט.

תורה[50] און זייער קאַסע — בולטע סימנים פון אַ געזעל־שאַפטלעכן קערפּער.

אויסער די האַנטווערקער געמיינשאַפטן — „חברת פועלי צדק של קירז'נרש ושומוקלרש, חברה חייטים והיטל מאחיר, האופין שקורין בעקערס, החברה הקדושה של שענקערש" — זענען אויך געווען די געוויינלעכע חברות אינעם קהילשן לעבן, ווי: חברת ש"ס, החברה הקדושה של תהלים. אויך די חברות האָבן דערפילט וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, ווייל זיי האָבן איינגעאָרדנט סעודות, צוזאַמענ־טרעפונגען פון זייערע חברים.

## ב. רעכטלעכער מצב

אינעם רעכטלעכן מצב פון די ווענגראָווער יידן איז נישט פאָרגעקומען קיין שום פּרינציפּיעלע ענדערונג ביז דער איינפירונג פון די רוסישע געזעצן נאָך דער אינקאָר־פּעראַציע פון פּוילן דורך רוסלאַנד. די יידן האָבן ווייטער גענאָסן פון זייער געריכטלעכער אויטאָנאָמיע, ווי פאַרזיכערט אין דער פּריווילעגיע פון 1665. אויך דער נייער באַזיצער אוסולינסקי[51] האָט נישט באַצווייפלט דעם מצב. אָבער, ווי שוין באַמערקט, די סימנים פון דער נייער צייט האָבן זיך באַוויזן אינווייניק, נאָך איידער ער איז פולשטענדיק דער־שיטערט געוואָרן פון דרויסן (דורך די רוסן).

דער „פּנקס" אַנטהאַלט פיל באַווייזן, וואָס לאָזן נישט איבער קיין ספק, אַז די געריכטלעכע אויטאָנאָמיע אַנטש־פּרעכנט די אַלגעמיינע פּריווילעגיעס, וואָס זענען אַרויס־געגעבן געוואָרן די פּוילישע יידן — זענען פּראַקטיש און יורידיש אויסגעפירט געוואָרן.

איין דאָקומענט מאַכט קלאָר, דאָס דער פּרינציפּ, אַז יידן משפּט'ן זיך צווישן יידן דורך די געריכטלעכע אינסטיטוציעס פון דער קהילה, איז אויך אָפּגעהיטן געוואָרן דורך די אויסערלעכע מאַכט פאַקטאָרן:

„...זאָל דאָס בלייבן אין זכרון, ווי אַזוי דער אדון נכבד שמשון בהרבני מו"ה צבי נ"י האָט אָפּגעזאָגט און אָפּגעלייגט צו שטעלן זיך צום דין קעגן הרבני מו"ה ישעי' במו"ה שלמה, און דער כבוד בית־דין צדק האָט געשיקט די ראשי מנהיגי' דפה יצ"ו עטלעכע מאָל אים וואָרענען, אָבער ער האָט זיך אָפּגעווענדט מיט אַ ווידערשפּעניגטן אַקסעל (נתן כתף סוררת) און האָט נישט גענומען אין אַכט זייערע רייד — ביז צום סוף האָט דער היגער אדון סענדזה (ריכטער) געשיקט, אַז ער זאָל זיך שטעלן צום געריכט פון שופטי דייני ישראל, אָבער אויך דאָסמאָל האָט ער נישט פאַרנומען און באהארט אין זיין ווידערשפּעניקייט..."[52].

דער קריסטלעכער ריכטער האָט ווי מען זעט אונטער־שטיצט דעם אַנטשפּרעכנדן פּאַראַגראַף פון דער פּריווּעלעגיע און האָט פאַרמיטן דאָס אַרויסדרייען זיך פון פולמאַכטן פון די יידישע אינסטיטוציעס.

און אויב דאָס איז וויכטיק לגבי איין יחיד, איז עס פיל מער וויכטיק לגבי אַ צאָל אָרגאַניזירטע יחידים. אַ צווייטער דאָקומענט דערציילט וועגן אַ דין־תורה צווישן די קהילה אינסטיטוציעס — אין דער אמתן דער קהל — און געוויסע קרעמער אין שטאָט, — דאָס הייסט יידן, וועלכע פאַרמאָגן געוועלבער אין שטאָט און זענען מער פאַרמעגלעכע. דער סכסוך האָט זיך גענומען דערפון, וואָס דער קהל האָט באַשלאָסן צו ענדערן די דורך אים באַשטימטע אָפּצאָלונגען פאַר קראָמען לטובת דעם שטאָט באַזיצער און האָט אַרויפ־געלייגט אויף צוויי קרעמער צו באַצאָלן די פאַרלייכטערונגען, וואָס ער האָט געגעבן קרעמער, וועלכע באַזיצן איין קראָם און זענען נישט ביכולת צו באַצאָלן די געפאָדערטע 40 גילדן אַ יאָר, ווי אויך פאַר די פאַרמאַכטע געוועלבער, וואָס אויך פאַר זיי איז געצאָלט געוואָרן שטייער. פאַרשטייט זיך, אַז דער באַשלוס פון קהל האָט נישט געשמעקט די פאַר־מעגלעכע קרעמער און זיי האָבן געפּרוּווט זיך צו ווענדן צום שטאָטישן בעאַמטן — נאָך איידער זיי זענען געקומען צו אַ בוררות פאַר די קהילה אינסטיטוציעס. אָבער דער שטאָט בעאַמטער האָט זיי נישט אונטערשטיצט און ער האָט געגעבן דעם בית־דין די אינסטרוקציע:

„און לויטן ,אָרדענאַנץ' פון דעם אדון וויעמאָ' פּ' (וויעל־מאָזשני פּאַן) גובערנאַטאָר, וואָס איז פאַר אונדז געבראַכט געוואָרן, דאָס דער בית דין צדק זאָל צווישן זיי מאַכן אַ מעמד און אַ מצב לויט דין תורתנו הקדושה, זענען מיר גע־זעסן, כדי צו באַטראַכטן דעם דערמאָנטן משפּט..."

די אונטערשטיצונג פון שטאָט בעאַמטן האָט דער־מעגלעכט דאָס פאַרפליכטן די קרעמער צו באַצאָלן דעם געפאָדערטן שטייער, ווי עס באַווייזט דער פּסק־דין, וואָס אַנטשפּרעכט דעם באַשלוס פון קהל — „כאשר מבואר בפנקס כבוד אלופי' הקהל... אין להשיב והוא בתקפו... יום ב', ט"ו כסלו תקמ"ח (1788)".

אַ דריטער דאָקומענט באַווייזט, אַז אויך די קריסטן האָבן געהאַט אַ צוטרוי צו די קהילה אינסטיטוציעס, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין זייער גרייטקייט צו ווענדן זיך צום יידישן בית־דין, אין פאַל ווען דער אָנגעקלאָגטער איז געווען אַ ייד, אנשטאט אים אָנצוקלאָגן פאַר אַ קריסטלעכן געריכט,[53] קיין שום פּריווּעלעגיע האָט נישט געשענקט די

[50] שהמה ידועו בינינו בנדון כתב־הקודש מן החברה הקדושה של תהלים אשר היה מושאל ליד החברה הקדושה של שענקערש כאשר מבואר באריכות בכתב אשר ת"י המורשה ה' הרבני מו"ה אליעזר במו"ה צבי הירש"... יום ד', ג' דחוה"מ סוכות, תקס"ח. [וועהלן בוררים פאַר דעם ענין].

[51] אַ עדות אויף פאַרקויפן די שטאָט דורך די קראַשינסקיס איז צו געפונען אין אַקט פון „פּנקס" (דער דאַטום צעריסן, אָבער שיינט צו זיין פון יאָר 1781): „...מעסק, שותפות בריחיים שהיו אשתקד וכבר היה ביניהם פסק־דין מביד"צ דפה. אולם עתה להיות שהאדון הדוכס יר"ה שהיה שר בעיר מעבר הניח להם על הזיקם".

„מעבר" — קען זיין „אשתקד" (פאַראַיאָר), ווען מ'האָט פון אים אָרענדירט די מיל.

[52] דער דאָקומענט גענומען, ווייזט אויס, פון אַנ'אַנדער פּנקס [הקהל ?] אָן אַן ענדע און אָן אַ דאַטע.

[53] אַ דין־תורה פאַר אַ רב אָדער יידישן בית־דין איז געווען אַ פּראָצעדור וואָס האָט ווייניק געקאָסט און איז געווען ווייניקער קאָמפּליצירט. דאָס האָבן אויך קריסטן גענומען אין באַטראַכט, אָבער דער עיקר, ווייל זיי האָבן געהאַט צוטרוי צו אַ יידישן בית־דין.

ייִדן אַזאַ רעכט. ווי דערמאָנט איז די ייִדן פאַרזיכערט געוואָרן דאָס ווערן געמשפּט לויטן ייִדישן דין, אָבער אין פאַל פון אַ משפּט צווישן אַ ייִד און אַ קריסט האָט מען נישט געמוזט אים ברענגען פאַרן בית־דין צדק. אָט איז דער אינהאַלט פון דאָקומענט:

„...ס'איז געקומען דער שליאַכטשיץ וואָוזשיניעץ אבקולסקי און ער איז געווען צעשלאָגן, מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג און אויער און ס'איז געקומען דער ערל קאשאנסקי און האָט עדות געזאָגט, אַז עס האָט פּאַסירט און אַן ערל האָט גענומען פלייש פאַר אַ משכון ביי הר' מאיר און עס איז אויסגעבראָכן צווישן זיי אַ סכסוך. איז געקומען דער דערמאָנטער שליאַכטשיץ און געזאָגט, אַז אויב מ'האָט צוגעזאָגט דאַרף מען באַצאָלן. האָט געענטפערט ר' מאיר: דאָס איז נישט דיין זאַך, שליאַכטשיץ. און האָט אים געזאָגט זידל ווערטער. האָט אים דער שליאַכטשיץ געגעבן אַ קלאַפּ, האָט ר' מאיר צוריקגעגעבן מכות רצח... דערנאָך האָבן זיי זיך געאייניקט פון זייער גוטן ווילן און ר' מאיר וועט באַצאָלן פאַר דיביילן און פון איצט אָן האָט נישט איינער צום צווייטן קיין שום טענות ומענות. יום א', תולדות תקמ"ג (1783).

הקטן יהודה פסח הכהן החונה פה ווענגראב והגליל (שטאָט רב)".

פון די געבראַכטע דאָקומענטן לאָזט זיך שליסן, אַז דער זעלבער מצב איז אויך געווען אין אַנדערע שטחים אין וועלכע די פּריווילעגיע האָט באַשטימט די רעכט און חובות פון די ייִדן.

### ג. די עקאָנאָמישע טעטיקייט

די עקאָנאָמישע טעטיקייט פון די ווענגראָווער ייִדן אין דער באַהאַנדלטער תקופה איז געווען צוגעפּאַסט צו די באַדערפעענישן און פאָדערונגען פון דער צייט. פון איין זייט זענען אָבער קענטיק די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער מדינה, אויך אינעם שטח פון די ייִדישע באַשעפטיקונגען. דער „פּנקס הדיינים" באַווייזט, אַז די סוף אַכציקער פונעם 18־טן יאָרהונדערט זענען געווען שווערע יאָרן, וואָס האָבן מחייב געווען צוצופּאַסן צו זיי די ייִדישע פּרנסות, כדי איבערצושטיין די דעפּרעסיע, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט דערין דאָס דער איינצל־האַנדל איז געווען טיילווייז פּאַראַליזירט. דער שוין דערמאָנטער דאָקומענט — וועגן דעם סכסוך צווישן די קרעמער און קהל — הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„...און שוין מער ווי פיר יאָר ווי עס זיצט נישט קיין מענטש אין די קראָמען".

אין „פּנקס" ווערן אויך געבראַכט דיני־תורה וועגן אַנטלאָפענע (באַנקראָטירער), אָפּגעלעגטע התחייבותן צוליב דער אומעגלעכקייט צו צאָלן, זוכענישן פון צוגאָב־פּרנסות וואָס פאַרשאַרפן די אינערלעכע קאָנקורענץ. אויך דערשיינט „דער אומגעבעטענער גאַסט" פון יעדן עקאָנאָמישן קריזיס — די הויט־שינדערישע ציינזן.

פון דער צווייטער זייט אָבער באַמיען זיך די ייִדן צו גיין אין שפּאַן מיט די צייט־ענדערונגען. אַזוי, צום ביישפּיל, נעמען די ווענגראָווער ייִדן אַ טעטיקן אָנטייל אין דער רעקאָנסטרוקציע פון דער פּוילישער אינדוסטריע, וואָס הויבט דעמאָלט אָן זיך אַרויסצופּיקן פון אירע ווינדעלעך. געווען איז דאָס אַ ווענגראָווער ייִד, וועלכער האָט אין די ניינציקער יאָרן פון 18־טן יאָרהונדערט אויפגעבויט אין זיין שטאָט אַ טעקסטיל פאַבריק, וואָס האָט לויט די דעמאָלדיקע באַדינגונגען באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער און האָט זיך פאַררעכנט צווישן די גרויסע פאַבריקן אין דער מדינה. די טעקסטיל פאַבריק פון צודיק בוימאַוויטש האָט געאַרבעט פאַר דער פּוילישער באַפרייאונגס אַרמיי אין אויפשטאַנד פון יאָר 1794. די פאַבריק האָט צוגעשטעלט שינעלן און פאַרשיידענע שטאָפן[54]. דאָס זענען געווען גאָר באַדייטנדע ליפערונגען.

דער זעלבער צודיק איז אויך געווען איינער פון די מיליטער ליפעראַנטן, אַ חוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ פאַבריקאַנט. ער האָט פאַרקויפט נישט נאָר די פּראָדוקציע פון זיין פאַבריק, נאָר האָט אויך אָפּגעקויפט ביי די אַרומיקע האַנטווערקער זייער היים־פּראָדוקציע און זי פאַרקויפט דעם מיליטער. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסע גאַרבעריי אין וועלכער ס'זענען אויך געווען באַשעפטיקט פיל אַרבעטער

אין די ניינציקער יאָרן פונעם 18־טן יאָרהונדערט איז ווענגראָוו אויך געווען אַ וויכטיקער צענטער פון מסחר מיט אָקסן, באַזונדערס פון די ליפעראַנטן פון פלייש קיין וואַרשע, וועלכע זענען אַרומגעפאָרן אין דער סביבה, כדי צו קויפן אָקסן און צוליב דעם זענען זיי אויך דערגאַנגען ביז ווענגראָוו[55].

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע ווירטשאַפטלעכע אויפטועניש, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך קריסטן אין דער צייט פונעם אויפשטאַנד און וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט ייִדן — איז געווען דער פּרוּוו פונעם באַקאַנטן דרוקער פון העברעאישע ספרי קודש, יוהאַן אנטאָן קריגער, צו גרינדן אין ווענגראָוו אַ פיליע פון זיין דרוקעריי אין נאָווידוואָר. די דרוקעריי האָט אָנגעהויבן צו זיין טעטיק אין 1794 און האָט נישט לענגער עקזיסטירט ווי איין יאָר, אין וועלכן ס'זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן באַקאַנטע ביכער[56]. ווייזט אויס, אַז די מלחמה יאָרן זענען נישט געווען קיין פּאַסיקע צייט פאַר גרינדן נייע אונטערנעמונגען און אויך דאָס ברענגען קיין ווענגראָוו ברוך ר' צבי הירש, אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער דרוקעריי, וועלכער איז געווען אַ לאַנג דערפאַרענער אינעם דרוקער־פאַך און אַ גרויסער סוחר פון העברעאישע ביכער, האָט ווייניק געהאָלפן. די דרוקעריי איז אין יאָר 1795 פאַרקויפט געוואָרן קיין האראדנא. אגב,

---

[54] זע העפט: Instytut badań spraw narodowości. Ringelblum E.: Projekty i próby przewarstwowania Żydów w epoce Stanisławowej, str. 94, Warszawa 1934. לויט: Komisja Skarbowa II, 25, 1794.

[55] זע: שיפּער, דאָרט, ז' 290.

[56] „יוסיפון", „אבקת רוכל", „שבט מוסר" — זייער פּאָפּולערע „מוסר"־ליטעראַטור.

די דעטאַלן פון דעם קאַפּיטל באַווייזן, אַז עטלעכע יידישע משפחות אין ווענגראָוו, האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער דרוקעריי און האָבן פון איר געהאַט פּרנסה.

צוליבן „פּנקס הדיינים", וואָס האָט פאַרשריבן צומיינסטן דיני־תורה, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט עקאָנאָמישע ענינים — אין דעם שטח זענען געווען די וויכטיקסטע ווענדונגען — פאַרמאָגן מיר מער איינצלהייטן וועגן די באַשעפטיקונגען פון די שטאָטישע יידן.

פון די דאָזיקע באַשעפטיקונגען באַקומען זיך פאָלגענדע עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן:

א. גרויסע עשירים, וועלכע האָבן געפירט ממש ברייטע געשעפטן, איז געווען גאָר ווייניק אין ווענגראָוו. אין דער אמתן איז פאַראַן אין „פּנקס" נאָר איין דין־תורה אין וועלכן ס'זענען פאַרמישט יידישע שותפים פון ווענגראָוו — גרויסע אַרענדאַרן (צענדליקער טויזנטער גילדן). דאָס רוב ווענגראָווער יידן האָבן געפירט מיטעלע און קליינע געשעפטן.

ב. די טעטיקייט אַליין איז געווען גאָר אַ לעבעדיקע און באַווייזט די גרייטקייט פון די יידן צו זוכן פּרנסות אין יעדן מעגלעכן אָרט. זיי האָבן זיך אויך נישט צוריקגעהאַלטן פון וואַנדערן גאָר ווייט.

ג. די הויפּט־באַשעפטיקונג איז געווען דער אינערלעכער האַנדל. נאָר ווייניקע האָבן זיך פאַרנומען מיטן אויסלענדישן האַנדל און אויך זיי זענען געווען מער פאַרמיטלער און פירער פון סחורות, איידער סוחרים מיט אייגענעם קאַפּיטאַל.

ד. די יידן האָבן אויסגענוצט יעדן מעגלעכן גראָשן, כדי צו פאַרגרעסערן דעם געלט־אומזאַץ, וואָס גיט פּראָפיטן. זיי האָבן זיך באַנוצט מיט אָפּשפּאָרונגען (פון משרתים און סתם יידן), ירושות (געלט פון יתומים און אַלמנות) און מיט כל מיני קרעדיטן — לויטן היתר עיסקא (וועקסלען, היפּאָטעקן, הלוואות אין פאָרם פון פיקטיווער שותפות).

ה. ס'איז בולט די שותפות צווישן יידן אין פּרנסה־געשעפטן; יידן באַטייליקן זיך אין צופעליקע שותפותדיקע געשעפטן אין פאַל פון רייזעס אויף ירידים און מאַרק־טעג. יידן באַטייליקן זיך אין קורץ־טערמיניקע אַרענדעס א. אַ. וו. דער האַנדל מיט די קריסטן שפּיגלט זיך אָפּ גאָר ווייניק אין „פּנקס" און אויך דאָס אויסשליסלעך אין צוזאַמענהאַנג מיט לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע.

ו. אויך די פרויען האָבן זיך באַטייליקט אין מסחר אין עטלעכע פאָרמען: אין אַ באַדייטנדער מאָס, אַלס זעלבשטענדיקע סוחר'טעס — בעיקר אלמנות וואָס די לענדלעכע באַשטימונגען האָבן זיי דערמעגלעכט פאָרצוזעצן דעם מסחר פון זייערע מענער[57]. אַנדערע פרויען האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קליין־האַנדל: — געקויפט פעסלעך הערינג און עטלעכע זעק מעל און ווייטער פאַרקויפט. זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט קליין־ווירטשאַפט אויף וויפל זי איז געווען פאַראַן (קו, גרינוואַרג־גאָרטן) און אויך געהאָלפן זייערע מענער אין די קראָמען.

פון וואָס האָבן זיך מפרנס געווען די ווענגראָווער יידן — לויטן „פּנקס הדיינים"?

אין ערשטער ריי — פון די פאַרשיידענע צווייגן פון האַנדל, אינערלעכן און אויסערלעכן. אין אויסערלעכן האַנדל פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ ברעסלאַו. ווייזט עס, אַז ס'איז געווען אַ שטענדיקע האַנדלס פאַרבינדונג מיט דער שטאָט, ווייל אין פיל דיני־תורה, וואָס אַנטהאַלט דער „פּנקס", ווערן נישט אויסגערעכנט די סחורות, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון ברעסלאַו, און נאָר באַצייכנט מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „ברעסלער":

„...אויב דער דערמאָנטער מוה' ראובן וועט וועלן געבן דעם דערמאָנטן מוה' גדליה (ווענגראָווער ייד) סך צוויי הונדערט רויטע[58] „מיטגאב לברעסלא" אויפן יריד פון יוהאַניס און דעם יריד פון יוהאַניס און דעם יריד עליזבוד, וואָס פאַלט אויס אין מרחשון[59] און אויך דעם סכום פון צוויי הונדערט רויטע, איז מוה' גדליה מחויב צו ברענגען ברעסלער סחורה".

אין אָנהויב פון דער דין־תורה ווערט דערציילט דאָס ר' גדליה האָט געפירט קיין ברעסלאַו פעלצן פון ר' אברהם (איינוווינער פון אַ דערבייאיקן שטעטל) אין ווערט פון 1800 גילדן. ר' גדליה האָט געדינט אַלס אַ פאַרמיטלער פון ר' ראובן, וועלכער איז ווייזט אויס געווען אַ רייכער סוחר און לויטן הסכם פון ביידע צדדים האָט ר' גדליה באַקומען פאַר יעדן נסיעה קיין ברעסלאַו דריי ר"ט פּרייסיש[60].

אויסער דער פאַרמיטלעריי האָט דער מסחר מיט ברעסלאַו אויך געהאַט צוגאָב־פּרנסות — דער עיקר פירן סחורות. דער מסחר מיט ברעסלאַו איז נישט געווען דער איינציקער. ס'ווערן אויך דערמאָנט בערלין, — פון דאָרט האָט מען געבראַכט וואָל — פראַנקפורט און קעניגסבערג.

אָבער די סאַמע גלאַוונע פּרנסה, וואָס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט מסחר און האָט בשעפטיקט אַ סך שטאָטישע יידן, איז געווען די אַרענדע. דאָס איז געווען דער הויפּט־מקור פון פּרנסה, וואָס האָט איינצייטיק געהאַט זיינע נאַטירלעכע באַגרענעצונגען — ער איז געוואָרן גאָר שטאַרק צופּיצלט, כדי אַן אַלץ מער וואַקסנדע צאָל פון יידן זאָלן קאָנען פון אים ציען זייער חיונה. אין אַלגעמיין האָבן זיך די אַרענדעס געטיילט אויף צוויי הויפּט סאָרטן. גרויסע אַרענדעס — פון גאַנצע ווירטשאַפטן און דערפער מיט אַלעס, וואָס איז אין זיי געווען, און קליינע אַרענדעס — פון קרעטשמעס, מילן, שענקן (ברויערייען) און פאַרשיידענע הכנסות, ווי: טשיפּאָווי (געטראַנקען שטייער), בריקן אָפּצאָל,

---

[57] די תקנות האָבן פאַרבאָטן פרויען צו האַנדלען, צוליב מאָראַלישע טעמים, — זיי זאָלן ניט פאָרן פון שטאָט צו שטאָט אַליין. אַן־אויסנאָם איז געמאַכט געוואָרן נאָר פאַר אַלמנות, זיי זאָלן קענען האָבן פּרנסה.

[58] אַ „אָדום" — 18 פּוילישע גילדן — ד. ה. 3600 גילדן.

[59] „יריד יוהאַניס" איז אויסגעפאַלן דעם 25־טן אויגוסט, און יריד „עליזאַבעט" — דעם 13־טן נאָוועמבער — באַשטימטע ירידים אין ברעסלאַו.

[60] ר"ט — פּרוסישע רייכסטאַלער — יעדער רייכסטאַלער — 7 פּוילישע גילדן און 6 גדולים. ר' גדליה האָט, אַלזאָ, באַקומען פאַר יעדע נסיעה 21 ז', 18 גד'.

פאַמילנע, קוויטאַווע און צום סוף אויך דער קרופקע שטייער. געווען גרויסע אַרענדאַרן, וועלכע זענען נישט געווען פאַר־אינטערעסירט צו פאַרנעמען זיך מיט „קליינקייטן" און זיי האָבן פאַרדונגען צו יידן די קליינע אַרענדעס — אַרענדעס פון דער צווייטער און דריטער קלאַס. די קליינע אַרענדעס, וואָס האָבן אַרומגענומען בעיקר געברויכס פּראָדוקטן, זענען געווען פאַרבונדן מיט קליין־האַנדל.

די אַרענדע, ווי בכלל אַלע יידישע פּרנסות, איז געווען געשיצט דורך די קהילישע אינסטיטוציעס. דאָס איז געווען נויטיק אין אַנבליק פון דער גרויסער קאָנקורענץ צווישן די יידן אין פּרנסה געשעפטן, וואָס זענען געווען באַגרענעצט אין פאַרנעם און אין מעגלעכקייטן. דער דאָזיקער שוץ איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „חזקה", וואָס האָט נישט דערלויבט יידן אַריינצודרינגען אין אַ ווירטשאַפטלעכן טעטי־קייטס־שטח פון אַנדערע יידן. אַ אינטערעסאַנטע דין־תורה אילוסטרירט ווי אַזוי די זאַך איז פּראַקטיש פאַרווירקלעכט געוואָרן: אַן אויסערלעכער ייד האָט געפּאַדערט פון אַ ווענג־ראַווער ייד, אַז ער זאָל אים באַצאָלן אַלס שאָדן דעם סכום פון הונדערט גילדן, וואָס ער איז געווען געצוווּנגען צו דערלייגן דעם שטאָט־באַזיצער פאַר דער אַרענדע צוליב דעם וואָס דער וועגנראַווער ייד האָט אָנגעבאָטן דעם שטאָט־באַזיצער אַ העכערן אָפּצאָל פאַר דער זעלבער אַרענדע. דער וועגנראַווער ייד האָט זיך פאַרטיידיקט מיט דער טענה: „ס'איז אַרומגעגאַנגען אַ שמועה, אַז דער דאָזיקער האָט שוין געדונגען אַן „אורענדא" אין אַן אַנדער אָרט"[61]. אויב דאָס איז ריכטיק האָט יענער געדונגען צוויי אַרענדעס. אָבער דער בית דין האָט נישט אָנגענומען די נאַאיווע טענה און האָט גע־פּסקנט:

„...זאָל ער שווערן דאָס ער האָט נישט געוווּסט דאָס יענער האָט געדונגען, דאָס ער האָט אַ קאָנטראַקט (דאָס הייסט, אַז ער האָט נישט געוווּסט דאָס די אַרענדע איז שוין פאַרנומען)' און דאָס ער איז נישט געפּאָרן נאָך דער התראה (דער מאָנער האָט געטענה'ט, דאָס ער האָט געוואָרנט דעם אָנגעקלאָגטן)' צום פּריץ און גלח („לשר ולכומר") אין ענין פון דער אורענדע. אויב ער וועט נישט שווערן — זאָל ער באַצאָלן דעם שאָדן. יום א', ק"ב סיון, תקנ"א (1791)".

מיר האָבן דאָ אַ ווונק ווי אַזוי יידן האָבן צווישן זיך קאָנקורירט... דורך שתדלנות ביים פּריץ און ביים גלח, און פאַרשטענדלעך — דורך צוגאָב־געלטער. דעסגלייכן האָט די קהילה געשיצט קעגן אַריינדרינגונגען אין די אַרענדעס גופא.

צווישן די אַנדערע פּרנסה קוואַלן ווערן אויך דערמאָנט אין „פּנקס": קליינע ווירטשאַפטן, שטאָל אין הויף פון הויז, קו, גרינוואַרג־גאָרטן א. ד. גל.: לוין־אַרבעטער ביי אַנדערע יידן, אינקאַסענטן פון שטייערן, בעאַמטע, וויאַזשאָרן א. אַ. וו.

די פּראָדוקטן מיט וועלכע די יידן האָבן געהאַנדלט זענען געווען מכל המינים: פאַרשיידענע געטראַנקען; שפּייז, מעל, קאָרן, פיש, הערינג, זאַלץ, פּרוכטן, קו, אָקסן, האָניג; פוטער פאַר בהמות — שטרוי, האָבער א. ד. גל.; פּעלצן און כלערליי טעקסטילן: פאַרשיידענע לעדערס, סערפּן; לעכט; קופּער; העברעאישע ביכער.

דער „פּנקס" באַווייזט אויך, אַז ס'איז געווען אַ שטענדי־קער עקאָנאָמישער קאָנטאַקט מיט אַרומיקע קהילות — הן דורך בשותפותדיקע געשעפטן און הן דורך באַזוכן די ירידים און מאַרק־טעג. דערמאָנט ווערן די קהילות: סעמיאַטיטש, לוקאַוו, סאָקאָלאָוו, מעזריטש, שעדלעץ, וואַרשע, פּראָגע, פּשעוואָרסק, טשעכאַנאָוויטש, מאַלאָוו, קנישין א. אַ.

דער „פּנקס" דערלויבט אויך צו באַקענען זיך מיט עטלעכע פון די דעמאָלס אָנגענומענע מנהגים אין יידישן מסחר:

א. דער אונטערשייד צווישן קויפן סחורה פאַר געלט און אויסטוישן סחורה פאַר סחורה. אין איין דין־תורה טענה'ט אַ טשעכאַנאָווצער ייד, דאָס ער האָט געביטן מיט אַ וועגנראַווער ייד אַ פּעלץ פאַר קליידער און שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי זענען געווען צעפּרעסן פון מאָלן. דער בית־דין האָט געפּסקנט: „...דאָס וואָס ער האָט אים פאַרפירט (פאַרקויפט דורכגעפּרעסענע קליידער) מאַכט גאָר נישט אויס, ווייל ווי עס שטעלט זיך אַרויס איז דאָס געווען אין וועג פון אַן אויסטויש און נישט אויפן שטייגער פון סוחרים..." וואָלט ער געקויפט פאַר געלט, וואָלט דער וועגנ־ראַווער ייד געווען מחויב צו געבן אַנדערע קליידער.

ב. די טעטיקייט פון דער „נאמנות" — אין דער דער־מאָנטער דין־תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט ברעסלאַו האָט געטענה'ט ר' גדליה, דער פאַרמיטלער פון וועגנראַוו, דאָס ער האָט גענומען די פּעלצן אויף נאמנות און דערפאַר דאַרף ער נישט דעקן דעם היזק, וואָס האָט געבראַכט זייער פאַר־קויפן. דער בית־דין האָט דערצו מסכים געווען, אָבער האָט פאַרלאַנגט אויסצופאָרשן, אויב דאָס איז באמת געווען אויף נאמנות.

ג. די פּראַקטיק איינצומאָנען געלט, באַזונדערס וועקס־לען דורכן איבערגעבן זיי „לידי אדון שר ותקיף כדי שמחויב יהיה לסלק" — דאָס הייסט אָנפאַרטרויען די וועקסלען אין די הענט פון אַ בכבודיקן און געביטערישן מענטש, כדי דער זשיראַנט זאָל זיך פילן געניטיקט זיי פּינקטלעך אויסצוקויפן.

ד. דאָס איינמאָנען אָפּצאָלונגען פון אַרענדעס, וואָס זענען נישט אין געברויך, וואָס האָט געהייסן „סוחא רענ־דא"[62].

געווען אויך פאַרשיידענע מנהגים פאַרבונדן מיט הלוואות פון געלט און שותפותדיקע געשעפטן.

די האַנטווערקעריי — ווי ס'באַווייזט דער „פּנקס" — האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט, באַזונדערס אויפן אָרגאַניזאַ־ציאָנעלן געביט. פאַראַן אַ גרעסערע דיפערענציאַציע צווישן די פּראָפעסיעס ווי פריער. ווי, למשל, דער אונטערשייד צווישן שניידער און „היטל־מאַכער". ס'ווערן אויך דערמאָנט

[61] דערמיט האָט ער געוואָלט זיך באַזירן אויף אַ בפירושער תקנה — אַז ס'איז נישטאָ קיין „חזקה" אויף צוויי אַרענדעס.

[62] פון פּויליש Sucha arenda.

מער צעכן, ווי פריער. שטעלט זיך אַרויס אָן שום ספק, אַז די פֿאַרבינדונג מיט דער שטאָטישער האַנטווערקער געמיינשאַפט, וואָס איז קלאָר דעפֿינירט אין דער פּריווילעגיע, איז אויך באַשטעטיקט דורכן „פּנקס" (אין סכסוך צווישן די בעקערס און שענקערס), זי האָט אָבער נישט אויסגעשלאָסן די אינערלעכע פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזירונג פֿון די יידישע בעלי־מלאכה. אין „פּנקס" זענען אויך פֿאַראַן אָנצוהערענישן וועגן דער גרויסער קאָנקורענץ, אויך צוליב צייטלעכע אומשטענדן, וואָס האָט געהערשט צווישן די יידישע האַנטווערקער. אַזוי האָט געמוזט דער בית־דין זיך אַריינמישן אין אַ סכסוך צווישן צוויי גלעזערס, וועלכע האָבן צווישן זיך קאָנקורירט דורך אָנביטן אַ ביליקערן פּרייז אַ קונה, וועלכער האָט באַשטעלט איינעם פֿון זיי אויספֿירן די אַרבעט ביי זיך.

ס'איז אויך אינטערעסאַנט צו הערן אויף וואָס פֿאַר אַן אופֿן איז צוגעגאַנגען דאָס לערנען אַ פּראָפֿעסיע. אין איין פֿאַל האָט דער בית־דין בהאַהאַנדלט דעם גורל פֿון יתומים און פֿעסטגעשטעלט:

„...און ס'איז אָפּגעמאַכט געוואָרן מיט הער לייזער וועגן דעם יינגל בצלאל... ער זאָל זיין ביי אים דריי יאָר און לערנען דאָס יינגל שמוקלעריי אָן שום אָפּנאַרעריי. ה' לייזער וועט באַקומען 2 רויטע (36 גילדן) לערן־לוין. (ס'ווערט אויך בפֿירוש באַטאָנט דאָס נאָך דריי יאָר איז דער דערמאָנטער מחויב צו מאַכן דעם יינגל אַ קאַפּטאַן מיט אַלע געזעלן („אחד קפטיין עם כל מפטירין"). יום ב', יתרו, תקנ"ז (1797). גרשון הכהן". (שטאָטישער רב).

דער פֿאַקט דאָס מען האָט געדאַרפֿט אַריינשטעלן די ווערטער „אָן שום אָפּנאַרעריי" באַווייזט, אַז ס'זענען געווען בעלי־מלאכה, וועלכע האָבן גוט אויסגענוצט זייערע לערן־יינגלעך — אויב זיי האָבן נאָר געקאָנט. אינטערעסאַנט איז אויך, דאָס דער לערן־יינגל באַקומט נישט קיין שום לוין אויסערן אויסהאַלטן אים במשך די לערן יאָרן.

*

מיר האָבן דאָ געבראַכט וויניקע פֿאַקטן פֿון דער געשיכטע פֿון וועגנגראָוו, וואָס איז געווען אַ עיר ואם בישראל. פֿאַראַן פֿיל היסטאָרישע קאַפּיטלען אין וועלכע ס'האָט זיך נישט דערהאַלטן קיין אויספֿירלעכער מאַטעריאַל בנוגע וועגנגראָוו, כאָטש ס'איז קיין ספֿק נישט, דאָס די שטאָט האָט זיך אין זיי באַטייליקט ווי, למשל, די חסידות און איר פֿאַרשפּרייטונג און פֿיל אַנדערע ענלעכע היסטאָרישע געשעענישן, אָבער אויך דאָס ביסל וואָס מיר האָבן געבראַכט באַווייזט די וויכטיקע ראָל, וואָס וועגנגראָוו האָט געשפּילט אינעם כלל קהילות פֿון דער מדינה. אָבער די פֿון איר אומאָפּהענגיקע צייטלעכע ענדערונגען האָבן איר אומעגלעך געמאַכט פֿאָרצוזעצן די פּראַכטפֿולע טראַדיציע, וואָס מיר האָבן דאָ געשילדערט.

# ווענגראווער רבנים

**א.** ר׳ אליהו אטינגין הלוי, **מחבר פון „ברית הלוי״. — זיין פאָטער איז געווען ר׳ אברהם אטינגין פון ווין, אַ גרויסער לערנער און באַראַטער פון קיסר פערדינאַנד דעם צווייטן. געווען אין ווענגראָוו אין יאָר 1645 און ווייזט אויס דאָרט געשטאָרבן אין 1648.**

**ב.** ר׳ יעקב בר׳ יחזקאל — **געשריבן אַ הסכמה צום ספר „עמודיה שבעה״ אין יאָר 1664. זיך באַטייליקט אין די צוזאַמענקונפטן פון ועד ד׳ ארצות.**

**ג.** ר׳ שמואל דוקאץ — **זיין איידעם איז געווען לימא בן ר׳ משה, דער מחבר פון „חלקת המחוקק״ — געגויע צייט נישט באַוווסט.**

**ד.** ר׳ אייזיק — **זיין איידעם רפאל געווען דער צווייטער זון פון ר׳ משה, מחבר פון „חלקת מחוקק״. די צייט ווען ער איז געווען רב אין ווענגראָוו איז נישט גענוי באַוווסט.**

**ה.** ר׳ משה בר׳ מרדכי הי״ד — **געווען רב אין סאלאָניקי אין יאָר 1660 און האָט דאָרט געגעבן זיין הסכמה צום ספר „יין משומר״; דערנאָך געווען רב אין פילא און געגעבן אין יאָר 1671 זיין הסכמה צו אַן אויסגאַבע פון תנ״ך; פון דאָרט געקומען קיין ווענגראָוו ווייל ס׳איז פאַראַן זיין הסכמה צום ספר „שערי שמים״ אין יאָר 1673. געווען רב אין ווענגראָוו לכל הפחות ביז 1688, ווייל ער האָט געשריבן אַ הסכמה צום ספר „נחלת עזריאל״ (1685) און „כתונת פסים״ (1688). געווען דער פאָרשטייער פון דער שטאָט אין ועד ד׳ ארצות.**

**ו.** ר׳ מרדכי בר׳ צבי הירש — **האָט געשריבן זיין הס־כמה „עולת יצחק״ זייענדיק אין ווענגראָוו אין יאָר 1691.**

**ז.** ר׳ ישעיהו כץ — **זיין זון איז דער מחבר פון „ברית משה משה״. די צייט ווען ער איז געווען רב אין ווענגראָוו איז נישט באַוווסט.**

**ח.** ר׳ מנחם מענדל בר׳ צבי הירש מפוונא — **געבוירן ת״ה (1645). געוואָרן רב אין יאָר 1673. געווען רב אין העלשוויא אין מעהרן; אין יאָר 1692 געשריבן זיין הס־כמה צו „מגן אברהם״ זייענדיק אין זמיגרד. פון דאָרט געקומען קיין ווענגראָוו און געשריבן הסכמות צו די ספרים: „חוקי חיים״, „שלחן ערוך״, „פני יצחק זוטא״ אין יאָר 1698; „נחלת עזריאל״ — 1700; „חוקי דרך״ — 1718. מחבר פון „צנצנת מנחם״. געשטאָרבן — 1724.**

**ט.** ר׳ ישכר בער סגל **פון קראָקע. געווען רב אין 1726 בעתן באַטייליקן זיך אין אַ בוררות צוזאַמען מיטן רב פון טשעכאַנאָוויטש. אין יאָר 1740 — געווען נאָך אין ווענגראָוו.**

**י.** ר׳ יעקב — **זיין איידעם איז מנחם מענדל עטינגא, אבד״ק מעזריטש הגדול. די צייט ווען ער איז געווען רב — אומבאַקאַנט.**

**יא.** ר׳ פנחס סגל — **אויך געהייסן** פנחס שליט: **געווען אין ווענגראָוו אין יאָר 1761 און צו דער עלטער געווען רב אין שערשאָוו. דאָרט געשטאָרבן. געווען דער תלמיד פון ר׳ יהונתן אייבשיץ. געשריבן זיין הסכמה צום ספר „כוכב יעקב״ אין יאָר 1773 זייענדיק אין ווענגראָוו.**

**יב.** ר׳ יהודא פסח כהן — **זיין נאָמען דערשיינט צום ערשטן מאָל אין „פנקס הדיינים״ אין יאָר 1782 און צום לעצטן מאָל אין — ה׳ תמוז, תק״ן (1790). אין יאָר 1786 האָט ער געשריבן זיין הסכמה צו „בנין שלמה״ זייענדיק אין ווענגראָוו.**

**יג.** ר׳ גרשון הכהן — **געחתמט צום ערשטן מאָל אין „פנקס הדיינים״ אין י״ז תמוז, תק״ן (1790) און צום לעצטן מאָל — תקנ״ט (1799). געגעבן הסכמה צום ספר „אור חיים״ אין יאָר 1794 זייענדיק אין ווענגראָוו.**

**יד.** ר׳ ישראל הלפרין — **זיין נאָמען דערשיינט אין „פנקס״ אין יאָר 1800 און געווען אין ווענגראָוו לכל הפחות ביז 1810 און האָט זיך נאָך דעמאָלט אונטערגעשריבן אין „פנקס״.**

**טו.** ר׳ יצחק מוונגרוב — **געשטאָרבן אין יאָר 1826.**

**טז.** ר׳ רפאל צבי — **געשטאָרבן אין יאָר 1834.**

**יז.** ר, מרדכי יוסף ליינר — **רב פון ראדזין און איזביצע. געווען אַ געוויסע צייט אין ווענגראָוו. געבוירן תק״ס (1800), געשטאָרבן תרי״ד (1854).**

**יח.** ר׳ אריה יהודה ליב בן מהר״ם — **געגעבן הסכמה צום ספר „פתח עיניים״ אין יאָר 1847 זייענדיק אין ווענגראָוו.**

**יט.** ר׳ זכריה מנדל אבד״ק **אין ווענגראָוו — געשטאָרבן אין 1856.**

**כ.** ר׳ נתן פוזנרזין — **געשריבן הסכמה צום ספר „ברכת אברהם״. געווען אַ תלמיד פון רב אין קאָצק (?). געשטאָרבן אין יאָר 1881.**

**כא.** הר׳ מנחם נחום גינצבורג **—געווען שטאָטישער רב אין 1882.**

**כב.** ר׳ שמואל ווייס — **געבוירן אין תרי״ט (1859). געווען רב אין קאָנסטאַנטין אין 1885. אין 1890 געקומען קיין ווענגראָוו. מחבר פון בוך שאלות ותשובות „מנחת שמואל״ און „דברי שמואל״.**

**כג.** ר׳ נתן פסס — **מחבר פון ספר „אסיפת זקנים״.**

**כד.** ר׳ מרדכי יוסף אליעזר ליינר **(אייניקל פון ר׳ יוסף) — געשטאָרבן אין וואַרשע כ״ו שבט תרצ״ו.**

**כה.** ר׳ יעקב מענדל מארגנשטערן **(סאָקאָלאָווער רבי׳ס זון) — ערמאָרדעט דורך די נאַציס, יו״כ ת״ש.**

**מאיר שטיינבערג** (ניו־יאָרק, פּאַרייניקטע שטאַטן)

# אין אלטן בית־מדרש - יאר 1904

אין איינעם פון די אונטערגעסלעך אין ווענגראָוו האָט זיך געפונען דער שולהויף מיט זיינע דריי בתי־תפילה: נייער בית־מדרש, גרויסע שול און אַלטער בית־מדרש.

צוזאַמען מיטן עולם יידן וואָס האָבן זיך שטענדיק אַרומגעדרייט אויפן שול־הויף, גייענדיק אַריין און אַרויס פון די בתי־מדרשים, האָבן זיך אויך תמיד אַרומגעדרייט דאָרטן ווייסע ציגן, וואָס האָבן אויף זייער לשון געמעקעט אַ תפילה פאַר זייער קיום.

קליינע מיידעלעך פלעגן קומען צו לויפן מיט עמערס אין די הענט אָנצופלומפן וואַסער פון ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שולהויף.

אין אַ זייער הייסן תמוז־טאָג, איז געזעסן רב יעקב מענדלס — דער גרעסטער למדן פון ווענגראוו — אין קילן בית־מדרש און געלערנט מיט אַ חסידישן ניגון גמרא. ס׳איז אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען אויסער זיין בלאַט גמרא און יורה־דעה. געווען צופרידן מיט זיין חלק, געהאָפט אויף משיח׳ן און אין זינען געהאַט עולם־הבא. דער שווערער מצב פון די יידן, פּאָגראָמען, — דאָס אַלץ איז אים געלעגן אין דער לינקער פאה.

ביים זעלבן טיש האָט זיך אַוועקגעזעצט בן־אליעזר, אַ יונגער לערנער פון ווענגראָוו, וואָס איז אַריינגעקומען אין בית־מדרש נאָכן אָנבייסן; גענומען אַ גמרא, וואָס איז גע־לעגן אויפן טיש און אָנגעהויבן לערנען: אמר רבא בר בר חנא; זינגנדיק שטיל מיט אַ מעלאַנכאָלישן ניגון נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָט ער איבערגעחזרט אמר רבא בר בר חנא.

פון דעם צו־פיל איבערחזרן איין און אויס דעמ־



פון רעכטס צו לינקס: טייל פון נייעם בית־המדרש; אַלטער בית־המדרש; די גרויסע שוהל (פאָטאָ: א. פשעפיורקא, 1936)

זעלבן פסוק, האָט זיך געפילט אַז דעם יונגן לערנער ליגן אין זינען אַנדערע מחשבות און ניט רבי בר בר חנא. פונקט פאַרקערט ווי רב יעקב מענדלס, האָט ער יאָ געהאַט טענות צום לאַנד און צו דער רעגירונג וואָס באַהאַנדלען די יידן מיט אומרעכט; ער האָט אויך ניט מבטל געמאַכט עולם־הזה, ער האָט אויך געטראַכט וועגן זיין צוקונפט און אַפילו וועגן זיין ערשטער ליבע...

זייענדיק פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, האָט אים פלוצים ר׳ יעקב מענדלס איבערגעשלאָגן בזו הלשון: „עס מוז זיין הייס אין דרויסן, אמת? דאָ אין בית־מדרש פילט מען דאָס נישט״. ענטפערט אים בן־אליעזר קורץ: „יאָ״. ר׳ יעקב באַנוגנט זיך נישט מיט דער קורצער תשובה און רעדט ווייטער: „די צווייטע וואָך איז שוין שבעה־עשר בתמוז, ס׳הויבן זיך אָן די דריי וואָכן, מען טאָר זיך נישט באָדן״. דער יונגער לערנער האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. זאָגט ווייטער ר׳ יעקב מענדלס: „דו ווייסט, אַזויווי ס׳גייט נאָר פאַרביי דער תשעה־באב — קומען אָן די „ימים נוראים״, און דער זומער איז אַוועק. דער יונגער בחור ענטפערט שטיל: „יאָ, יאָ״. ר׳ יעקב מענדלס זאָגט אָבער ווידער: „ווי לאַנג איז דאָס, ווי עס איז געווען פסח, שבועות, מתן־תורה?״ — איצטער ענטפערט שוין דער יונגער בחור: „דאָס איז די גרעסטע מתנה וואָס מיר, יידן, האָבן געקראָגן. אַנדערע פעלקער האָבן די תורה ניט געוואָלט, אָבער מיר האָבן געשוואוירן: ,נעשה ונשמע׳ פאַרוואָסזשע שלאָגט מען אונדז? פאַרוואָס מאַכט מען אויף אונדז פאָגראָמען?״ ר׳ יעקב מענדלס ענטפערט: „מיר דאַרפן אָפּקומען פאַר אונדזערע זינד אויף דער וועלט, כדי צו קומען ריינע אויף יענער וועלט״. פרעגט דער יונגער לערנער: „וואָס זענען די זינד פון קישענעווער שמש? וואָס מען האָט אים מיט טשוועקעס צוגענאָגלט צום ארון־קודש!...״ „ער האָט ניט געזינדיקט, — ענטפערט ר׳ יעקב מענדלס, — אָבער ער איז געווען ערב פאַר אַנדערע זינדיקע״. „איז דאָס יושר?״ — פרעגט דער יונגער לערנער.

איצט איז ר׳ יעקב מענדלס אַ ביסל אין כעס און זאָגט: „ווייסטו נישט וואָס עס שטייט געשריבן? ,במופלא ממך אל תדרוש׳, וואָס דו קענסט נישט פאַרשטיין זאָלסטו נישט פאַרשטיין!״. „ס׳טייטש — פרעגט איבער דער יונגער לערנער כמעט ווי דערשראָקן — פאַרוואָס האָבן די תלמידים געפרעגט ביי די תנאים און ביי די אמוראים, און איך דאַרף נישט פרעגן ביי אייך? נישט אויף אַלץ האָבן זיי געקענט ענטפערן, — זאָגט ווייטער דער יונגער — זיי האָבן זיך אָפּט באַנוגנט מיט ,תיקו׳, דאָס הייסט, אַז ווען משיח וועט קומען וועט ער אַלץ פאַרענטפערן״. איצט איז ר׳ יעקב מענדלס שוין געוואָרן גאָר אין כעס, זיך אויפגעשטעלט, געגאַנגען אַהין און צוריק און גערעדט ווי צו זיך אַליין: „לאָז מיך אויסלעבן מיינע יאָרן, אַזוי ווי איך בין״.

דער יונגער בן־אליעזר האָט מער נישט געפרעגט.

ר׳ יעקב מענדלס האָט זיך צוריקגעזעצט לערנען און דער יונגער האָט ווידער געטראַכט, צוזינגענדיק זיך שטיל: אמר רבא בר בר חנא, אמר רבא בר בר חנא...

**א. זילבערשטיין** (בועָנאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# רעמיניסצענצן פון יאר 1905

איך פיל פאַר נויטיק צו באַשרייבן עטלעכע משפחה עפיזאָדן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אַ וויכטיקן עפּאָך אין יידישן לעבן פון רוסלאַנד און פוילן בכלל און ווענגראוו בפרט.

מיין זיידע פון מיין טאַטנ׳ס צד, ר׳ אברהם יצחק זילבערשטיין, איז געווען אַ ייד אַ למדן און אַ ירא שמים. טאָג און נאַכט האָט ער עוסק געווען אין תורה ועבודה. ער האָט נאָר געלערנט און געדאַוונט און בכלל זיך נישט אָפּגעגעבן מיט גשמותדיקע ענינים.

נאָך האַלבער נאַכט פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף דער ערד און אָפּריכטן חצות, ד. ה. קלאָגן אויפן חורבן בית המקדש און אויף שכינתא בגלותא. ער האָט געזאָגט די תפילות מיט אַזאַ נאָגעגדיקן ניגון אַז עס האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן. זיינע עצבותדיקע טענער האָבן אָנגעפילט מיין קינדישע נשמה מיט טרויער און בענקשאַפט...

אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַן אַרענדאַר. האָט געהאַלטן אַ פאַכט אין דאָרף יונעווקע נעבן קאַלושין פון פריץ פּאַוולאָווסקי. אָבער נאָר אָפיציעל, ווייל פאַקטיש האָט געפירט די פאַכט מיין באַבע חוה יוספה, וועלכע איז געווען אַ כשר האַרציקע יידענע און אַן אמתע אשת חייל. איך קאָן נישט פאַרשטיין, פון וואַנען ס׳האָט זיך צו איר גענומען אַזויפיל כוח צו פירן די פאַכט און דערציען די קינדער (14 זין און 2 טעכטער).

פאַרשטייט זיך, אַז ווען די קינדער זענען אונטערגעוואָקסן, האָבן זיי איר אַרויסגעהאָלפן אין דער פאַכט. אָבער דער גאַנצער עול איז געלעגן אויף אירע פלייצעס.

שפּעטער, אין די עלטערע יאָרן, ווען אַ טייל קינדער זענען זיך צעפאָרן אין די שטעט און קיין אַרגענטינע און מיין באַבע איז קראַנק געוואָרן, האָבן זיי פאַרלאָזן די פאַכט, זיך באַזעצט אין ווענגראָוו און געוווינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן.

מיין זיידע און מיין פאָטער ר׳ יהודה יוסף ע״ה זענען געווען וואָרקער חסידים. אַזוי ווי דער וואָרקער רבי האָט געוווינט אין אָטוואָצק, האָט מען זיי אויך גערופן אָטוואָצקער חסידים.

די שטורמישע יאָרן 1904—1905 זענען אין זייערע אויגן געווען אַן אָנשיקעניש, אַ שטראָף פון גאָט ר״ל.

די צאַרישע מאַכט האָט אויסגענוצט דעם דאַמאָלסדיקן

פאָלקס־אויפברויז פאַר אירע נידעריקע צוועקן און אָרגאַניזירט אַ ריי פאָגראָמען, אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע און באַזונדערס אין פוילן.

ביי אַ סך יידן זענען נאָך פריש אין זכרון די פאָגראָמען אין ביאַליסטאָק און שעדלעץ, וואָס זענען געוואָרן אָרגאַניזירט מיט דער דירעקטער באַטייליקונג פון די מיליטערישע גאַרניזאָנען, וועלכע זענען סטאַציאָנירט אין די דאָזיקע שטעט.

די פאָליאַקן האָבן אויך צוגעלעגט אַ האַנט.

עס זענען נאָך פריש אין זכרון די פול געפאַקטע וועגנער מיט פליטים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ווענגראָוו אַנטלויפנדיק פון פאָגראָמירטן שעדלעץ.

דאָס דערשיינען פון די דערשראָקענע, צעשלאָגענע, פאַרבאַנדאַזשירטע יידן מיט די פאַרוויינטע פרויען און קינדער האָט דערשיטערט די ווענגראָווער קהילה. ספאָנטאַן איז אָרגאַניזירט געוואָרן הילף פאַר די פליטים און כהרף עין האָבן יידן געשפאַנט פערד און וועגענער, זיי אָנגעלאָדן מיט עסנוואַרג, מלבושים און מעדיקאַמענטן און געשיקט קיין שעדלעץ.

אַן ענלעכע ברידערליכע סאָלידאַריטעט האָבן ווענגראָווער יידן אַרויסגעוויזן מיט אַ צוויי יאָר שפעטער, ווען אין סאָקאָלאָוו האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה און דאָס גאַנצע שטעטל איז אַוועק אין פלאַמען. דאָס איז געשען אַן ערך אין 1908 ערב שבועות. אויך דאַן האָבן ווענגראָווער יידן אין איילעניש אָרגאַניזירט הילף, אויפגענומען די נשרפים און אַהינגעפירט וועגענער מיט שפייז און קליידער. דער רב ר׳ שמואל ווייס זצ״ל האָט געהייסן אין יום־טוב שפאַנען פערד און וועגענער און פאָרן ראַטעווען.

שפעטער, בעת דער 1־טער וועלט־מלחמה, ווען אונדזער שטעטל איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט היימלאָזע פון פאַרשידענע שטעט אין פוילן און איבערהויפט פון פרושניץ און שפעטער פון ווייס־רוסלאַנד, זענען אויך די ווענגראָווער יידן זיי אַנטקעגנגעקומען מיט ברידערליכער הילף. מען האָט זיך געטיילט מיט ענגע דירות און מיט דעם אָרעמען שטיקל ברויט.

לאָמיר זיך אומקערן צום יאָר 1905. אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך ביי אונדז אין שטוב געיאָוועט אַ גאַסט — מיין קוזין ברוך זילבערשטיין פון מינסק מאַזאָוויעצק, פעטער אליהו זלמנס אַ זון. בלויז זיין דערשיינען האָט שוין אונדז צערודערט: קורץ געקליידעט, אונטער דעם רעקל אַ שוואַרצע רובאַשקע און אַ פאָר שפיציקע וואָנסאַלעך פאַרדרייט אויף אַרויף.

מען האָט ביי אים נישט געקאָנט דערגיין דעם צוועק פון זיין באַזוך. מיין זיידע האָט מסתמא געהאָפט, אַז אין גיכן וועט ער אַהיים פאָרן, וועט מען פטור ווערן פון חרפות ובושות. דערווייל האָט זיך אָנגערוקט דער ליבער שבת. מיין זיידע מיט מיין טאַטן האָבן אָנגעטאָן די טליתים אונטער די פאַלטעס און זיך געקליבן גיין אין ווורקער שטיבל דאַווענען.

פלוצים מאַכט זיך אויף די טיר און עס קומען אַריין צוויי שכנים און זאָגן אָן אַ בשורה:

— אייער אייניקל דער מינסקער, שטייט אויף אַ טיש אינמיטן מאַרק און האַלט אַ „מאָווע" מיט אַ שיקסע.

איבעריק צו באַטאָנען, אַז די דאָזיקע „בשורה" האָט אונדז געטראָפן ווי אַ דונער. די מענער זענען פאַר בושה שוין נישט געגאַנגען אין שטיבל, נאָר אויסגעטאָן די פאַלטאָס און זיך געשטעלט דאַווענען ביחידות. ווען די פרויען האָבן זיך צעוויינט, האָט מיין זיידע געגעבן אַ טופ מיטן פיס און אַ געשריי געטאָן:

— שטיל זאָל זיין: שבת טאָר מען נישט וויינען.

איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, אַז עס איז געשען זעער אַ שרעקלעכע זאַך, כאָטש וואָס אַזעלכעס עס איז אַ „מאָווע" האָב איך טאָקע נישט געוווסט, אָבער דאָס מוז זיין אַ פאַסקודנע זאַך, וואָס מען פראַוועט צוזאַמען מיט אַ שיקסע...

פלוצים האָט זיך אַריינגעריסן פון גאַס, אין מיטן שמונה־עשרה, אַ מעכטיק כאָר־געזאַנג:

דער קיסר האָט געגעבן אַ קאָנסטיטוציע,
מיט דער צווייטער האַנט זי גענומען צוריק;
ער האָט געוואָלט דערשטיקן די רעוואָלוציע
מיר קענען שוין זיין חזירישע פאָליטיק.

תיכף דערנאָך האָט זיך געהערט אַ שיסעריי מיט אַ פייפעניש און געשרייען. מיין מאַמע האָט מיך באַשיצט אין אירע אָרעמס. דאַן האָט זיך ראַפטאָם געגעבן אַ פראַל אויף די טיר און עס זענען דערשינען דער סטאַרשי אַנטיפאַוו מיט נאָך עטלעכע וועכטער, וועלכע האָבן געפירט מיין קוזין אין אַ קייטל אַ פאַרבלוטיקטן. זיי האָבן געשריגן און געדראָט. מיין פאָטער האָט געפרוווט בעטן, אַז זיי זאָלן באַפרייען מיין קוזין, אָבער אָן דערפאָלג.

מיין זיידע האָט זיך ביטער צעוויינט און מיין באָבע האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפ און געשריגן: „האָט רחמנות: לאָזט אים נישט אַוועקנעמען!"

נאָך אַ לאַנגער האַמפעריניש איז די פאָליציי אַוועק און מיטגענומען מיין קוזין.

אויפצומאָרגנס האָט מען אים אַוועקגעפירט אויף אַ פויערישן וואָגן באַגלייט פון צוויי פאָליציאַנטן מיט געלאָדענע ביקסן קיין שעדלעץ און פאַרשפאַרט אים אין טורמע, ווו ער איז אָפגעזעסן אַ יאָר און דערנאָך באַפרייט געוואָרן.

קורץ נאָך דעם איז מיין טאַטע אַוועק קיין אַרגענטינע.

מיין קוזין ברוך האָט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד אין דער שטאָט קעמניץ (זאַקסן), ווו ער האָט געהאַט אַ פאַבריק פון זאָקן. אין 1932, קורץ פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט, איז ער אַוועק קיין בראַזיל און געלעבט אין דער שטאָט קוריטיבאַ ביז 1942.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיין קוזין דער סאָציאַליסט פון 1905 זאָל שטאַרבן אַ פרומער ייד. און מיין טאַטע דער ווורקער חסיד, זאָל שטאַרבן אַ זעער לינקער סאָציאַליסט.

זאָלן די שורות זיין בלימלעך אויף זייערע קברים.

יעקב וויערניק (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# קלעפּ פאַר קלעפּ

(זכרונות פון יאָר 1905)

אויסנוצנדיק דעם יום־טוב ווען מ׳איז אַ ביסל בגלופין, האָבן די פרומע יידן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט די „סטרייקער־ציציליסטן" און סתם אפיקורסים — און אַ סך פון זיי צושלאָגן.

דער „בונד" האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, אָבער די פרומע זייענדיק אַ גרויסע מערהייט, האָבן באַזיגט די ווידער־שטענדלער.

דער „בונד" איז אָבער נישט געבליבן זיצן מיט פאַר־לייגטע הענט; מיט דער הילף פון זייערע אָנהענגער אין די אַרומיקע שטעט און איבערהויפּט אין וואַרשע האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ קעגן־אַקציע, וואָס איז באַשטאַנען אין סאַבאָ־טירן די קרעמער, וועלכע זענען געפאָרן אויף די מערק און ירידים אין די אַרומיקע שטעטלעך, אַנבערעכנדיק זיי די ביי־נער און נישט לאָזנדיק זיי אויספּאַקן זייער סחורה.

דאָס זעלבע איז געשען מיט די סוחרים, וועלכע פלעגן פאָרן קיין וואַרשע איינקויפן סחורות. „אייגענע" חברה פלעגן זיי אָפּוואַרטן אויף פראַנציסקאַנער גאַס און זיי מכבד זיין מיט גוטע קלעפּ. איין ייד, משה פשעפיורקא, אָדער ווי מען האָט אים גערופן אויפן היימישן אופן משה קעצעלע, איז געפאַלן אויף אַן אָריגינעלע המצאה. אַרויספאָרנדיק אונטערן שטאָט, האָט ער זיך פאַרבאַנדאַזשירט דעם קאָפּ, כדי מען זאָל מיינען אַז ער האָט שוין באַקומען זיינס, און איז אַזוי אָנגעקומען קיין וואַרשע. חברה בונדיסטן האָבן טאַקע אים מער נישט געטשעפּעט.

זעענדיק אַז זיין איינפאַל האָט געגעבן אַזאַ וואָזשנע רעזולטאַט, האָט משה פשעפיורקא דאָס זעלבע געפּראָוועט נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, ביז די בונדיסטן אין וואַרשע האָבן זיך געכאַפּט, און האָבן פשעפיורקען מכבד געווען פאַר דער גאַנצער צייט. זיי האָבן אים געלאָזן אין אַזאַ מעמד, אַז ער האָט קרוב 3 חדשים נישט געקענט רירן מיט קיין אבר.

די סוחרים, זעענדיק אַז זיי ווערן רואינירט, ווייל דאָס גאַנצע ביסל מסחר איז געוואָרן פּאַראַליזירט, האָבן באַין ברירה פאַרהאַנדלט מיט די בונדיסטן און מען איז ענדלעך דערגאַנגען צו אַ הסכם. אַלע סוחרים האָבן באַצאָלט קנס דעם „בונד" און מ׳האָט געשלאָסן אַ „וואָפן־שטילשטאַנד".

אין יענער צייט האָט דער „בונד" אָרגאַניזירט אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויף דריי טעג, אַלס פּראָטעסט קעגן צאַרישן רעזשים. שטרעבנדיק, אַז דער שטרייק זאָל זיין אַ טאָטאַלער, האָט דער „בונד" אַרויסגעלאָזט יונגוואַרג איבערן שטעטל וועלכע האָבן נישט געלאָזט עפענען די קלייטן און האָבן פאַרלאָשן די באַק־אויוונס אין די בעק־קערייען.

פון דער צווייטער זייט זענען אַרומגעריטן זעלנער און האָבן באַפוילן עפענען די קלייטן. אָבער די סוחרים און די בעלי־מלאכות האָבן זיך מער גערעכנט מיט די „סטרייקערס" און געהאַלטן געשלאָסן זייערע קלייטן אַלע דריי טעג.

א. אבני־כסף

# די קאַנטאָניסטן

דריי ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַטן וועלכע זענען פאַרבליבן אין ווענגראָוו זענען געווען די לעצטע מאָהיקאַנער פון אַ רומפּול בלעטל פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע: זיי, די שטאַרקע, געזונטע, פּשוטע, אָבער גרויסע און האַרציקע יידן, האָבן אויסגעטראָגן אויף זייערע פּלייצעס, מיט שטאָלץ און ווירדע, דעם נאָמען ייד. זיי זענען גענומען געוואָרן אָדער געכאַפּט געוואָרן צום רוסישן מיליטער אַלס קינדער פון 7—8 יאָר אַלט, און דאָך אָפּגעהיט מיט מסירות זייער יידישקייט, טראָץ פייניקונגען און דערנידערונגען.

### ר׳ פסח שלייפער

געדינט „פּאָניען" 18 יאָר. געשטאַנען מיט זיין שלייף־ראָד נעבן לויפּמאַנס קאָמעניצע אין באַוועגט דאָס ראָד מיט אַ פוס־טרעטער און בעת מעשה זיך צוגעזונגען אַ רוסיש־מיליטערישן מאַרש.

עס פלעגן זיך אַרומשטעלן אַ מחנה קינדער און שעפּן התפעלות פון זיין זינגען און אויך פון די שטערנדלעך, וואָס האָבן געשפּריצט פון אונטער דעם מעסער און זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן. קינדער האָבן אים פאַרשאָטן מיט פראַגן: ווי זאָגט מען אויף רוסיש דאָס, און ווי זאָגט מען יענץ? און ער פלעגט זיי גערן ענטפערן. און אַז די קינדער פלעגן ווערן שטאַרק צודרינגלעך, האָט ער געגעבן אַ כאַפּ דעם פענדזל (מיט וואָס ער פלעגט באַנעצן דאָס ראָד) און זיי אָפּגעשפּריצט און געגעבן אַ געשריי: „אין חדר אַריין, שקצים!"

### ר׳ פרץ בערגמאַן

פרץ שבע דינה׳ס (יעקב צוקערניקס פאָטער. זיין זון אברהם בערגמאַן איז אַן אַלטער תושב אין ב. איירעס און לאַנגיאָריקער עסקן אין ווענגראָווער ל. ל. פאַראיין. זיינער

אַן איידעם, סענדער סרעברא, לעבט אין מדינת ישראל). ער איז געווען אַ הויכער, מיט אַ לאַנגער באָרד און גוטמוטיקן שמייכל אויף זיין קלוגן פּנים. פלעגט דערציילן זיינע עפּיזאָדן פאַר אַ ספּעציעלן אודיטאָריום אין די ווינטער נעכט ביי זיין זון יעקב צוקערניק.

ער פלעגט דערציילן לאַנגזאַם, באַרעכנט, וועגן זיינע איבערלעבונגען אין ווייטן קאַווקאַז, וועגן די שטענדיקע געשלעגן צווישן די מוזשיקעס מיט די סאָלדאַטן און איבערהויפּט וועגן דעם, ווי די יידישע זעלנער האָבן מיט גרויס מסירות הנפש אָפּגעהיט דאָס הייליקע יידישע פלעמל אַז ס׳זאָל נישט פאַרלאָשן ווערן.

## ר׳ חיים ניסקע

אַ הויכער, אַ מאָגער פּנים מיט אַ שיטער בערדל און מיט צוויי שוואַרצע טיפע אויגן. אין די מיטעלע יאָרן איז ער געווען אַ יגיע־כפּים׳ניק און זיך פאַרנומען מיט האָלץ־האַקן; אָבער אויף דער עלטער — ככלות כוחותיו, איז ער געוואָרן אַ מוכר־ספרים. אייגנטלעך איז ער געווען אַ דרדקי מלמד, ווייל זיין גאַנצע קראָם איז באַשטאַנען פון עטלעכע סידורים, אַ פאָר תהילימלעך, עטלעכע בענטשערלעך, עטלעכע בינטלעך ציציות א. אַ. וו. ער פלעגט דאָס צעלייגן אויף אַ ברעג טיש אין ר׳ הללס בית־המדרש. קיין סך האָט ער נישט באַדאַרפט: ער מיט זיין ווייב זענען געווען נזירים. פלעגן נישט טועם זיין קיין פלייש און שלאָפן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע, צוליב דעם וואָס ביי זיי האָט פּאַסירט אַ טראַגישער פאַל: די פרוי איז געגאַנגען קויפן פלייש לאָזנדיק 2 קליינע שלאָפנדיקע קינדער. די קינדער האָבן זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעצינדן שוועבעלעך. שפּילנדיק זיך מיטן פייער זענען זיי פאַרברענט געוואָרן. זינט דעמאָלט האָבן זיי נישט געגעסן קיין פלייש און נישט געשלאָפן אין בעט, נאָר אויפן דיל.

ער האָט געשטאַמט פון טיף רוסלאַנד. זיין יידיש איז געווען אַ געמיש מיט רוסיש. האָט גערעדט לאַנגזאַם און שטאַרק באַטאָנט די ווערטער. יונגוואַרג האָט זיך געלאָזט ווילגיין מיט זיין „ראזגאוואיען״, „אוזניכאיען״, „סטראַדאיען״, און פלעגן בכלל ווייניק „פאָניעמאַיען״ זיין יידיש. אָבער ער האָט זיך ניט באַלעדיקט נאָר פלעגט גוטמוטיק שמייכלען און זאָגן: „ס׳שאַדט נישט, קינדערלעך, גולאייעט! (טרינקט — לאָזט אייך ווילגיין), אַז איר ועט נישט גרלאַיען יעצט, וועט ווערן שפּעט. ווייל די עלטער שטייט אונטער די פלייצעס און טשאַטעוועט (וואַרט) קודיי!״

אויך זיין באַליבסטע טעמע איז, פאַרשטייט זיך, געווען עפּיזאָדן פון זיין „סלוזשבע״ (דינסט) אין קאַווקאַז ווו ער האָט געגעסן קאַשע 25 יאָר; האָבן אים קונדסים געגעבן אַ צונאָמען „קאַשקאַז״.

כבוד דעם אָנדענק פון אָט די יידישע מאַרטירער.



אַ גרופּע פּריזיוניקעס צום פּוילישן מיליטער — יאָר 1919

# פון אמאליקע יארן

„ווען אייערע קינדער ווערן פאַרטריבן, זייערע היימען צושטערט, און אין חורבות צוריבן — וואָס זשע איז פון אַלע הבטחות געבליבן?"

אַלע הערצער וואָס האָבן איינגעאָטעמט דעם טאָן פון קולטור און עטיק, טרויערן אויפן גרויסן חורבן...

— אַלע ווענגראָווער מוזן וויסן, וויפל גייסטיקע שיינ־קייט און וויפל מאָראַלישע דערהויבנקייט זענען באַגראָבן אונטער די חורבות פונם יידישן לעבן אין אונדזער שטאָט.

איך וויל זיך דערלויבן ברענגען אַביסל זכרונות וואָס זענען מיר פאַרבליבן פון מיין פאָטער ר' דוד־וועלוול און מיין מוטער טשאַרנע טשאַפּאָוו ז"ל; מיין פאָטער פלעגט דערציילן אַז ער פלעגט אַלס קליין ייִנגעלע אַרויפקלעטערן אויף די ווענט פון שוהל, צו יענער צייט האָבן די קינדער מורא געהאַט אַרויפצוגיין אויפן בוידעם פונם אַלטן בית־מדרש, ווייל דאָרטן געפינט זיך עפּעס וואָס שרעקט אַפילו עלטערע מענטשן...

מיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין אַ דאָרף צען וויאָרסט פון שטאָט, נאָר אויף די ימים־נוראים פלעגן מיר פאָרן אין שטאָט אַריין און געהאַלטן יום טוב ביי מיין טאַטענס אַ שוועסטער.

ערב יום־טוב האָט מיין פאָטער אונדז גענומען אין מרחץ אַריין, אונדזער מוטער האָט אונדז אָנגעטאָן אין די נייע מלבושים, און ווען עס איז נאַכט געוואָרן — זענען מיר גע־גאַנגען אין שוהל אַריין דאַווענען.

איך האָב זיך צוגעקוקט מיט נייגעריקע אויגן צום אויסזען פון דער שוהל. די זעקס רונדיקע עמודים, וואָס דער גאַנצער דאַך איז אויף זיי געלעגן, די פּראַכטפולע מזרח־וואַנט מיטן ארון־קודש, דער אויסגעמאָלטער לויתן, די גאָלדענע מנורה מיט די זיבן אָנגעצונדענע ליכט, די צוויי גרויסע לייבן, וואָס האַלטן די לוחות און די גאָלדענע קרוין אויפן ארון־קודש — האָבן אַלעמען באַצויבערט.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה זענען מיר גאַנץ פרי גע־גאַנגען דאַווענען. די בעלי־תפילות האָבן צעריסן דאָס האַרץ אויף שטיקער. ביז היינטיקן טאָג קען איך ניט פאַרגעסן דאָס אויסזינגען פון די תפילות אין וועלכע ס'האָט אָפּגעקלונגען דער גאַנצער צער און ווייטאָק פון יענע טעג.

אָבער גאָר טיף האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון דער יום־כפור צו כל נדרי. שווער זיך פאָרצושטעלן דאָס יאָמערן און די געוויינען אין יום־כפור.

אָבער ווער ס'האָט דאָס געהערט מיט אייגענע אויערן, וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

איך האָב געקענט עטלעכע שטעט און שטעטלעך אַרום ווענגראָוו, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווענגראָוו האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר כאַראַקטעריסטישן און אייגנאַרטיק־יידישן לעבן, וואָס ציט זיך יאָרנלאַנג, אָנהייבנדיק פון די „כלי־קודש" און ענדיקנדיק מיט די כלי־זמרים און בדחנים וואָס זייער שפּילן און פאַרווילן האָט געהאַט אַ שם.

חזנים האָבן מיר געהאַט אייגענע און מיר האָבן זיך געמעגט רימען מיט זיי.

חסידים פון אַלע „רבי"ים — אָטוואָצקער, גערער, גאַרוואָלינער און ראָזעמינער שטיבלאַך.

פון די אַלע אויסגערעכנטע זענען כמעט קיין עם־הארצים נישט געווען. עס קומט מיר אויפן זכרון אַ בעל־עגלה, גערופן האָט מען אים „טוביה יאָליק", ער פלעגט דאַווענען פאַרן עמוד אַלע שבת צום ערשטן „מנין", און שבת ביי טאָג פלעגט ער זאָגן תהילים פאַרן גאַנצן עולם — אינם נייעם בית־מדרש. מוצאי־שבת האָט ער שוין אַנדערש אויס־געזען בשעת ער איז געקומען מיט זיין פערד און וואָגן אויפגענומען פּאַסאַזשירן קיין לאָכאָוו, צום באַן, און אויב די פּאַסאַזשירן זענען נישט געקומען צו דער צייט, פלעגט ער געבן אַ פייף אַז מען האָט דאָס געהערט איבער דער גאַנצער שטאָט; דאָס האָט ער אויך געקענט.. .

✶

די גרעסטע פאַבריקנאַטן זענען געווען די גאַרבערס מיט זייערע לעדער־אַרטיקלען, נאָכדעם קומען: שניידער, שוס־טער, סטאָליאַרעס און היטלמאַכערס. זיי האָט מען גערופן „טאַנדעטער" און זיי פלעגן פאָרן אויף אַלע יאַרידים פאַר־קויפן זייערע סחורות. „באַטניקעס" און סופרים זענען געווען די בעלי־יחסנים — זיי פלעגן צושיקן זייערע סחורות איבער גאַנץ רוסלאַנד, ווייל זיי זענען געווען ספּעציאַליסטן אין זייער פאַך.

✶

איך געפין פאַר מיין חוב צו פאַרצייכנען אייניגע פון מיין פאָטערס מנהגים, זכרונות פון מיין פריסטער קינדהייט.

געווען איז דאָס מיט אַ 65 יאָר צוריק, ווען מיין פאָטער האָט געפירט אַ שניידעריי, געהאַנדלט מיט וואָל, געדונגען סעדער ביי די פּאָליאַקן, געקויפט קאָרן א.א.וו. אויף שבת פלעגט מען שעכטן עופות און פון צייט צו צייט אַפילו אַ קעלבל, און די מאַמע פלעגט באַקן חלות, קיכלעך און אַנדערע מאכלים צוגרייטן לכבוד שבת.

ביי אונדז אין שטוב זענען שטענדיק געווען אַ סך מענטשן, און דער „חדר" וואו ס'האָבן געלערנט אויך קינדער פון די אַרומיקע דערפער; אַפילו די שוהל איז געווען ביי אונדז אין שטוב. מיין פאָטער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל־קורא, געדאַווענט מוספים. אונדזער שטוב איז בכלל געווען דער צענטער פון די יידישע ישובניקעס פון די אַרומיקע דערפער.

דריי וואָכן פאַר פסח איז מיין פאָטער געפאָרן אין שטאָט און ספּעציעל געמאָלן מעל אויף מצות. דער ערשטער אויוון

אויף באַקן מצות האָט געהערט צו אונדז. ביי דעם אויוון איז געשטאַנען דער טאַטע און געשיבט, ווייל דאָס שיבן איז אַן אַרבעט וואָס נישט יעדערער האָט געקענט.

מצה־וואַסער האָט מען געמוזט באַזאָרגן מיט אַ נאַכט פריער און ברענגען דאָס וואַסער פון אַ לויפנדיקן טייך. דאָס מצה־וואַסער האָט מען געבראַכט אין נייע עמערס און צוגעדעקט מיט ריינע לייוונט־טיכער, אַלע שכנים האָבן געהאָלפן וועלגערן די מצות, מען האָט געטרונקען „לחיים" און זיך געוואונטשן אַ כשרן יום־טוב.

גאַנץ פסח האָט מען ביי אונדז אין שטוב נישט געטאָרט בראָקן קיין מצה — אַ חוץ אחרון־של־פסח.

מיין פאָטער איז געווען אַ מקפיד אויף אַן אתרוג און נאָך אַ שטיק צייט פאַר סוכות האָט ער זיך שוין באַזאָרגט מיט אַן אתרוג. דאָס גלייכן אַ לולב. אַ ספּעציעלע ליבע האָט ער אַרויסגעוויזן דעם יום־טוב סוכות.

שמיני־עצרת ביינאַכט, איידער מען האָט זיך געשטעלט דאַוונען מעריב, האָט מען זיך געזעצט לערנען מיט ר' איטשע מאיר ז"ל, נאָר מער ווי אַ האַלבע פּרשה האָט מען נישט געלערנט, ווייל ער פלעגט פאַרנעמען די צייט מיט מפרש זיין; אויפן טיש איז געשטאַנען אַ סאַמאָוואַר און מען האָט געטרונקען טיי.

נאָכדעם האָט מען זיך געשטעלט דאַוונען מעריב און גיין מיט די הקפות; לויטן מנהג זענען געווען פאַרזאַמלט אנשים, נשים וטף — מענער, פרויען און קינדער, — די קינדער מיט די פאָנען. מען האָט געזונגען, געמאַכט „לחיים", זיך געוואונטשן אַ גוט יאָר און זיך געפרייט מיט דער תורה. ביים לייענען איז מיין פאָטער עולה־געווען צו חתן־תורה, וואָס איז געווען ביי אים אַ חזקה.

צומאָרגנס נאָכן דאַוונען האָט דער גאַנצער עולם געמאַכט „קידוש" און די סעודה איז געווען ביי אונדז אין שטוב.

מיין מוטער האָט צוגעגרייט דעם טיש אויפן יום־טובדיקן שטייגער, געפלאָכטענע חלות, גוטע און געשמאַקע פיש, אַ קרויטבאָרשט, וואָס צוליב זיינע טעמים האָט מען אים גערופן „דער שמחת־תורה'דיקער באָרשט", קרעפּלעך געפילט מיט פלייש. די מענער האָבן אַרויסגעכאַפּט פונעם אויוון די טעפּ מיט עסן איידער די ווייבער האָבן באַמערקט. געטרונקען „לחיים" אויף 90 גראַדיקן בראָנפן און אַ פּעסעלע ביר האָט אויך נית געפעלט...

דאָס בענטשן „מזומן" איז געבליבן אויף ביינאַכט, ווייל דעם גאַנצן טאָג איז מען געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, געגעסן און געטרונקען. יעדער פרוי האָט מכבד געווען פון דעם צוגעגרייטן און אין יעדער שטוב איז געווען אַ שמחה.

אַזוי האָט דער פאָטער מיינער זיך אויסגעלעבט געזעלשאַפטלעך ביז צו דער גרוילעכער נאַצישער מלחמה, וואָס האָט מיט בעסטיאַלער אַכזריותדיקייט פאַרפייניקט דעם אָטעם פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, כמעט אין גאַנץ אייראָפּע בכלל און אין פּוילן בפרט.

# גירוש יאטאפאר

אין דאָרף יאטאפאר ביי ווענגראוו, האָבן געלעבט פיר יידישע פאַרצווייגטע משפחות, פאַרנומען זיך מיט דאָרפישן מסחר. זיי זענען געווען: משה פאפּאווסקי — אַן אַרענדאַר; אהרון פאפּאווסקי — משהס אַ ברודער, אַ שוסטער; יעקב — משהס אַ שוואָגער — געהאַלטן אַ געוועלב; געצל — אַ פאַכטער.

אָט די קליינע עדה יידן האָבן געלעבט גוט מיט די אָרטיקע פויערים — ביז אַ געווויסן טאָג. נאָך פורים תרס"ח (1908) האָבן אָרטיקע פינצטערע כוחות אויסגעטראַכט אַ בילבול, אַז בעת זייערע יידישע שכנים האָבן געלייענט די מגילה, זאָלן זיי האָבן גענומען דעם אָרטיקן גוי דולעק און אים פאַרשטעלט פאַר אַ „המן", און פאַר עטלעכע גראָשן אים „געקלאַפּט" ביים דערמאָנען המנס נאָמען.

עס האָט נישט געהאָלפן די הכחשה פונעם גוי דולעק גופא, וועלכער האָט זיך געשוווירן און געצלמט, אַז עס איז שקר וכזב; זיי האָבן אים נאָך מכבד געווען מיט גוטע קלעפּ און אים געהייסן האַלטן דאָס מויל, און פאַר אַ צולאָג אים גערופן „זשידאָווסקי פאַראָבעק".

אינעם טאָג פון קריסטלעכן פסח זענען זיך די יאטאפאַרער פויערים צונויפגעקומען אין ווענגראוו, און ווי דער שטייגער, האָבן זיי געבראַכט זייערע יום־טוב געבעקסן און אייער צום גלח, כדי ער זאָל זיי באַשפּריצן מיט הייליקן וואַסער. דער גלח האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו „שווענצלען" דולעקס געבעקס, און האָט אים נאָך גוט אויסגעמוסרט צוליב זיין „שענדלעכער ראָל", וואָס ער האָט געשפּילט ביי די זשידעס: „נישט גענוג וואָס זיי האָבן געקרייציקט אונדזער גאָט, האָט ער, דולעק, זיי נאָך געגעבן די געלעגנהייט צו שלאָגן אַ קריסט... אַזאַ קריסט איז נישט ווערט קיין ביסל טויף־וואַסער!"

מער האָט מען נישט באַדאָרפן: ווען די פויערים זענען צוריק געקומען אין דאָרף, האָט זיך דער גאַנצער המון באַוואָפנט מיט שטעקנס און מיט קאָסעס און זיך געלאָזט צו משהס שטוב.

ר' משה, מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט, האָט איינער אַליין צעטריבן די עטלעכע הונדערט העלדן. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגערעכנט מיט איין יידן. אַכאַמישער פויער האָט דערלאַנגט ר' יעקב'ן אַ זעץ מיט אַ דראָנג און האָט אים אויסגעזעצט אַלע ציין.

משה איז אַוועק קיין וועגראַוו, גלייך צום אַלטן גלח און אים געוואָרנט, אַז טאָמער וועט עפּעס געשעען, וועט ער אים פאַרמסרן פאַר דער מאַכט.

אויף צומאָרגנס האָט דער אַלטער גלח געשיקט אַ רייטער קיין יאַטאָפּאָר און פאַראָרדנט, אַז אַלע פּויערים זאָלן קומען זונטיק אין קלויסטער קיין וועגראַוו. ער האָט פאַר זיי געדרשנט און געהייסן איבערבעטן די יידישע שכנים.

אויף צומאָרגנס זענען טאַקע געקומען עטלעכע פּויערים און אַלץ אַרויפגעלייגט אויף די שיכורע „כלאָפּצעס", געטרונקען מיט די יידן „נאַ זדאָראָוויע" און שאַ שטיל.

אָבער דאָס פּויערישע בלוט האָט ווידער געקאָכט און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך געיאָוועט דער וווּיט מיט אַ סטראַזשניק און געגעבן די פּאָר יידן אַ קורצן טערמין צום פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער יידישער יישוב אין יאַטאָפּאָר.

דערציילט פון די ברידער פּאַפּאָווסקי, אַרגענטינע.

פאַרצייכנט: א. זילבערשטיין.

**מתתיהו מאנדלבוים** (תל־אביב, ישראל)

# דער ערשטער קרבן אין 1־טער וועלט מלחמה

דער ערשטער יידישער קרבן אין וועגראָוו אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914—1918) איז געווען יאָסל מאָטילס (יאָסל מאַנדלבוים, מאָטל גאַרבערס זון).

יאָסל מאַנדלבוים איז געווען פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין וועגראָוו. ער האָט זיך שטענדיק פאַראינטערע־סירט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יידישער באַ־פעלקערונג און זיי געהאָלפן מיט אַלע מיטלען. ער איז געווען דער איניציאַטאָר צו גרינדן די ערשטע ליי־און שפּאָר־קאַסע אין וועגראָוו און דערמיט זענען ווירקלעך געהאָלפן געוואָרן הונדערטער סוחרים, קליינהענדלער, האַנט־ווערקער א.אַז.וו. באַקומענדיק דאָן אַ הלוואה פון 200 רובל, האָבן זיי געקענט אַנטוויקלען זייערע וואַרשטאַטן, געוועלבן א.אַ.וו. אָנערקענענדיק און שעצנדיק זיינע גרויסע פאַרדינסטן און טעטיקייט, וואָס איז געווען איבעראַל באַקאַנט און באַ־וואוסט, האָט מען יאָסל מאַנדלבוים אויסגעוויילט אַלס מיט־גליד אין דער דעלעגאַציע וואָס איז דאָן געפאָרן קיין פּעט־טערבורג און קיין מאָסקווע אין דער דומע, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון פּוילישן יידנטום. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון סאָקאָלאָווער רבין ז"ל, אַלעקסאַנדרער רבין ז"ל, פון באַוואוסטן באַנקיר שערעשעווסקי פון וואַרשע און יאָסל מאַנדלבוים ז"ל.

יאָסל מאַנדלבוים איז געווען דער ערשטער פון די גאַר־באַרערס אין וועגראָוו, וואָס האָט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די גאַרבעריי־פאַבריקאַציע אויף אַ מאָדערנעם אופן, און איז, אגב, געווען דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַברי־צירן זוילן־לעדער. פריער האָבן די וועגראָווער גאַרבאַרעס נישט געאַרבעט דעם אַרטיקל אינגאַנצן, נאָכדעם האָבן שוין די איבעריקע וועגראָווער גאַרבאַרעס אויך אָנגעהויבן צו אַרבעטן זוילן־לעדער. און אַ דאַנק יאָסל מאָטילס ענערגיע און איניציאַטיוו, האָט די גאַרבעריי־אינדוסטריע אין וועגראָוו אָנגעהויבן צו בליען און וואַקסן. גאַנצע וועגענער, און שפּע־טער לאַסט־אויטאָס, האָבן געפירט די אויסגעאַרבעטע זוילן־לעדער קיין וואַרשע און רויע לעדער, גאַרבשטאָפן א.אַ.וו. — צוריק.

נישט קוקנדיק און נישט רעכענענדיק זיך מיט קאָנקו־רענץ, האָט יאָסל מאָטילס געהאָלפן די איבעריקע גאַרבערס ביים איבערגיין אויף זוילן־לעדער פאַבריקאַציע — מיט ראָט און טאָט. בכלל איז יאָסל מאָטילס געווען אַ ייד מיט האַרץ. אַלע קליינע סוחרים, שניט־קרעמער א.אַ.וו. האָבן ביי אים געהאַט אַן אָפענע טיר צו קריגן אַ גמילת־חסד. ביי אים אין שטוב ווער ס'איז נאָר אַריין אַ הונגעריקער — איז אַרויס אַ זאַטער.

זיין ווייב, חנה נחמן גאַרבערס טאָכטער, איז מיט אים געגאַנגען האַנט ביי האַנט. אַן אָרימע, אַן אָרימאַן, אַ קראַנקער, אַ דערשלאָגענער — האָבן שטענדיק געפונען הילף און טרייסט אין זייער וואַרעם הויז. אָבער דער גורל האָט אַנדערש געמאַכט, און די לעצטע נאַכט ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט פּוילן, און די לעצטע קאָזאַקן זענען אַ דורך וועגראָוו, האָט זיך אַ קאָזאַק אַריינגעריסן אין יאָסל מאָטילס הויז און מיט אַ שווערד צעקלאַפּט אים די האַנט און דעם קאָפּ, עטלעכע וואָכן האָט ער זיך נאָך געמאַטערט אין גרויסע יסורים — ביז ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה.

די איבערפאַרבליבענע פאַרצווייגטע משפחה פון יאָסל מאָטילס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

**שמעון זילבערשטיין** (תל־אביב, ישראל)

# איינער פון די אינטערסאנטע ווינקעלעך אין ווענגראוו

אַ טיפּיש־ווענגראָווער אויסזען האָט פאַרמאָגט די גאַס בערקאַ־יאָסעלעוויטשאַ, מיט אירע הילצערנע הייזלעך, אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען אַ ספּעציעלער געזעץ, אַז אויף דער גאַס טאָר זיך נישט געפינען קיין אַנדער מין געבוי. איין הייזל האָט זיך געטוליעט צום צווייטן, פּונקט ווי ס׳וואָלט געוואָלט פילן דעם טעם פון היימישקייט. בלויז הערש־יחיאלס בית־המדרש האָט געמאַכט דעם אויסנאַם פון אַלע איבעריקע הייזער מיט דעם ספּעציעלן אויסזען זיינעם. געמויערט פון רויטע ציגל, און אפשר מיט צען קעפּ העכער פון אַלע הייזער, — דאָרט אינם בית־המדרש האָבן אַלע פאַרהאָרעוועטע געמהיערט מיט זייערע אייגענע הענט זייער הייזקע פון ציגל. דאָס הייזל איז געשטאַנען ביי דער בריק, וועלכע האָט אָפּגעטיילט די לענג פון דער בערקאַ־יאָסעלאָוויטשאַ און אַלט־געטיילט די לענג פון דער בערקאַ־יאָסעלעוויטשאַ און אַלט־גאַרבאַרסקי, אויפן וועג קיין וואַרשע, ביז צו דער גרויסער וואַסער־מיל, „סאַטנשטיינס מיל”. דער אַלטער סאַטנשטיין איז נאָך געווען אַ שטיקל ייד, הגם ער האָט קיין באָרד ניט געטראָגן, אָבער יום־כיפּור פלעגט ער קומען אין שוהל אַריין און דאַווענען צוזאַמען מיט אַלע ווענגראָווער יידן. נאָר דער זון זיינער, עדעק סאַטנשטיין, איז שוין געווען מחוץ למחנה.



די בערקא יאָסעלעוויטשאַ גאַס (פאָטאָ: שפּילמן)

האָרעפּאַשניקעס געפונען די איינציקע טרייסט. קיין אַנדערע פאַרגעניגנס האָבן זיי אין לעבן נישט געהאַט. יעדער פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן, פלעגט איטשע פיילעט, דער שמש פון הערש־יחיאלס בית־מדרש מיט זיין ווייסער לאַנגער באָרד, פון וועלכער ס׳האָבן זיך געצויגן דריי קאָלטנס, איינער גרעסער פון אַנדערן, ווי די צאַפּינס וואָס הענגען פון דאַך אַראָפּ נאָך אַ פראָסט, צוקומען צום בריקל און פון דאָרטן אויסשרייען: „אין שוהל...אַ...ריין”...

אָט דאָס רופן אין שוהל האָט אַריינגעפירט דעם שבת אין שטאָט אַריין, און יידן האָבן געוואוסט, אַז ס׳איז שוין שבת.

משה גרינבערג, דער בעקער, האָט זיין הויז נישט געמויערט אין ווענגראָווער סטיל. אַן איין שטאָקיק מויערל, ווייס, מיט ברייטע גרויסע פענצטער, לאָדן מיט אייל־פאַרב; ווייזט אויס, אין זכות פון בית־מדרש וואָס האָט זיך געפונען פונקט אַנטקעגן. נאָך אַן אויסנאַם איז געווען: בנימין וואָלאָווסקי, דער קלייבער, מיט זיינע פיר זין, האָבן אויך ער האָט גערעדט נאָר פויליש, געגאַנגען אָן אַ היטל. איז טאַקע זיין קאָפּ געווען אינגאַנצן אַ נאַקעטער, ווייל קיין האָר האָבן אים אויך נישט צוגעדעקט.

די שטאָטישע עלעקטראַ־סטאַציע האָט געהערט צו אים. ער האָט אויסגעדריקט זיין יידישקייט מיט דעם, וואָס ער האָט געליפערט עלעקטראָציטעט פאַר דער גרויסער שוהל אינגאַנצן אומזיסט (אָן אַ גראָשן געלט!). אין די גרויסע היצן פלעגן יידן מיטן רב בראש זיך גיין באָדן צו דער טאָמע, וועלכע האָט זיך געפונען אויף יענער זייט־סאַטנשטיינס בריק. אויף דער צווייטער זייט פון קאַנאַל האָט געוווינט נחום פיינגאָלד, אַ שיינער ייד מיט אַ געדיכטער לאַנגער באָרד. זיין וווינונג איז געווען אויף אַ בוידעם, אַ צימער מיט אַ לאַנגער שמאָלער קיך. רב נחום האָט זיך פאַרנומען מיט שטאָפּן פּאַפּיראָסן. די שענסטע בעלי־בתים׳לעך פון שטעטל, פלעגן אַרויפקומען צו אים אויף אַ שמועס ביי אַ פרישן גלעזעלע טיי מיט מאַלענע סאָק, רייכערנדיק דערביי אַ היימישן פּאַפּיראָס וואָס ר׳

נחום האָט נאָר־וואָס אויסגעשטאָפּט. אַז מיין טאַטע פּלעגט מיך שיקן, נאָך אַלס קליין יינגעלע, צו נחום'ען קויפן פּאַפּי־ראָסן האָב איך דאַן שוין געפילט די היימישקייט פון נחום'ס שטוב. ס'האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקצוגיין פון דאָרט. ווער שמועסט חנוכה, בשעת מ'האָט געשפּילט אַ דריידל?!

*

ווענגראָוו האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ וואַכנדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן; פּאַרטייען, פון אַלע מינים — ציוני־סטן, מזרחי, אגודה, רעכטע און לינקע פּועלי־ציון, בונד און אַפילו קאָמוניסטן. פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, ווי: לינת הצדק, הכנסת־כלה, הכנסת־אורחים, און אַנד. יעדער אָנהענגער איז געווען איבערגעגעבן זיין פּאַרטיי מיט דער גאַנצער נשמה. איינמאָל, שבועות־צייט, האָבן די לינקע פּועלי־ציון באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען דעם רעפערענט יוסף ראָזן. זיי האָבן גלייך אויסגעקלעפּט אַלע ווענט מיט אַפישן, מיטן אינהאַלט אַז יוסף ראָזן וועט רעדן אויף דער טעמע „דער בונד און זיין שייד־וועג". דערויף האָט זיך דער „בונד" גלייך אָרגאַניזירט, צונויפגעזאַמלט זיינע חברים אויפן פּלאַץ וואו ס'האָט געדאַרפט פאָרקומען די פאַרזאַמלונג. דער ציל איז געווען נישט לאָזן רעדן. האָט מען זיך גענומען שטופּן און אין זאַל איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך. פריער דיבורים, ויכוחים ביז מ'האָט זיך גענומען שלאָגן. די פּאַר־טיידיקונג איז געווען אַ שטאַרקע און די בונדיסטן זענען געצווּונגען געווען צו פאַרלאָזן דעם זאַל — ווער מיט אַ צוקלאַפּטער נאָז, ווער מיט אַ צוקלאַפּטן קאָפּ, און ווער סתם מיט צוקלאַפּטע ביינער. יוסף ראָזן האָט טאַקע גערעדט. אַז די בונדיסטן זענען אַוועק מיט אַזאַ בושת־פּנים, האָט זיי די מעשה שטאַרק פאַרדראָסן און ס'איז אַזש דערגאַנגען צו זייערע טאַטעס. אַ וואָך שפּעטער האָבן זיך די עלטערן שבת געטראָפן אין נייעם בית־מדרש און די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט צווישן די טאַטעס פון די זיגער און באַזיגטע. ביידע צדדים האָבן אָנגעהויבן רעווידירן די אידעאָלאָגיע פון ביידע פּאַרטייען („בונד" און לינקע פּועלי־ציון) לויטן נוסח וואָס ביידע צדדים האָבן געלערנט ביי זייערע זין, בשעת זיי האָבן אין דער היים דערציילט וועגן די פּעטש וואָס איין צד האָט אַריינגעכאַפּט און דער צווייטער צד האָט אַריינגעשמיסן. דער רחמנות האָט זיך צעבערענט אין די הערצער פון טאַטעס פון די צעקלאַפּטע זין און די קולות האָבן זיך צעטראָגן ביז צום אַלטן בית־מדרש. זענען פון דאָרטן געקומען צולויפן די יידן וואָס האָבן פּונקט געענדיקט דאָס דאַווענען. דערהערט דעם ויכוח צווישן די טאַטעס פון די קינדער פון צוויי אָרגאַניזאַציעס, וואָס איינע שטרעבט צו קומען קיין ארץ־ישראל און די צווייטע זענען קעגן דעם געדאַנק, האָבן זיי געהויבן מיט די פּלייצעס און נישט פאַר־שטאַנען די גאַנצע מחלוקת וואָס קומט פאַר שבת ביים דאַווענען. דער עיקר, זאָגט דער עלטסטער לויט די יאָרן פון דער מחנה יידן — מיר דאַרפן דאָך וואַרטן אויף משיח'ן — איז וואָס זענען בכלל דאָ ווערט טענות — אויסגעדרייט זיך און נאָך אים האָבן אַלע פאַרלאָזט דאָס בית־מדרש.

ביסלעכווייז האָבן זיך די געשרייען איינגעשטילט. מ'האָט געענדיקט דאָס דאַווענען, איינגעלעגט די טליתים, געזאָגט זיך „גוט שבת" און יעדער איינער איז אַוועק צו זיך אַהיים. ס'איז אַוועק דער שבת, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויע וואָך. זונטיק אינדערפרי האָט זיך דער ערשטער באַוויזן יאָקל פאַטשטער זאַמטלויפער. פאַרוואָס האָט מען אים גערופן פאַטשטער ווייס איך נישט. ר' יאָקל האָט געמאַכט אַ רעש מיט זיינע גרויסע שטיוול און מיט זיין צוויי־רעדלדיק וועגעלע, אויף וועלכן ער האָט געפירט צוויי מעשענע באַלאָ־נען סאָדע־וואַסער. ר' יאָקל, אַ שטילער, בכבודיקער ייד, האָט געאַרבעט איבער זיינע כוחות, אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט



ר' ראובן בראָווערמאַן, דער פאַרמעט־מאַכער (זע ז' 201)

דאָס וועגעלע מיט די באַלאָנען וואַסער צו די קיאָסקן פון די סאָדע־פאַבריקן. ווען ר' יאָקל איז אַהיימגעקומען, איז שוין געווען טונקל; ער האָט שוין ניט געשטופּט זיין וועגע־לע, נאָר דאָס וועגעלע זיינס האָט אים געשלעפּט. צוקומענדיק צו זיין שכנס שטוב, האָט ער געמאַכט אַ גרעסערן שפּרייז מיט זיינע גרויסע שטיוול, געוואָלט אַז זיין שטוב זאָל צוקומען צו אים. אַזוי האָט ר' יאָקל זאַמטלויפער אָפּגעאַרבעט אַלע זיינע יאָרן; ערלעך פאַרדינט זיין שטיקל ברויט. אריה־וועלוול, דער שכן זיינער, איז געווען פּונקט דער היפוך פון אים. דאָס איז געווען אַ הויכער, ברייטער ייד מיט אַ בריי־טער באָרד אַזוי ווי ספּעציעל צוגעפּאַסט צו אים, לויט זיין גאַנצער פיגור. אַ לאַנגע צייט געווען ראַטמאַן אין שטאָטראַט, שטענדיק געגאַנגען אויסגעפּוצט, אַ שיין אַלפּאַגענעם כאַ־

לאַטל. דאָס ווייסע קעלנערל האָט אַרויסגעבלישטשעט פון שוואַרצן כאַלאַט און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שטעקן.

אויף דער זעלבער גאַס, אַביסעלע וויטער, האָט גע־וואוינט דער פאַרמעט־מאַכער ראובן בראַוערמאַן. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויסאַרבעטן פאַרמעט פאַר ספר־תורה׳ס אויסערדעם האָט ער געהערט צו חברה קדישא און בית־לחם. יעדער ערב־שבת פלעגט ער מיט זיין שכן, בוטשע שעדלינסקי (דער פעלצנמאַכער), אַרומגיין מיט אַ גרויס צווייאויערדיקן קויש און שרייען: בית־לחם!... בית־לחם!... אויף דעם אויסרוף פלעגן ווייבער אַרויסלויפן פון די הייזער און אַריינוואַרפן אין קויש אַריין — ווער אַ חלה און ווער — אַ ברויט. דער פולער קויש מיט ברויט און חלה איז איבערגעגעבן געוואָרן צו גאָלדע די שוחט׳קע, וועלכע האָט דאָס צעטיילט צווישן די שטאָטישע אָרעמע־לייט. אַ סך

שבת מיט אַ פינפער זלאָטי אין האַנט און פאַרגעלייגט אַ הלוואה אויף שבת. זי איז אַוועק אַ גליקלעכע, אַז מ׳האָט אָנגענומען איר אָנבאָט.

דער נאָנטסטער שכן פון גאָלדע דער שוחט׳קע איז געווען דוד אייזיק ניימאַן, דער סעקרעטאַר פון דער יידישער געמיינדע. אַ שטילער, אַ שיין געפוצטער ייד. צוזאַמען מיט שמואל האַלבערשטאַט, יוסף לעשטש און אַנדערע האָט ד. א. ניימאַן אַ סך געאַרבעט פאַר ציוניסטישע ענינים. די ציוניסטישע טוער וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט און נאָך אַ סך אַנדערע וואָס איך האָב זייערע נעמען אונטערגע־שטראָכן, האָבן זייער לוין באַקומען יעדער ל״ג בעומר בשעת זיי פלעגן שעפן נחת פונם מאַרשירנדיקן צוג קינדער אין יאַרניצער וואַלד אַריין מיט זייער העברעאישן לערער בראש. דער געזאַנג פון „התקוה״, וואָס האָט געהילכט אין



ל״ג בעומר אויספלוג (אין 1930) אין יאַרניצער וואַלד. („החלוץ״, „השומר־הצעיר״, „החלוץ הצעיר״).

משפחות אין שטאָט האָבן ניט געהאַט וואָס צו עסן אַ גאַנצע וואָך און שבת — אַוודאי נישט. קיינער האָט אָבער פון דעם נישט געוווּסט, ווייל זיי האָבן פאַר קיינעם נישט דער־ציילט וועגן זייער דוחק. בלויז גאָלדע די שוחט׳קע האָט גע־וווּסט וועגן אַלע נויטבאַדערפטיקע; פון וואַנען זי האָט באַקומען די ידיעות — ווייס איך נישט. גאָלדע פלעגט זיך אַריינשאַרן שטילערהייט צו אַזאַ משפחה און סאַמע ערב־

די פוילישע וועלדער, האָט געווירקט ווי אַ שיינער חלום וואָס פירט אַריין אין די גערטנער פון מאַראַנצן, פייגן און וויינטרויבן, וואָס וואַקסן אינם לאַנד פון פאָלק ישראל.

ס׳וויטאַקט דאָס האַרץ פון שווערן צער אויף אַלע די וואָס זענען אויף אַזאַ שענדלעך אַכזריותדיקן אופן אומגעקומען אין מיטן שיינעם חלום און נישט דערלעבט די ווירקלעכקייט פון אונדזער אייגענער מדינה.

**יעקב חמיעלאַזש** (תל־אביב, ישראל)

# פון וועלט־מלחמה צו וועלט־מלחמה

דער עקאָנאָמישער יסוד פון די יידישע איינוואוינער אין ווענגראָוו איז געווען דערזעלבער ווי אין אַ סך אַנדערע שטעטלעך אין פוילן: סוחרים, קליינהענדלער, בעלי־מלאכות, פרייע פּראָפעסיעס.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אין דעם יידישן פּרנסה־קוואַל פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט די גאַרבעריי. ס'זענען אַפילו אויפגעקומען גאַנץ גרויסע גאַרבערייען וואָס האָבן באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער, און נישט ווייניק יידישע משפחות האָבן געצויגן פון דעם פאַך זייער פּרנסה.

דער צווייטער אָנגענומענער פאַך איז געווען קירזשנע־ריי. אויך ביי טישלעריי זענען געווען אין ווענגראָוו באַשעפטיקט אַרום הונדערט אַרבעטער.

די פּראָדוקציע פון אָט די דערמאָנטע פאַכן אין ווענ־גראָוו, האָט געהאַט אַ שם אין גאַנץ פוילן. אַפילו אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע איז געווען אַן אָפּזאַץ־מאַרק פאַר די באַרימטע ווענגראָווער פּראָדוקציעס.

באַזונדערס באַרימט זענען געווען די שטריקערייען אין ווענגראָוו. הונדערטער פרויען און מיידלעך פלעגן שטריקן ביז אין די שפּעטע אָוונט־שעה'ן און זייער פּאַרטיקע אַרבעט איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין גאַנץ פוילן.

וואָס ס'איז שייך דעם רעליגיעזן לעבן — האָט זיך ווענגראָוו אויך גאָרנישט געהאַט וואָס צו שעמען. מחוץ דער גרויסער באַרימטער שוהל איז געווען אין ווענגראָוו אַן אָרט פאַר בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך פון כל המינים, ישיבות און סתם חברות, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען לערנען אַ בלאַט גמרא. צווישן די אַלע איז נאָך געווען אַ שניידער־שולכל.

ס'איז אויך כדאי צו דערמאָנען די בית־יעקב־שול פאַר מיידלעך, תלמוד־תורה פאַר יינגלעך, „תרבות־שול" און פאַרשיידענע קורסן פאַר לערנען שרייבן און לייענען. אויפן געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישן געביט, האָבן זיך אויסגעצייכנט די הילפס־אינסטיטוציעס און די יידישע בענק: די קאָאָפּע־ראַטיווע באַנק, די סוחרים־באַנק, די אָנפּראָצענטיקע „גמילת־חסד"־קאַסע, האַנטווערקער־פאַריין, „לינת־הצדק", „ביקור־חולים" און „טאָז".

✶

אינם פּאָליטישן לעבן אין ווענגראָוו איז די „לינקע פּועלי־ציון" געווען די גרעסטע יידישע פּאַרטיי. זי האָט באַ־וויזן אויפצובויען אַן אייגענעם באַראַכאָוו־הויז מיט אַ טע־אַטער־זאַל; די יידישע ביבליאָטעק וואָס די פּאַרטיי האָט געגרינדעט, האָט באַדינט הונדערטער עלטערע און יוגנט־לעכע לייענער אין שטאָט; די פּאַרטיי האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטור־רעלע אַרבעט; אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער, די געזעלשאַפט פון פריינט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, האָט אָנגעפירט מיט פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, האָט געשאַפן אַ סטאָלער־קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער האָט באַשעפטיקט אַ צוויי צענדליק אַרבעטער.

געווען אויך אַ גוט־אָרגאַניזירטער ספּאָרט־קלוב „גוויאַיידאַ" מיט עטלעכע סעקציעס, פון וועלכע עס האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט די פוטבאָל־סעקציע, אַ גוט אָרגאַניזירטער דראַמאַטישער־קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט דעם „דיבוק", „פאַר אונדזער גלויבן", „טוביה דער מילכי־קער", „דאָס שנירעלע פּערל", „די זיבן געהאָנגענע", און נאָך אַנדערע פּיעסן.

געווען אויך אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „יוגנט", וואָס האָט געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט; אָרגאַ־ניזירט אָוונט־קורסן פאַר יידיש־שרייבן און לייענען, קורסן פאַר יידישע געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, ארץ־ישראל־פּראָבלעמען, און פאַרשיידענע אַנדערע פּאָליטישע שמועסן. די „יוגנט" האָט אויך אָרגאַניזירט פאַרשיידענע אויספלוגן אין שכנישע שטעטלעך. זי האָט זיך אויך מיטבאַטייליקט אין אַלע אַקציעס וואָס זענען געפירט געוואָרן דורך דער פּאַרטיי און אַנטוויקלט אַ דראַמאַטישן קרייז, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז יוגנטלעכע (אויפגעטרעטן ביי פאַר־שיידענע יוגנט־פייערונגען). ביי דער „יוגנט" איז אויך געווען אַ קינדער־אָרגאַניזאַציע „יונג־באָר"; די אָנגעפירטע אַרבעט איז געווען צוגעפּאַסט לויטן עלטער פון די קינדער. ס'זענען געפירט געוואָרן צווישן די קינדער פאַרשיידענע שמועסן, געמאַכט געוואָרן אויספלוגן, און איינגעאָרדנט שפּילערייען.

ביי די לעצטע שטאָט־ראַט־וואַלן, בערך אין יאָר 1930, האָט די פּאַרטיי אַריינגעפירט די גרעסטע צאָל פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין ווענגראָווער שטאָטראַט זענען געווען פאַרטרעטן 6 יידישע ראַטמענער מיט אַ לאַווניק.

די דאָזיקע פּאַרטיי האָט געפירט אַ פּאָליטישע טעטיקייט אין דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין ווענגראָוו.

אויך דער „בונד" האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אויף אַלע געביטן פון אַרבעטער־לעבן, האָט אָנגעפירט מיט פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, געגרינדעט אַפילו אַ שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו (דאָס געוועלב האָט זיך געפונען אויף בערעק־יאָסעלעוויטש גאַס).

שוין אָפּגערעדט פונם ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן", וואָס האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט דער איבונג־סעקציע, וואָס פלעגט דורכפירן געלונגענע אויפטריטן ביי פאַרשיידענע בונדישע פייערונגען. די פּאַרטיי האָט אויך געהאַט איר יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט", ווי אויך אַ קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיף".

ביי די לעצטע שטאָט־ראַט־וואַלן האָט דער „בונד" אַריינגעפירט 4 ראַטמענער.

אויך די רעכטע „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי האָט געהאַט איר

השפּעה אויפֿן יידישן וועגנראָוו, טיילווייז צווישן די יידישע אַרבעטער און נישט ווייניק אויך צווישן די פֿרייע פּראָפעסיעס. די פּאַרטיי האָט געפֿירט איר פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט אינעם גייסט פֿון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל; געשיקט אירע מיטגלידער אין די הכשרה־פּונקטן, אויף צוצוגרייטן די יונגע עולים קיין ארץ־ישראל, אַ סך זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלונגען פֿאַר „קרן־קיימת" און אַנדערע ציוניסטישע פֿאָנדן.

די פּאַרטיי־מיטגלידער האָבן זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין אויסבויען און פֿאַרפֿעסטיקן די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען אין שטאָט; געשאַפֿן אַ ספּאָרט־קלוב „הפּועל" מיט אַ ספּעציעל־גוטער פֿוטבאָל־סעקציע, אָרגאַניזירט דראַמאַטישע קרייזן.

געווען אויך אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פֿרייהייט", וועלכע האָט זיך באַטייליקט אין אַלע פּאַרטיי־אַרבעטן.

אויך דער „השומר הצעיר" האָט געהאַט זיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער שול־יוגנט. די מיטגלידער, אין ספּעציעלע סקויטן־קליידונג, מיט פֿייפֿלעך ביי די טאַשן. דאָס האָט זייער געלאָקט די יונגע מיידלעך און ייִנגלעך. די אַרבעט איז באַשטאַנען פֿון דערציִען דעם יוגנטלעכן עולה זיין קיין ארץ־ישראל צום קיבוצישן לעבן. באַזונדערס זיך אָפּגעגעבן מיט אָרגאַניזירן אויספֿלוגן.

דער „השומר הצעיר" האָט צוגעגרייט קאַדרען אין פֿאַרשיידענע קיבוצים און פֿון דאָרט זיי געשיקט קיין ארץ־ישראל, שטענדיק פֿריילעכע „חברה", האָבן זיי געזונגען ארץ־ישראל־לידער און געטאַנצט שטורמיש דעם „הורה"־טאַנץ. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין זאַמלונגען פֿאַרן „קרן קיימת", און דורכגעפֿירט אַנדערע ציוניסטישע אַקציעס. ספּעציעל האָט זיך אויסגעצייכנט דער „השומר הצעיר" אין די ל"ג בעומר פֿייערונגען. זיי פֿלעגן דעמאָנסטרירן איבער די גאַסן מיט זייערע פֿענער, זינגענדיק עברית־לידער, און אַזוי דורכגעפֿירט דעם שפּאַציר דורכן גאַנצן שטעטל ביז אין וואַלד אַריין, וואָס האָט זיך געפֿונען עטלעכע קילאָמעטער ווייט פֿון שטעטל.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען אומלעגאַל און די אַרבעט — צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען. די יידישע קאָמוניסטן האָבן געפֿירט זייער אַרבעט צוזאַמען מיט דער פּוילישער פּאַרטיי. די אַרבעט פֿון דער פּאַרטיי איז געפֿירט געוואָרן אין די וועלדער, אָדער אויף די פֿעלדער מחוץ דער שטאָט, און זייער אָפֿט זענען אַזעלכע באַגעגענישן געשטערט געוואָרן דורך דער פּאָליציי.

די פּאַרטיי האָט אויך דורכגעפֿירט פֿאַרשיידענע געלד־אַקציעס פֿאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, פֿאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס, אויפֿרופֿן און דעמאָנסטרירט מיט רויטע פֿענדלעך. זייער אָפֿט זענען פֿאָרגעקומען אַרעסטן צווישן די וועגנראָווער קאָמוניסטן און אַ סך פֿון זיי זענען פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף יאָרן קרימינאַל.

חוץ די אויסגערעכנטע פּאַרטייען זענען אויך געווען אָרגאַניזירט אין וועגנראָוו דער „החלוץ", רעוויזיאָניסטן, אַלגעמיינע ציוניסטן, „פֿאָלקיסטן", „מזרחי" און „אגודה". מ'קען זאָגן אַז דאָס יידיש־געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אין וועגנראָוו איז געשטאַנען אין צייכן פֿון כסדרדיקן בליִען און וואַקסן.

★

אין די ערשטע טעג פֿון דער צווייטער וועלט מלחמה איז געקומען אַ באַפֿעל פֿון די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען, אַז אַלע מענער פֿון וואַרשע זאָלן אַנטלויפֿן. מיט וואָס צו פֿאָרן איז נישט געווען, איז מען געגאַנגען צו פֿוס. אַזוי טאַקי איז דער ערשטער מלחמה־קרבן אין וועגנראָוו געווען איינער פֿון די וואַרשעווער: ווען ס'האָט געטראָפֿן די ערשטע באָמבע און ער איז געבליבן ליגן אין אַ סאָד.

ס'זענען אויך אָנגעקומען פּליטים פֿון ווישקאָוו, פּולטוסק, פּראָשניץ און אַנדערע שטעט נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ. די יידישע באַפֿעלקערונג האָט זיי אויפֿגענומען מיט אַ סך וואַרעמקייט, זיי זענען באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. יעדע משפּחה האָט אַריינגענומען צו זיך פּליטים.

וועגנראָווער יידן האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און פֿלעגן ביינאַכט אַרויספֿאָרן אויף די וועגן צונויפֿזאַמלען די פֿאַרוואונדעטע און זיי איינגעאָרדנט אין „טאָז", וווּ זיי האָבן געקריגן מעדיצינישע הילף, און די טויטע זענען איבערגעפֿירט געוואָרן אויפֿן בית־הקברות.

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין אין וועגנראָוו האָבן זיי צונויפֿגערופֿן די גאַנצע יידישע באַפֿעלקערונג אין מאַרק אַריין און געלערנט מיט זיי אַ לעקציע געהאָרכזאַמקייט. גלייכצייטיק האָבן זיי באַשטימט דעם פּאַסטאָר אַלס בירגערמייסטער פֿון שטאָט, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע קאַטאַסטראָפֿע. מ'האָט אָנגעהויבן כאַפּן אויף אַרבעט און צוריק געקומען איז מען מיט צעשלאָגענע גלידער און אָפּגעשניטענע בערד. מ'האָט געפּרובט זיך אויסבאַהאַלטן, כדי נישט אַריינצופֿאַלן צו די בעסטיעס אין די הענט. איז מען געלעגן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער און געזוכט שוץ.

ליגנדיק אַזוי אין אַ באַהעלטניש האָבן מיר געהערט יידיש געזאַנג. אַרויסקוקנדיק דורך אַ שפּאַרע האָב איך געזען ווי די דייטשן האָבן געפֿירט אַ צוויי צענדליק יידן מיט בערד צו צוויי אין אַ שורה, מיט בעזעמער אויף די אַקסלען, און געהייסן זיי זינגען. הערשל באָנדע דער סופֿר, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס גוטער חזן מיט זיין קלינגענדיקער שטימע, האָט זיך געפֿונען צווישן די געטריבענע יידן. אויס מורא האָבן די יידן אים געבעטן ער זאָל זינגען און ער האָט אָנגעהויבן זינגען „זאָל שוין זיין די גאולה און משיח זאָל שוין קומען". איז עס די דייטשן זייער געפֿעלן געוואָרן. האָבן זיי אַרויסגענומען הערשל באָנדע פֿון דער ריי, געשטעלט אים פֿאָרויס און אַזוי זענען זיי געגאַנגען איבער די גאַסן און געזונגען אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פֿון זעלנערשע קלעפּ, ביז זיי זענען צוגעקומען צום הויז וואו ס'זענען געווען איינגעקוואַרטירט די דייטשע אָפֿיצירן, און דאָרט האָבן די יידן אויסגעקערט דעם הויף, די גאַס און מיט די הענט

צונויפגענומען דאָס מיסט. אַז זיי האָבן געענדיקט, האָט מען זיי צוריק איינגעשטעלט אין דער ריי, און מיט מערדערלעכע קלעפּ אַוועקגעפירט זיי מיטן זעלבן געזאַנג אויף אַ צווייטן אָרט צו דערזעלבער אַרבעט.

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און געבייַלטע פויסטן בין איך געשטאַנען ווי צוגעוואַקסן צום פּלויט און צוגעקוקט זיך צו דעם אַלעמען.

דאָס לעבן אין שטאָט איז געוואָרן שרעקלעך. ביי די בעקערייען זענען געשטאַנען לאַנגע רייען וואַרטנדיק אויף אַ שטיקל ברויט. געוואַרט האָבן נאָר פרויען אָדער קינדער, ווייל מענער האָבן מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס. ביי יעדער בעקעריי זענען געשטאַנען דייטשישע זעלנער צו האַלטן „אָרדנונג". און ווי איז געווען צו דעם וואָס האָט זיך געגעבן אַ ריר אָדער אַ דריי אין דער ריי.

בשעת דעם באָבאַרדירן די שטאָט האָט זיך דאָס פּוילישע מיליטער אויסבאַהאַלטן אין די בתי מדרשים. דאָס שטרוי, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך די פּוילישע זעלנער, איז געווען אַ גלענצענדער צינדשטאָף פאַר די דייטשע שאַרלאַטאַנעס. זיי האָבן באַגאָסן דאָס שטרוי מיט נעפט און אונטערגעצונדן, כדי צו לאָזן אין פלאַמען דעם יידישן מקום־קדוש.

נישט קוקנדיק אויף דער סכנה פון די העלישע פלאַמען און דעם ווילדן שיסעריי פון די דייטשן, האָבן זיך די יידן מיט עקשנותדיקן כוח געוואָרפן אַנטקעגן די פלאַמען מיט עמערס וואַסער אין די הענט, ביז זיי האָבן באַוויזן דאָס פייער איינצולעשן.

דער צווייטער העראָאישער מאָמענט דריקט זיך אויס אינם מציל זיין הונדערטער פון די נאַצישע רוצחישע הענט. בשעת די דייטשן האָבן צונויפגעזאַמלט אינם קאָנצענטראַציע פּונקט אין ווענגראָוו טויזנטער געפאַנגענע אין מיליטערישע און אין ציווילע קליידער, צונויפגעפּרעסט זיי ווי מ׳פּרעסט צוזאַמען טויטע פיש צום טראַנספּאָרט, האָבן ווענגראָווער יידן זיך באַנוצט מיט אַ המצאה צו דערלאַנגען בלויז אַ טרונק וואַסער די אומגליקלעכע. די דערלויבניש איז געגעבן געוואָרן און אַזוי אַרום האָט איינער אַריינגעפירט אַ פעסל מיט וואַסער צו דער מחנה געפאַנגענע און עטלעכע האָבן אַרויסגעפירט דאָס ליידיקע פעסל. זעלנער האָט מען איבערגעטראָגן אין ציווילע קליידער און ציווילע האָט מען סתם געראַטעוועט אויף אַזאַ אופן, וויפל ס׳האָט זיך געלאָזן. אַזוי אַרום האָבן זיך אין ווענגראָוו אָפּגעראַטעוועט הונדערטער פון יידן, וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן אויף פאַרשיידענע וועגן און צוזאַמענגעטריבן אינם ווענגראָווער לאַגער.

✶

ראש־השנה האָבן זיך ביי מיר אין דער וווינונג פאַרזאַמלט יידן צו אַ „מנין", און תיכף האָט מען דערהערט דעם גוט־באַקאַנטן קלאַפּ אין טיר און באַלד האָבן זיך באַוויזן די רוצחישע פּנימער פון דייטשע חיות. ווען ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרשווינדן, איז מען אַוועק מיטן ווינט און ווען דער גורל האָט אַריינגעוואָרפן אין די ווילדע הענט, איז פאַרטריבן געוואָרן אויף אַרבעט. צומאָרגנס זענען צוריקגעקומען מענטשן קאַריקאַטורן — מיט אַ האַלבער באָרד, איין פּאה און נאָך און נאָך... לויט דעם ווילדן אינסטינקט פון דעם דייטשן זעלנער וואָס האָט געהאַט די שליטה ביי דער אַרבעט.

פּליטים — גאַנץ אומגעריכט, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי דערנעענטערט זיך צו ווענגראָוו.

אַ שטראַל פון האָפענונג צו פרייהייט האָט זיך אַריינגעריסן אין די יידישע הערצער. פּאַרטייען האָבן אין געהיים זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ פייערלעכן קבלת־פּנים פאַר דער אַרמיי, וואָס וועט אַריינמאַרשירן אין שטאָט. די לינקע פּועלי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט צוגעגרייט אַ לאָזונג, וואָס זאָל אין איר תוכן איינוויקלען אויך די נויטווענדיקייט פון אַ יידיש־סאָציאַליסטישער מדינה אין ארץ־ישראל.

פּוילישע כוליגאַנעס האָבן דערוויייל זיך פאַרנומען צו באַרויבן דאָס ביסל איבערגעבליבענע האָב פון די יידישע קראָמען און פּריוואַטע וווינונגען.

נאָך דעם שוואַרצן טאָג פון ווילדע רציחות און מערדערייען, וואָס האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט קאָשמאַרן פון אַ נאַכט אין וועלכער ס׳האָבן די אויגן עקשנותדיק זיך נישט געוואָלט פאַרמאַכן, האָב איך פאַרטאָג פּליטים דערזען אַ סאָוויעטישע פאַנצערקע פאָרט זיך פריי איבער די ליידיקע גאַסן פון שטאָט. אויס דייטשע סאָלדאַטן! דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך מיטן שכל נישט געקאָנט דאָס באַנעמען, אָבער ס׳האָט געגעבן אַ טראָג־אַרויס אין גאַס עפּעס אַ כוח, וועלכן ביז היינטיקן טאָג קען עס מיר נישט דערקלערן. איך בין צוגעלאָפן צו דעם פאַרפאַנצערטן אויטאָ און געפרעגט ווען קומט אַריין דאָס רוסישע מיליטער. מאָרגן, — האָט מיר געענטפערט דער וואָס האָט געפירט די פאַנצערקע.

די עטלעכע שעה וואָס די שטאָט איז געבליבן ליידיק, אָן מיליטער, האָבן עטלעכע פּוילישע כוליגאַנעס געפּרובט אויסנוצן פאַר באַרויבן דאָס רעשט ביסל יידישע האָרעוואַניע וואָס איז איבערגעבליבן אין די קראָמען. אָבער דאָ האָבן זיך אָרגאַניזירט יידישע און פּוילישע אַרבעטער און בשותפותדיקן זעלבסט־שוץ און מיט ביקסן אין די הענט צעטריבן די רויבער־באַנדעס.

די יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון זייערע באַהעלטענישן און אַרויס אין די גאַסן וואַרטנדיק אויף דעם אָנקום פון דער רוסישער אַרמיי.

אינצווישן האָט זיך די פּאָליטישע קאָנסטעלאַציע איינגעשטעלט אַזוי, אַז ווענגראָוו וועלכע געפינט זיך אין מערב־זייט פון בוג, פאַלט אַרונטער אונטערן גורל פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אַזוי אַרום קומט צוריק די דייטשע קאָמאַנדאַטור.

פונסניי לויפן יידן זיך באַהאַלטן, אָבער די בחורים מיט די רויטע לענטעס און ביקסן, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו פאַרשווינדן, זענען גלייך אַרעסטירט געוואָרן. פון מאַגיסטראַט האָבן די דייטשן גלייך אַרונטערגעריסן די רויטע פאָן — אָבער זייענדיק נאָך אין מיטן דער אַרבעט זענען פון דער צווייטער זייט שטאָט וואָס גרענעצט צו סאָקאָלאָוו, אַריין

רוסישע אָפּיצירן און ס׳איז זיי געלונגען צו באַפרייען די אַרעסטירטע פון דער דייטשער געפּאַנגענשאַפט. פאַרשטייט זיך אַז אַ גרויסע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָס זענען געבליבן לעבן, האָבן איינגעפּאַקט וואָס מ׳האָט געקענט מיטנעמען מיט זיך און גענומען דעם וואַנדערשטעקן און זיך געלאָזן איבער פעלדער און וועלדער אויף די וועגן. וואָכנלאַנג האָט מען געוואַנדערט ביז מ׳איז דערגאַנגען קיין רוסלאַנד. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט, צו וועלכער מ׳האָט זיך צוגעוואוינט.

*

אין יאָר 1946 האָבן יידן פון ווענגראָוו אָנגעהויבן זיך אומקערן פון רוסלאַנד. יעדערן האָט עפּעס געצויגן צוריק צו דעם אָרט וואו ער איז געבוירן, ווי ער האָט די בעסטע יאָרן פאַרבראַכט און דער עיקר, מ׳האָט געהאָפט, אַז מ׳וועט נאָך געפינען נאָענטע, אייגענע און אפשר פונסניי אַריין אין שטוב פון וואַנען מ׳האָט אים אַכזריותדיק אַרויסגעשטויסן. ליידער אָבער איז דאָס אומגליק איבערגעשטיגן יעדן מענטש־לעכן דמיון און וואָס מיר האָבן פון ווייטן געהערט און נישט געוואָלט גלויבן, האָט זיך באַשטעטיקט. די דייטשן האָבן באַוויזן מיט דער הילף פון די אָרטיקע פּוילישע אַנטיסעמיטן אויסצוהרגענען ביז צום לעצטן ייד. זיי האָבן אויסגעפונען די טיפסטע באַהעלטענישן אין די בונקערס. ס׳איז נישט איבערגעבליבן קיין איין באַהעלטעניש אין וועלכן אַ ייד זאָל זיך קענען אָפּראַטעווען פונם אַכזריותדיקן טויט.

פּוסט, ליידיק האָבן מיר געטראָפן אונדזער שטאָט ווענגראָוו. ס׳האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן. די וועגן וועלכע פלעגן הילכן מיט געלעכטער פון יידישע קינדער, זענען געווען שטום און אומעטיק. די רעשטלעך פון צעפלאַצטע הייזער, האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה און פחד, פון אונטער די חורבות האָבן זיך דערטראָגן ריחות פון פאַרפייניקטע לעבנס וואָס האָבן פאַרקלעמט יעדן מענטשלעכן ווילן צום לעבן.

אויף יעדער אָרט ווי יידיש לעבן האָט געאָטעמט, שטויסט מען זיך אָן מיט קריסטן. אויס יידישע ראַטמענער, אויס כלל־טוער, אויס יידישער כלל, בלויז עטלעכע בילדער אין אַ הילצערן קעסטעלע וואָס געפינט זיך אין קעלער פון מאַגיסטראַט. אָט די דאָזיקע בילדער פון יידן מיט בערד און פּיאות, פון יידן מיט יידישע אויגן, — דאָס איז אַלץ וואָס איז צוריקגעבליבן פונם יידישן ווענגראָוו.

## טיפּישע יידישע יינגעלעך אין יענע יאָרן



פון רעכטס צו לינקס: **י. בראַווערמאַן, שלמה לויפער, פישל פשעפּיורקא, יוסף שעדלינסקי (פאָטאָ שפּילמאַן, 1922).**

**צבי צעלניקער** (כפר־אתא, ישראל)

# דער אנהויב פון אומגליק

עס איז שוין קרוב צו סעפּטעמבער; ווונדער־שיינע זומער־טעג. די זון האָט געשיינט, די אָוונטן קילע און פרישע. אַ גרופּע באַקאַנטע האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי יקותיאל מילער, זאַיאָנצ׳ס הויז, הערן ראַדיאָ און דערביי געשמועסט פּאָליטיק, באַווייזנדיק אַז ס׳וועט נישט זיין קיין מלחמה, און אַז פּוילן האָט נישט קיין מורא פאַר דייטשלאַנד. אַזוי איז מען געשטאַנען גאַנצע אָוונטן און אַזוי זענען פאַרביי די טעג ביז עס האָט זיך אונטערגערוקט דער ערשטער סעפּטמבער.

געווען איז עס אַ פרייטאָג. אַ סך זענען שוין געווען מאָביליזירט און פיל פון זיי זענען שוין געלאָפן מיט די פּעקלעך. פונדעסטוועגן האָט מען נאָך אַלץ נישט געגלויבט אַז די מלחמה דערנענטערט זיך. אָבער אין צוויי טעג שפּעטער, ווען אויף ווענגראָוו איז אַראָפּ די ערשטע באָמבע, האָט מען שוין דערפילט די מלחמה אויף אייגענער הויט. אין שטאָט איז געוואָרן אַ פּאַניק; קליין און גרויס זענען אַרויס מיטאַמאָל פון די שטיבער און געלאָפן, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזן. מיר זענען געלאָפן אויפן בית־עולם. ווייזט אויס, אַז ס׳האָט געצויגן צו די טויטע. אַנדערע זענען אַוועק אויף די פעלדער. אין דער זעלבער נאַכט זענען אָנגעקומען פּליטים פון ווישקאָוו, פּולטוסק, כארזשל, מישעניץ, מאַקאָוו און אַנדערע שטעטלעך און שטעט. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט און אַלע פּליטים זיינען געוואָרן איינגעאָרדנט. יעדע ווענגראָווער משפחה האָט אַריינגענומען צו זיך נאָך אַ פאַמיליע.

צו דער זעלבער צייט האָבן זיך אין שטאָט געשאַפן גרופּעס וואָס האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די שטאָט. איך בין געווען צווישן די ערשטע אַנטלויפערס נישט וועלנדיק וואַרטן אויף די מערדער. אין אונדזער גרופּע זענען געווען פון די ברידער אָרלאַנסקי, סרעבני־קאַמין, מעכל וואַרשניטער, איך און אַנדערע — וואָס איך געדענק שוין נישט. דאָס גיין בייטאָג איז געווען זייער שווער, ווייל מען האָט באָמבאַרדירט די וועגן. איז מען געגאַנגען ביינאַכט.

מיר זענען געגאַנגען קיין שעדלעץ דורך מונקעביד. אויף די וועגן האָט מען געזען ליגן פּעק מיט זאַכן, וואָס פּליטים האָבן אַוועקגעוואָרפן ניט קאָנענדיק מיט זיך די משא טראָגן. אָבער קיינער האָט זיך אויף דעם נישט אומגעקוקט. געזוכט האָט מען נאָר ברויט, וואָס איז געווען שווער צו באַקומען. באָמבעס און קוילן זיינען געפלויגן איבער די קעפּ. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען קיין מאָרדי, אַ שטעטל נאָך שעדלעץ. אָבער גראָד דאָרט האָט מען שרעקלעך באָמבאַרדירט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געברענט פון אַלע זייטן. און אָט ביי דעם באָמבאַרדירן האָבן מיר פאַרלאָרן איינער דעם צווייטן און די גאַנצע גרופּע איז זיך צעפאַלן.

איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואו וועמען צו זוכן. האָב איך באַשלאָסן זיך לאָזן צוריק קיין ווענגראָוו. אויפן וועג האָב איך געטראָפן אַ גוי מיט פערד און וואָגן, בין איך מיט אים געפאָרן ביז שעדלעץ. פון דאָרט בין איך אַוועק צו פוס. אַ טאָג פאַר ראש־השנה בין איך אָנגעקומען קיין ווענגראָוו. די דייטשן זענען שוין געווען אין שטאָט און מער האָט מען שוין נישט געזען קיין יידן אין גאַס. יידן האָבן געגרייט דעם יום־טוב אין געהיים, געדאַוונט בסוד. פון אונדזער הויף האָט מען געדאַוונט ביי חיים יענטשמיען, ווייל זיין שטוב איז געשטאַנען אין אַ זייט, האָט זי זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן.

אין שטאָט האָבן די דייטשן שוין געשלאָגן, געשאָסן און געכאַפּט אויף אַרבעט. דערווייל האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז די רויטע אַרמיי קומט אַריין קיין ווענגראָוו, ווייל אין סאָקאָלאָוו זענען שוין דאָ סאָוויעטישע זעלנער. אָבער אַנשטאָט צו קומען קיין ווענגראָוו, האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן אויף יענער זייט בוג. האָט אַ גרויסער טייל מענטשן גענומען לויפן קיין סאָקאָלאָוו. איך בין געווען צווישן די מיטלויפער. זענען מיר געלאָפן ביז מיר זענען דערגאַנגען קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק האָבן זיך אַלע ווענגראָווער געטראָפן. ליידער זענען אַ סך צוריקגעגאַנגען קיין ווענגראָוו. שפּעטער האָט מען אונדז פאַרשיקט אין סיביר. אויך דאָרט האָבן מיר געוואוסט איינער פון צווייטן און מ׳האָט זיך קעגנזייטיק געהאָלפן.

מיר האָבן געמיינט, אַז ווען מיר וועלן זיך אומקערן אַ היים וועלן מיר טרעפן אונדזערע פאַמיליעס, פריינט און באַקאַנטע. ליידער אָבער, ווי נאָר מיר זענען געקומען אין שטאָט, האָבן מיר דערזען די ביטערעווירקלעכקייט. יידישע גאַסן זענען אין גאַנצן פאַרשוואונדן, בלויז חורבעס פון געשעפטן און פון פּריוואַטע וואוינונגען. שווער געווען צו אָריענטירן זיך — וואו זענען פאַרשוואונדן די שוהל, די בתי־מדרשים און דער בית־הקברות? — וואו זענען די גרויסע באַוואוסטע מויערן, וואָס האָבן אָנגעהערט צו יידישע בעלי־בתים? אַלץ פאַרניכטעט, צעהאַקט, צעבראָכן, ממש אָפּגעווישט פון פּלאַץ.

ווי מ׳האָט אונדז דערציילט, האָבן פּאָלאַקן אויסגעפונען

אַ בונקער אין וועלכן ס׳האָבן זיך אויסבאַהאַלטן 25 מענטשן. אויפן באַפעל פון געסטאַפּאָ צו פאַרלאָזן דעם בונקער, האָבן זיך די 25 אַנטקעגנגעשטעלט. די דייטשן האָבן זיך ניט פאַרטראַכט צו לאַנג און האָבן מיט דינאַמיט אויפגעריסן דעם מויער וואָס איז גלייך געפלויגן אין דער לופטן, צוזאַמען מיט די לעבנס פון 25 יידישע גבורים, וואָס האָבן ניט געוואָלט אויספירן דעם באַפעל פון די דייטשע מערדער צו גיין צום טויט, אַזוי ווי די רוצחים האָבן אים פאַר זיי צוגעגרייט.

אויפן אָרט וואו דער מויער איז געשטאַנען, האָט די פוילישע אַדמיניסטראַציע אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל פאַר די געפאַלענע העלדן פון ווענגראָוו, אָבער אויפן דענקמאָל איז קיין איין יידישער נאָמען נישט אויסגעקריצט. אַלע געפאַלענע זענען קריסטן!

האָט געקלונגען זייער יאָמער, זייער געוויין, זייער געשריי וואָס האָט אין די לעצטע מינוטן פון זייער געראַנגל געריסן אין די הימלען און פאַרהילכט די גאַנצע געגנט פון דער שטאָט ווענגראָוו.

נישט קענענדיק צוקוקן ווי יידיש האָב און גוטס איז אַריבער אָן דין און אָן משפט אין די הענט פון די וועלכע האָבן געהאָלפן די דייטשע מערדער (אין יעדער יידישן געשעפט שטייט איצט אַ גוי, וואָס האָט געהרגעט און געירשנט), איז מיר ניט איבערגעבליבן מער ווי זיך גוט אויסצווויינען אויפן באַרג אַש פון אַזוי פיל מתים וואָס זענען לעבעדיקערהייט אויף שטיקער צעריסן געוואָרן און צוזאַמען מיט זייער האָב און גוטס צעשפּרונגען געוואָרן אין דער לופט.



אַ פראַגמענט פון חרוב׳ן בית־הקברות (פאָטאָ: ל. שלעזינגער, 1958)

באַזונדערס שווער זענען פאַר מיר געווען די שעה׳ן אין וועלכע די נאַכט איז צוגעפאַלן. אין דער טונקלקייט האָבן זיך אַלע נאָענטע דערנענטערט — מיינע טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער און פריינט — און אין מיינע אויערן

האַרעוואַניע פון דורות — אַ ירושה פאַר רוצחים, בלייענדיקע לעבנס — אַ הויפן אַש...

איז מיר דען איבערגעבליבן עפּעס מער ווי מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו פאַרלאָזן די שטאָט?

מלכה ווייסבלאַך (פּתח־תּקווה, ישראל)

# האַרבסט 1939

האַרבסט 1939. די היטלעריסטישע באַנדעס פֿאַרפּלייצן יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן.

די אַכזריותדיקע פויסט האָט אויך דערגרייכט ווענגראָוו.

אויב דער היטלעריזם האָט געשאַפן אַ גיהנום אויף דער וועלט, איז דאָס געווען אין ווענגראָוו. די דייטשן מאַרשירן איבער די גאַסן פון ווענגראָוו און מיט זיי צוזאַמען שטראָמען פּליטים פון אַלע שכנותדיקע שטעטלעך; פֿאַרוואָונדעטע, יונגע, אַלטע, קינדער פֿאַרלוירענע דורך זייערע עלטערן און עלטערן וואָס האָבן אַרומגעזוכט זייערע קינדער. די שטאָט האָט זיך גלייך איבערגעביטן — כמעט נישט צום דערקענען זי. די גאַסן זענען געוואָרן שוואַרץ פון מענטשן און געהילכט פון געוויין און געשריי. מיין פאָטער, אברהם יוסף, און מיין ברודער ראובן, האָבן אין איין נאַכט איינגעאָרדנט 215 פּליטים מיט געלעגער און עסן. אַרויסגענומען מענטשן פון זייערע בעטן, אויפגעריסן טירן פון די וואָס זענען אַוועק אויף דאַטשעס — און באַזעצט די אַנגעלאָפענע היימלאָזע.

שפּעטער האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און אַנגעטריבן אַהין יידן פון שעדלעץ, סאָקאָלאָוו, קאָסאָוו און אַנדערע ערטער. זיי האָבן אַראָפּגענומען פון זייערע קעפּ די היטלען, און אַרומגעצוימט זיי מיט באַוואָפנטע דייטשן און הינט. דאָס איז געווען סאַמע ערב יום־כּיפּור. אין שטוב האָט מען מיר געגעבן אַן איינגעפּאַקטן קויש מיט עסן און מיך אַוועקגעשיקט צו די קאָנצענטרירטע אויפן פּלאַץ. דערמאָנענדיק זיך אין די יאָמערלעכע געוויינען און געשרייען, אין די פּנימער פון די געפאַנגענע, גייט מיר נאָך איצט אַדורך אַ גרויל איבערן גאַנצן קערפּער און איך קאָן דאָס בילד בשום אופן נישט פֿאַרגעסן.

אַריינגיין אַהין האָב איך נישט געקאָנט, ווייל די דייטשן זענען געשטאַנען און אַוועקגעטריבן די אַלע, וואָס האָבן עפּעס געבראַכט פֿאַר די געפאַנגענע. איך האָב די גאַנצע צייט אָפּגעוואַרט און ווען איינער פון זיי האָט זיך צעשריגן אויף אַ קליין יינגעלע, בין איך אַריין צווישן דער מחנה יידן. ווי נאָר מ׳האָט מיך דערזען אינווייניק האָט מען מיך אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. דאָס עסן איז צוכאַפּט געוואָרן אין איין אויגנבליק. זיי האָבן מיך געבעטן, אַז איך זאָל זיי ברענגען היטלען, רעקלעך און פּאַספּאָרטן, אַרויסצוראַטעווען זיך. אַ טייל פון זיי האָבן געטראָגן אַ טעפּל מיט קאַרטאָפל אין האַנט, אַנדערע ווידער האָבן געזאַמלט שטרוי צו מאַכן זיך אַ געלעגער. די דייטשן האָבן אָנגעגאָסן וואַסער און געצוואונגען אין דער נעץ צו שלאָפן. ביים אַרויסגיין האָבן צוויי מענער אויפגעשטעלט די קעלנער און געגאַנגען מיט מיר. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָט זיך געעפנט אויף זיי אַ שיסעריי. מיר האָבן באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן צווישן די בוימער. ווען ס׳האָט זיך באַרויִקט, האָב איך איבערגעלאָזט מיין אַדרעס און אַוועק אַהיים (די צוויי זענען שפּעטער געווען ביי אונדז 6 וואָכן).

אויפן וועג האָב איך באַגעגנט דעם רב, וועלכער האָט געשריגן „יידן, האָט רחמנות, באַקט מאָרגן!״ ווייל אַזוי איז אויך געווען דער באַפעל פון די דייטשן צו באַקן יום־כּיפּור. אויף צומאָרגנס בין איך און מיין ברודער ראובן אַוועקגעגאַנגען מיט די געזאַמלטע זאַכן פֿאַר די פּליטים. אויפן וועג האָבן מיר דערזען דעם געשטאָכענעם רב, וואָס מען האָט אים געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט. אין דערפרי, ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, איז מיין פאָטער אַרויס מיט אַ פּעקל געזאַמלטע זאַכן און אים איז געלונגען איבערצוגעבן דאָס די פּליטים. דעם זעלבן טאָג האָט מען טאַקע אַלע פּליטים אַרויסגעפירט פון שטאָט.

עטלעכע פון די אַרויסגעפירטע האָבן געפּראָווט צו אַנטלויפן דורך אונדזער הויף. שטייענדיק ביים פענצטער האָב איך דערהערט דאָס געשריי פון די ס.ס., וואָס האָבן נאָכגעיאָגט די אַנטלאָפענע. אויס פּחד פֿאַר די צעווילדעוועטע דייטשן, האָט אַ שכנה אָנגעוויזן אויף אונדזער שטוב. זעענדיק דאָס, האָב איך געמאַכט אַ געוואַלד, און אַלע מענער וואָס האָבן זיך געפונען אין שטוב, זענען אַרויף אויפן בוידעם. די מערדער זענען אַריין און מיך געטראָפן מיט מיין שוועסטערס קינד אויף די הענט. האָבן זיי מיך געצוואונגען צו זאָגן דעם אמת, וואו איך האָב באַהאַלטן די פּליטים, דראָענדיק אַז זיי וועלן שיסן. זיי האָבן געמאַכט אַ רעוויזיע אין שטוב, און בשעת זיי זענען אַרויס אין דרויסן — האָבן זיי אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל אין דער לופט. מיין ברודער, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם, האָט געמיינט אַז איך בין דערשאָסן געוואָרן און ער איז אַראָפּ אונטן. די ס.ס. האָבן געמיינט אַז ער איז איינער פון די אַנטלאָפענע האָבן זיי אים געכאַפּט, אַרויסגעפירט אויפן מאַרק, וואו עס זענען געווען פֿאַרזאַמלט נאָך יידן פון שטאָט; דאָרט האָט מען זיי געהייסן טאַנצן, שלאָגן איינער דעם צווייטן און צוזאַמענעמען מיסט מיט די הענט. ווען אַלע זענען געווען פֿאַרנומען ביי דער אַרבעט, האָט זיך מיין ברודער אַריינגעכאַפּט אינם צייטווייליקן שפּיטאָל פון „טאָז״, וואו ער פלעגט אַרבעטן ביי די פֿאַרוואָונדעטע.

נאָר בדרך נס איז געלונגען מיר מיט מיין שוועסטער באָלטשע, איר מאַן און קינד אַדורכצוגיין די גרעניץ קיין רוסלאַנד. זייענדיק דאָרט פלעגן מיר קריגן בריוו פון אונדזער משפּחה. דאָס האָט געדויערט ביז יאָר 1942.

*

אין יאָר 1945, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר דערהאַלטן די שרעקלעכע ידיעות פון דעם אַדוואָקאַט קראַיעווסקי. ער האָט אונדז געשריבן, אַז ער איז געשטאַנען מיט אונדזער משפּחה אין קאָנטאַקט אַ שטיקל

צייט; זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון מאַגיסטראַט אַ פּאָר חדשים און פון דאָרט זענען זיי אַוועק זיך אויסצובאַהאַלטן אין קלויסטער. ווען די דייטשן האָבן זיך דערוואוסט פון זייער באַהעלטעניש, זענען זיי אַריבער אויפן קריסטלעכן בית־הקברות. אויסגעגראָבן אַ קבר און אין אים געלעבט חדשים לאַנג אָן שפּייז. קליינע שקצימלעך האָבן זיי אויסגעגעבן זשאַנדאַרמען. די מערדערס האָבן באַשאָסן דעם בית־הקברות און מיין משפּחה איז דאַן אַרויף אויף אַ פעלד, וואו עס איז געשטאַנען אַ סטאָדאָלע מיט היי. דאָרט, אין דער סטאָדאָלע, איז מיין פאָטער דערמאָרדעט געוואָרן און מיינע צוויי ברידער האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן דייטשן בית־הקברות מיט דער הילף פון זייערס אַ שול־חבר; אַ יונג, וואָס האָט נישט ווייט פון דאָרט געפּאַשעט בהמות, האָט באַמערקט אַז דאָרט געפינט זיך עמעצער, און האָט גלייך געברענגט דייטשע רוצחים. דאָס זענען שוין געווען די לעצטע טעג פאַרן באַפרייען די שטאָט און די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדערט די לעצטע יידן: צווישן זיי דעם לעצטן פון אונדזער משפּחה.

**ראָטשטיין** (בועניאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# דער ברודער־קבר

דאָס איז געווען 30 טעג פאַרן פולשטענדיקן אומקום פון אונדזערע ברידער און שוועסטער מיט זייערע קליינע קינדערלעך אין ווענגראָוו. די פּאַניק איז שוין זייער גרויס און די גאַנצע שטאָט איז געווען ווי משוגע; מען האָט דערוואַרט יעדע מינוט דאָס אומברענגען פון די פאַרבליבענע ברידער און שוועסטער. מען איז געלאָפן אין די דערפער מיט אַ ווילדן שרעק.

איך בין דעמאָלט אָנגעקומען קיין ווענגראָוו פון גרעמבקאָווע און נישט געטראָפן קיין מענטש אויף דער גאַס. אויך מיין שוויגער האָט זיך געפּאַקט, כדי צו לויפן אין דאָרף. איך בין אַוועק צום יודנראַט וואָס האָט זיך געפונען אין דער נייער שוהל. דאָרטן זענען שוין געשטאַנען פיל מענטשן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאָרן קיין אסטראָוו־מאַזאָוו. דאָרט איז געווען דער שטאַב פון געסטאַפּאָ און אויך האָט דאָס געזאָלט זיין אַן אַרבעטסלאַגער. מען האָט געגלויבט, אַז ווער עס וועט דאָרט אַרבעטן וועט נישט געשיקט ווערן קיין טרעבלינקע. צווישן די וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאָרן זענען געווען רייכע לייט, ווי מרדכי זיימאַנס צוויי זין, נתן אורנשטיין און אַנדערע.

ווענגראָוו, דעם 22.9.42

ערב יום־כפור איז אָנגעקומען דער שעף פון טרעבלינקע און האָט געמאָלדן, אַז אין ווענגראָוו וועט גאָרנישט געשען. דעם זעלבן טאָג איז אויך געקומען אַן אינספּעקטאָר פון אַרבעט און האָט געמאָלדן, אַז ער דאַרף דריי הונדערט מענטשן צו דער אַרבעט.

פאַר כל נדרי בין איך געווען ביי זיימאַנען (דעם פּרעזעס פון יודנראַט) און ווען איך האָב אים געווינטשן ווי דער מנהג איז, האָט ער מיר געענטפערט עס איז שוין אַלץ איינס... נאָך כל נדרי זענען זיך אַלע צוגאַנגען יעדער אין זיין שטוב. קומענדיק אַהיים האָב איך געטראָפן מיין פרויס אַ קוזין (יוסל לאופער). איך האָב מיט אים פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער לאַגע פון ווענגראָוו. ער האָט מיר דאַן דערציילט, אַז די שטאָט פאַרמאָגט 200 רעוואָלווערן און איז גרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מיר האָבן זיך געזעגנט און ער איז אַוועק.

גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט מיין שוועסטער און געזאָגט, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַרומגערינגלט מיט אוקראַינער און דייטשן. איך בין אַוועק צום יודנראַט זיך דערוויסן וואָס עס הערט זיך. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט מענטשן, וועלכע זענען שוין געלאָפן צוריק. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז מען הייסט אַלעמען זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק. ווער ס'האָט געקאָנט האָט זיך באַהאַלטן. איך מיט מיין משפּחה — צוזאַמען 35 מענטשן — האָבן דאָס אויך געטאָן. ווען איך בין דער לעצטער אין ברודערס הויז אַרויף אויפן בוידעם, האָב איך אַלעס צעוואָרפן, כדי סימולירן, אַז דאָ איז שוין קיינער נישט פאַרבליבן. אַזוי איז טאַקע געווען. אויפן בוידעם איז געווען האָלץ־שניידעכץ און דאָס האָט געדעמפּט אונדזערע טריט. דורך די שפּאַרעס צווישן די ברעטער, האָבן מיר געקאָנט זעען, וואָס עס טוט זיך אונטן. צום זעלבן בוידעם איז געווען נאָך איין אַרויפגאַנג. ער האָט געהערט צום צימער אין וועלכן ס'האָט געוווינט מאָרגענשטערנס איידעם מיט אַ קליין קינד און מיידל. אויך האָבן דאָרט געוווינט מיינע עלטערן און ברודער מיט זיין פאַמיליע און אַ פאַמיליע פון ליווע, דוד'ס קינדער.

ווען איך האָב באַמערקט דעם צווייטן דורכגאַנג אויפן בוידעם בין איך דאָרט אַריין און געטראָפן מאָרגענשטערנס איידעם מיטן קינד. איך האָב אים געפרעגט, צו ער האָט געמאַכט אַ אומאָרדענונג אין שטוב איידער ער איז אַרויף. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט אַפילו נישט אַראָפּגעוואָרפן דאָס בענקל וואָס ער האָט געשטעלט אויפן טיש, כדי צו קאָנען אַרויפגיין אויפן בוידעם. ווי נאָר ער האָט עס מיר געזאָגט, האָט זיך אינעם טירל פון בוידעם באַוויזן אַ ביקס און דאַן אַ קאָפּ פון אַ פוילישן פּאָליציאַנט. איך בין שנעל אַריבער אין צווייטן בוידעם און צוגעמאַכט דאָס ברעטל. איך האָב געהערט, ווי דער פּאָליציאַנט האָט געגעבן אַ באַפעל „זעישטש״ (אַראָפּ). מאָרגענשטערנס איידעם מיטן קינד און מיידל זענען אַראָפּ. דער פּאָליציאַנט האָט דאַן

געזאָגט, אַז עס איז מער קיינער נישטאָ. דער אוקראַינער האָט נאָך אַרויסגעשאָסן עטלעכע מאָל און זיי זענען אַוועק.

דאָס איז געווען 10 אין דערפרי. איך האָב אַרויסגעקוקט און געזען ווי אוקראַינער יאָגן אַ פרוי מיט אַ קינד. זיי האָבן זי דערשאָסן לעבן אונדזער שטוב. מען האָט אַלץ געשאָסן און געיאָגט מענטשן אין מאַרק אַריין.

פון 12 ביז 2 אַ זייגער איז געווען שטיל. פון צוויי ביז אָוונט איז ווידער געווען אַ שיסעריי און מען האָט געיאָגט מענטשן אין מאַרק אַריין. אין אָוונט איז ווידער אַלץ אָפּ־געשטעלט געוואָרן. אויסבאַהאַלטענע זענען אַראָפּ פון די בוידעמער און געזוכט שפייז. פון אונדזער בוידעם איז קיי־נער נישט אַראָפּ, ווייל מיר האָבן געהאַט אַ ביסל פּראָדוקטן.

דאָס איז אַלץ געווען דינסטאָג. דעם זעלבן טאָג אין דערפרי האָבן די מערדער אָנגעפאַנגען פירן וועגענער אויף וועלכע מ'האָט שנעל אַרויפגעיאָגט פרויען, קינדער און עלטערע מענטשן און זיי געפירט קיין טרעבלינקע. די מענער זענען געגאַנגען צופוס. ווער ס'האָט געפּרוּווט אַנטלויפן האָט מען אים גלייך דערשאָסן. אַזוי איז אַריבער דער טאָג.

מיטוואָך, דעם 23־סטן

מיטוואָך אין דערפרי, האָט מען גענומען שלעפּן מאַסן מענטשן פון די באַהעלטענישן. באַהאַלטענע אין די קוימענס האָט מען אַרויסגעשלעפּט שוואַרצע ווי די נעגערס. אַלע האָט מען געפירט צום בית הקברות דאָרט איז געווען אויסגע־גראָבן אַ גרוב, און נעבן אים אַ טונעל. מ'האָט זיי געהייסן אַראָפּגיין אין טונעל און דאָרטן זיי אויסגעשאָסן. גלייך האָט די יידישע פּאָליציי אַרויסגענומען די דערשאָסענע, איינער ביי די פיס און דער צווייטער ביים קאָפּ און אַריינגעוואָרפן אין בשותּפותדיקן קבר. ווען מ'האָט געענדיקט איין פּאַרטיע, האָט מען געבראַכט די צווייטע. דאָס איז געווען ביז צוויי אַ זייגער בייטאָג. פון צוויי ביז פיר האָבן די מערדער געמאַכט אַ מיטאָג־פּויזע, געגעסן און געטרונקען כדי מיט פרישע כוחות ווייטער צו מאָרדן און פאַרניכטן...

פון 4 נאָכמיטאָג ביז ס'איז געוואָרן פינסטער האָבן זיי ווידער געשאָסן אין אַלע ריכטונגען. מתים זענען געלעגן אין די גאַסן.

אין אָוונט האָב איך באַשלאָסן אַראָפּצוגיין און זוכן עפּעס צו עסן פאַר די קינדער און אויך זען וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. איך האָב געפונען אין שטוב אַ שטיקל ברויט און אויך אַ שטיקל פיש. איך האָב דאָס געגעבן מיין ברודער. ער האָט מיר נאָך געזאָגט, אַז צווישן די בעטן געפינט זיך לעדער און אַ פּאָר שטיוול, איך האָב דאָס נישט געפונען. איך בין אַרויס אויפן הויף, און פּלוצים דערהערט שווערע טריט. עס איז געווען אַן אוקראַינער, וועלכער האָט אָנגע־פאַנגען צו שרייען און שיסן. צו מיין גליק האָט ער מיך נישט באַמערקט. די פּאָליאַקן האָבן גענישטערט אין די יידישע שטובן און צוגענומען וואָס דאָרטן איז פאַרבליבן...

איך בין אַריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער האָט אויסגעצויגן זיינע הענט און מיך צוריק אַרויפגעשלעפּט אויפן בוידעם. — — —

**ר. מאַנדעלבוים** (בוענאָס־איירעס)

# גרויזאַמע איבערלעבונגען

מיין עלטערע שוועסטער, אונדזער 65־יאָריקער פאָטער ר' הרשל נחמנ'ס און איך, האָבן זיך אַנדערהאַלבן יאָר אויס־באַהאַלטן ביי אַ פּויער ניט ווייט פון ווענגראָוו. געלעגן זענען מיר אויפן בוידעם פון דער סטאָדאָלע זומער און ווינטער, ליידנדיק הונגער, נויט, קעלט און שרעק. אונדזער גאַנץ האָב־און־גוטס האָבן זיי אין אַ צייט פון דריי חדשים ביי אונדז אַרויסגעצויגן.

ווי נאָר מיר זענען געבליבן אָן אַ גראָשן געלט, האָבן זיי אונדז געהייסן גיין. טאָג־טעגלעך האָט זיך איבערגע־חזרט דער פזמון: „גייט פון דאַנען אַוועק, ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין באַהאַלטן? אַזוי פיל יידן זיינען אומ־געקומען, און איר ווילט בלייבן לעבן?" יעדן טאָג פלעגן זיי אונדז דערציילן, אַז היינט האָט מען שוין ווידער געהרגעט יידן. אַלע טאָג האָבן זיי מבשר געווען אַ שוואַרצע בשורה: „מען האָט דאָ און דאָרט געפונען באַהעלטענישן מיט יידן", און דערביי גלייך געשטעלט די פראַגע: „און ווי לאַנג רעכנט איר ביי אונדז צו בלייבן? גייט אין וואַלד!" פלעגן זיי זאָגן.

אַזוי האָבן זיי אונדז די גאַנצע צייט געמוטשעט, פון געבן עסן איז שוין אָפּגערעדט; די איינציקע סיבה וואָס זיי האָבן אונדז ניט אַרויסגעוואָרפן ממש, איז געווען דאָס הויז וואָס איז אונדז נאָך איבערגעבליבן און דאָס האָבן מיר זיי צוגעזאָגט אָפּצוגעבן, ווי נאָר מיר וועלן קענען דאָס אָפּשרייבן. מיר פלעגן צו זיי רעדן מיט הכנעה, אַז ס'וועט זיי גאָרניט פעלן אין לעבן אויסבאַהאַלטנדיק אונדז.

אין אַ געוויסן מאָרגן האָט אונדזער פּויער אַרויפגעשיקט צו אונדז אויפן בוידעם נאָך צוויי קרבנות — אַ פרוי און אַ מאַן, אַנטלאָפענע פון לאַגער. זומער זענען זיי געווען אין וואַלד און ווינטער זענען זיי געקומען צו אונדזער פּויער. זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ סך געלט און דערפאַר האָט ער זיי אַריינגענומען.

בשעת די דייטשן פלעגן אינטענסיווער אַרומזוכן יידן,

האָט דער פויער אונדז געזאָגט. אַז מיר זאָלן אויף אַ פּאָר טעג אַריין אין וואַלד, ביז וואַנען עס וועט זיך אַ ביסל אָפּ־שטעלן. האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג. מיר האָבן געמוזט פון דאָרט אַוועק. די קעלט איז געווען שרעקלעך, און מיר — נאַקעט און באָרוועס, אָבער קיין רייד האָט ניט געהאָלפן ; מיין פאָטער האָט זיך געבעטן רחמים ביים פויער — ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן ביזן חודש מאַי. דעם 25־טן יאַנואַר 1944 אין אַ שרעקלעכער קעלט, אין אַ פינצטערער ווינטער־נאַכט זענען מיר אָן כוחות — אויסגעדאַרט, נאָר הויט און ביינער, די פיס קוים זיי שלעפּן אונדז — אַרויס אין וועג.

איך האַלט מיין טאַטן ביי די הענט און פיר אים ווי מ'פירט אַ קליין קינד. ער גייט און פאַלט. ניטאָ מער קיין כוח צו גיין. ער שלעפּט זיך אויף אַלע פיר. און אַזוי זענען מיר געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. קומענדיק אין וואַלד האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט אָפּצואָטעמען.

זיצנדיק אַזוי צווישן די בוימער, האָבן מיר געזען ווי אויף דער וועלט לאָזט זיך אַראָפּ דער טאָג. מיר זענען אַלע אין גאַנצן אַדורכגעווייקט, נאָס פונעם שניי, מ'טוליעט זיך איינער צום אַנדערן. מיין פאָטער לייגט אַרויף זיין פאַרמאַ־טערטן קאָפּ אויף מיין שויס און ס'לאָזט זיך אַ שטראָם טרערן פון זיינע אויגן. קוקנדיק אויף מיין פאָטער, ווערט מיין האַרץ אין שטיקער צעריסן, אָבער איך קען גאָרניט העלפן. פון דער גאַנצער משפחה איז אונדז בלויז פאַרבליבן דער פאָטער, אונדזער איינציקע טרייסט, ביי וועלכן מיר האָבן שוין געוואָלט בלייבן און צוזאַמען דערלעבן אַ בעסערן טאָג. אָבער מיר זענען גאַנץ גענוי, אַז ער גייט אויס. דער צער איז גרויס, דער ווייטאָק פאַרקלעמט ביים האַרצן און העלפן קען מען ניט. יעדערער פון אונדז האָט מיט זיך אַ שטיקל ברויט, אָבער דער האַלדז איז אַזוי פאַרשלאָסן, אַז מ'קען גאָרניט נעמען אין מויל. אַז מ'רוט זיך אָפּ, דערפילט מען די ביטערע קעלט. דער טאַטע זאָגט צו אונדז, אַז ער פילט זיין סוף : „מיין קערפּער וועט זיך דאָ אַרומוואַלגערן און די חיות וועלן מיך אויפעסן". שטאַרק שווער איז געווען צו הערן דאָס געוויין פון אונדזער טאַטן.

אָבער אַזוי איז טאַקע געווען. דעם זעלבן טאָג איז אין וואַלד געווען אַ יאָג אויף חיות. מ'האָט געהערט שיסן, און מיר האָבן באַשטימט צומאָרגנס צוריקצוגיין צום פויער. בלויז מיין פאָטער האָט שוין ניט געקענט מיטגיין. מיין שוועסטער און איך האָבן אים געוואָלט נעמען אויף די אָרעמס און מיט אַלע כוחות אים טראָגן. אָבער מיר זענען געווען אַזוי שוואַך, אַז מיר זענען געפאַלן מיט אים צוזאַמען און ניט געקענט אים אויפהויבן. דער פאָטער האָט זיך גע־בעטן ביי אונדז מיט אָט די ווערטער : „גייט, ראַטעוועט זיך, איר זייט יונג, און איר וועט נאָך דערלעבן היטלערס טויט און איר וועט נקמה נעמען פאַר דער גאַנצער משפחה און פאַר כלל ישראל". מיר האָבן זיך צוקושט צום לעצטן מאָל מיט אונדזער ליבן פאָטער און איבערגעלאָזן אים אַליין פאַר די חיות אין וואַלד. מיין האַרץ איז געווען ווי אַ שטיין. קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן. בלויז מחשבות האָבן געמוטשעט : „ווי איז ער דאָרטן אַליין ? אפשר האָבן מיר שלעכט געטאָן, לאָזנדיק אים אַליין ? אפשר געדאַרפט אָפּ־וואַרפן זיין וואונטש און בלייבן מיט אים צוזאַמען". און ס'מאַטערט ווייטער אַ געדאַנק : „ווי קען מען אַ מענטשן, און דערצו נאָך אַ אייגענעם טאַטן, לאָזן אַליין אין וואַלד לעבעדיקערהייט ?" דער געוויסן פייניקט, איך וויל גיין צו אים, אָבער מיר געפינען שוין נישט דעם וועג אויף צוריק. קיין מענטש ווייסט ניט מיט וואָס פאַר אַ טויט מיין פאָטער איז אומגעקומען. מיר זיינען ווייטער געגאַנגען און געפאַלן ביי יעדער טריט און שריט. קוים זיך דערשלעפּט צוריק צום פויער. אָבער דאָס מאָל אָן דעם טאַטן.

דאָס גיין אויף די צווי נעכט אין וואַלד אַריין וועל איך ניט פאַרגעסן. — —

**ישראל־הערש בערגמאַן** (בת־ים, ישראל)

# אַזוי איז צעשטערט געוואָרן די גרויסע שוהל

אין די שווערע הערבסט־טעג פון יאָר 1939, ווען ס'האָבן נאָך געטליעט פונקען פון פוילישן מיליטערישן קאַמף, בין איך אַנטלאָפן פון אַ געפאַנגען־לאַגער ביי פיאַסעטשנע און צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים באַשלאָסן צו דערגרייכן ביאַליסטאָק, וואָס האָט זיך דעמאָלט שוין געפונען אויף דער סאָוויעטישער זייט. אין דער גרופּע איז אויך געווען מיין קוזין יחיאל אלבוים. מיר זענען גרופּנווייז, צו צוויי מענטשן, געפאָרן פון וואַרשע קיין ווענגראָוו. איך האָב דערביי געהאַט צוויי צילן : 1) געוואָלט ווירקן אויף מיינע עלטערן, משפּחה און פריינט, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן די היים און וואַנדערן צוזאַמען מיט אונדז קיין סאָוויעט־רוסלאַנד ; 2) קענענדיק גוט דעם טראַקט ווענגראָוו־ביאַליסטאָק, האָב איך געזען פאַר מעגלעך צו פירן די גרופּע דורך פאַרשיי־דענע זייטיקע וועגן.

קיין ווענגראָוו זענען מיר געפאָרן מיט אַ פור. אַ גאַנצע נאַכט האָבן אונדז קאָנטראָלירט דייטשע פּאַטראָלן, וועלכע האָבן באַקומען נישט ווייניק אויסקויף־געלט. פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין ווענגראָוו.

די היטלעריסטישע לאַפּע האָט אויך דאָס אַלטע רויקע שטעטל געהאַלטן אין קלעם. די גאַסן, וואָס האָבן נישט לאַנג געשפּרודלט מיט יידיש־פאָלקסטימלעך לעבן, זענען געווען באַצויגן מיט טרויער און אומעט. די טירן פון ביידע רייען

געשעפטן אין מיטן מאַרק, וואָס זענען אין משך פון עטלעכע דורות געווען דאָס האַרץ פון אָרטיקן עקאָנאָמישן לעבן, זענען געווען פאַרשפּאַרט. דאָ און דאָרט האָט מען געזען אַדורכלויפן אַ קינד מיט אַ זעקל אויף דער פּלייצע. (די קינדער האָבן איבערגענומען די זאָרג פאַר דער באַשפּייזונג פון זייערע פאַמיליעס, ווייל עלטערע מענטשן האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן). די ס. ס.־לייט האָבן שוין געלאָזט אין גאַנג זייער אַפּאַראַט פון פּיין און דערנידערונג.

איך און מיין חבר האָבן זיך געפונען אין דער צווייטער גרופּע.

די ס. ס.־לייט האָבן אונדז אַוועקגעפירט צו דער גרויסער שוהל, באַזאָרגט מיט געצייג, וואָס איז צוגענומען געוואָרן ביי יידישע האַנטווערקער, און אונדז באַפוילן צוהאַקן די איינריכטונג אין שוהל. דער גרויסער בנין איז ווייזט אויס פאַר דער מלחמה געווען אין רעמאָנט. דאָס איז געווען קענטלעך פון די רושטאָוואַניעס, וואָס זענען געווען אויפ־




די גרויסע שוהל

(פאָטאָ: אַ. פּשעפּיורקאַ, 1936)

דער בעסטיאַלישער מאָרד פון שטאָט־רב, הרב מאָרגענ־שטערן הי"ד, האָט שווער געטראָפן די יידישע באַפעלקערונג. ס'זענען פאָרגעקומען טאָגטעגלעכע רעוויזיעס אין די וווינונ־גען, מ'האָט געכאַפּט אויף אַרבעט, אויסגעפירט מערדע־רייען איבער אַלטע און יונגע, אומשולדיקע פרויען און מענער. דאָס האָט געוואָרפן אַ פחד אויף די יידן. דעם זעלבן טאָג האָבן ס. ס.־לייט אַרויסגעשלעפּט פון שטוב אויך מיך און מיין חבר און געיאָגט אונדז צום זאַמעל־פּונקט אין מאַרק. מיר האָבן דורכגעמאַכט די אָנגעוואָרפענע דורך זיי פּראָ־צעדור. געלאָפן צען מאָל אַרום דעם מאַרק און דערביי אַריינגעכאַפּט קלעפּ. זיי האָבן אונדז געצוווּנגען צו זינגען און איך הער נאָך דעם ווי־געשריי פון ליד: „זאָל שוין קומען די גאולה / זאָל שוין קומען די גאולה — / משיח וועט באַלד קומען...״

מיט דעם ליד האָבן מיר אויסגעדרוקט די בענקשאַפט און גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן. זיי האָבן אונדזער געזאַנג אויפגענומען מיט שפּאָט. נאָך די דאָזיקע איבונגען, האָבן זיי צעטיילט די פאַרזאַמלטע אין צוויי גרופּן: די ערשטע גרופּע האָבן זיי געשיקט אין אַ דאָרף אויף ערד־אַרבעט.

געשטעלט אינעווייניק. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געהאַקט די שטענדערס און אויך די ווענט קלאַפּעס מיט די אויפשריפטן פון די נעמען, וואָס זענען איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור, האָבן זיך געקלאַמערט אין די מויערן, פאַרעקשנט זיך געהאַלטן, נישט געלאָזט זיך צעברעכן. ס'האָט זיך געפילט, אַז יעדער קלאַפּ טרעפט אַ משפחה, אַז דער שונא ברענגט אום פּלאַנמעסיק די קולטורעלע ווערטן פון ישוב, כדי אים פיזיש צו פאַרניכטן.

נישט קוקנדיק אויף די אָפטע מעלדונגען פון די ס. ס.־לייט, אַז ווער ס'וועט נישט אַרבעטן פלייסיק וועט האַרב באַשטראָפט ווערן, האָבן אַלע אָן אויסנאַם סאַבאָטירט די אַרבעט. מיט אויגן־בליק האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט, אָן ווערטער איז אָנגענומען געוואָרן דער שטימער באַשלוס: אַרבעטן לאַנגזאַם. דאָס האָט אויפגעבראַכט די ס. ס.־לייט. און ווען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז געקומען קאָנטראָלירן די אַרבעט, האָבן זיי ראַפינירט באַשטראָפט יעדן, ווער ס'איז זיי געפאַלן אונטערן אויג. ביינאַכט האָבן זיי אונדז באַפרייט, כדי מאָרגן פאָרזעצן די צעשטערישע אַרבעט. צומאָרגנס פרי בין איך אַוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד.

**אפרים פשעפיורקא** (תל־אביב, ישראל)

# דער בונקער פון מיין משפחה

1.

צומאָרגנס פון יום־כיפור 1942 האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענע פאַרניכטונג פון די יידן אין ווענגראוו. וויסנדיק פון פריער וואָס שטייט אָנצוקומען, האָט יעדער ייד פאַר זיך צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש. מיין פאָטער ז״ל צוזאַמען מיט יחזקיהו שלעזינגער ז״ל האָבן אויסגעפונען צו מאַכן זייער בונקער אונטער די לאדאווניע וואָס האָט זיך געפונען אין הויף פון משה (מאשקע) בערגמאַן אין וועלכן מיינע עלטערן האָבן געוווינט.

צענדליקער יאָרן האָט זיך געפונען אין זעלבן הויף די חייטשע (מיט איר חתן גאַרדאַן) ווי אויך מיין מומע פייגע, אַ שוועסטער פון מיין מוטער און אפשר נאָך ווער פון אונדזער פאַמיליע.

מיינע טאַטע־מאַמע האָבן זיכער דעמאָלס געטראַכט וועגן זייער זון און טאָכטער, וועלכע געפונען זיך אין ישראל. ווען אין דרויסן איז געווען טאָג איז ביי זיי געווען נאַכט; די וואָכן, וועלכע זיי האָבן פאַרבראַכט אין בונקער, זענען פאַר זיי געווען שרעקלעך שווערע, זיי האָבן שטאַרק געליטן פון קעלט און נאַסקייט, פון הונגער און דאָרשט, אַ קאַר־טאָפל איז ביי זיי געווען אַ חלום, זיי האָבן געליטן פון



מאָשקע בערגמאַנס הויף, די טיר לינקס — דער אַרייַנגאַנג אין בונקער פון שלמה פשעפיורקא׳ס פאַמיליע
(פאָטאָ: שפילמן)

לאָדאָווניע און גראַד דאָרט אונטער דער פייכטקייט און קעלט איז געמאַכט געוואָרן דער בונקער. דאָרטן, אין די טיפענישן פון דער ערד אין קעלט און אין נעץ און הונגער, האָבן זיך פאַרשפאַרט מיינע טייערע טאַטע־מאַמע, מיין עלטסטע שוועסטער פייגע מיט איר קינד (איר מאַן יוסף קאנדעל איז שוין געווען פאַרנומען צום בויען טרעבלינקע), מיין שוועסטער אלטע מיט איר מאַן אברהם שווארצבערג און זייער ליב קינד ראובן, און אויך מיין ליבע שוועסטער פינצטערקייט און געלעבט אין שרעק.

פלוצים האָבן די פאַרזאַמלטע אין בונקער דערהערט אַ געשיסעריי, געשרייען און געוויינען, פון דרויסן. מען האָט געפירט געכאַפטע יידן צו דער שחיטה קיין טרעבלינקע. אין בונקער איז געפאַלן אַ שרעק הערנדיק די יללות פון די מענטשן אין גאַס און די גסיסה פון די דאָרט דערשאָסענע. אויך מיין באָבע רחל (בת הירש פישל), מיין פאָטערס מוטער, האָט מען דערשאָסן ביי בערגמאַנען אין הויף, נעבן

בונקער ווי מיינע אייגענע זענען געזעסן. זי איז געגאַנגען געוואָר ווערן וואָס עס טוט זיך ביי איר זון שלמה און פוילישע פּאָליציאַנטן האָבן איר לעבן פאַרענדיקט אין עלטער פון עטלעכע און זיבעציק יאָר.

.2

אינצווישן האָט זיך פאַרענדיקט דאָס עסנוואַרג אין בונקער און מיין מוטער, וועלכע איז איר לעבן־לאַנג געווען אַ שוואַכינקע, האָט זיך אָנגענומען מיט גבורה און האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אין דער וואָינונג, וואָס איז שוין געווען פולקאָם פאַרניכטעט, און דאָך נאָך צונויפגעקליבן אַ ביסל שפּייז פאַר אירע קינדער און אייניקלעך, ווייל אין בונקער איז שוין לאַנג נישט געווען וואָס צו עסן. אַראָפּגייענדיק אָבער, האָט די פּאָליציי זי פאַרכאַפּט און אָפּגעפירט זי אין מאַגיסטראַט צו דער געסטאַפּאָ. דאָרט האָט מען זי געפּייניקט און פאַרלאַנגט אַז זי זאָל אויסגעבן ווו עס באַהאַלט זיך אויס די גאַנצע משפחה. כדאי דאָ צו באַמערקן, אַז נאָך דער ערשטער אַקציע אין ווענגראָוו האָבן די נאַצישע מערדער געזוכט 7 וואָכן לאַנג יידן אין באַהעלטענישן.

כדי אַרויסצובאַקומען פון מיין מוטער דעם סוד, פאַר וועמען זי האָט צונויפגעקליבן דאָס ביסל שפּייז, האָט מען זי פאַרשפּאַרט אין אַ ענגער און טונקלער קאַמער אָן עסן און טרינקען, ביז זי האָט דערפילט דעם אומפערמיידלעכן סוף.

פינף טעג האָט זיך מיין איידעלע און צאַרטע מוטער דאָרט געפּלאָגט און נישט אויסגעזאָגט דעם גרויסן סוד. דעם זעקסטן טאָג האָט זי — בריינדל, אשת ר' שלמה'לה פּשע־פּיורקא, בת ראובן גאָלדשטיין — אויסגעהויכט איר הייליקע נשמה אין עלטער פון 53 יאָר. און דער אל רחום וחנון האָט געשוויגן. און אַזוי האָט די גרויסמאַכט פון היטלערן בעזיגט מיין שוואַכע קראַנקע מוטער.

.3

דאָס אומקומען פון מיין מוטער עליה השלום האָט שטאַרק באַדריקט מיין פאָטער, וואָס האָט זיך דערפון גאָר שנעל דערוווסט און איז אַלט געמאַכט, כאָטש נישט גייסטיק צעבראָכן. ער האָט איצט נאָך מער ווי תמיד זיך פאַרטיפט אין לערנען, ווייל אויך אין בונקער אַריין האָט ער מיט־געבראַכט מיט זיך זיינע הייליקע ספרים.

פון דער פריסטער יוגנט האָט מיין פאָטער געצויגן זיין יניקה פון לערנען און אַפילו זיצנדיק ביי זיך אין געוועלב ביי לויפמאַנען איז תמיד געלעגן אַ ספר אויפן טיש. ער האָט אַריינגעזאַפּט תורה פון זיין זיידן ר' הערש פישל (זיין מוטערס פאָטער), וועלכער איז געווען אַ למדן און משכיל און פלעגט פאַרשווינדן אויף גאַנצע חדשים און זיצן ביים רבינס טיש.

אויך זייענדיק 3 יאָר אויף קעסט ביים שווער ר' ראובן גאָלדשטיין, אַ שיינער אָנגעזעענער ייד פון די אַמאָליקע סטריקאָווער חסידים, האָט מיין פאָטער פיל עוסק געווען אין תורה האָבנדיק צו דער דיספּאָזיציע די גרויסע ביבליאָ־טעק פונעם שווער.

.4

לויט די עדות־זאָגעריי וואָס איך האָב אָפּגענומען ביי אונדזערע שטאָט־לייט איז אין יענער צייט מיין פאָטער מיט דער איבעריקער משפחה אַריבער אין אַ צווייטן בונקער, אָבער קורץ דערנאָך זענען זיי אַנדעקט געוואָרן. ווי שפּיר־הינט פלעגן די געסטאַפּאָ־משרתים 7 וואָכן לאַנג נאָך דער אַקציע נישטערן אין די הייף, צולייגן אַן אויער צו די ווענט, כדי אויפצוכאַפּן אַ שעפּטשעריי.

ביים אַנדעקן האָט נאָך דאָס הדרת־פּנים אַראָפּגעשיינט פון מיין פאָטערס פּנים מיט דער באָרד, לאַנגער קאַפּאָטע און יידיש היטל און שטראַלנדיקע אויגן ווי תמיד. זיין האַלטונג איז געווען רואיק, אָן שרעק און אָן נערוועזישקייט.

די דייטשן האָבן דעמאָלט אָפּגעשיקט אַלע געפונענע יידן קיין קאַסאָוו מיטן אויסרייד, אַז דאָרט וועט געשאַפן ווערן אַ יידן־שטאָט, כדי פאַרנאַרן אַהינצו פאַרשטעקטע יידן. דער סוף איז געווען, אַז אַלע צונויפגעקליבענע יידן אין קאַסאָוו זענען געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

בעת מיין משפחה איז געפירט געוואָרן פון ווענגראָוו קיין קאַסאָוו, האָט מיין שוואָגער אברהם שווארצבערג גע־פירט מיט זיך פיל מאַנופאַקטור סחורה און זיך באַמיט איבערצוקויפן דעם פּאָליציאַנט, וועלכער האָט טאַקע מסכים געווען צו באַפרייען צוויי מענטשן אָדער נישט מער. מיין שוועסטער אַלטע האָט נישט געוואָלט זיך שיידן פונעם פאָטער. זיי זענען דעריבער אַלע געבראַכט געוואָרן קיין קאַסאָוו און פון דאָרט אין די גאַז קאַמערן פון טרעבלינקע.

.5

מיין פאָטער ר' שלמה בן פנחס פּשעפּיורקא הי"ד איז געווען אַ גרויסער עניו און איידעלער מענטש און האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען קיין אָפיציעלן פּאָסטן. ער האָט אין יעדער פרייער צייט געלערנט, געווען געלאַסן און מיושבדיק און מיט קיינעם זיך נישט געקריגט. אין די לעצטע יאָרן האָט אים די קהילה נאָמינירט אַלס נאמן און מנקר.

יהי זה נר תמיד לזכר נשמותיהם הזכות והטהורות של הורי, אחיותי וכל יתר בני משפחתי שהושמדו ע"י הנוגש הנאצי בכבשני טרבלינקה. יהי זכרם קדוש.

**שלמה לעווינשטיין** (תל־אביב, ישראל)

# די פּוילישע מיטהעלפער פון די נאַציס

אין 1939, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, האָב איך געדינט אין פּוילישן מיליטער. איך בין פאַרווונדעט געוואָרן אין פוס, פון וואָס ס'איז מיר פאַרבליבן אַן אָנדענק ביז היינט. שפּעטער בין איך געווען ביים דייטש און דערנאָך אין רוסלאַנד און האָב זייער פיל אַדורכגעלעבט.

קומענדיק צוריק פון רוסלאַנד האָב איך עטלעכע מאָל באַזוכט ווענגראָוו און דאָרט זיך אָנגעהערט פיל וועגן דער פאַרעטערישער ראָל, וואָס האָבן געשפּילט פיל פון אונדזערע שכנים אין ווענגראָוו אין דער תקופה פון דער דייטשער אָקופּאַציע; זיי האָבן זייער אַקטיוו מיטגעהאָלפן די נאַציס אין זייער פאַרניכטונגס־אַרבעט.

דער אַפּטייקער, וועלכער האָט געוווינט ביי מיין פעטער פּרץ פּראָוודע, האָט אים און זיין משפּחה צוגעזאָגט אויס־צובאַהאַלטן. אָבער באַהאַלטן האָט ער נאָר זייער גוטס און זיי אַליין אַרויסגעגעבן צום טויט.

דריי קינדער פון מיין מומע גאָלדע לעווינשטיין זענען דערשאָסן געוואָרן אין שטוב. דעם מאַן אירן מיט די צוויי פאַרבליבענע קינדער האָט מען אַוועקגעפירט קיין טרעב־לינקע. די מומע האָט זיך אַ לענגערע צייט אויסבאַהאַלטן, אַזש ביז יאָר 1943, ווען ס'האָט זי אויסגעגעבן פּאָדגורסקי, דער סטרוזש פון אונדזער הויף. און ווען דער דייטשער זשאַנדאַרם האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון קעלער, האָט זי אים צעריסן די קלאַפּעס און צעביסן די הענט; ער האָט זי דער־שאָסן אויף דער יאַטקע גאַס.

ווענגראָוו אַליין האָט אויסגעזען ווי אַ בית־הקברות. די יידישע הייזער זענען נישטאָ (דער דייטש האָט זיי פאַרקויפט אויף האָלץ). אויף די פאַרבליבענע ווענט זענען נאָך פאַראַן אַמאָליקע אויפשריפטן, ווי „שטימט פאַר משה מאַנדעלבוים פון די לינקע פּועלי־ציון".

איך האָב געפּרוווט צו אינטערוועניר̈ן אין וואַרשע קעגן די פּוילישע קאָלאַבאָראַטאָרן מיט די דייטשן, וועלכע האָבן מיט זייערע אייגענע הענט פאַרגאָסן פיל יידיש בלוט אין ווענגראָוו, אָבער אָן דערפאָלג. קיינעם אינטערעסירט נישט, צי האָט אייכיל געפירט יידן צום שיסן אויפן בית־עולם, אָדער דולע האָט אַרויסגעשלעפּט יידן פון באַהעלטע־נישן.

**משה באָרוכאָוויטש** (ניו־יאָרק)

# ווענגראָווער פרויען ראַטעווען יידן

**ווענגראָווער חסידים קויפן מיך אויס**

מיר גיבן אַן אויסצוג פון דער באַשרייבונג „איך האָב איבערגעלעבט דעם חורבן" פון משה באָרוכאָוויטש, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין זשע־לעכאָווער יזכור בוך. פאַרשריבן דורך א. פּ.

דער מחבר שילדערט, ווי די דייטשן האָבן געטריבן 15 טויזנט מענער־יידן, געפאַנגענע פּאָליאַקן און סתם פּאָליאַקן — פון זשעלעכאָוו קיין סטאָצק און פון דאָרטן קיין שעדלעץ און דערנאָך קיין ווענגראָוו, ווו זיי זענען אָנגעקו־מען ערב יום־כּפּור. פיל פון זיי זענען געפאַלן און דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג.

די אָנגעטריבענע זענען געהאַלטן געוואָרן אויסער דער שטאָט.

פאָלגנד ווי אַזוי די ווענגראָווער יידישע פרויען האָבן געבראַכט עסן די יידן און אַ טייל פון זיי אויך אַרויסגעראַטעוועט, איידער די דייטשן האָבן זיי ווייטער געטריבן.

די ווענגראָווער יידן האָבן זייער פיל געטאָן פאַר אונדז. עס איז כּדאי, אַז זייער מסירת־נפשדיקע אַרבעט פאַר זייערע געפּייניקטע ברידער יידן זאָל פאַרשריבן ווערן לדורות. ווער ס'איז אַנטלאָפן פון לאַגער האָבן זיך די ווענגראָווער יידן מיט אים אינטערעסירט און מיט אַלץ באַזאָרגט; די ווענגראָווער פרויען האָבן געבראַכט עמערס מיט עסן אויפן פּלאַץ — עס איז אָבער געווען צו ווייניק. מיר זענען געווען טויזנטער און די גוטע ווענגראָווער יידן האָבן נישט געקאָנט באַזאָרגן אַלעמען.

מען האָט געפּרוווט אַנטלויפן אין שטאָט אַריין; אייניקע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען און אַנדערע זענען דערשאָסן געוואָרן.

איך האָב גענומען קלערן וועגן אַ תכלית און זיך דער־מאָנט, אַז אין ווענגראָוו געפינען זיך מיינע באַקאַנטע חסידים מיט וועלכע איך פלעג זיך טרעפן אין גער ביים רבין שליט"א; האָב איך באַלד אָנגעשריבן אַ בריוול צו איינעם פון זיי, ר' יחזקאל שלעזינגער, אַז ער זאָל זיך צוזאַמענרעדן מיט נאָך חסידים און זיי זאָלן מיר העלפן אַרויסבאַקומען זיך פון דעם אומגליק. באַלד האָב איך באַקומען ענטפער פון יחזקאל ז"ל, „כסף יענה את הכל" (פאַר געלט וועט מען אַלץ מאַכן). איך האָב באַפוילן, אַז אין געלט וועט נישט זיין קיין מניעה. אין שטאָט האָט מען זיך דערוווסט וועגן מיר און באַלד האָט זיך באַוויזן

די פרוי פון מיין פריינט יצחק בורשטיין און מיטגעבראַכט זייער אַ גוטן פעקל עסן: ברויט, פוטער, א חלה לכבוד ערב יו"כ. זי האָט מיר דערקלערט, אַז יצחק איז פאַרבליבן אין וואַרשע ביים אויסבראָך פון דער מלחמה, און זי איז דאָ מיט די קינדער ביי אירע עלטערן; נישט געקוקט וואָס עס איז איצט ליכט־בענטשן גייט זי מיט לייבל לערנערס פרוי און ר' חזקיה'ס פרוי און וועלן אַלץ אָנווענדן, אַז איך זאָל מאָרגן פרי באַפרייט ווערן.

מענער האָבן זיך דעמאָלט נישט באַוויזן אויף דער גאַס, ווייל מ'האָט זיי געכאַפּט אויף אַרבעט, אַזוי אַז אַלע אינטער־ווענצן זענען דערליידיקט געוואָרן דורך פרויען. מיר האָבן אָפּגעגעסן און געבענטשט מיט גרויס געוויין. ווען עס האָט אָנגהויבן טונקלען האָבן מיר, אַ גרופּע זשעלעכאָווער און לוקאָווער יידן, וואָס זענען געזעסן אויף דער פייכטער ערד זיך נאָענטער צוזאַמענגעדריקט, בכדי זיך צו דערוואַרעמען און מיר האָבן זיך געווינטשן מיר זאָלן וואָס שנעלער פּטור ווערן פונעם ביטערן שונא.

נאָך די האַרציקע תפילות ביז איינס ביינאַכט זענען מיר איינגעשלאָפן אויפן פרייען נאַסן פעלד. 5 אינדערפרי ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מ'שיקט אונדז ווייטער. אַזייגער 9 זענען עטלעכע זשעלע־כאָווער פרויען געקומען צופוס קיין ווענגראָוו, כדי זיך דערוויסן וועגן גורל פון זייערע מענער און זין. אין דער זעלבער צייט איז געקומען דער ווענגראָווער פּאַסטאָר, וואָס איז געווען אין שטאָט נאָך פון פאַר דער מלחמה און איצט אַלס פאָלקס־דייטש האָט ער באַקומען די גאַנצע מאַכט איבער דער שטאָט. מיינע פריינט האָבן אים איבערגעקויפט. ער האָט אויסגערופן מיין נאָמען מיט אַ געמאַכטער שטרענ־גער מינע. איך האָב אָבער גלייך דערקענט, אַז ער האָט פון מיינע פריינט באַקומען אין יד אַריין און ער וועט מיך אַרויסראַטעווען. נאָכן אויספרעגן מיר האָט ער מיר שטרענג באַפוילן, אַז איך זאָל מיטגיין מיט אים אין זיין ביוראָ אויף אַן אויספאָרשונג. ווי מיר זענען נאָר אַריבער די דראָטן האָבן שוין געוואַרט די פרויען פון מיינע באַקאַנטע חסידים. דער פּאַסטאָר האָט שטרענג באַפוילן די פרויען אין קעגנוואַרט פון געסטאַפּאָ און ס. ס. זיי זאָלן דעם אַלטן קראַנקן אָפּפירן אין שפּיטאָל. זיי האָבן מיר באַלד געגומען און ווי אַ קראַנקן געפירט אונטער די אָרעמס... אין הויז פון הערשל מאַנדעלבוים, אַ פעטער פון שרה'לע.

**אַ באַהאַלטענער מנין אין יום־כפור**

די דערשלאָגנקייט און מורא אין שטאָט איז געווען זייער גרויס, דאָך זענען יידן אין באַהאַלטענע ערטער זיך צוזאַמענגעקומען צו די יום־כפור תפילות. אויך איך בין אַוועק דאַווענען. אַריינקומענדיק צום מנין האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט דאָס בילד פון די אַמאָליקע אנוסים אין שפּאַניען. דער מנין איז געווען אין אַ קליין הייזעלע. ווייט פון הויפּט־איינגאַנג איז געשטאַנען אַ קליין יינגל און געהיט, צי עס קומען ניט „אומגעוווּנטשענע געסט".

דער עולם האָט געדאַוונט זייער שטיל, אַז מ'זאָל פון דרויסן חלילה נישט הערן. מ'האָט מיך זייער וואַרם אויפגענומען און נאָך אַ מאָל דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז די ווענגראָווער יידן האָבן אַלץ געטאָן, כדי אַרויסצוראַטעווען יידן פון דייטשע הענט. די הויפּט איניציאַטאָרן זענען געווען די פרויען. אין זעלבן טאָג איז זיי געלונגען אַרויסצוראַ־טעווען נאָך 10 יידן. דאָס האָט מען אונדז דערציילט ביים דאַווענען. די תפילות זענען אַדורך מיט גרויס געוויין און נאָכן דאַווענען בין איך אַוועק צו מיין גאַסט־געבער, ר' הערשל מאַנדעלבוים, וואָס האָט מיך זייער מקרב געווען, געטרייסט מיך און געזאָרגט פאַר מיין געזונט.

צומאָרגנס האָט מען ווידער געכאַפּט אויף אַרבעט. ווען די מחבלים זענען שוין געווען אין ר' הערשל מאַנדעלבוימס הויף, האָט ער מיר באַהאַלטן; און ווען זיי זענען אַריין אין שטוב, האָט ער זיי געזאָגט אַז זיין זון קען אַרבעטן, און זיי האָבן געגומען זיין זון. ר' הערשל איז געווען שטאַרק צו־פרידן, וואָס ער האָט מיך אָפּגעראַטעוועט. אויף דער גאַס איז נישט געווען מעגלעך זיך צו באַווייזן און איך האָב דאָך געוואָלט פאָרן אַהיים. האָבן מיר ר' הערשל'ס צוויי טעכטער געפירט, ווי מען פירט אַ קראַנקן ביז אַרויס פון שטאָט, און דער וועג איז אַדורך בשלום.

רעגינע פרידמאַן־אַקערמאַן (ניו־יאָרק)

# אונטער א מאסקע...

ווען די פאַרניכטונגס אַקציע איז אויסגעבראָכן, האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער, ווי מיר זענען געזעסן פינף וואָכן. די באַדינגונגען דאָרט קען זיך קיין לעבעדיקער מענטש ניט פאָרשטעלן: ניט קיין וואַסער, עסן און ליכט. נאָך פינף וואָכן האָבן די נאַציס אונדז געפונען. אין דער צייט איז שוין אַ העלפט שטעטל מענטשן געווען פאַרניכטעט. מ'האָט אונדז איינגעזעצט אין טורמע, ווי עס זענען שוין געווען פיל אַנדערע יידישע אומשולדיקע קרבנות. מיר האָבן זיך ווייטער אָפּגעמאַטערט אין שרעקלעכע באַדינגונגען אַ וואָך צייט. שפּעטער האָט מען אַלע מענטשן אַרויסגענומען, אויפגעזעצט אויף גרויסע וואָגענס און געפירט קיין טרעבלינקע, אין קרעמאַטאָריום. פאַרן אַרויסגיין פון טורמע האָבן מיר דריי צווישן זיך אָפּגעשטימט, אַז מיר וועלן זיך באַמיען צו אַנטלויפן, ווייל מיר האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן...



רעגינע, אלס קינד, מיט אירע עלטערן

די ערשטע בין איך אַנטלאָפן. דאָס איז שוין געווען ביי די ענדע פון ווענגראָוו. די נאַציס האָבן באַמערקט, מען האָט מיך נאָכגעשאָסן, אָבער ס'איז מיר געלונגען. איך האָב זיך צוריקגעקערט אין שטעטל. דאָרט האָב איך ביי באַקאַנטע קריסטן זיך באַהאַלטן שרעקלעכע דריי טעג. איך בין געווען איינע אַליין מיט מיינע צרות. כ'האָב נישט געוווּסט, וואָס איז געשעהן מיט מיינע עלטערן. נאָך דריי טעג איז מיין מוטער געקומען. אין אונדזערן שרעקלעכן אומגליק בין איך געווען דעמאָלט דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט צו טרעפן זיך מיט מיין מוטער. אָבער מיין פאָטער איז נישט געקומען צוריק. ער האָט געטיילט דעם ביטערן גורל פון אונדזערע זעקס מיליאָנען יידישע קרבנות. אַזוי זענען מיר שוין געבליבן צוויי.

עס האָט זיך דאַן געשאַפן אַ לאַגער פון אַרבעטער. הונדערט יידן האָבן געקראָגן דאָס רעכט צו לעבן. אַרום די הונדערט האָבן זיך שוין אַנדערע אַרומגעדרייט, צווישן וועלכע מיר זענען אויך געווען. אָבער מיר האָבן געפילט, אַז דאָס איז נאָר צייטווייליק, און געקלערט, ווי אַזוי אַרויס פון ווענגראָוו. פאַר די לעצטע געלט האָבן מיר זיך געקויפט פוילישע דאָקומענטן און אַלס קריסטן אַוועק קיין וואַרשע.

דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער טייל פון אונדזער גיהנום. מיר ביידע זענען געווען צושיידט; בלויז איינמאָל אין וואָך, זונטאָג, האָבן מיר זיך געזען. ביידע האָבן מיר געאַרבעט אַלעס דינסטן. איך האָב געהאַט מער גליק אין דעם אַלעמען. מיר האָט מען איינגעמאָלדן, און איך האָב געקריגן אַלע נויטיקע פּאַפּירן. דאַקעגן מיין מוטער האָט מען נישט געוואָלט איינמעלדן, ווייל אירע דאָקומענטן זענען נישט געווען אין אָרדנונג. קיינער האָט איר נישט געוואָלט האַלטן — מ'האָט מורא געהאַט. מיר זענען ביידע געווען אונבאַהאָלפן; ס'איז נישט געווען קיינער זאָל העלפן. אַלע מאָל איז מיין מוטער געבליבן אָן אַרבעט און נישט געהאַט וווּ צו שלאָפן; קיין געלט איז נישט געווען, אַרומדרייען זיך אין גאַס איז געווען אַ סכנה, ווייל מ'האָט געקענט דערקענען... אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעמאַטערט אַנדערהאַלבן יאָר. מיין מאַמע איז געווען ערשעפּט, זי האָט נישט געהאַט קיין קרעפטן זיך אַרומצוגיין — און מ'דאַרף דאָך אַרבעטן! מיין מוטער איז אַוועקגעפאַלן קראַנק. זי האָט נישט געהאַט וווּ צו ליגן. איך האָב איר אַריינגענומען צו זיך. די גויים האָבן געשריגן און געוואָלט אונדז אַרויסוואַרפן. מיר האָבן אָנגעהויבן זיין פאַרדעכטיקט, און מיר האָבן מורא געהאַט. נאָך גרויסע שוועריקייטן האָט מיר זיך איינגעגעבן אַריינצוגעבן איר אין אַ שפּיטאָל. זי איז שוין געווען זייער קראַנק. לעצטנס האָט זי מיר שוין מער נישט דערקענט. נאָך דריי וואָכן איז זי געשטאָרבן.

צוויי טעג שפּעטער האָט מען איר באַגראָבן אויפן פוילישן צמענטאַזש אין פּראַגע — און איך האָב דאָס געזען... אין דאָס איז געווען די ענדע. איך בין געבליבן איינע אַליין...

פיר מאָנאַטן שפּעטער זענען געקומען די סאָוויעטישע באַטאַליאָנען און געבראַכט די פרייהייט, די גאָלדענע פרייהייט! אָבער פאַר וועמען? ווען פון די זעקס מיליאָנען איז שוין אַפילו קיין אַש נישט געבליבן! ליידער, צו שפּעט...

**שמואל רייזמאַן** (קאַנאַדע)

# דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקער לאַגער

דער פערטער אויגוסט איז אַ היסטאָרישע דאַטע אין דער היטלעריסטישער תקופה.

דעם פערטן אויגוסט 1943 האָבן זיך עטלעכע יידן אינם טרעבלינקער לאַגער צוזאַמענגערעדט און געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשע און אוקראַינישע רוצחים. אַ טייל פון די מערדער זענען טאַקע געפאַלן אין דאָזיקן קאַמף.

דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע וועט זיין אַ ליכטיקער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. דער אָוונט פון 1־טן אויגוסט 1943 לעבט אין מיין זכרון אין זיין גאַנצער גרוילעכקייט. אויף דער זיצונג פון אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, אין די שפּעטע אָוונט־שעה'ן, האָבן מיר, ביים ליכט פון פייער וואו ס'האָבן געברענט הונדערטער טויזנטער קערפּער פון אונדזערע נאָענטסטע, איינשטימיג אָנגענומען דעם באַשלוס, אַז מאָרגן דעם 2־טן אויגוסט וועט דורכגעפירט ווערן דער אויפשטאַנד. אויף אייביג וועט מיר בלייבן אין זכרון דער גרייז־גרויער זאב קורלאַנד, — דער עלטסטער פון אונדז אַלעמען, וואָס האָט מיט שטיקנדע טרערן אָפּגענומען ביי אַלעמען אַ שבועה, „פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק, קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט". יעדערער פון די אָנוועזנדע מיטגלידער האָט געשפירט די גרויסע אחריות פון דעם באַשלוס, וואָס האָט דעם ציל צו פאַרניכטען דאָס „ווערק" פון דייטשן סאַדיסטישן שגעון, וואו 25 טויזנט מענטשן זענען טעגלעך פאַרברענט געוואָרן — דאָס הייסט מאַכן אַ סוף צו טרעבלינקע.

דעם 2־טן אויגוסט פאַרטאָג, ווען מ'איז אַרויס צו דער אַרבעט, איז דער באַשלוס איבערגעגעבן געוואָרן צו די מיטגלידער פון קאָמיטעט ווי אויך צו די פאַרטרוילעכע חברים פון לאַגער. וואָס פאַר אַ שטימונג ס'האָט זיך געשאַפן אין לאַגער איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז דער קאַמף, וועלכער ווערט אונטערגענומען, איז אַ אויסזיכטסלאָזער. מ'האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז קיינעם פון אונדז וועט ניט געלונגען דורכצוברעכן די ווענט וואָס זענען פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט און אַרום און אַרום איז צעפּלאַקערט דאָס פייער פון די אָבסערוואַציע־טורעמס. יעדערער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון אַז ס'דערנענטערט זיך די לעצטע שעה, אָבער אַלע ווי איינער זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, אַז דער היינטיקער טאָג איז דער טאָג פון נקמה, דער טאָג וואו ס'וועט זיך פאַרענדיקן דאָס טרויעריקע קאַפּיטל „טרעבלינקע". דער געדאַנק צו זען כאָטש אַ טייל פון אונדזערע מערדער זיך ראַנגלען מיטן טויט, האָט אַלעמען געגעבן מוט און ענערגיע זיך צו באַטייליקן אין דער אַקציע.

דער אונטערשייד צווישן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, איז געווען בלויז אין די טעכנישע מעגלעכקייטן. אין וואַרשעווער געטאָ האָט מען נאָך געקענט האָבן די האָפנונג צו באַקומען געווער אָדער וועלכע ס'איז שטיצע פון דרויסן; אָבער מיר אין טרעבלינקע זענען געווען אָנגעוויזן נאָר אויף אונדז אַליין, און דערפאַר איז דער אויסגעאַרבעטער פּלאַן פון דער אַקציע געגאַנגען נאָר אין דער ריכטונג פון פאַרניכטן דעם לאַגער; קיין שום מעגלעכקייט צו ראַטעווען כאָטש אַ קליינעם טייל פון די אומגליקלעכע איז ניט געווען פאָרויסגעזען. פאַרן פּלאַן צו פאַרניכטן דעם לאַגער האָט אויך מיטגעווירקט דער מאָמענט וואָס מיר האָבן פאַרהעלטניסמעסיג געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען בענזין, נאַפט און אַנדערע לייכטברענענדע מאַטעריאַלן. דאַקעגן אָבער איז ניט לייכט געווען צו באַקומען געווער, כדי מיר זאָלן לענגער באַהערשן די לאַגע און אפשר זיך טיילווייז ראַטעווען.

דער זייגער איז 1 נאָכמיטאָג. יעדער האָט שוין אָפּגעגעסן זיין וואַסער־זופּ. אין אונדזער לאַגער געפינט זיך דער אינזש. גאַלעווסקי; ער איז דער פאָרזיצער פון אויפשטאַנד־קאָמיטעט, ער פירט דורך די לעצטע איבערגרופּירונגען פון די מענטשן אין די גרופּעס, וואָס גייען זיך פונאַנדער אויפן וועג צו דער אַרבעט, לויט דעם פאָרויסבאַשטעטיגטן פּלאַן, באַקומט יעדע גרופּע צוגעטיילט אירע מענטשן וואָס דאַרפן אָנפירן מיטן קאַמף. דער לעצטער האַרציגער האַנט־דרוק, אָן ווערטער פון אונדזער קאָמענדאַנט, ווינטשנדיק, אַז די אַרבעט זאָל דורכגעפירט ווערן בשלימות און בכבוד, האָט אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן ביי די שטאַרקסטע נאַטורן. קיינער האָט זיך אין דעם מאָמענט ניט געקענט באַהערשן.

בראש פון די אַרבעטס־גרופּן גייט ווי תמיד דער דעזינפעקטאָר מיט זיין גרויסן דעזינפעקציע־פּאַס אויף די פּלייצס. היינט האָט ער אַנשטאָט דעזינפעקציע־מאַטעריאַל אַריינגעגאָסן 25 ליטער בענזין און אַנשטאָט אויף די מלבושים פון די קרבנות, וועלכע ווערן יעדן טאָג פאַרלאָדן נאָכן „פּאָטערלאַנד", וועט ער שפּריצן אויף די ווענט פון די באַראַקן. די פאַרבינדונג מיטן צווייטן „טויטן־לאַגער" ווערט אויפגעהאַלטן דורך חבר וויערניק, און ווען דער לעצטער האָט באַקומען די ידיעה אַז „היינט וועט זיך אָנהויבן", איז זיין גרויער קאָפּ ווי ייִנגער געוואָרן און זיין פּנים האָט אויפגעשטראַלט. דער ענטפער איז געווען קורץ: „איר מעגט זיך אויף אונדז פאַרלאָזן". מיר ווייסן גוט, אַז אין צווייטן לאַגער געפינט זיך אונדזער האַרציקער חבר זשעלאָ — אַ געוועזענער קאַפּיטאַן פון דער טשעכישער אַרמיי, אַ מענטש וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַ גרויסן קוואַל פון ענערגיע און אָרגאַניזיר־פעיִקייט.

די גרופּע חברים וואָס זענען באַשטימט אויף אַרויסצוּבאַקומען דאָס געווער פון אַרסענאַל, זענען פאָרמירט, די ליטונג איבער זיי איז אָנפאַרטרויט אין גוטע הענט פון חבר סודאָוויטש — אַ אינזשיניער־אַגראָנאָם פון טשענסטאָכאָוו. די שליסלען צום אַרסענאַל זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין

גוטע הענט; ס׳איז אויך באַשטימט געוואָרן אַז די וועגענער וואָס האָבן געדאַרפט פירן בוי־מאַטעריאַל צו בויען נאָך אַן אָבסערוואַציע־טורעם, וועלן דאָס מאָל איבערפירן געווער. אויסגעפּרובטע חברים האָבן באַזעצט די וועגענער און ס׳איז גלייכצייטיק באַשטימט געוואָרן, וואָס זיי האָבן צו ענטפערן אויב מ׳וועט זיי כאַפּן מיטן געווער.

די לעצטע פאָרבערייטונגען. אינסטינקטיוו וואַרפן די געזעגענונגס־חברים די לעצטע בליקן אויפן נאָענטן פעלד, וואו פון גריבער זעצט דאָס פייער־און־רויך פון די ברענענדיקע קערפּערס. דאָס איז דער לעצטער געזעגענונגס־בליק מיטן אַש פון אונדזערע מאַרטירער, דער לעצטער בליק צו די באַראַקן אין וועלכע מ׳האָט זיך געפּייניקט 12 חדשים.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר געהאַט דאָס געפיל פון ניט ווי צום טויט פאַרמשפּטע, פון מענטשן וועלכע דעצידירן אַליין איבער זייער גורל; און צו דער אַרבעט זענען מיר דאָסמאָל געגאַנגען מיטן באַוואוסטזיין, אַז צוריק וועלן מיר ניט קומען. אָבער ס׳איז אויך געווען קלאָר, אַז דאָסמאָל וועלן אויך אַ סך פון די דייטשע און אוקראַאינישע מערדער — אונדזערע שטענדיקע באַגלייטער — אויך ניט צוריקקומען היינט אין די באַראַקן.

דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער. ביי דער אַרבעט זענען מיר געווען אין אַ געשפּאַנטער שטימונג, וואַרטנדיק אויפן באַפעל אַרויסצונעמען דאָס געווער.

פּינקטלעך 3 אַזייגער האָט זיך צו אונדזער גרופּע דערנענטערט אונדזער פאַרבינדונגס־מאַן, דער חבר יוסף האָניקשטיין; אין נאָמען פון קאָמענדאַנט גאַלעווסקי האָט ער אונדז געמאָלדן, אַז פאַר אונדזער גרופּע איז באַשטימט געוואָרן: 4 האַנט־גראַנאַטן, 2 ביקסן און 5 רעוואָלווערן. אין לויף פון עטלעכע מינוטן האָבן מיר דאָס געווער געזאָלט באַקומען. אַלע שטראַלן פון פרייד, און דאָס אָרט אויף צו באַהאַלטן דאָס געווער — איז אָנגעגרייט.

אין אַ מינוט אַרום זעען מיר, ווי דער גרויסער מאָניעק טראָגט אַן עמער, דאָס זענען די 4 גראַנאַטן, דער ערשטער טראַנספּאָרט געווער. ס׳ווערט אויסגעליידיקט דער עמער און מיר וואַרטן אויפן צווייטן טראַנספּאָרט, מיר ווייסן גענוי אַז די אַקציע דאַרף זי אָנהויבן לויט אַ סיגנאַל פּינקטלעך 4.45. אונדזער פאַרבינדונגס־מאַן קומט צום צווייטן מאָל און טיילט אונדז מיט, אַז די גרעסטע צאָל געווער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער גרופּע פון חבר זאב קורלאַנד, ביים „לאַזאַרעט”, מיר גיבן זיך אָפּ דערפון אַ רעכנונג, ווייל דאָס הייסט אַז דער קאָמענדאַנט האָט באַשלאָסן דעם שווערפּונקט פון דער אַקציע איבערצוטראָגן צו דער גרופּע „לאַזאַרעט”, וועלכע געפינט זיך אין נאָענטסטן פּונקט פון צווייטן לאַגער, דאָס איז צוליב די אָרטיגע 300 חברים וואָס דאַרפן זיך אָנשליסן אין קאַמף. דער גאַנצער פּלאַן איז פאַר אונדז קלאָר אַז אין דרום־טייל פון לאַגער וועלן אַריינגעצויגן ווערן צום קאַמף די גרעסטע מערדער פון לאַגער און דאָרט וועט קומען זייער סוף. נישט ווייניקער אַנטוישט איז געווען אונדזער גרופּע, וועלכע האָט געהאַט די אַמביציע זיך צו טרעפן אין קאַמף גראָד מיט אָט די גרעסטע מערדער.

מיטן דערנענטערן זיך די שעה פון דער אַקציע, דערגייט די שטימונג אין לאַגער צו דער העכסטער שפּאַנונג; שוואַכערע און ניט־דיסציפּלינירטע חברים הויבן אָן זיך־געזעגענען איינער מיטן צווייטן, און דאָס באַמערקט דער דייטשער לאַגער־פירער קוטנער, און מיט זיין היגטישן חוש דערפילט ער עפּעס „טוט” זיך אין לאַגער. ער לויפט אַרום פון גרופּע צו גרופּע, זוכט, פאָרשט און איז זיך מיישב מיט זיינע העלפער. צום גליק געפינט ער גאָרניט, אָבער ס׳איז צו מערקן, אַז ער באַאומרואיקט זיך.

מיטגלידער פון די קאָמיטעטן — גאַלעווסקי, לייכערט, סודאָוויטש, קורלאַנד און אַנדערע — האַלטן אָפּ אַ באַראַטונג און באַשליסן אַז אויב קוטנער איז עפּעס אומרואיק, איז דאָס ניט קיין שווערע זאַך, מ׳זאָל במשך פון 2 מינוט אַלעמען פאַרזאַמלען אויפן פּלאַץ און ביז צו איינעם אויסשיסן תיכף ומיד. מ׳האָט אויך מורא אַז ס׳זאָל זיך ניט געפינען עפּעס אַ שוואַכע נאַטור, און זאָל זיך איינברעכן אין דער לעצטער מינוט און אַלץ אויסגעבן. ס׳ווערט באַשלאָסן ניט צו וואַרטן ביז 4.45 נאָר גלייך אָנצוהויבן. די פאַרבינדונגס־מענטשן ווערן פונאַנדערגעשיקט מיט די באַריכטן אַז שוין מוזן מיר זיין גרייט, און אויף דעם געגעבענעם סיגנאַל, מוז די אַקציע גלייך זיך אָנהויבן, לויט די אָנגענומענע אינסטרוקציעס.

אַלע חברים וואַרטן מיט דער גרעסטער געשפּאַנטקייט אויפן סיגנאַל. די וועלכע האָבן ניט קיין געווער, דריקן אין זייערע הענט די אייזערנע אַרבעטס־כלים, און איינער קוקט אַריין אין די אויגן פון צווייטן, זוכנדיק דאָרט די שבועה וואָס מיר האָבן אָפּגעגעבן; אין געדאַנק לויפן אַדורך די גרויזאַמע 12 חדשים, די מינוטן ווען מען האָט מיין מוטער, שוועסטער און ברודער געלייגט אין פייער אַריין, די לאַנגע רייען פון נאַקעטע ביי די גאַז־קאַמערן. פרויען מיט זייערע קינדער דריקענדיק זיי צום האַרצן, אַלץ, אַלץ, וואָס איז דורכגעווייקט פון בלוט און טרערן; איך בין געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן גלויבן, אַז אונדז וועלן די מערדער ניט פירן אין די גאַז־קאַמערן ווי זיי האָבן געפירט מיין פרוי און איינציג קינד.

פּונקט 3.45, איין שעה פאַר דער פאָרויסגעזעענער צייט, דערהערן מיר אַ סיגנאַל, דאָס איז אַ שאָס פון אַ ביקס אין דער ריכטונג פון די דייטשע באַראַקן, און גלייך נאָך דעם האָבן אונדזערע גראַנאַטן אויפגעריסן אין אַלע ווינקעלעך פון לאַגער. דער בענזין־רעזערוואואַר, וועלכער איז מיט איניגע טעג צוריק אָנגעפילט געוואָרן מיט 20 טויזנט קילאָ בענזין, איז אויפגעריסן און פאַרשפּרייט זיין פייער אויף אַ גרויסן שטח פון לאַגער, אין אַ מינוט אַרום האָט געברענט אין אַלע זייטן, דעטאָנאַציעס — אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דער אַרסענאַל האָט באַקומען אַ גראַנאַט און ס׳ציטערט די ערד פון די אויפרייסן. אין אונדזער גרופּע זיינען שוין פאַראַן קרבנות פון די אייגענע גראַנאַטן, דער חבר מאָניעק איינגעהילט אין רויך צילט פון זיין ביקס אויפן אוקראַאינישן וועכטער. דער אוקראַאינישער מערדער פאַלט אויפן אָרט אַ טויטער. גלייך האָט מען ביי אים צוגענומען זיין ביקס, און

איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ גוט־געשולטן זעלנער. מיט אַ „הורא״־געשריי וואַרפן זיך די איבערגעבליבענע חברים אויף אַרומיקע וועכטער און דער קאַמף גייט אויף טויט און לעבן. טרעבלינקע איז איינגעהילט אין רויך און פייער; אין רויך און פייער זענען אומגעקומען מיליאָנען און אין רויך און פייער ווערט טרעבלינקע פאַרניכטעט.

דער קאַמף דויערט. מיין פריינט האָניגשטיין, אונדזער פאַרבינדונגס־מאַן, ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט און שרייט זיין לעצטן רוף: „חברים, ניט פאַרלירן דעם מוט, דערפילט אייער חוב און ראַטעוועט אונדזער כבוד! אונדזערע פרויען און קינדער רופן צו נקמה!״

פון ווייטן זעען מיר שוין ווי די ערשטע גרופּע חברים פון צווייטן לאַגער רייסט דורך די קייט פון אוקראַינער, זיי קומען אונדז צו הילף, די סטראַטעגישע אויסרעכנונג פון אונדזער קאָמענדאַנט איז געווען אַ ריכטיקע. חברים פון צווייטן לאַגער איילן צו אונדז, אַנדערע רייסן אויף די דראָטן אויף צו דערמעגלעכן דאָס אַנטלויפן, די חברים קעמפן מיט מסירת־נפש און ס׳איז צו מערקן די „גרויסע דייטשע העלדן״ האָבן פאַרלוירן די קעפּ פון דער אומדערוואַרטעטער אַקציע. מיר נוצן אויס דעם מאָמענט און נעמען ביי זיי אַוועק די מעגלעכקייט זיך אויפכאַפּן...

דער שטאַרקער רויך און דאָס פייער פון די באַראַקן, לאָזן אונדז נישט זיך פאַרבינדן מיט די חברים גאַלעווסקי און קורלאַנד, וועלכע שטייען אַליין אין קאַמף אויף דער דרום־זייט פון לאַגער, מיר זענען אָנגעוויזן אויף די אייגענע כוחות און דער טויט האָט שוין געטראָפן צענדליקער פון אונדזערע חברים. קוילן האָבן מיר שוין ניט, און דאָך זענען מיר עלטערע פון די גרופּן געבליבן לעבן, ניט קוקנדיק אויפן פייער פון די אַבסערוואַציע־טורעמס. מיר באַשליסן דורכרייסן די דראָטן פון אַ דיקן וואָל; עטלעכע געלינגט איינצורייסן אַ לאָך אין דער וואַנט און מיר לויפן אַרויס אין נאָענטסטן וואַלד.

מיר קענען זיך ניט באַפרייען פון בילד ווי די מערדער האָבן זיך געראַנגלט מיטן טויט, אין דעם זעלבן טרעבלינקע אין וועלכן זיי האָבן מיליאָנען פאַרפייניקט. „מקום הרשע שם המשפט״ — מיר האָבן אויסגעפירט אונדזער אויפגאַבע בשלימות, על קידוש השם: טרעבלינקע איז פאַרשוואונדן, אַ פעסטונג פון שוידערלעכן נאַציזם איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד, און פאַר אונדז, 22 ביים לעבן געבליבענע, וועט טרעבלינקע בלייבן דער סינאָנים פון מסירות־נפש. טיף בויגן מיר די קעפּ פאַר אונדזערע העלדישע, אין קאַמף־געפאַלענע, חברים, און דאָס אָנדענקען פון גאַלעווסקי, זאב קורלאַנד, ד״ר כאָראָנזשיצקי, סודאָוויטש, זאַלצבערג און אַנדערע, וועט בלייבן אין אונדזער זכרון, און מיט כבוד וועלן מיר דערמאָנען זייערע נעמען. אפשר וועלן נאָך אַמאָל די אַלע ביים־לעבן־געבליבענע זוכה זיין צוקומען קיין ארץ־ישראל און מיר וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו פאַראייביקן די נעמען פון די קדושים פון טרעבלינקע אין ארץ־ישראל, וואו אַסך פון זיי זענען געווען מיט זייער גייסט און נשמה.

**אויספאָרשונגס־קאָמיסיע אין טרעבלינקע**



נאָך דער מלחמה. ערשטער רעכטס — שמואל רייזמאַן; דריטע פון לינקס — רחל אוירבאַך

## ש. ל. שניידערמאַן

# דער ווענגראַווער עדות אין נירענבערגער פּראָצעס

(לויט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „מאָרגן זשורנאַל“ אין יאָר 1945)

דער אויפטריט פונעם ווענגראַווער יידישן עדות, שמואל רייזמאַן, וועלכער איז געווען פון די העלדישע אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, פאַרן נירנבערגער טריבו־נאַל, האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער וועלט און געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף די ריכטער און אינטערנאַציאָנאַלע אָבסערוואַטאָרן פון פּראָצעס.



שמואל רייזמאַן, געבוירן אין יאָר 1904 אין ווענגראָוו, איז דערצויגן געוואָרן אין אַ טראַדיציאָנעל־יידישן גייסט אין אַ פאַרמעגלעכער ציוניסטישער משפּחה. געענדיקט די העב־רעאישע גימנאַזיע פון מ. קרינסקי אין וואַרשע און ביז סוף זומער 1942 האָט ער זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ און געווען באַשעפטיקט אַלס בוכהאַלטער אין דער צענטראַ־לע פון די טעבענס־פאַבריקן אין וועלכער צענדליקער טויזנטער יידן האָבן געאַרבעט פאַר דער דייטשישע אַרמיי.

אויפן שטח פון די דאָזיקע פאַבריקן איז אָנגעפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע אונטערערדישע טעטיקייט, אין וועלכער שמואל רייזמאַן האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. ער איז געווען אין אַ באַזונדער נאָענטן קאָנטאַקט מיטן אָר־גאַניזאַטאָר פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע „זשידאָווער סקאַ אָרגאַניזאַציע באָיאָוואַ“.

דעם 24 אויגוסט 1942, ווען אין וואַרשעווער געטאָ איז דורכגעפירט געוואָרן די מאַסן דעפּאָרטאַציע, איז רייזמאַן פאַרשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו ער האָט געאַרבעט ביים סאָרטירן און עקספּעדירן קיין דייטשלאַנד די מלבושים פון די פאַרגאַזטע יידן. עטלעכע שעה אין טאָג האָבן די נאַציס אים באַשעפטיקט אויך אַלס איבערזעצער פון פאַרשיי־דענע שפּראַכן, באַזונדערס ווען ס׳פלעגן געבראַכט ווערן די טראַנספּאָרטן פון פראַנצויזישע, גריכישע און רוסישע יידן.

ווי נאָר ער איז געקומען קיין טרעבלינקע איז רייזמאַן צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן די אונטערערדישע באַוועגונג אין לאַגער, צוזאַמען מיט די אומגעקומענע העלדישע פירער, אינזשיניער גאַלעווסקי און ד״ר כאָראַנזשיצקי פון וואַרשע, ווי אויך וואָלף קורלאַנד פון טשענסטאָכאָוו. נאָכן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע איז ער צוזאַמען מיט אַ גרופּע קעמפער, צווישן זיי דער לעבן־געבליבענער אַלעקס קודליק פון טשענסטאַכאָוו, אַנטלאָפן אין די וועלדער אַרום זיין געבורטס־שטאָט ווענגראָוו און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן אַ פול יאָר ביז דער באַפרייאונג.

אויסבאַהאַלטן זיך האָט זיי מיטגעהאָלפן אַ פּאָלאַק פון ווענגראָוו, רייזמאַנס אַ יוגנט־חבר, עדוואַרד גאַלאַש, וועל־כער איז איצט ריכטער אין וואַרשע. ער האָט איינגעשטעלט זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע און זיי געבראַכט עסן און אַנדערע נויטיקע זאַכן צו זייער אונטער־ערדישער באַהעלטעניש אין וואַלד, און דאָס אָן אַ פּרוטה, ווייל קיין געלט האָבן זיי נישט געהאַט.

דעם 13־טן יולי 1945 איז די קליינע גרופּע לעבן־געבליבענע אויפשטענדלער פון טרעבלינקע באַפרייט געוואָרן דורך אַ רוסישער טאַנק־אָפּטיילונג, וואָס האָט געשטורמט די דייטשע פּאָזיציע אין דער זעלבער געגנט.

שמואל רייזמאַן איז דעמאָלט צוריק אַריין אין זיין היים־שטאָט ווענגראָוו, ווייל אַהין האָבן גענומען זיך אומקערן עטלעכע הונדערט יידן פון די פאַרשיידענע באַהעלטענישן. אין דער שטאָט ווו ס׳איז אַ מאָל געווען אַ גרויסע און בליענדע יידישע קהילה, האָט שמואל רייזמאַן גענומען אָרגאַניזירן אַ גאַרבעריי־קאָאָפּעראַטיוו, אין וועלכער ס׳זענען באַשעפטיקט געווען 16 יידן, און די דאָזיקע אונטערנעמונג אָנגעפירט במשך פון 8 חדשים.

ווען די ווייטערדיקע שטחים פון פּוילן זענען געוואָרן באַפרייט, איז רייזמאַן אַוועק איבערן לאַנד זוכן זיין קינד, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פון געטאָ צום באַהאַלטן. ער האָט אָבער נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום שפּורן. ער האָט זיך דאַן באַזעצט אין לאָדזש, ווו ער האָט אָנגעפירט מיטן יידישן קאָאָפּעראַטיוו „סוראָוויעץ“ (רוישטאָף) און דאָרט פאַרבליבן ביז פעברואַר 1946, ווען ער איז דורך דער פּוילישער פאַרשטייערשאַפט ביים נירנבערגער טריבונאַל אַרויסגעבראַכט געוואָרן אַלס עדות .

שמואל רייזמאַן האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען ווי מ׳האָט די מוטער פונעם גרויסן פּויליש־יידישן פּאָעט, יוליאַן טובים, אַריינגעשטופּט אין דער גאַז־קאַמער. די אַלטיטשקע פרוי איז געווען ביים פּולן באַוווסטזיין און די אַרומיקע יידן, וועלכע האָבן געוואָרט אויף זייער ריי, האָבן איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן: „דאָס איז די מוטער פון יוליאַן טובים“. אין טרעבלינקע זענען אויך פאַרברענט געוואָרן די מוטער און די פרוי פון שמואל רייזמאַן.

# דאָס עדות־זאָגן פון פעלאַגיאַ פּאַגעלגעזאַנג

וױ אַזױ זי האָט אָפּגעראַטעװעט און דערצױגן דאָס יידישע מיידעלע לוסיאַ פּאַרביאַזש

דעם 1 מאַי 1943 בשעת די היטלערישע מערדער האָבן אויסגעפירט אין ווענגראָוו די צווייטע אַקציע, האָט זיך אַרום 12 בייַנאַכט דערהערט נעבן מיין הויז אַ ספּאַזמאַטיש געשריי. די נאַכט איז געווען אַ טינקעלע און קילע. אַלע אין הויז האָבן מיר זיך אויפגעריסן הערנדיק דאָס געשריי און די שיסעריי פון דערווייטנס. אונדזערע קערפּערס און הערצער זענען פאַרגליווערט געוואָרן. מיר הערן זיך צו, לויפן פון איין צימער אין אַנדערן, פון איין פענצטער צום צווייטן. איך הער געגנוי אַ געוויין פון פרויען און אַ שטאַמלדיק געשפּרעך צווישן זיי. איך האָב מורא אויפצומאַכן די טיר און דורכן פענצטער זע איך גאָרנישט. דאָס געשפּרעך האָט זיך איבערגעריסן, אָבער איך הער ווידער אַ געוויין פון אַ פרוי, און נאָכער פון אַ קינד, און גלייך אויך אַ האַרצרייסנדיק רופן: מאַמע! עס איז געווען שווער דאָס צו הערן. איך האָב מיר באַלד פאָרגעשטעלט, אַז אַ מוטער האָט אונטערגעוואָרפן איר קינד און איז אַוועק. דאָס רעדן פון די פרויען האָט מען מער ניט געהערט, בלויז שיסערייען האָט מען געהערט. איך האָב מיך אַרויסגעבויגן דורכן פענצטער כדי פעסטצושטעלן ווו עס געפינט זיך דאָס שרייענדיקע קינד. אָבער צוליב דער פינצטערניש האָב איך גאָרניט געזען. אויף איינמאָל האָט מייך 18־יעריקע פלימעניצע האלינא לוקייציק זיך אויפגעריסן, אַרויס דורכן פעדערשטן אַריינגאַנג אין דרויסן און אַריינגעבראַכט אין הויז אַריין אַ קינד. אין דער פינצטער — ווייל מיר האָבן מורא געהאַט אָנצינדן ליכט — האָבן מיר דאָס קינד באַרויקט. האלא האָט עס אַריינגענומען צו זיך איך בעט, און עס איז איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן שלאָף ביז דעם צווייטן טאָג בייטאָג.

אויף מאָרגנס, דעם צווייטן מאַי, האָב איך דאָס קינד אַ ביסל אין אָרדנונג געבראַכט, עס עסט וואָס איך גיב איר, רעדט גאָרנישט און האָט מורא פאַר מענטשן און ביים קלענסטן קלאַפּ און שאָרך פאַרבהאַלט עס זיך.

דעם צווייטן טאָג פאָר איך קיין וואַרשע צו די דייטשישע מאַכט. מ׳וויל מיין מאַן מאַכן פאַר אַ פאָלקס־דויטשע צוליב זיין דייטשישן נאָמען פּאַגעלגעזאַנג. איך גיב זיי צו פאַרשטיין, אַז מיין מאַן קען ניט אַלס שולדירעקטאָר אַרויספאָרן אויף אורלויב. אין מיטן געשפּרעך פרעגן זיי מיר, ווי איז מיין מיידלשער נאָמען. איך ענטפער פעלאַגיאַ יעקובוביץ. באַלד פאַלט אויף מיר אַ חשד אַז איך בין אַ יידיש קינד. אַ שוידער גייט מיך דורך ווען איך קלער, אַז איך און דאָס קינד זענען פאַרפאַלן. צום גליק איז מיר געלונגען אַרויסקריגן אַ מעטריקע פון מיין מוטער, פאָטער, באבע און זיידע, און אַזוי אַרום איבערצייגן מיין כשרן אָפּשטאַמען. די זאַך האָט געדויערט אַרום 5 וואָכן.

אינצווישן האָט זיך דאָס קינד באַרויקט. איך פאַרבעהאַלט זי און קיינער ווייסט ניט וועגן איר, אויסער מיינע שכנים און אויך זיי האָבן דערווייל געשוויגן.

אין אַ געוויסער נאַכט האָט שטילערהייט אָנגעקלאַפּט צו מיר אַ ייד און געבעטן ברויט. ווען איך האָב אים אויפגעמאַכט די טיר און געגעבן דאָס ברויט האָט ער מיר געזאָגט אַז ער איז זייער הונגעריק און קראַנק. איך ערקלער אים, אַז איך קען אים מער ניט העלפן, ווייל איך האָב מורא פאַר מיינע שכנים, און אַ חוץ דעם באַהאַלט איך אויס אַ קינד און איך וויל זייער עס זאָל לעבן בלייבן. אויף דעם ענטפערט ער מיר, אַז ער ווייסט וועגן דעם; ער אַליין איז חיים פּאַרביאַזש, דאָס קינד איז זיין ברודערס און ער וויל עס זען. ער דערציילט מיך אויך, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן מיט זיין משפחה, און אויב עמעצער פון זיי וועט קומען צום קינד, זאָל איך איבערגעבן אַז ער לעבט און געפינט זיך אין אַ בונקער נעבן שאָסיי. ער האָט אַ קוש געטאָן דאָס קינד און איז אַוועק. פונעם קינד האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אין דעם בונקער ווי זי איז געווען, איז געווען אויך פייגע, די באבע פון אַלטע און פרעדזיע, חיים און יוסק און שמואל (ער לעבט שוין ניט) און דער קליינער לייזערל (חיים האָט אונדז אויך דערציילט, אַז דעם קינדס פאָטער איז געשטאָרבן פון אַ טיפוס און נאָר די מאַמע לעבט). זי דערציילט אויך, אַז צירל איז חיים׳ס און פרעדזיה איז יוסק׳ס, און פייגע איז איר מאַמעס. זי דערציילט, אַז אין בונקער זענען געווען אַ סך מענטשן, ס׳איז דאָרט טונקל און אַ שלעכטע לופט. ביי מיר געפעלט איר גוט, עס איז זויבער און ס׳איז דאָ גוט עסן.

נאָך עטלעכע טעג קומט ווידער חיים. איך גיב אים ברויט, מאַרמעלאַדע און הייסע טיי אין אַ טערמאָס. דאָס מאָל האָבן מיינע שכנים עפּעס געהערט און מיר איבערגעפרעגט, צי עס איז עמעצער געקומען צו מיר בייַנאַכט, אָדער איך בין אַרויסגעגאַנגען. איך האָב קורץ געענפערט, אַז איך האָב אַרויסגעלאָזט די קאַץ. אַ אַנדערע נאַכט, ווען איך האָב חיים׳ן צוגעזאָגט עפּעס צו עסן אָנגרייטן, בין איך ביז שפּעט ניט געגאַנגען שלאָפן. עס איז געווען אַ וואַרימע ליכטיקע נאַכט. איך האָב דערזען אַ סילוועטע דערנענטערט זיך פונעם וועלדל צו מיין הויז. איך בין אַרויס הינטערן הויז און ער איז צוגעגאַנגען צו מיר. איך האָב אים געגעבן דאָס אָנגעגרייטע עסן און אים געבעטן מער צו דער שטוב ניט צוגיין, ווייל מיינע שכנים פילן עפּעס. מיר האָבן באַשטימט, אַ פּלאַץ ווו איך וועל אַוועקלייגן דאָס עסן און ער וועט עס קומען נעמען. און אַזוי איז געווען. ער איז מער ניט געקומען. עס איז אָבער געקומען אַ צווייטער ייד, דער אייגנטימער פון דער מיל, קליין, און מיט אים נאָך איינער. אַ יונגער. זיי האָבן שטאַרק געקלאַפּט אין פענצטער און געבעטן עסן. איך האָב זיי אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע ברויט וואָס איך האָב פאַרמאָגט אין הויז; ערגער איז פאַר מיר געווען, וואָס זיי זענען אַרויף אויפן בוידעם פונעם קעמערל און דאָרט געזעסן אַ גאַנצע וואָך. קליין איז קראַנק, אָבער



לוסיא מיט איר רעטערין פעלאגיא

איך בעט זיך ביי זיי, זיי זאָלן אַוועקגיין, ווייל כ׳האָב מורא אַז צוליב זיי איז דאָס קינד אין אַ סכנה.

און דאָ פאָדערט איינער פון די שכנים איך זאָל מעלדן וועגן קינד. און אויב איך וועל דאָס ניט מאַכן, וועט ער גיין מעלדן. ער ווייזט מיר אַ מודעה, אין וועלכער ס׳איז געשריבן, אַז ווער עס באַהאַלט אויס עמיצן, אָדער ווער עס ווייסט וועגן דעם און מעלדעט ניט, קריגט טויט שטראָף און ער וויל זיין לעבן ניט איינשטעלן. איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז איך וועל אין די נאָענטע טעג מעלדן וועגן קינד. דאָס גאַנצע געשפרעך האָט אויסגעהערט קליין, ליגנדיק אויפן בוידעם. ער איז קראַנק און איך הייל אים מיט אַספּירין און הייסער מילך. חיימ׳ן האָב איך שוין לאַנג ניט געזען. דאָס עסן נעמט ער פונעם באַשטימטן פּלאַץ.

אין אויגוסט באַשליס איך גיין אין דער זשאַנדאַרמעריע מעלדן דאָס קינד. קליין מיט זיין חבר מוזן פאַרלאָזן דאָס הויז; מיינע שכנים דערקוטשען מיר זייער און איך בין אין אַ שטאַרקער שרעק.

אין אַ פאַרטאָג פאַלן אַריין צו מיר אין הויז די זשאַנדאַרמען זוכן יידן. זיי זוכן אין יעדן ווינקל; איך בין ניט געווען זיכער צי קליין איז שוין אַוועק; צום גליק האָט מען גאָרניט און קיינעם געפונען. נעבן דער שולע, ניט ווייט פון מיין הויז, האָט מען ענדעקט אַ בונקער, אָבער קיינער איז דאָרטן ניט געווען. אויפן צמענטער האָט מען דעם טאָג געכאַפּט צוויי יידן. מ׳האָט געזאָגט, אַז זיי זענען געווען די איינוווינער פון דעם בונקער. דערווייל לייג איך ניט אַרויס קיין עסן. איך האָב מורא. איך האָב געקריגן אַ באַפעל פון די זשאַנדאַרמען, ברענגען צופירן דאָס קינד. דעם טאָג בין איך קראַנק געוואָרן, איז מיט איר געגאַנגען מיין פלימעניצע האלא. זי האָט זייער ליב לוסיען. לוסיא רעדט שוין זייער שיין פויליש און קען שוין אייניקע לידלעך.

די זשאַנדאַרמען האָבן אַלץ גענוי אויסגעפרעגט, און האלא האָט זיי דערציילט, אַז דאָס קינד האָבן מיר געפינען אַ וויינענדיקע און מיר וועלן ניט שווערן, אַז עס איז אַ יידיש קינד. עס האָט זיך צווישן די דייטשע זעלנער געדרייט אַ מיידל און יעדער יאָר האָט זי אונטערגעוואָרפן אַ קינד און די שכנים זאָגן, אַז דאָס מיידעלע איז מן הסתם אירס. די זשאַנדאַרמען האָבן אויך דאָס קינד אויסגעפרעגט פאַרשידנס און אויך געפרווט צו איר רעדן יידיש, אָבער זי האָט געלאַכט. האלינקא האָט געהייסן דעם קינד דעקלאַמירן אַ ליד, און זי האָט עס זייער שיין אויסגעפירט.

זי איז זייער געפעלן די זשאַנדאַרמען און זיי האָבן געפרעגט: ווער האָט דיך דאָס אויסגעלערנט. זי האָט דרייסט געענטפערט: די מומע. אַזוי האָט זי מיר גערופן, ווייל אַזוי האָט מיך אויך גערופן האלא. דער קאָמענדאַנט האָט לוסיען מכבד געווען מיט צוקערקעס און געזאָגט האלען: „גיב איבער דער פרוי פּאָגעלגעזאַנג, אַז איך ערלויב איר ערציען דאָס קינד; זי דאַרף צו מיר קומען ווען זי וועט געזונט ווערן". פאַר אונדז אַלע איז עס אַ גרויסע פרייד.

צומאָרגנס, ווען ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, קומט חיים, אַ פאַרוואַקסענער און הונגעריקער. ער דערציילט אַז עס איז זייער שלעכט, פרעגט צי עס איז עמעצער געקומען צום קינד און וויל עס מיטנעמען מיט זיך. איך דערצייל אים אַלץ, אָבער דאָס קינד גיב איך ניט. ער איז טרויעריק און פאַרזאָרגט און בעט ביי מיר 50 זלאָטעס.ליידער האָב איך איבערהויפּט קיין געלט ניט געהאַט. איך האָב אים געגעבן ברויט און קעז. ער האָט מיר געזאָגט איך זאָל זיך ניט זאָרגן און איז אַוועק.

דעם זעלבן טאָג האָט מען נעבן וואַלד דערהרגעט עטלעכע מענטשן. מ׳זאָגט אַז זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין בונקער נעבן דער שולע. דערווייל דערציילט מען מיר, אַז אין שטאָט רעדט מען, אַז דעם בונקער האָט געמאַכט דער לייטער פון דער שולע, דאָס הייסט עס פאַלט אַ חשד אויף מיין מאַן. איך דערצייל אים ניט וועגן דעם.

אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען איך גיי אין אָוונט נאָך מילך, באַמערק איך אַ שאָטן דרייט זיך ביי מיין הויז. איך גיי צו נענטער און דערזע אַ זשאַנדאַר. ער האָט מיך גענומען פרעגן ווו איך גיי, און איך האָב אים געענטפערט אַז איך גיי נאָך מילך. ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך אים שוין אויף דעם פּלאַץ ניט געטראָפן.

לוסיא איז ניט געזונט. עס טוט איר וויי דאָס קעפּעלע, ברעכן די פיסלעך און הענטלעך. איך גיב איר אַ קינדערדאָזע אַספּירין, רייב איין מיט ספּירט די הענטלעך און פיסלעך, טוליע זי צו מיר און זינג איר. ביינאַכט דערהערן מיר נעבן אונדזער הויז שיסערייען און געשרייען און שטאַרק קלאַפּן אין טיר. זשאַנדאַרמען זענען געקומען מאַכן אַ רעוויזיע אין הויז, ווייל מ׳האָט זיי צוגעטראָגן, אַז מיר באַהאַלטן אויס יידן. לוסיא האָט זיך זייער דערשראָקן פאַר זיי און וויינט אַרומנעמענדיק מיין האַלדז. איך טרעט ניט אָפּ פון איר. מיין מאַן איז אין בעט און האלינקא מאַכט זיי אויף די טיר און גיט זיי די שליסל פון דער קאַמער. איינער פון די זשאַנדאַרמען רעדט צו מיר פויליש. ער זאָגט, אַז עמיצער האָט דערציילט, אַז צו אונדז קומען אַלע מאָל יידן, אָבער

זיי זען אַז עס איז ניט ריכטיק, ווייל מ׳האָט דאָך קיינעם ניט געפונען.

נאָכער האָב איך לוסיען באַרויקט און אויך אַליין געגאַנגען אין בעט, אָבער שוין ניט איינגעשלאָפן. גייענדיק אין דערפרי אין שטאָט אַריין האָב איך באַגעגנט נאָענט פונעם הויז אַ פוילישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אויף מיר זייער געקוקט. איך האָב שנעל מיינע זאַכן אין שטאָט ערליידיקט און גייענדיק צוריק האָב איך באַמערקט, אַז דאָס עסן וועלכעס כ׳האָב צוריק מיט דריי טעג אַרויסגעלייגט פאַר חיימ׳ן ליגט ניט גערירט. איך וויל עס צונעמען, האָב אָבער מורא עמיצער זאָל דאָס ניט מערקן, און ריר זיך ניט צו צו דעם. דער פּאָליציאַנט איז שוין ניט געווען.

עס גייט אַוועק אַ געוויסע צייט, און ווידער מאַכט מען ביי אונדז רעוויזיעס. איינמאָל בייטאָג, איינמאָל ביינאַכט, און אַזוי עטלעכע מאָל אין פאַרשידענע צייטן פון טאָג און נאַכט. איך דערוויס זיך בסוד, אַז מ׳קוקט אונדז נאָך בייטאָג און ביינאַכט. די נעכט זענען שוין קילע.

איינמאָל, ווען איך בין דורכגעגאַנגען נעבן דער זשאַנדאַרמעריע, איז אַרויס אַ זשאַנדאַרם און מיך אַריינגערופן צום קאָמענדאַנט. ער האָט מיך געפרעגט צי דאָס קינד איז נאָך ביי מיר, און ווען איך האָב דאָס באַשטעטיקט האָט ער מיר געהייסן אַריינטראָגן אין גערי‌כט אַ ביטע אויף צו אַדאָפּטירן דאָס קינד. איך האָב זיין באַפעל אויסגעפירט און שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג אַריינגעטראָגן אַ ביטע און געקריגן אויף דעם אַ באַשטעטיקונג.

איך דערצייל לוסיען, אַז זי דאַרף זיך ניט מער באַהאַלטן, אַז איך וועל זיין איר מוטער און דער פּעטער איר פאָטער. און די טעג לויפן. אין שולע קומט אָן מיליטער און מיר מוזן אָפּטרעטן אונדזער הויז דעם קאָמענדאַנט. מ׳גיט אונדז אַ שמוציק הייזל ווו די שצערעס לויפן אַרום און אַזוי מוזן מיר וווינען אַ פּאָר מאָנאַט. דאָס מיליטער גייט אַרויס און מיר וווינען ווידער אין אונדזער הויז. און ווידער קומט מיליטער פון דער שוצפּאָליציי, און נאָכאַמאָל קריגן מיר אַ באַפעל צו באַפרייען אונדזער הויז פאַרן קאָמענדאַנט.

לוסיא איז שטאַרק פאַרקילט און ליגט קראַנק. דער דאָקטאָר ערלויבט ניט רירן זי פון הויז. אין דעם קומט אַריין דער קאָמענדאַנט באַטראַכטן דאָס הויז און זעענדיק אַז דאָס קינד איז קראַנק און הוסט שטאַרק, ערלויבט ער אונדז פאַרבלייבן, מיט דעם באַדינג, אַז מיר וועלן זיך ניט באַנוצן מיט דעם הויפּט־אַריינגאַנג, כדי ניט דורכגיין נעבן די זעלנער. אַזוי אַרום זענען מיר 5 מענטשן פאַרבליבן אין איין קליין צימערל, ווייל מארי, וועלכע איך האָב ערצויגן, איז געקומען צו אונדז פון לוצק.

עס איז דאָס 1944 יאָר. די שוצפּאָליציי האָט אונדז פאַרלאָזן נאָך אַ פּאָר וואָכן. אָבער אין געגנטייל האָט די געסטאַפּאָ פאַרנומען מיין גאַנצן שטח ווי אויך פון נאָך 4 אַרומיקע פאַמיליעס און פון דער שולע, און אונדז אַרויסגעטריבן. דעם גרויסן פּלאַץ האָט מען געדיכט אַרומגעצוימט מיט אַ דראָטענעם פּלויט. עס דאַרף זיין אַ אַרבעטס לאַגער, אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מ׳בויט אַ קרעמאַטאָריום... אין אַפּריל פירט מען צו טויטע קערפּערס ווי אויך קרבנות פון לאָדזשער געטאָ. דער קאָמענדאַנט פון דעם לאַגער וווינט איך מיין הויז און מיר וווינען אין שטאָט, אין זייער שלעכטע באַדינגונגען. לוסיא קריגט קאָקלוש.

אָנהויב יוני קומט צו מיר פּלוצים אַ געסטאַפּאָ־מענטש און זאָגט אַז מאָרגן 11 פאַרמיטאָג דאַרף איך קומען צום קאָמענדאַנט מיט דער „ז׳ידובקע״ וואָס איז ביי מיר. איך ערקלער אים, אַז עס האָדעוועט זיך ביי מיר אַ געפונען קינד, אויף וועלכער מענטשן זאָגן, אַז זי איז אַ יידישע, אָבער איך וועל ניט שווערן, ווייל דאָס קינד קען דאַוועגען און אַזוי ווייטער. מיין טענה׳ן העלפט ניט און מ׳דאַרף מאָרגן גיין.

די דייטשן, הערט מען, האַלטן שמאָל... אַ גאַנצע נאַכט דאַוון איך און בעט גאָט ער זאָל מיר העלפן, און אַזוי אויך אויפן וועג צום קאָמענדאַנט פון געסטאַפּאָ. מיר טרעפן אים ניט און מ׳מוז וואַרטן אַ פּאָר שעה. לוסיא איז הונגעריק, איך בעט מ׳זאָל מיך אַרויסלאָזן אָדער געבן דעם קינד עסן. מ׳גיט איר עסן און אויך צוקערקעס.

דער קאָמענדאַנט קומט. ער פרעגט מיך אַלץ אויס פון אָנפאַנג, הייסט זיך ווייזן, ווי האָב איך דאָס קינד געפונען. איך דערצייל אים אַלץ, אַז איך האָב געמאָלדן דער זשאַנדאַרמעריע, אַז איך בין קינדערלאָז און אַז מ׳האָט מיר ערלויבט דאָס קינד דערציען, און אַדאָפּטירן, אַז איך האָב אַ נומער פון דער ביטע וועלכע איז אַריינגעטראָגן געוואָרן. דער קאָמענדאַנט רעדט אין טעלעפאָן מיט דער זשאַנדאַרמעריע און פון דאָרט באַשטעטיקט מען אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט. ער נעמט דאָס קינד אויף די הענט. קושט איר און גיט איר צוקערקעס. מיר איז ער מכבד מיט אַ פּאַפּיראָס און זאָגט, אַז אין 20—15 טעג אַרום פאַרלאָזן זיי דאָס פּלאַץ און איך וועל קענען צוריקגיין אין מיין הויז.

דעם 28 יוני קום איך צוריק אין מיין הויז. עס איז ווייטער דאָ פיל מיליטער, וועלכעס גייט שוין אויף צוריק. זיי פאַרבלייבן בלויז איין נאַכט אָדער רוען זיך אויס און גייען ווייטער. יעדער מיינט אַז לוסיא איז מאריס קינד. מארי איז אַ שוואַרצע און אַזוי אויך לוסיא.

די באָלשעוויקן באָמבאַרדירן סאָקאָלאָוו און מ׳הערט שטאַרק יעדן אויפרייס. לוסיא קריגט גרויס פיבער. פון שרעק ווערט איר הייס און קאַלט. דער דאָקטאָר זאָגט אַז עס איז פון נערוון. מיר גראָבן אַ בונקער, די דייטשן העלפן אונדז. אייניקע ראַטן אונדז לויפן, אָבער וווּ? איינער פון זיי, זייער אַ פיינער זאָגט, אַז עס האָט קיין זין ניט צו לויפן. מ׳דאַרף אַראָפּנעמען אין בונקער היי, אויסבעטן דעם קראַנקן קינד אַ וואַרעם געלעגער, ווייל די נאַכט וועט זיין אַ שרעקלעכע. אַזוי איז טאַקע געווען. אפשר 500 עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די סטאַציע אין סאקאלאוו. עס איז 10—8 קילאָמעטער ווייט פון אונדז. ביי אונדז אין די צימערן איז גאַנץ ליכטיק פון די באָמבעס. שוין פון דער ערשטער באָמבע האָבן זיך די טירן און פענצטער אויפגעריסן.

דאָס קינד, אַ צעשראָקענע, האָט מיט די הענטלעך אַרומגענומען מיין האַלדז און רירט זיך ניט פון מיר. דער דייטש האָט מיך געהאָלפן אַראָפּטראָגן זי אין בונקער. די באָמבאַרדירונג האָט געדויערט פון 12 ביינאַכט ביז 3.15 פאַרטאָג. דער טאָג איז געווען אַ רויקער, אָבער די נאַכט אַזוי ווי די פאָריקע — פון 11 ביז 4 פאַרטאָג.

דאָס מיליטער איז אין איילעניש אַריבער די שטאָט אין זיין צוריקוועג. דאָס קינד איז קראַנק און קען ניט עסן. דער דאָקטאָר באַרויקט מיך, אַז עס איז אַלץ נערוון, און וועט איבערגיין. אַזוי ציט עס זיך ביז אויגוסט.

אין אויגוסט קומט צו אונדז אַריין דאָס רוסישע מיליטער. נעבן מיין הויז שטעלט מען אַוועק די האַרמאַטן און אונדז הייסט מען גיין. 3 טעג און 2 נעכט זיצן מיר אין קעלער פון דער שולע און ווען מיר גייען אַרויס, האָבן מיר ניט צו וואָס זיך אומקערן... ניט קיין שטיקל ברויט און ניט קיין גראָשן... אַפילו ניט אויף צו קויפן מילך פאַרן קינד...

איך בין זייער פאַרזאָרגט. אָבער גוטע מענטשן האָבן מיר געהאָלפן. מ'האָט מיר געגעבן מילך פאַרן קינד, איך האָב נאָך געפונען אַ ביסל קאַרטאָפל. דער פראָנט האָט זיך דערווייטערט פון אונדז, אָבער די קאַפּיטאַנען און די לויטנאַנטן זענען ביי אונדז פאַרבליבן. איך האָב זיי דערציילט וועגן אונדזער נויט און זיי האָבן אונדז געהאָלפן. איך האָב פאַרקויפט וואָס איך האָב געקענט און זיך אַזוי געהאָלפן. לוסיא איז געזונט געוואָרן.

אין סעפּטעמבער 1944 האָט אונדז באַזוכט הער רייזמאַן און געזען דאָס קינד. איך האָב זי אָנגעהויבן נעמען אין שולע, ניט כדי צו לערנען, נאָר פאַר געזעלשאַפט. אָבער זי האָט זיך געהייסן קויפן אַ ביכעלע און אַ העפט און האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן, רעכנען און זינגען א.אַ.וו.

אין 1945 יאָר איז ווידער געקומען צו אונדז הער רייזמאַן. ער האָט געקויפט דעם קינד אַ פּאָר שיכלעך און שפּעטער מיט אַ פּאָר מאָנאַט געגעבן פאַר איר 2000 זלאָטעס. ער האָט אויך צוגעזאָגט אַ פּאָר שיך פאַר מיין מאַן, ווייל ער האָט אים געזען גיין אין לאַפּצעס, אָבער האָט דאָס ניט ערפילט.

אין מאַי 1945 האָט אונדז הער רייזמאַן געבראַכט אַ טאָרבעלע מילך־פּראָשעק, 2 פּעקלעך זופּ און אַ האַלבע קילאָ צוקער. אַ חוץ דעם נאָך 1000 זלאָטעס. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ער פאָרט אַרויס, אָבער הער ביעלאַווסקי בלייבט אַלס פּרעזעס פונעם יידישן קאָמיטעט. הער ביעלאַווסקי האָט זייער ווייניק וועגן לוסיען געדענקט און איך האָב גאָרניט פון אים פאַרלאַנגט. גאָט האָט מיר געהאָלפן אַז דאָס קינד האָט קיין הונגער ניט געליטן. זי איז געגאַנגען אין שולע און איך האָב זי ערצויגן לויט די שענסטע מידות. לוסיא האָט געוווּסט אַז איך בין ניט איר מוטער, אָבער זי האָט אויך גוט געוווּסט, אַז איך האָב איר לעבן געראַטעוועט. איך האָב דאָס רעכט זי ליב צו האָבן, ווייל זי האָט שוין ניט קיין אַנדער געטריי הארץ, און קיינער האָט איר ביז יעצט קיין ליבע ניט אַרויסגעוויזן. איך האָב קיינמאָל ניט ערלויבט דאָס קינד קריוודען, איך האָב דורכגעמאַכט אַ סך אומאַמגענעמלעכקייטן, אָבער דאָס קינד האָט דאָס קיינמאָל ניט געהערט און ניט געוווּסט. איך ערצי זי פאַר גאָט און פאַר לייט. לוסיא וואַקסט און לערנט. זי דערציילט ווי גוט עס וועט זיין, ווען זי וועט אויסוואַקסן און אַרבעטן און האָבן אַ סך געלט. דאַמאָלס וועט זי קויפן אַלץ פאַר דער מאַמען און אויסהיילן דעם פאָטער.

און אַזוי איז געקומען דאָס 46 יאָר. עס זענען געקומען יידן, פרויען און מענער, זיי האָבן זיך אינטערעסירט מיט לוסיען; הער טשערוואנקא האָט געבראַכט פאַרשידענע פאָרשלאָגן, וועלכע האָבן דאָס האַרץ צוריסן. עס איז געקומען ניעביעסקיקוויאט און דערציילט, אַז דער ברודער פון לוסיעס פאָטער, קומט צוריק פון רוסלאַנד און דער ברודער פון איר מוטער געפונט זיך אין אַמעריקע. גוט, זאָל ער אַהערקומען. אינצווישן האָב איך מיר אינטערעסירט, צי מוז איך לוסיען אָפּגעבן. עס איז געקומען נאָך אַ פאָרפאָלק שמועסן מיט מיר וועגן דעם. איך האָב זיך אויך געמאָלדן אין יידישן קאָמיטעט. דאָרטן האָט מען מיר געזאָגט אַז פאַרביאַזש איז געקומען און איז אַוועק קיין ווענגראוו. איך האָב אים טאַקע דארטן געטראָפן. איך האָב אים ניט געקענט און קיינמאָל ניט געזען, ער האָט מיר אָבער צוגעשטעלט צייגן, און מענטשן האָבן מיר געזאָגט, אַז ער איז ווירקלעך דער ברודער פון לוסיעס פאָטער.

ווען איך האָב דערציילט לוסיען, אַז מען וויל זי ביי מיר צונעמען האָט זי צוערשט זייער מורא געהאַט, אָבער לאַנגזאַם האָב איך זי צו דעם צוגעגרייט. ווייל פאַרביאַזש האָט עס זייער געבעטן און ערקלערט, אַז דאָס קינד איז דאָס איינציקע הייליקע וואָס איז אים פאַרבליבן פון דער גאַנצער משפחה. ער האָט מיר מיט יידישן ערן־וואָרט (הן צדק) צוגעזאָגט, אַז מיין גאַנץ לעבן וועל איך זיין אין קאָנטאַקט מיטן קינד, און אַז אויך ער וועט אין מיר געדענקען. ער וועט שרייבן צו זיין ברודער אין אַרגענטינע און צו אַ קרוב אין אַמעריקע, אַז דאָס קינד לעבט. צוזאַמען מיט פאַרביאַזש'ן, לוסיעס פעטער, האָב איך צוגעגרייט דאָס קינד אין משך פון עטלעכע טעג, און זי אָפּגעגעבן אָפּפירנדיק זי קיין וואַרשע. זי האָט געדאַרפט פאָרן מיט איר פעטער קיין ליגניצע, ווו פאַרביאַזש איז צייטווייליק, נאַכער קיין מאנאכיום (מינכען?) און פון דאָרט ווייטער.

לוסיא געפינט זיך שוין ניט ביי מיר זייט 2 וואָכן. ס'איז מיר זייער שווער. ניט איך און ניט מיין מאַן קענען שלאָפן אָדער עסן. איר פּלאַץ ביים טיש איז ליידיק, אין שטוב איז אַ פּוסטקייט, אין די אויערן רוישט, קיינער טוליעט זיך ניט און זינגט ניט, איך לערן קיינעם ניט, די טעג זענען לאַנגע און לאַנגווייליקע...

די קינדער האָב איך ערקלערט, אַז לוסיא פאָרט קיין וואַרשע. פון צייט צו צייט קומען אירע חברטעס און פרעגן ווען זי קומט צוריק.

איך וועל שוין דאָס קינד קיינמאָל, קיינמאָל ניט זען...

| | |
|---|---|
| **לאקייציק האלינא** | **פעלאגיא פאגעלגעזאנגאוואַ** |
| **מריה קומקובנה** | **ווענגראוו, 15.9.1946** |

# אזוי זענען זיי אומגעקומען ...

...כי גדול כים שברך — מי ירפא לך?
(איכה, ב׳, יג)

אָרעם איז די מענטשלעכע פען און איז נישט ביכולת אויסצודריקן דעם פּיין און צאַרן, וואָס ברויזן אויף אויפסניי אין אונדז יעדעס מאָל ווען מיר פּרוּוון צו באַהאַנדלען די גרויסע, ממש קאָסמישע טראַגעדיע פון יידישן פאָלק אין די צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער. מ׳טאָר אָבער נישט פאַרלירן די האָפענונג אין דער גערעכטיקייט פון דער געשיכטע און דעם גלויבן, אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ טאָג פון שטראָף און נקמה. דעריבער זענען מיר מחויב צונויפצוזאַמלען און פאַרשרייבן פאַר די קומענדיקע דורות יעדע שפּאָר פון אינפאָרמאַציע און כראָניק, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער נאָך קיינמאָל נישט געוועזענער בעסטיאַלישער פאַרניכטונג פון אַ דריטל אונדזער פאָלק, „למען ידעו דורותיכם" — כדי אונדזערע קינדס־קינדער זאָלן וויסן, וואָס מענטשלעכע בעסטיעס האָבן אונדז אָנגעטאָן.

ישראל׳ס פרוי, אַרויס מיט אירע צוויי קינדער אָפּקילן זיך, האָט מען זיי באַלד פאַרכאַפּט און אָפּגעשיקט קיין טרעבלינקע.

ישראל, זיין ברודער אריה און מוטער — זענען 7 וואָכן שפּעטער אַרויס, געאַרבעט, ווייטער געלעבט אין שטאָט און איינצייטיק זיך פאַרשאַפט אַ נייעם בונקער, ביי אַ פּאָליאַק, נעבן שעכטהויז. ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט די צווייטע אַקציע זענען זיי, צוזאַמען 16 נפשות, אַריין אין בונקער. דער באַנדיטישער גוי האָט קודם כל אַלץ פון זיי צוגענומען און דערנאָך פאַרמסרט פאַר דער זשאַנדאַרמעריע. גלייך זענען זיי געקומען צום אָנגעוויזענעם אָרט. די מענער האָבן זיך געבעטן רחמים, אַז לכל הפחות זאָלן פאַרשוינט ווערן זייערע ווייבער און קינדער. אָבער דאָס געשריי און געוויין האָט נישט געהאָלפן. אַלע אויסבאַהאַלטענע אין בונקער זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.



טויטע קערפּערס פון ווענגראָווער יידן אין טאָג פון דעפּאָרטאַציע קיין טרעבלינקע.

פאָלגנד אַן אַלפאַבעטישע ליסטע פון ווענגראָווער יידן, וואָס איז געלונגען פעסטצושטעלן אויף וועלכן אופן און טיילמאָל אויך ווען זיי זענען אומגעקומען. די ליסטע איז נאָר אַ טראָפּן פון אַ ים, אַ קליין ברעקעלע פון די טויזנטער ווענגראָווער, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע מיטהעלפער. אָבער ווי שוין געזאָגט טאָרן מיר נישט אויסבאַהאַלטן אויך דאָס ביסל אינפאָרמאַציע וועגן איינצלנע קרבנות, וואָס איז אונדז געלונגען אויסצוגעפינען. ס׳זענען אויך געווען אַקטן פון ספּאָרדאַישן העלדישן ווידערשטאַנד און אויך זיי איז אַ מצווה צו פאַרשרייבן.

אלבלניג — די משפחה האָט געהאַט אַ בונקער אין וועלכן אַלע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. איינמאָל איז פּייקע,

גראַיעווער חיה פּייוויש׳ס — זי האָט געזוכט הילף ביי אַ באַקאַנטן קריסט אין רוכנע. געהאָפט, אַז זי וועט זיך קאָנען דאָרט אויסבאַהאַלטן און ראַטעווען דאָס לעבן. האָט דער גוט־באַקאַנטער פּאָליאַק אונטערגעשטעלט זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן זי דערשאָסן אין רוכנע נאָך אין נאָוועמבער 1942.

מילקע, די טאָכטער פון חיה פּייוויש׳ס, מיט איר מאַן איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט אין מיעדזאַנקע און דאָרט געבוירן אַ קינד. דער קריסט האָט געוווּסט, אַז זיי האָבן פיל געלט, האָט ער זיי אַרויסגענאַרט פון באַהעלטעניש און אונטערגעשטעלט שקצים, וועלכע האָבן געכאַפּט די אומגליקלעכע און געשלעפּט 4 קילאָמעטער ביז צו דער זשאַנדאַרמעריע, וווּ זיי זענען באַלד דערשאָסן געוואָרן. די שקצים

האָבן אַלס לוין באַקומען די מלבושים פון די אומגעבראַכטע, און דער גוט־באַקאַנטער פּאָליאַק האָט צוגענומען דאָס גאַנצע פאַרבליבענע פאַרמעגן און פּטור געוואָרן פון יידישן פאַרפאָלק צוזאַמען מיטן אָט־וואָס געבוירענעם קינד.

גרינבערג אסתר, בת משה, איז דערהרגעט געוואָרן אין הויז פון דער פאַמיליע וויינטרויב, בעת דער באָמבאַרדירונג פון ווענגראָוו.

האָלאַנד מענדל — האָט נישט מסכים געווען צו פאַרלאָזן זיין הויז. אין טאָג פון דער אַקציע האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט פון שטוב און געפירט צום בית־עולם דורך דער יאַטקע־גאַס. ווען ער איז דערגאַנגען צו דער פּלומפּ נעבן הויז, וווּ ס'האָט געוווינט דער רב, האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער פּלומפּ, גערעדט קעגן היטלערן און אָנגעזאָגט, אַז דייטשלאַנד מוז די מלחמה פאַרלירן. די ס.ס. לייט האָבן אים גלייך דערשאָסן. זיין פרוי גיטל, בת יצחק מרוווקא, איז צוזאַמען מיטן זון דערשאָסן געוואָרן אין זעלבן טאָג אויפן בית־הקברות. די טאָכטער לילי איז ניצל געוואָרן און לעבט איצט אין בוענאָס־איירעס.

האַלבערשטאַט שמואל — אויך ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין הויז און גיין גוטוויליק קיין טרעבלינקע, ווייל ער האָט גוט געוווּסט וואָס דאָס באַדייט. איז ער טאַקע דערשאָסן געוואָרן ביי זיך אין שטוב און באַגראָבן געוואָרן אויפן בית־עולם. זיינע צוויי טעכטער האָט מען גענומען קיין טרעבלינקע.

וויינטרויב נתן מיט זיין פרוי האָבן באַקומען נומערן צו פאַרבלייבן אין דער שטאָט און האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט צו געפינען זיך אויסערן געטאָ. זיי זענען געגאַנגען נעכטיקן ביי אַ באַקאַנטן קריסט אויף דער סטאַרווישער גאַס. צומאָרגנס פרי, ווען זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף עטלעכע דייטשן, וועלכע האָבן געוואָלט דערשיסן די פרוי. האָט זיי נתן געזאָגט, דאָס אויב זיי ווילן דערשיסן זיין פרוי זאָלן זיי אויך אים נישט פאַרשוינען. די רוצחים האָבן זיך נישט געקווענקלט און דערפילט זיין פאַרלאַנג: זיי האָבן דערשאָסן דאָס פאָרפאָלק אויף דער סטאַרווישער גאַס. דאָס איז געווען אין מערץ 1943, פאַר דער צווייטער אַקציע.

כדאי צו באַמערקן, אַז אין געטאָ איז נתן וויינטרויב געווען דער איינציקער דאָקטאָר. בעת ס'האָט געבושעוועט דער טיפוס האָט ער געאַרבעט טאָג און נאַכט. ער פלעגט זאָגן די קראַנקע: צוליב וואָס ווילט איר לעבן? ס'איז דאָך בעסער צו שטאַרבן פון טיפוס, ווי דערשטיקט צו ווערן אין די גאַז־קאַמערן. אָבער דער טיפּיש יידישער דראַנג צו לעבן איז געווען שטאַרקער: יעדערער האָט געגלויבט, אַז די הילף מוז קומען און דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט — ווייניק צייט. און דעריבער דאַרף מען אויסהאַלטן און נישט זיך מתייאש זיין.

וויינטרויב אברהם יהושע מיט עטלעכע חברים האָבן זיך פריצייטיק צוגעגרייט פּאָליציי־אוניפאָרמען מיט לעגיטימאַציעס, כדי אַזוי אַרום צו ראַטעווען זיך דאָס לעבן. ווען אָבער אברהם יהושע האָט געזען ווי מ'פירט זיין פרוי און קינדער, האָט ער זיך אַליין געשטעלט אין דער ריי צוזאַמען מיט זיין משפחה און גלייך מיט אַלע אַנדערע זענען זיי אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

ווייסבאָרט ראובן בן ישראל מענדל איז אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה געקומען צו פוס פון וואַרשע קיין ווענגראָוו. כדי נישט אויפצוועקן זיין משפחה, האָט ער זיך געלעגט שלאָפן אין הויף נעבן אַ בוים און דאָרט געפונען זיין טויט בעתן באָמבאַרדירן פון ווענגראָוו, ווען אַ באָמבע האָט געטראָפן דאָס הויז פון דער פאַמיליע וויינטרויב.

וואַגמאַן משה, בן אהרן לייטשעס, איז דערשאָסן געוואָרן פ׳ין אַ פּוילישן פּאָליציאַנט פאַר דער צווייטער אַקציע.

זשימאַ שמחה מיט זיין משפחה זענען אַנטדעקט געוואָרן אין אַ באַהעלטעניש. מען האָט זיי אָפּגעפירט אויפן בית־הקברות און געצוווּנגען אַליין זיך אויסגראָבן אַ קבר. איידער זיי זענען דערשאָסן געוואָרן האָט שמחה זשימאַ באַוויזן צו שפייען די דייטשן אין פּנים אַריין און אָנזאָגן זייער נאָענטן סוף. באַלד האָבן קוילן פאַרמאַכט זיין מויל און פאַרשניטן דאָס לעבן פון דער גאַנצער משפחה.

זלאַטאָווסקי שרה און רויזע, די טעכטער פון טויבעלע בערטשי׳ס — ווען די ס. ס. באַנדיטן זענען געקומען זיי אַרויספירן צום דערשיסן, האָבן זיך די צוויי שוועסטערס געוואָרפן אויף די דייטשן, אַרונטערגעריסן זייערע שליפעס און צעדראַפּעט זייערע פּנימער. ביידע זענען דערשאָסן געוואָרן אין זייער שטוב.

זילבערמאַן יחזקאל, האָט איבערגעלעבט די צווייטע אַקציע און נאָך אַ לענגערע צייט געבליבן לעבן מיט זיין משפחה. אָבער אַ קליין טעכטערל זיינס איז דערשאָסן געוואָרן בעת דער ערשטער אַקציע, ווען זי איז אַרויסגעלאָפן פון בונקער.

זילבערמאַן און זיין משפחה האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף קריפּ במשך אַ לענגערע צייט ביים פּויער טשאַפּטשיק, וועלכער האָט זיי ענדלעך איבערגעגעבן די דייטשן און אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן. יחזקאל איז געווען זער רייך און דער פּויער האָט אַפּנים אויך צוליב דעם געוואָלט פּטור ווערן פון ייד, כדי צו פאַרכאַפּן זיין פאַרמעגן. שריפטלעכע פּרטים דעריבער האָט מיר איבערגעגעבן יצחק ביעלאָווסקי. יחזקאל האָט נישט געגלויבט, אַז ער וועט איבערלעבן די מלחמה און אַזוי איז טאַקע געווען.

טקולסקי ליבע איז אין אויגוסט 1939 געקומען פון ארץ־ישראל צוזאַמען מיט איר זינדל, דעם 14 חדשימדיקן יעקב דוד, אויף אַ באַזוך אין ווענגראָוו צו איר באָבען רבקה־רחל. אָנגעקומען אין וואַרשע איז זי שוין אין טאָג פון אַ באָמבאַרדירונג און איז פאַרשאָטן געוואָרן פון אַ באָמבע־אויפרייס און דערביי צעבראָכן אַ פוס און פאַרלוירן איר ארץ־ישראלדיקן פּאַספּאָרט. דאָס קינד איז אַרויס בשלום. ליבע איז אָפּגעלעגן עטלעכע חדשים אין שפּיטאָל און שפּעטער אָנגעקומען קיין ווענגראָוו און געלעבט אין שווערע באַדינגונגען ביי דער באָבען. צוליב מאַנגל פון דאָקומענטן האָט זי נישט געקאָנט טענהן, אַז זי איז אַן אויסלענדערין און, פאַרשטייט זיך, מער נישט געקאָנט פאַרלאָזן פּוילן.

בעת דער ערשטער אַקציע, ווען מען האָט איר באַפוילן צו גיין צוזאַמען מיט איר שיין ייִנגעלע אויפן בית־עולם, האָט זי געבעטן ביי די מערדער, אַז זיי זאָלן פאַרשוינען דאָס פּיצל קינד. פאַרשטייט זיך — אומזיסט, גראָד אומגעקערט: די חיהשע מערדער האָבן קודם דערשאָסן דאָס קינד אין די אויגן פון דער מוטער, וועלכע האָט זיך היסטעריש געוואָרפן אויף די רוצחים. אין זעלבן מאָמענט איז זי אויך דערהרגעט געוואָרן.

יאסקולקע נאטע. דער סופר, — די דייטשן האָבן אים פאַרנומען צוזאַמען מיט נאָך ייִדן. זייענדיק זעער אַ דיקער האָבן די בעסטיעס דווקא אים געצוווּנגען צו לויפן. אָבער דאָס איז געווען איבער זיינע פיזישע מעגלעכקייטן דעריבער איז ער מער געפאַלן ווי געלאָפן. אָבער דאָס איז גראָד געווען דער אכזריותדיקער שפּיל מיט וועלכן די דייטשן האָבן זיך געקוויקט. זיי האָבן דעם סופר ביים לויפן און פאַלן אַזוי צעשלאָגן, דאָס ער איז געפאַלן אַ טויטער.

לאופמאַן יעקב איז געשטאָרבן אויף טיפוס בעת דער ערשטער אַקציע. זיין פרוי חוה ממשפחת באַס איז געשטאָרבן פון קעלט און הונגער אין וואַלד. זייער טאָכטער בעלא צוזאַמען מיט אַ טאָכטער פון ז׳יוויצא האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ לענגערע צייט אין קלעמאַוויזנע ביי אַ קריסטלעכן גערטנער. ביים סוף פון דער צווייטער אַקציע האָט מען זיי געכאַפּט און דערשאָסן צוזאַמען מיטן גוי, ווייל ער האָט אויסבאַהאַלטן צוויי ייִדישע טעכטער.

לעוו יעקב משה — געשטאָרבן פאַר דער ערשטער אַק־ציע. זיין טאָכטער סערקע איז געפאַלן בעת דער ערשטער אַקציע, דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942.

מענדזעזשעצקי — די גאַנצע משפחה האָט זיך אין צייט פון דער אַקופּאַציע געפונען אין ווענגראָוו און געטיילט דעם גורל פון אַלע ייִדן. איין זון, יחיאל, האָט עולה געווען נאָך אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן, לעבט היינט אין קאַנאַדע און האָט אַ געשעפטלעכע פיליאַלע אין ישראל.

פערעלע, אַ טאָכטער פון חנה לבית מענדזעזשעצקי, איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן ביי דער קריסטין וואַנכאַלסקי. די גויה האָט באַקומען גוט באַצאָלט. זי האָט טאַקע צוגענומען דאָס געלט און שפּעטער אונטערגעשטעלט די זשאַנדאַר־מעריע, וועלכע האָט דאָס קינד דערשאָסן.

מאַנדלבוים יודל און זיין גאַנצע משפחה זענען אַריבער וווינען אין קאַלושין און אַלע זענען דאָרט אומגעקומען.

מאַנדלבוים ר׳ הערשל נחמן׳ס האָט זיך אויסבאַהאַלטן מיט צוויי טעכטער ביי אַ קריסט, ביז אַ געווייסן טאָג האָט ער זיי אַרויסגעיאָגט. זיי זענען געגאַנגען אין וואַלד און ר׳ הערשל איז דאָרט אויסגעגאַנגען פון קעלט און שניי. צווישן די געדיכטע ביימער. דאָס איז געווען נאָך דער ערשטער אַקציע. די צוויי טעכטער זענען ניצל געוואָרן און לעבן — איינע אין ישראל און די צווייטע אין אַרגענטינע.

מאַנדלבוים משה בן ישראל־יצחק האָט געלעבט אַ צייט נאָך דער צווייטער אַקציע. אַ געווייסן טאָג איז ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, האָבן אים דערזען שקצים און אים דערהרגעט מיט שטיינער אויף דער גאַס.

מאַנדלבוים רחל׳ה, די טאָכטער פון ישראל־יצחק, האָט געהאַט זייער אַ שיין מיידעלע, האָבן עס די דייטשישע בעסטיעס אויפגעשפּיזט אויף אַ שטילעט און אַרומגעטראָגן אין מאַרק, כדי ייִדישע מוטערס זאָלן דאָס זען. דערנאָך האָבן זיי די מוטער פון מיידעלע דערשאָסן אויפן בית־עולם.

ניימאַן דוד אייזיק — געלעגן קראַנק אין בעט ביי זיך אין שטוב. די דייטשע בעסטיעס האָבן אים דערמאָרדעט אין בעט אין דער ערשטער אַקציע. זיין זון מאָטל, דער לעצטער פון זיין משפחה, איז אומגעקומען דעם ערשטן מאי 1943.

ניסמאַן, דער דענטיסט, איז אַריבער וווינען קיין קאָסאָוו און מיטגעמאַכט דאָרט אַלע שרעקלעכקייטן פון דער דייט־טשישער אָקופּאַציע, און איז פון גרויס צער און ווייטיק משוגע געוואָרן, און אין אַזאַ מצב האָבן אים די דייטשן דערשאָסן.

סאָטענשטיין עדיק, איז אַרעסטירט געוואָרן דורך די דייטשן. בעת דער אויספאָרשונג האָבן זיי אים אַזוי צע־שלאָגן, דאָס ער איז געפאַלן אַ טויטער און קיינער ווייסט נישט ווו זיי האָבן פאַרטאָן זיין קערפּער.

סקרופּקא אהרן — געשטאָרבן אויף טיפוס נאָך דער ערשטער אַקציע. זיין פרוי מאַליע, בת אברהם איסר גאָלד־שטיין, איז אומגעקומען אין טרעבלינקע.

סלאוואטיצקי רויזע, 36 יאָר אַלט. האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער קריסטין דעינאַראָוויטש. די זשאַנדאַרמען האָבן גע־מאַכט אַן איבערפאַל אויפן הויז און דערשאָסן איר 8 יאָריקן זון יצחק׳ל און שפּעטער דערהרגט די מוטער. דאָס איז געווען דעם 10־טן אויגוסט 1942. איר צווייטער זון, הערשע־לע, 13 יאָר אַלט, איז געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג און זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער. שפּעטער צוריקגעקומען קיין ווענגראָוו. אַ שכנדיקער קריסט האָט אים דערקענט און הערשעלע איז דערשאָסן גע־וואָרן אויף דער גאַס. די טאָכטער שרה׳לע, 17 יאָר אַלט, איז אומגעקומען אין טרעבלינקע אין יאַנואַר 1943.

פּשעפּיורקא פּנחס, בן איטשע פּייוול, געשטאָרבן פאַר דער ערשטער אַקציע און געהאַט דעם זכות צו קומען צו קבר ישראל. שפּעטער אָבער האָבן די דייטשן אויפגעגראָבן אַלע קברים און פאַרברענט די מתים אין אַ ספּעציעלן אויוון; וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן ביי דער מיל פון מענדל קליין. זיין פרוי רעכל איז דערשאָסן געוואָרן בעת דער ערשטער אַקציע אין בערגמאַנס הויף.

פּשעפּיורקא שלמה׳לה, בן פּנחס, איבערגעלעבט די ערשטע אַקציע, שפּעטער געכאַפּט געוואָרן מיט זיינע קינדער, איידעמס און אייניקלעך און אָפּגעפירט געוואָרן קיין קאָסאָוו און דערנאָך קיין טרעבלינקע. זיין פרוי, בריינדל, האָט די געסטאַפּאָ פאַרפייניקט אין אַרעסט.

פּשעפּיורקא משה, בן פּנחס, אומגעקומען בעת דער צווייטער אַקציע (אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע). זיין פרוי חיה און זייערע קינדער פישל, ביילטשע, איטקע, זעליג און זייער עלטסטע טאָכטער אסתר מיט איר מאַן שלמה ביאַלאַסטאָק און זייער קינד — אַלע געכאַפּט געוואָרן אין דער ערשטער אַקציע און אומגעקומען אין טרעבלינקע.

פשעפיורקא מענדל, בן פנחס, געכאַפּט געוואָרן אין דער צווייטער אַקציע און אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט זיין ברודער משה (אַזוי האָט מיר איבערגעבן שמואל רייזמאַן, וועלכער האָט זיך מיט זיי געזעגנט איידער מ׳האָט זיי גענומען אין די גאַז־קאַמערן). זיין פרוי אסתר און זייערע זין זעליג און יצחק זענען אומגעקומען נאָך דער ערשטער אַקציע אין טרעבלינקע. זייער יונגסטע טאָכטער גיטעלע איז ניצל געוואָרן און לעבט אין ניו־יאָרק.

פשעפיורקא יוסף, בן פנחס, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד צוזאַמען מיט זיין פרוי מלכה לבית גראדזיצקי און זייערע דריי קינדער — חייטשע, יעקב און אַ מיידעלע, וואָס איר נאָמען איז נישט באַוווסט. אַלע זענען זיי דערשאָסן געוואָרן בעת אַן איבערפאַל פון די דייטשן אין וואַלד און אויפן אָרט באַגראָבן געוואָרן.

פשעפיורקא פערל, בת פנחס, די פרוי פון משה פינקלשטיין, האָט נישט געוואָלט גיין קיין טרעבלינקע און אין טאָג פון דער ערשטער אַקציע האָט זי זיך פאַרסמט. איר מאַן מיט צוויי קינדער זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע אין טרעבלינקע.

פשעפיורקא שרה בת פנחס די פרוי פון משה שטינברג מיט איר זון איזאַק זענען אַרויסגענומען געוואָרן אין טאָג פון דעפּאָרטאַציע פון דעם קריסט שולקאָווסקי און געשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

פשעפיורקא פישל, בן פנחס, האָט זיך אויסבאַהאַלטן די גאַנצע צייט אין דאָרף ראזביטשע ביים קריסט בוטשינסקי, געלעגן אין אַ קעלער און איז קראַנק געוואָרן. נעאָנט פאַר דער באַפרייאונג האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין יונגסטער שוועסטער נעמי, וועלכע איז אַראָפּגעשפרונגען פון צוג, וואָס האָט געפירט אַ טראַנספּאָרט יידן קיין טרעבלינקע. דורך פעלדער און וועלדער איז זי אָנגעקומען אין דאָרף ראזביטשע, ווו זי האָט זיך דערוווסט וועגן איר ברודער פישל, וועלכער איז קורץ דערנאָך געשטאָרבן און נעמי האָט אים געמוזט אַליין באַגראָבן אין הויף פון קריסט. שפּעטער איז זי אַוועק אין וואַלד, געלעבט דאָרט 2 וואָכן, ביז דער באַפרייאונג. נעמי לעבט איצט אין ניו־יאָרק.

פשעפיורקא אברהם, בן פנחס, האָט זיך געפונען אין בונקער, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין לאופמאַנס הויז. זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די דייטשן. אברהם איז אַנטלאָפן און געכאַפּט געוואָרן דורך די פּוילישע פּאָליצײ, וועלכער האָט אים אָפּגעפירט אויפן בית־עולם און דאָרטן אָפּגעהאַקט זיינע הענט און פיס. די דאָזיקע פּרטים האָט איבערגעגעבן זיין שוועסטער נעמי.

פראוודא פרץ, מיט זיין משפחה, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער צוזאַמען מיט 30 פאַרשוין. איינמאָל איז פרץ אַרויס ברענגען וואַסער, האָט מען אים דערשאָסן. דאָס איז געווען 3 וואָכן נאָך דער ערשטער אַקציע. זיין פרוי און קינדער זענען אומגעקומען בעת דער צווייטער אַקציע.

פרידמאַן משה (סטראקס), מיט זיין משפחה, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם פון אייגענעם הויז ביז מ׳האָט זיי אַנטדעקט און דערשאָסן אויפן אָרט. נאָר איין טאָכטער האָט זיך באַוויזן צו ראַטעווען פונעם בלוטיקן גיהנום און לעבט איצט אין שיקאַגאָ.

פערקל אפרים, מיט זיין פרוי, זענען פאַרשטעקט געווען ביים קריסט בוטשינסקי, וועלכער האָט געוווינט אויף דער רוכנער גאַס. קריסטן האָבן דערשנאַפּט די באַהאַלטענע און זיי אויסגעגעבן. ווי נאָר זיי האָבן פאַרלאָזט זייער באַהעלטעניש איז אפרים אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן און זיין פרוי איז מיט העק צעשלאָגן געוואָרן אויף טויט.

פטאק אברהם האָבן די דייטשן געכאַפּט אויף אַרבעט און געשיקט קיין סטארוויש, ווו ער איז דערשאָסן געוואַרן דורך אַ דייטש; זיין פרוי און קינד זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע.

פטאק נטע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך דעם פּאָליאַק וואָנסאָווסקי נעבן דער ליוויער בריק.

קליין מענדל — האָט זיך די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט. נעאָנט פאַר דער באַפרייאונג האָבן אַנדערע קריסטן אים אויסגעגעבן און די דייטשן האָבן דערשאָסן דעם ייד צוזאַמען מיטן קריסט אוןביידע אינאיינעם באַגראָבן.

קרעדא, דער זון פון יחיאל, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן שוין נאָך דער באַפרייאונג. אַ צייט שפּעטער האָט מען זיין קערפּער געפונען אין וועלדל נעבן וועגראָוו.

קאנדל יוסף, דער מאַן פון פייגע בת שלמה׳לה פשעפיורקא, איז געכאַפּט געוואָרן צום בויען טרעבלינקע און מער נישט צוריקגעקומען.

קאכאן נח — די פּאַליאַקן האָבן אים דערשאָסן אין גאַס. ער איז געווען פון דער יידישער פּאָליציי.

רעקאנט הערשל — האָט צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש ביי זיך אויפן בוידעם. ווען די דייטשן זענען אָנגעקומען האָט ער זיי נישט אַרויפגעלאָזט. די מערדער האָבן געמוזט אויפרייסן מיט העק דאָס באַהעלטעניש און אַראָפּנעמען די משפחה מיט כוח. שפּעטער האָבן די דייטשן געפירט די גאַנצע משפחה איבער אַלע גאַסן צום בית הקברות און דאָרט זיי געצווינגען אַליין זיך אויסגראָבן אַ קבר. דערנאָך איז די גאַנצע משפחה אויסגעשטעלט געוואָרן ביים גרוב און ביזן לעצטן דורכגעלעכערט געוואָרן מיט קוילן.

שטיינבערג משה (מאשקע), מיט זיין פרוי פרומטשע און שנור, זענען אומגעקומען בעת דער ערשטער אַקציע. די איבעריקע קינדער אין דער צווייטער אַקציע. זייער הויז האָט מען פונאַנדערגענומען זוכנדיק דאָרט באַהאַלטענע יידן.

שטיינבערג שמואל, בן אליעזר, מיט זיין פאַמיליע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער ביי פנחס שטיינבערג במשך פון זעקס וואָכן. די פּוילישע פּאָליציי האָט דערשמעקט דאָס באַהעלטעניש, זיי אַרויסגעפירט פון קעלער און דערשאָסן אויפן אָרט.

שפילמאַן זיינוול — געשטאָרבן אויף טיפוס נאָך דער ערשטער אַקציע. זיין פרוי, פערל בת אלתר טייבלום מיט די קינדער, האָבן נאָך אַ לענגערע צייט געלעבט ביז מען האָט זיי אויסגעגעבן און אַלע זענען דערמאָרדעט געוואָרן.

שפילמאַן, די מוטער פון אלתר, האָט זיך אויסבאַהאַלטן

ביים דייטשן לערער שולץ. דערוויסנדיק זיך, אַז אַלע יידן אין וועגראָוו זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ, האָט זי בשום אופן נישט געוואָלט לענגער בלייבן ביי שולצן, און איז גוטוויליק אַריין אין געטאָ, כדי צו טיילן דעם גורל פון אַלע יידן. בעת דער אַקציע, ווען ס'זענען אַריין אין שטוב די דייטשן איז זי געזעסן אויפן בעט און געזאָגט תהילים. די דייטשן האָבן זי געפרעגט צו זי איז אליין, האָט זי דרייסט געענטפערט „יאָוואָל", כאָטש אונטערן בעט איז געווען אַ קעלער אין וועלכן ס'האָבן זיך אויסבאַהאַלטן יידן. זי איז אָפּגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם, דאָרטן האָבן זיך שוין געפונען פיל יידן, פון וועלכע אַ טייל האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די מצבות. די דייטשן האָבן אַוועקגעשטעלט מאַשינען־געווער קעגן די צונויפגעטריבענע אויפן בית־הקברות און אַלעמען דערשאָסן. לויט פאַרשידענע באַריכטן זענען אין דער שחיטה אומגעקומען פון 3 ביז 4 טויזנט יידן.

איז דער בונקער אַנטדעקט געוואָרן. די אויסבאַהאַלטענע האָבן מקבל פנים געווען די דייטשן מיט אַ שיסעריי און עטלעכע פון די באַנדיטן זענען דערהרגעט געוואָרן. ס'האָט אָנגעהאַלטן אַ שטאַרק שיסעריי און אויס נקמה האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די גאַנצע גאַס, פון לאופמאַנען ביז צו מיכאל אליעזר רעשעס הויז. אַ טייל פון די אויסבאַהאַלטענע יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן, אָבער זיי זענען געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן. אַנדערע זענען צעשניטן געוואָרן אויף שטיקער נעבן בית־הקברות.

## חסידים גייען אויף קידוש השם, אדער אַן אפּמאַך מיט דער געסטאַפּא

אַ מערקווירדיקער פאַקט פון פאַסיווער גבורה איז פאָרגעקומען בעת איינער פון די דעפאָרטאַציעס קיין טרעבלינקע. אַן עדה חסידים האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע צו דער געסטאַפּאָ, אַז זי זאָל פאַרשפּאָרן זיי דאָס גיין קיין טרעב־



**ר' הללם גאַס — נאָכן ווידערשטאַנד**

רעכטס — בערגמאַנס הויז; לינקס — הערשל (פראָסט) מאָרגענשטערנס הויז

(פאָטאָ: שפּילמאַן)

## פאַראייניצלטע העלדן־אַקטן

בעת די שחיטות אין וועגראָוו זענען געווען עטלעכע אַקטן פון העלדישן ווידערשטאַנד.

געווען אַ פאַקט, ווען אַ ייד האָט אַרויסגעריסן אַ ביקס פון אַ דייטש און אים געוואָלט דערשיסן, איז אונטערגעלאָפן אַ פּאָליאַק און אַריינגעשטאָכן דעם ייד אַ מעסער אין דער פּלייצע און אים דערמאָרדעט.

זאָל זיין אָנדענק ווערן באַערט.

אַן אמתער קאַמף מיט דייטשן, מיט געווער אין דער האַנט, האָט פאַרפירט אַ גרעסערע גרופּע יידן, וועלכע זענען געווען פאַרשטעקט אין אַ גוטן בונקער, וואָס האָט זיך געפונען אין לאופמאַנס הויז. אַ לענגערע צייט נאָך דער אַקציע

לינקע און זיי אומברענגען אויפן בית־הקברות, כדי צו קומען צו קבר ישראל.

די דייטשע רוצחים האָבן דעם פאַרלאַנג זאָפאָרט דערפילט. די פאַרזאַמלטע חסידים אויפן בית־הקברות האָבן געמוזט אַליין זיך אויסגראָבן אַ גרויסן גרוב און שפּעטער זיך אויסטון נאַקעט, שטייענדיק אויפן ראַנד פון קבר. אַלע זענען דערשאָסן געוואָרן פאַלנדיק אַריין אין אָפענעם גרוב. די דייטשן האָבן געבראַכט אַנדערע יידן צום פאַרשיטן דעם קבר.

פון די חסידים, וועלכע זענען אומגעקומען אַלס פּועל־יוצא פון אָט דעם אומגלויבלעכן אָפּמאַך מיט דער געסטאַפּאָ, זענען באַקאַנט נאָר עטלעכע נעמען. די נעמען פון די רוב

קדושים איז לײדער נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן.
פאָלגנד די באַקאַנטע אונדז נעמען:

יצחק שוחט און זיין איידעם יאסעלע, שמואלס איצלס דער סופר, חיים יוסף בלומענקראַנץ דער בעקער, מאיר אשר קאַזלאָווסקי, יחזקיהו שלעזינגער, יעקב באומגאַרטן, מאיר וואָלפס איידעם.

פאַרגעקומען איז אָט דער גוטוויליקער אַקט פון פאַר־סיווער גבורה דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942.

**שלוסוואָרט**

צי זענען פאַראַן ווערטער אין מענטשלעכן לעקסיקאָן, כדי צו באַשרייבן די הימל־שרייענדיקע טראַגעדיע פון די אומגעבראַכטע פאַטערס, מענער, מוטערס, זין און טעכטער פון איין זייט, און די תהומדיקע שפלות און דעגראַדאַציע פונעם מענטשלעכן מין אין געשטאַלט פון די דייטשן און זייערע פּוילישע מיטהעלפער פון דער צווייטער זייט? דאָס ביסל פאַקטן, וואָס איז געלונגען צונויפצוזאַמלען וועגן דעם אומקום פון געציילטע מנינים ווענגראָווער ײדן, איז נאָר אַ קליינע אָפּשפּיגלונג פון דעם וואָס עס האָבן איבער־געלעבט ניין־און־ניינציק פּראָצענט פון אונדזערע ברידער ביז דער בעסטיאַלישער טויט האָט געמאַכט אַ סוף צו זייערע דערנידערונגען, פּיין און לײדן.

זאָלן די איינציקע שורות, וואָס מיר האָבן געקאָנט שענקען זייער ליכטיקן אָנדענק, זיין אַ נר תמיד, אַ וואָרענונג און אַ מאָנונג פאַר אונדז און פאַר די קומענדיקע דורות.

פאַרשריבן דורך פּ. פּ.

**ראובן פשעפיורקא** (קאראקאס, ווענעצועלא)

# אין ווענגראָוו נאָך דער באַפרייאונג

ראובן פשעפיורקא, זון פון נחמן־שמעון און שיינע פשעפיורקא ע"ה, געבוירן אין ווענגראוו אין יאָר 1916 און דאָרט אויפגעוואַקסן, געפינט זיך היינט אין קאראקאס, ווענעצועלא.

אין יאָר 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה האָט ער געדינט אין פוילישן מיליטער. נאָך פאַרשיידענע מסוכנדיקע איבערלעבונגען, איז ער אין מערץ 1940 אַריין אין וואַרשעווער געטאָ, דאָרט פאַרבליבן ביז 1942 און דאַן אַנטלאָפן בעת אַן אַקציע אויף דער אַרישער זייט און פון דאָרט צוריקגעקומען קיין ווענגראוו.

פאָלגנד, וואָס ער דערציילט וועגן דער אַלטער היים־שטאָט און זיינע ווייטערדיקע איבערלעבונגען.

ווענגראָוו איז געווען אין מערץ 1940 אין אַ פאַרהעלט־ניסמעסיק רואיקן מצב. אין פאַרגלייך מיט וואַרשע האָט אין ווענגראָוו עקזיסטירט אַ „פריי" געטאָ, דאָס לעבן און האַנדל האָבן נאָך אַ ביסל נאָרמאַל פּולסירט. דער דייטשער מיליטער־קאָמענדאַנט האָט אין יענע טעג אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז 200 ײדן זאָלן זיך פרייוויליק מעלדן אָפּצופאָרן קיין אסטראָוו־מאַזאָוויעצקי צו רייניקן קאַנאַלן. איך מיט נאָך אַ גרופּע יונגעלייט האָבן זיך פאַרשריבן צום אָפּפאָרן, צווישן זיי די עלטערע צוויי זין פון ציוניסטישן טוער, ה' מרדכי זיימאַן (דעם אטוואָצקער מורה הוראה'ס אַ זון), וואָס איז גלייכצייטיק געווען פּרעזעס פון „יודנראַט" אין ווענגראָוו. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט צוזאַמען מיט ײדן פוןווישקאָוו 4 וואָכן צייט.

איינמאָל ביים אַרויסנעמען מיירן פון פעלד האָבן עטלע־כע גענומען אַ ביסל מיירן צום זעטיקן דעם הונגעריקן מאָגן. פלוצים זענען אָנגעקומען די ס. ס.־לייט, געהייסן זיך אַלעמען אויסשטעלן אין אַ שורה. די 5—6 ײדן וואָס האָבן פאַר פחד אַרויסגעוואָרפן פון די קעשענעס די עטלעכע מיירלעך האָבן די ס. ס.־לייט געהייסן אַרויסטרעטן פון דער שורה, באַפוילן זיי אויפעפענען די מיילער און זיי אויפן אָרט דערשאָסן אין אָפענע מיילער.

**אַנטלאָפן פון טרעבלינקע**

פון אסטראָוו זענען מיר אונטער שטרענגער ס. ס.־וואַך געבראַכט געוואָרן קיין טרעבלינקע נומער 2. אויפן וועג זענען עטלעכע דערשאָסן געוואָרן. מ'האָט אונדז באַשעפטיקט מיט ברוקירן אַ שאָסיי פון טרעבלינקע נומער 2 ביז טרעב־לינקע נומער 1.

5 טעג נאָך יום־כפור האָט מען געבראַכט קיין טרעב־לינקע די „ײדישע פּאָליציי" פון ווענגראָווער געטאָ. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער פולשטענדיקער פאַר־ניכטונג פון ווענגראָווער געטאָ, די מערדערייען און דאָס אַרויסשיקן פון די ווענגראָווער ײדן.

אין טרעבלינקע האָבן מיר זיך געטראָפן מיט שמואל רייזמאַן און אין באַשטימטע שעה'ן האָט ער אונדז פון צייט צו צייט אַריבערגעוואָרפן שפּייז, אַנטועכץ א. אַ. וו. איינמאָל, בעת מיר זענען געגאַנגען אויף אַרבעט, זענען פון אונדזער גרופּע אַנטלאָפן 5 ײדן.

אַז מיר האָבן פֿערענדיקט דעם שאָסיי און געזען אַז קיין אַנדער אַרבעט איז נישט פֿאַראַן, האָבן מיר געפֿילט אַז אַ ליאַדע טאָג וועט מען אונדז אַלעמען אַריבערפֿירן אין אַ צווייטן טרעבלינקע, ווו הונדערטער טויזנטער יידן ווערן געפֿירט צום טויט, און מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפֿן.

דעם 9־טן דעצעמבער 1942 זענען 20 מענטשן פֿון אונדזער גרופּע געשיקט געוואָרן אויף אַרבעט. געפֿירט האָבן אונדז 2 קאַפּאָס־וועכטער, אַ פּאָליאַק און אַ אוקראַינער. ווי נאָר מיר זענען אַרייַן טיף אין וואַלד האָבן מיר פֿאַרגעלייגט אונדזער וועכטער אַ גוטן טרינק בראָנפֿן. און אַ טרונק נאָך אַ טרונק און דער אוקראַינער איז געוואָרן שיכור. איינער פֿון אונדז האָט אים דערלאַנגט מיט אַ שפּאַדל איבערן קאָפּ און דער אוקראַינער איז געבליבן אויפֿן אָרט טויט. איך האָב צוגענומען ביי אים די ביקס, מונדיר, פֿאַראָרדנט מיין גרופּע אים אַרייַנשלעפּן טיף אין וואַלד אַרייַן און אים באַהאַלטן אין אַ טיפֿן גרוב, באַדעקט מיט זאַמד, צווייַגלעך און בלעטער, כדי נישט פֿאַראורזאַכן, חס וחלילה, ווען באַשטראָפֿט ווערן דערפֿאַר. איך האָב אונדזערע חברים געזאָגט, אַז יעדער זאָל איצט אַנטלויפֿן אין אַ אַנדער ריכטונג; זאָל יעדער לויפֿן באַזונדער און זיך פֿאַרלאָזן אויף זיין אייגענעם גורל.

איך בין געלאָפֿן אין דער ריכטונג צו שטאַטשעק, כדי זיך צו דערנענטערן קיין ווענגראָוו. צוועלף בייַנאַכט בין איך טאַקע אָנגעקומען קיין ווענגראָוו, אָנגעקלאַפּט אין טיר, געזאָגט מיין נאָמען און האָט האָב איך גראַד אַרייַנגעטראָפֿן צו יענקל צוקיערניקס שטוב. דאָרט איז פֿאַרבליבן „דאָס קליינע געטאָ" וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט פֿאַר דעם ביסעלע „פּראָדוקטיווע" מענטשן. דאָרטן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע הונדערט יידן, בעת דער גרויסער ליקווידאַציע פֿון ווענגראָוו. נאָך דער גרויסער פֿאַרניכטונגס־אַקציע האָבן די דייטשע מאַכט־האָבער באַקאַנט געמאַכט, אַז ווער ס'האָט אַ פּאַך זאָל צוריקקומען. ס'וועט יעדן געגעבן ווערן אַן „אַרבעטס־נומער", כדי צו קאָנען אַרבעטן און עקזיסטירן.

אַלס אָנפֿירער פֿון קליינעם „אַרבעטס־געטאָ" זענען באַשטימט געוואָרן ה' מרדכי זיימאַן און אַ יידישער דאָקטאָר פֿון ווישקאָוו. ס'זענען איינגעאָרדנט געוואָרן עטלעכע אַרבעטס־לאַגערן: שיסטעריי, גאַרבעריי, סטאָלעריי א. אַ. וו. „אַרבעטס־נומערלעך" האָבן באַדייט צייטווייליקע עקזיסטענץ.

דער פֿאָרזיצער פֿונעם „קליינעם געטאָ", ה' זיימאַן, האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די טאָג־טעגלעכע שיסערייען און זיין יידיש האַרץ האָט געפּלאַצט פֿון ווייטיק.

## אין דאָרף בוטקי

איך האָב זיך דאָ געטראָפֿן מיט מיין עלטערן ברודער ירחמיאל, וועלכער האָט דאַן שוין געאַרבעט אין דער גאַרבעריי אויף גאַרבער־גאַס. פֿון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ טייל פֿון מיין פֿאַמיליע לעבט נאָך און זיי זענען אויסבאַהאַלטן אין דאָרף „בוטקי" ביי אַ קריסטלעכער פֿאַמיליע. מיר האָבן באַשלאָסן אַז איך זאָל אַוועק פֿון „קליינעם געטאָ" און זיך פֿאַראייניקן מיט דער פֿאַמיליע. ירחמיאל זאָל בלייבן אין געטאָ אַרבעטן, כדי צו קאָנען אונדז אַלעמען באַזאָרגן מיט געלט און שפּייַז. די גויים, ביי וועלכע מיר זענען אויסבאַהאַלטן, וועלן אויך מורא האָבן אונדז שלעכטס צו טאָן און זיי וועלן ווייניקער שאַנטאַזשירן, וויסנדיק אַז אונדזערער אַ ברודער איז אויף דער פֿריי.

די פּוילישע בעלי־בתים האָבן אונדז באַהאַלטן אין אַ קעלער. מיר זענען געווען 4 מענטשן. דער קעלער איז געווען גוט סימולירט, פֿון צייט צו צייט האָט מען אויפֿגעעפֿנט די אויבערשטע עפֿענונג. מיר זענען אַרויס כדי צו קאָנען אויסגלייכן אונדזער גוף און אָטעמען אַ ביסל לופֿט...

אין יאָר 1944, זענען מיר אַמאָל אַרויס אין וואַלד און דאָרטן האָבן מיר זיך געטראָפֿן מיט ווענגראָווער פֿריינט, ברודער שטיינבערג און אַנדערע, וועלכע זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין זעלבן דאָרף ביי אַ אַנדערן פּויער. די שמחה פֿון דער באַגעגעניש איז אומבאַשרייבלעך. מיר האָבן זיך דאַן אָרגאַניזירט אין אַ מין קליינער „זעלבסשוץ"־גרופּע.

אַזוי זענען מיר געליגן באַהאַלטן און געהאָפֿט אויף באַפֿרייאונג. אין חודש אויגוסט 1944, האָט אונדזער באַלעבאָסטע אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ס'איז פֿאַרבייגעריטן אַ רוסישער פּאַטראָל און שוין אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר באַגעגנט רוסישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אונדז דערציילט אַז די דייטשן אַנטלויפֿן פֿון ווענגראָוו.

## צוריק אין ווענגראָוו

מיין שוואָגער און איך האָבן באַשלאָסן פֿאָרן קיין ווענגראָוו. אַ רוסיש מיליטערישער לאַסט־אויטאָ האָט אונדז אין אַ געוויסן פֿרימאָרגן אַרייַנגעבראַכט אין שטאָט אַרייַן. די גאַסן זענען געווען ליידיק און אַרום שטיל ווי אויפֿן בית־עולם. אַ סך הייזער חורבות און די עטלעך־געבליבענע שטייען מיט פֿאַרמאַכטע לאָדנס.

מיר זענען פֿאַרבייגעגאַנגען אונדזער הויז אויף יאַטקע־גאַס 9. דאָרטן האָט שוין געוווינט אַ קריסטלעכע משפּחה.

לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון רוסישן מיליטער־קאָמענדאַנט האָט נאָך אין זעלבן טאָג די פּוילישע משפּחה באַפֿרייט אונדזער הויז.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען צוריקגעקומען נאָך משפּחות, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין דערפֿער און אין וועלדער. מיר האָבן זיי אַרייַנגענומען צו אונדז אין הויז, הגם אויך ביי אונדז זענען איבערגעבליבן בלויז ליידיקע ווענט.

מיר האָבן באַלד געגרינדעט אַ גאַרבער־קאָאָפּעראַטיוו אין דער מיל פֿון געוועזענעם יידישן מילנער ה' פֿרידמאַן. מ'האָט דאָרט אויסגעאַרבעט פֿאַרשיידענע לעדער־אַרטיקלען. אין דער גאַרבעריי האָבן געאַרבעט עטלעכע צענדליק יידן. ימים־נוראים און סוכות האָבן מיר געפּראַוועט אין הויז פֿון מיינע עלטערן.

דער בירגערמייסטער האָט אָנגעהויבן פֿאַרלאַנגען אַז יידן זאָלן אַרבעטן ביי די פּוילישע לאַנדווירטן, שניידן און דרעשן די תבואה און טאָן אויך אַנדערע אַרבעטן. די לאַגע איז געוואָרן מער און מער אָנגעשטרענגטער. מיר, דאָס ביסל יידן אָפּגעראַטעוועטע פֿון טויט, זענען געווען „צו גרויס"

אין די אויגן פון די פּאָליאַקן, און מיר האָבן איבערגעריסן אונדזער קאָנטאַקט מיט זיי.

אין דעצעמבער 1944 האָבן זיך כמעט אַלע יידן פון ווענגראָוו אַוועקגעלאָזט, ווער קיין וואַרשע און ווער קיין לאָדז, ווו ס'האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנצענטרירן צוריקגעקער־טע יידן. לאָדז איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער יידי־שער צענטער. מיר זענען אַוועק קיין וואַרשע. דאָרט האָבן מיר אָנגעטראָפן עטלעכע קרובים. אַ ביסל שפּעטער האָבן מיר פאַרלאָזט פּוילן, געלעבט אַ שטיקל צייט אין דייטשלאַנד, ביז איך האָב סוף־סוף אויסגעוואַנדערט פון אייראָפּע און זיך געלאָזן איבערן ים קיין אַמעריקע. מיינע ברידער און שוועס־טער מיט זייערע משפחות זענען אָפּגעפאָרן קיין ישראל, ווו זיי געפינען זיך ביז היינט. דער גרעסטער טייל פון אונדזער משפחה איז אומגעקומען דורך די נאַצישע מערדער.

**אפרים פשעפיורקא** (תל־אביב)

# שילדערונגען פון ווענגראווער געראטעוועטע

מיר ברענגען שילדערונגען פון ווענגראָווער געראַטע־וועטע יידן איבער פאַרשיידענע פּאַסירונגען און דעם ענטגילטיקן גורל פון אונדזער שטאָט, אָנהויבנדיק פונעם מלחמה אויסברוך ביזן טראַגישן סוף.

### די באָמבאַרדירונג

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אין סעפּ־טעמבער 1939, איז ווענגראָוו באָמבאַרדירט געוואָרן פון דער לופט. די ערשטע באָמבע איז געפאַלן אויפן הויז פון פאַמיליע וויינטרויב און אומגעבראַכט ראובן ווייסבאַרט, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון וואַרשע, און אסתר, די טאָכטער פון בעקער משה גרינבערג. נאָך אַ באָמבע איז געפאַלן נעבן דער קירך און אָפּגעריסן אַ טייל פון בנין. אַ דריטע באָמבע איז אויך געפאַלן ביי דער פּאָסט.

אַריינקומענדיק קיין ווענגראָוו עטלעכע טעג נאָך ראש־השנה, האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל, אַז די באַפעלקע־רונג, קליין און גרויס, זאָל זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק־פּלאַץ מיט אויפגעהויבענע הענט. פאַר די יידן האָט גערעדט אַ ספּעציעלער דייטשישער פאַרשטייער, וועלכער האָט זיי מיטגעטיילט, אַז די שטאָט נעמט איבער דער דייטשישער פאַסטאַר, אַ סטאַבילער איינוווינער פון ווענגראָוו, און אַז אַלע מוזן זיך אונטערוואַרפן זיינע באַשלוסן. דער פאַסטאַר האָט די יידן אַהיימגעשיקט און נישט געלאָזט זיי טאָן קיין שלעכטס.

### די ערשטע רדיפות

דאָס כאַפּן יידן צו אַרבעט איז געווען דער ערשטער בייזער אָנזאָג פון די טייוולאַנישע פאַרניכטונגס־פּלענער פונעם דייטש. די פרויען האָבן געמוזט אויסוואַשן די געוואַ־שענע דילן און אָפּטריטן מיט זייער אונטערוועש. די מענער האָבן געמוזט מאַרשירן מיט די בעזעמס אין די הענט דורך די גאַסן, כדי זיך צו דערנידעריקן אין די אויגן פון די פּויליִ־שע שכנים, וועלכע האָבן זיך גאָר שנעל פאַרוואַנדלט אין אייפעריקע בייהעלפער פון די דייטשן.

ביי דער אַרבעט אין ריכנער הויף, ווו ס'האָט זיך געפונען די מיליטערישע קאָמענדאַנטור, זענען שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן ר' לייבל צעבולאַזש און ישראל אלבלינג. אַ פּאָר טאָג שפּעטער איז צעבולאַזש געשטאָרבן פון פּיין און דערנידערונג.

נאָך ערגער איז געווען דער גורל פון די פאַרשיקטע אין אַרבעטס־לאַגערן. פון ווענגראָוו האָט מען געטריבן יידן צופוס דורך אָסטראָוו קיין מזרח פּרייסן און טויזנטער אַנדערע ווענגראָוווער יידן זענען געטריבן געוואָרן דורך סאָקאָלאָוו — שעדלעץ קיין מארדי, כדי צו טרוקענען זומפּן אין די וועלדער לענגאויס דעם בוג. ביידע שליאַכן זענען געוואָרן פאַרזייט מיט יידישע גופים.

### טרעבלינקע

צווישן ווענגראָוו און קאָסאָוו האָבן די דייטשן אויפ־געבויט אין אַ וואַלד אַרומגעצוימט מיט עלעקטריזירטן שטעכל־דראָט איינעם פון זייערע גרעסטע טויט־פאַבריקן אין פּוילן — ט ר ע ב ל י נ ק ע.

דאָרט זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן הונדער־טער טויזנטער יידן, צווישן זיי אויך אונדזערע ווענגראָווער ברידער.

### די דערמאָרדונג פונעם ווענגראָווער רב

יום־כיפּור באַגינען, ת"ש, איז ווענגראָוו געוואָרן פאַר־פּלייצט פון דייטשיש מיליטער. אויפן דאַך פון יוסף חיים'ס הויז איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ הילכער מיט אַ גרויסן האַקן־קרייץ און אַלע איינוווינער, יידן און קריסטן, יונג און אַלט, געזונטע און קראַנקע, זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו פאַרזאַמלען זיך אויפן מאַרק.

די ס.ס.־מערדער האָבן געזוכט דעם ווענגראָווער רב, ר' מענדל מאַרגענשטערן, און אים געפונען שטייענדיק אין קיטל און טלית און דאַווענענדיק. באַלד האָבן זיי אים אַרויס־געפירט אינמיטן מאַרק און אָנגעהויבן פייניקן, ביז איין ס. ס. באַנדיט האָט אים שטילעטירט מיט זיין באַגנעט. דער רב איז געפאַלן אַ פאַרבלוטיקטער און זיין משפחה מיט אַלע יידן האָבן געמוזט שטיין שטיל, שווייגן און

צוקוקן זיך צום בעסטיאַלישן מאָרד. דריי טעג שפּעטער האָט דער רב אויסגעהויכט זיין נשמה.

די דייטשן האָבן דערקלערט, אַז דאָס איז געווען אַ מוסטער־שטראָף, כדי יידן זאָלן דערקענען זייער מעכטיקייט און ריקזיכטסלאָזיקייט.

## 16 טויזנט יידן אין ווענגראָוו

אין יענער צייט זענען שוין געווען אָנגעשטאָפּט אין ווענגראָוו 16 טויזנט יידן, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעטריבן פון אַלע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, נאַקעטע און באָרוועסע. דאָס רוב פון זיי האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין אַלע טיילן פון שטאָט, ווייל די הייזער, די שוהל און אַלע בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך זענען געווען איבערגעפולט. זענען זיי טאַקע דאָס רוב געוואָרן געשוואָלן פון הונגער און קעלט און טאָג־טעגלעך האָט דער טיפוס צוגענומען גאַנצע משפחות, וועלכע זענען באַגראָבן געוואָרן אָן תכריכים אין מאַסן־קברים.

האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ דורכפאַל און די אַרויסגעגאַנגענע זענען צוריקגעקומען, ווייל דאָרטן האָבן געבושעוועט רויבער באַנדעס און אין שטאָט איז פאָרט געווען, — ווי איראָניש ! — זיכערער.

## „ווענגראָוו אַ יידן־שטאַט"

אין ווענגראָוו איז נישט געווען קיין געטאָ ביז דער ערשטער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942 און איז געווען איינע פון די לעצטע שטעט אין פּוילן אין וועלכער די יידן זענען פולקאָם ליקווידירט געוואָרן. בעת די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך זענען שוין געווען יודנריין און זייערע יידן פאַרגאַזט אין טרעבלינקע, האָט נאָך דאָס יידישע ווענגראָוו אַ ביסל פריי געאָטעמט. דערפאַר אָבער פלעגט דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע מאַכן אָפטע באַזוכן אין ווענגראָוו און צאַפּן פון די יידן געלט, שפּייז און בראָנפן. געקומען איז ער אין באַגלייטונג



אַרויסגעטריבענע פון די בונקערס אין טאָג פון דער דעפּאָרטאַציע

די דייטשן פלעגן אַרומפאָרן אין שטאָט און כאַפּן יידן און זיי דערשיסן הינטער דער שטאָט, אָדער פאַרשיקן אין אַרבעטס־לאַגערן, אָדער באַשעפטיקן ביי טרוקענען בלאָטעס און פאַרפּייניקן ביז טויט מיט שווערער אַרבעט און הונגער.

לויט אַ סטאַטיסטיק פון ד"ר רינגעלבלומס אַרכיוו זענען אין ווענגראָוו געווען פּליטים פון שעדלעץ, מארדי, סאקאלאוו, לוקאוו, סטערדין, קאלושין, ווישקאוו, פולטוסק, ברוק, לאכאוו, באצק, קאסאוו, סאדאווונע, סטאק, און אַפילו פון לאָדזש, אַלעקסאַנדער, פּאַביאַניץ. אין 1940 זענען בלויז פון פולטוסק געווען 1320 פּליטים, און פון ווישקאָוו 110.

די יידישע איינוווינער אין ווענגראָוו זענען מער ווי פאַרדאָפּלט געוואָרן. אגב, פּרוּוון צו גיין אין די וועלדער

פון אוקראַינישע הינט און פאַרזיכערט די יידן, אַז ער וועט זיי נישט מאַכן פאַר הייץ־מאַטעריאַל, ווייל „ווענגראָוו איז אַ יידן־שטאַט".

אַזוי אַרום האָט ער אַרויסגעפּרעסט דאָס לעצטע, אָבער די יידן האָבן שוין געוווּסט וואָס דערוואַרט זיי. ווי ס'דערציילט גיטל גורע, אַ פּליטה פון מאקאבאדי, וועלכע איז געקומען קיין ווענגראָוו אין 1941, האָבן ווענגראָווער יידן נאָך יעדן באַזוך פונעם טרעבלינקער קאָמענדאַנט געוווּסט, אַז זיי וועלן האָבן איין וואָך אָדער צוויי רו, און אייפעריק געבויט — בונקערס. די יוגנט האָט זיך געגרייט צו קאַמף, כאָטש אַפילו פאַר געלט איז געווען שווער צו באַקומען געווער.

## די ערשטע אַקציע — דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942

אַלץ איז פאָרגעקומען מיט אַזאַ שנעלקייט, דאָס במשך פון 1 שעה זענען טויזנטער וועגראָווער יידן געטריבן געוואָרן קיין טרעבלינקע בעת די קינדער און זקנים זענען דאָרט אַהינגעפירט געוואָרן אויף פויערישע וועגנער. ווי ס׳גיט איבער שמואל רייזמאַן, וועלכער האָט זיך נאָך פון פריער געפונען אין טרעבלינקע, זענען די אָנגעטריבענע נאָך אין זעלבן טאָג אומגעבראַכט געוואָרן.

דאָס איז געווען די ערשטע אַקציע אין וועגראָוו, וואָס איז פאָרגעקומען צומאָרגנס פון יום־כפור, תש״ג, דעם 22־טן סעפּטעמבער 1942. די שטאָט איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט סאָלדאַטן, אוקראַינער, ס. ס. באַנדיטן און סתם רוצחים און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי אין אַלע זייטן. פיל יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אין די בעטן. די געבראַכטע פויערן מיט 150 וועגענער האָבן צוגעהאָלפן פאַרלאַדעווען אַנגעהויבן אַ ניי שיסעריי און דער שאָסיי ביז קיין טרעבלינקע איז פאַרזייט געוואָרן מיט טויטע קערפּערס פון די וועגראָווער יידן.

אין וועגראָוו האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט אַ גרעסערע גרופּע יידן. דאָס באַשטעטיקן אונדזערע בני־עיר, ווי אויך דאָקומענטן פון ד״ר רינגלבלום׳ס אַרכיוו. די פאַרבליבענע זענען באַשעפטיקט געוואָרן ביים אָפּרוימען די דערשאָסענע אין אַלע טיילן פון דער שטאָט, אין די הויפן און הייזער, ווי אויך אויף די פעלדער. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אויפן בית־הקברות און דערשאָסן. בסך־הכל זענען דאָרט באַגראָבן אין מאַסן־קברים בערך פיר טויזנט יידן.

די פּוילישע פּאָליציי האָט דערנאָך 7 וואָכן לאַנג גענישטערט און געשאָסן געפונענע יידן אין די בונקערס.



דער שילד, רעכטס — ווייזט דעם אַריינגאַנג אין געטאָ

אַלטע און קינדער. די בהלה איז נישט פאַרצושטעלן, קינדער האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן און זיי מער נישט געזען. דער געוועזענער פּאָליציסט דעסקע און דער נאַטשאַלניק פון די פייערלעשער אייכעל האָבן געפירט די ס.ס.־מערדער און זיי אָנגעוויזן, ווו ס׳באַהאַלטן זיך יידן. אויך די יידישע פּאָליציי האָט געמוזט זיך באַטייליקן אין דער אַקציע און רופן די יידן, אַז זיי זאָלן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, ווייל מען שיקט זיי אויף אַרבעט קיין מזרח־פּרייסן. אָבער אויך פון דער יידישער פּאָליציי איז קיין זכר נישט געבליבן.

ווי נאָר די געטריבענע יידן מיט פּעק אויף די פּלייצעס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן פון דער שטאָט האָט זיך

## די גרינדונג פון געטאָ, נאָוועמבער 1942

דער טרעבלינקער קאָמענדאַנט האָט נישט דערפילט זיין צוזאָג — אין וועגראָוו זענען מער קיין יידן נישט געווען. האָבן די דייטשן אָנגעוועגדעט אַ נייעם טייוולאָנישן פּלאַן און געמאָלדן, אַז יידן וועלכע וועלן זיך אומקערן וועלן באַקומען אַרבעטס־צעטלען און בלייבן לעבן. געגלויבט האָט מען זיי שוין נישט מער, אָבער די לעצט־פאַרבליבענע רעשטלעך האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און זיך — געמאָלדן. יצחק ביעלאַווסקי האָט מיר געשריבן, אַז זיין משפחה האָט זיך אומגעקערט די ערשטע קיין וועגראָוו און האָט אַפילו באַקומען די דערלויבעניש צו וווינען אויסער דעם געטאָ, וואָס איז דעמאָלס געשאַפן געוואָרן. דערנאָך זענען

צוריקגעקומען פון די וועלדער מוראדיק אויסגעמאַטערט, מינדל פיינגאלד, ווי אויך בעלע ליפמאַן. איר מוטער איז געשטאָרבן אין וואַלד פון הונגער און קעלט און איר פאָטער יעקב ליפמאַן — פון טיפוס.

ס׳האָבן זיך צונויפגעקליבן עטלעכע הונדערט יידן, פון וועלכע נאָר אַ טייל האָט באַקומען אַרבעטס־צעטלען. די צוריקגעקומענע האָבן אַ טייל געוווינט אין הויז פון קרעדע און אַ טייל אין הויז פון באַס, עק הלל׳ס גאַס.

דאָס איז געוואָרן דער יידישער געטאָ, וועלכן די דייטשן האָבן פאַרצוימט מיט שטעכיקן דראָט. ווער ס׳איז אַרויס פון געטאָ איז דערשאָסן געוואָרן. קיין עסן האָבן די דייטשן נישט אַריינגעלאָזט אין געטאָ און אַ סך זענען געשטאָרבן פון הונגער. ס׳האָבן אויסגעבראָכן עפידעמיעס און דער געטאָ איז איזאלירט געוואָרן. די דייטשן האָבן יעדן טאָג גענומען יידן פון געטאָ צו דער אַרבעט און אויפן אָרט דערשאָסן די אָפּגעשוואַכטע. צו יענער צייט האָט נאָך געלעבט מרדכי זיימאַן, וועלכער האָט כלומרשט ווייטער אָנגעפירט מיט די יידישע ענינים. איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו אינטערווענירן ביי דער מאַכט און צומאָרגנס האָבן די דייטשן דערשאָסן 30 יידן. אַ טאָג שפּעטער האָט מען אים געפונען אַ טויטן אין בעט.

ירחמיאל פּשעפּיורקאַ האָט מיר דערציילט, אַז אין דער זעלבער נאַכט איז ער געשלאָפן אין איין צימער מיט זיימאַן און ער גלויבט, אַז די עקזעקוציע פון 30 יידן האָט אים אַזוי דערשלאָגן דאָס ער האָט זיך געסמט. לויט אַן אַנדערע מיינונג האָט ער באַקומען אַ האַרץ־שלאַג.

**דאָס לעצטע קאַפּיטל**

דער געטאָ האָט אָנגעהאַלטן ביזן 30־טן אַפּריל, 1943. דעם 1־טן מאַי פרי זענען אַלע יידן אַרומגערינגלט און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע. איינצעלנע איז געלונגען צו אַנטלויפן, זענען אָבער אויף אַלע וועגן אַרומגעלאָפן פּוילישע שקצים מיט ביקסן און אויסגעטון די אַנטרינענע נאַקעט, אַלץ צוגענומען, און זיי דערשאָסן.

פייוול ביעלאַוואָסקי האָט מיר געשריבן, אַז זיין קאָמיסאַר האָט אים בסוד דערציילט אַז די ליקווידאַציע וועט אויסגעפירט ווערן 3 ביינאַכט און אים געראָטן צו אַנטלויפן. און טאַקע געבוי אין דער שעה האָט זיך אָנגעהויבן די ענטגילטיקע פאַרניכטונג פונעם לעצטן ביסל יידיש ווענגראָוו. אַפילו די יידישע בנינים זענען צענומען געוואָרן און די דייטשן האָבן פאַרקויפט זייערע ציגל צו פויערן. דער אָרטיקער גלח האָט געקויפט די ציגל פון דער צענומענער שוהל צום פאַרריכטן די מויער־צוים פונעם קריסטלעכן בית־הקברות.

*

נאָך דער באַפרייאונג איז פאָרגעקומען אין שעדלעצער קרייז־געריכט דער פּראָצעס פון די ווענגראָווער פייערלע־שער מיט זייער קאָמענדאַנט אייכעל בראש. קיין גוישע עדים האָבן זיך נישט געמאָלדן. דער איינציקער עדות אויפן פּראָצעס איז געווען דער ייד. מ. מ. גורא. דאָס געריכט האָט אָנגענומען זיינע באַשולדיקונגען און פאַרמשפּט אייכלען אויף 8 יאָר און זיינע מיטהעלפער אויף 2 יאָר תפיסה (לויט מ. מ. גורא אין בוך „חורבן שדלץ״ פון א. פיינזילבער).

*

אַזוי איז פאַרשניטן געוואָרן די ווענגראָווער קהילה צוזאַמען מיט אירע יידן.

יהי זכרם ברוך.

**לאה שלעזינגער**

# ישראל הערש דאבזשינסקי

(געפאַלן אַלס פּאַרטיזאַן פון דער בעלגישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג)

ישראל הערש דאָבזשינסקי, זון פון שמואל און לאה שלעזינגער פון ווענגראָוו (אייניקל פון חזקיהו שלעזינגער), איז געבוירן געוואָרן דעם 16־טן אַפּריל 1924 אין ווענגראָוו. אין עלטער פון 2 יאָר איז ער געבראַכט געוואָרן קיין בעלגיע און דאָרט זיך דערצויגן.

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט ווערט ער באַזייטיקט אַלס יידישער שילער פון אַן אוונט־קורס פאַר ראַדיאָ־טעכניקער און אין מאַי 1942 שליסט ער זיך אָן אין אַ פּאַרטיזאַנען־גרופּע פון דער בעלגישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

זיין מוטער, לאה שלעזינגער, שילדערט פאָלגנד איר זון, וועלכן זי האָט געזען צום לעצטן מאָל דעם 13טן מאַי 1943:

נאָך פון יאָר 1940, זייענדיק אַלט 16 יאָר, איז ער שוין געווען אַקטיוו אין דער ווידערשטאַנדס־טעטיקייט פון זיין יוגנט אָרגאַניזאַציע. יושר און גערעכטיקייט אין וואָרט און אין טאַט זענען געווען פאַר אים הייליקע פּרינציפּן און דער קאַמף קעגן נאַצישן אָקופּאַנט איז פאַר אים געווען אַ הייליקער חוב.

אין די זומער חדשים 1941 האָט אים די מוטער פאַרגע־



שלאָגן צו שמוגלען זיך קיין שווייץ, אָבער ער זאָגט זיך אָפּ דאָס צו טאָן האַלטנדיק, אַז ער טאָר נישט פאַרלאָזן זיין קאַמפס־פּלאַץ אין בעלגיע.

אין אַ קורצער צייט ווערט ער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ גרופּע פּאַרטיזאַנען.

דעם 15 מאַי 1942 שטויסט ער זיך אָן אויף אַ היטלע־ריסטישער אָפּטיילונג. כדי צו דערמעגלעכן זיינע קאַמפס־חברים צו אַנטלויפן, עפנט ער פייער אויף די דייטשן. זיי כאַפּן אים מיט געווער אין דער האַנט.

די געסטאַפּאָ אינטערנירט אים אין דער פעסטונג פון דעענעדאַנק, וווּ ס׳זענען אינטערנירט פּאָליטישע און פּאַט־ריאָטישע ווידערשטענדלער. ער ווערט שטאַרק געפּייניקט, כדי אַרויסצובאַקומען פון אים נעמען און אַדרעסן פון זיינע קאַמפס־חברים. אָבער אומזיסט — זי באַוויזט נישט צו ברעכן זיין מאָראַל.

די געסטאַפּאָ האָט אים געבראַכט צום צוג פון אונטער־בירטע, וואָס איז גרייט געווען אָפּצופאָרן קיין אַשוויץ, אָבער נאָך פאַר דעם האָט מען באַפוילן די זיצנדיקע אויסצושטייגן און שטעלן זיך אין די רייען פאַר ישראל הערש דאָבזשינסקי, כדי אַזוי אַרום אַרויסצובאַקומען, ווער זענען געווען זיינע פּאַרטיי־פאַרבינדעטע. אָבער ער האָט פאַרביימאַרשירט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן שאָקלענדיק מיט קאָפּ אויף ניין און קיינעם נישט פאַרראַטן. (וועגן דעם האָבן דערציילט דער מוטער די וועלכע ס׳איז געלונגען אַרויסצושפּרינגען פון צוג).

דעם 14טן יולי 1943 פירט די געסטאַפּאָ אויס איר פאַר־ברעכערישן אורטייל אויף ישראל הערש דאָבזשינסקי.

די בעלגישע פּאַרטיזאַנען באַוועגונג און די בעלגישע מיליטערישע מאַכט האָבן נאָכן קריג צוגעשיקט דער מוטער די ערן־אויסצייכענונג, וואָס זענען אָנערקענט געוואָרן איר זון פאַר זיין העלדישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

כבוד זיין אָנדענק!



ROYAUME DE BELGIQUE

Le Ministre de la Défense Nationale

a l'honneur de faire savoir

que, par Arrêté de S.A.R., le Prince Régent, du 15.7.1949, n°6224,

LA CROIX DE CHEVALIER DE L'ORDRE DE LEOPOLD II AVEC PALME
et attribution de la CROIX DE GUERRE 1940 AVEC PALME
et la MEDAILLE DE LA RESISTANCE

ont été décernées, à titre posthume,

à la date du 15.11.1943,

à Monsieur DOBRZYNSKI, Srul-Hersz,

pour:

" Membre de l'Armée Belge des Partisans, actif et dévoué; réalisa à l'entière satisfaction de ses chefs les missions dont il fut chargé: sabotages, transport d'armes et d'explosifs, diffusion de la presse clandestine. Arrêté en raison de son activité patriotique, opposa à ses juges une attitude pleine de dignité; fut fusillé dans le courant de juillet, août, septembre 1943."

## מלוכה פון בעלגיע

דער מיניסטער פאַר נאַציאָנאַלער דעפענס האָט די ערע צו מעלדן, לויט אַ באַפעל פון פּרינץ־רעגענט פון 15.7.1949, נומער 6224 ווערט באַערט מיט די אויבנדערמאָנטע מעדאַלן, נאָכן טויט

## ה׳ ישראל־הערש דאָבזשינסקי

דעם 15.11.1943 אַלס זעלנער אין דער בעלגישער פּאַרטיזאַנען־אַר־מיי, טעטיק און איבערגעגעבן, האָט אויסגעפירט, צו דער צופרידנ־הייט פון זיינע קאָמאַנדירן, די אויפגאַבן: סאַבאָטאַזש, פירן געווער און דינאַמיט, פאַרשפּרייטן אונטערגרונט־ליטעראַטור. ווען ער איז פאַרהאַלטן און געמשפּט געוואָרן, האָט מיט ווירדע קעגנגעשטעלט זיינע ריכטער. דערשאָסן געוואָרן אין די מאָנאַטן יולי, אויגוסט סעפּטעמבער 1943.

# דער לוויה־צוג אין מארק־טרעדוויטש

אינעם דייטשישן דאָרף מאַרק־טרעדוויטש — נעבן טשעכיען — איז געווען אַ לאַגער, אין וועלכן ס׳זענען אויך געווען וועגנגראַוער יידן.
די מערדער פלעגן צעפּיצלען די קרבנות און זיי „פּאַרזייען" אַרום דעם לאַגער.



דאָס פונאַנדערקלויבן די רעשטן און זיי ברענגען צו „קבר־ישראל" (נאָך דער באַפרייאונג)



דער לוויה־צוג

**די פאָלגענדע צוויי דאָקומענטן — אין פויליש — זענען צוגע־שיקט געוואָרן פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע.**

1.

## יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף / אָפּטיילונג אין ווענגראָוו

צום פּרעזידיום
פון דער יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף
אין קראָקאָ

נומער 22/42 דז.
ווענגראָוו, דעם 20־טן אויגוסט
אָנגעקומען דעם 26־טן אויגוסט 1942
נומער 17040

צו דער אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינע און אָרגאַניזאַטאָרישע ענינים.

וועגן: לעגיטימאַציעס.

אין ענטפער אויף אייער בריוו פונ׳ם 25.6 ד. י. נומער/ד/—I—8567/42 — בעטן מיר העפליך צושיקן אונדז דעם דאָקומענט פאַר די באַשעפטיקטע אין דער ווענגראָווער אָפּטיילונג פון דער יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף, לויט דער פאָלגענדער ליסטע:

בייגעלייגט שיקן מיר 2 פאָטאָגראַפישע בילדער פאַר יעדן מיטגליד און פאַר יעדן פון זיי די סומע פון 2 זלאָטעס און 50 גראָשן — בסך הכל 22 זלאָטעס מיט 50 גראָשן שיקן מיר דורך פּאָסט.

| נאָמען און פאַמיליע | עלטער | געבוירן אין | אַ מ ט |
|---|---|---|---|
| **זיימאַן מרדכי** | **1900** | **קאַרטשעוו** | **פּאָרזיצער פון יידישער זעבסטהילף** |
| **באַציאַן צאלקה** | **1892** | **ווענגראָוו** | **וויצע־פּאָרזיצער פון יידישער זעלבסטהילף** |
| **וויינטראוב א. ש.** | **1895** | **סאָקאָלאָוו** | **קאַסירער פון יידישער זעלבסטהילף** |
| **קליין מענדל** | **1887** | **גאָוואַרטשאָוו** | **דירעקטאָר פון יתומים־הויז ביי דער יידישער סאָציאַלער הילף** |
| **שטיינקלאַפּער מ.** | **1909** | **יאַנאָוו פּאדל.** | **מאַגאַזינער** |
| **פיינגאָלד אריה וו.** | **1874** | **ווענגראָוו** | **פּאָרזיצער פון סאַניטאַרישער־היגיענישער אָפּטיילונג און חברה קדישא** |
| **מאַנדעלמאַן יאַנקל** | **1912** | **ווענגראָוו** | **דירעקטאָר פון דער געזונטהייט־צענטראַלע** |
| **גאָרדאָן הערש** | **1914** | **ווענגראָוו** | **סאַניטאַרישער אויפזעער פון ייד. זעלבסטהילף** |
| **קרייטמאַן זאָסיאַ** | **1920** | **ווענגראָוו** | **היגיעניסטין** |
| **באָראַב אברהם** | **1914** | **ווישקאָוו** | **קאָמענדאַנט איבער סאַניטאַרן** |

צוליב טעכנישע און אַנדערע נישט־פון־אונדז־אָנבאַלאַנגטע סיבות, ענפערן מיר מיט פאַרשפּעטיקונג און בעטן אונדז אַנטשולדיקן.

מיר וואַרטן אויף שנעל און גינסטיק ערלעדיקן און דאַנקען פאָרויס.

מיט אַכטונג:

פּאָרזיצער — **צ. באַציאַן**
סעקרעטאַר — **ה. מילער**

קייליכיקער סטעמפּל מיטן אויפשריפט:
**יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף, ווענגראָווער אָפּטיילונג**

**18 ביילאַגן**

פּ. ס. דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון פּאָרזיצער שיקן מיר באַזונדער. פאָרלויפיק בעטן מיר
• העפליך שנעל ווי מעגליך ערלעדיקן דאָס אויבן דערמאָנטע.

סעקרעטאַר ה. מילער

.2

## יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף / אָפּטיילונג אין ווענגראָוו

ווענגראָוו, 8.9.1942
נומער 24/42 דז.
אָנגעקומען דעם 13־טן סעפּטעמבער 1942
17537

צום פּרעזידיום
פון יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף
אין ווענגראָוו

מיר באַשטעטיקן דאָס דערהאַלטן די דאָקומענטן און דאַנקען פאַר זיי הערצלעך. מיר שיקן איבער 11 זלאָטעס מיט 50 גראָשן פאַר די אויסגאַבן. עס ליגן ביי אונדז אויסגעפּילטע באַריכטן פאַר די מאָנאַטן: יוני, יולי, אויגוסט — וועלכע זענען ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן צוליב דער שטימונג און אויך ווייל דער פאָרזיצער האָט נאָך ניט געהאַט די מעגלעכקייט איבערקאָנט־ראָלירן און אונטערשרייבן די אויבן דערמאָנטע.

יעדן טאָג קומען אָן צו אונדז פּליטים פון אַלע זייטן. מיר אַליין פילן זיך ווי אויף אַ ווולקאַן. די נויט איז אַזוי גרויס, אַז קיין אויסדרוק איז ניט אומשטאַנד באַשרייבן די ריכטיקע לאַגע.

אונדזער אַרבעט ווערט פאַרטגעזעצט אין אַלע ריכטונגען. די פאָלקס־קיך איז ווידער אויפגעמאַכט נאָך אַ איבעררייס פון עטלעכע טעג. מיר גיבן אַרויס 1200 מיטאָגן טעגליך.

מיר האָבן אַ רייע פון אַרבעטס־פּלעצער: אין פעלדער, ביי גראָבן טאָרף, ביי שאָסייען, אין פאַלוואַרקן און אויך דייטשישע אַרבעטס־פּלעצער. די אַלע אַרבעטער דאַרף מען געבן עסן און מיר האָבן ניט קיין מעגלעכקייטן. די יעניקע וואָס וואָלטן אונדז געקענט העלפן זענען צושפּרייט אין די פאַרשיידענע אַרבעטס־פּלעצער, ווייל דער דראַנג צו אַרבעט איז זייער גרויס.

די עלטערע קינדער פון יתומים־הויז אַרבעטן אויך ביים אויפבויען די שטעטישע מלע־טשאַרניע. די אַרבעט פאַרן יתומים־הויז ווערט פאַרטגעזעצט.

דער מי און אָנשטרענגונג איז ריזיק — אָבער דער רעזולטאַט קוים וואָס מ׳באַמערקט. אין צוזאַמענהאַנג מיט אויבן דערמאָנטן, בעטן מיר העפליך צו נעמען אין באַטראַכט אונדזער לאַגע און אונדז דרינגענד העלפן מיט געלט, מעדיקאַמענטן און פאַרשיידענע זאַכן, וועלכע זענען נויטיק פאַר די פאַרוווּנדעטע וואָס מערן זיך לעצטנס.

מיר ערוואַרטן גיכן און גינסטיקן ענטפער און דאַנקען פאָרויס.

מיט אַכטונג:

יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף, אָפּטיילונג אין ווענגראָוו

פאָרזיצער — **מ. זיימאַן**
סעקרעטאַר — **ה. מילער**

ביילעגנד שיקן מיר די פאָטאָגראַפישע בילדער און בעטן צושיקן אונדז די דאָקומענטן פאַר די אַרבעטער פון יתומים־הויז. די אויסגאַבן וועלן מיר זאָפאָרט צוריקשיקן.

**GAZETA ZYDOWSKA**
**KRAKOW**

# יודישע צייטונג

קראקא, דינסטיק, 21־טן ינואר 1941

**ווענגראָוו** *

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז געוואָרן אַ יאָר, צייט ס'עקזיסטירט אין ווענגראָוו דער יודנראַט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט דער יודנראַט געגעבן אַ אויספירליכן באַריכט וועגן זיין טעטיקייט.

די אַרבעטס־אָפּטיילונג האָט, לויטן באַפעל פון שעדליצער אַרבעטס־אַמט, אַרויס־געשיקט די פאַרלאַנגטע צאָל יידישע אַרבעטער. אין די אַרבעטן האָבן זיך בסך־הכל באַטייליקט 500—700 יידישע אַרבעטער. אין פאַרלויף פון דער צייט האָט דער יודנראַט אַרויסגעגעבן אויף זיי 20,000 זלאָטעס אין מזומן און האָט אויך פאַרטיילט צווישן זיי שפּייז־פּראָדוקטן.

די אָפּטיילונג פון סאָציאַלער הילף באַמיט זיך צו קריגן שפּייז־פּראָדוקטן און אַנדערע זאַכן פאַר אָרימעלייט.

אויסער דעם האָט זי פאַרטיילט פאַרשיידענע מתנות וועלכע שטאַמען פון אויס־לאַנד און זענען צוגעטיילט פון „דזשאינט". די אָפּטיילונג פון סאָציאַלער הילף דערנערט 400 אָרימע יידישע קינדער. די אָרימעלייט קריגן מעדיצינישע הילף אומזיסט. קראַנקע יידן, וועלכע נויטיקן זיך אין האָספּיטאַליזאַציע און האָבן ניט די מעגליכקייט באַצאָלן די אויסגאַבן, ווערן געהיילט אויפן חשבון פון דער אָפּטיילונג פון סאָציאַלער הילף.

לעצטנס האָט מען אויפגעמאַכט אַ טיי־הויז פאַר יידן. אָרימע יידן, וועלכע פאָרן דורך ווענגראָוו, קריגן שטיצע.

די סאַניטאַרישע אָפּטיילונג, צו וועלכער ס'באַלאַנגען 16 סאַניטאַרן, זאָרגט דורכצופירן דעזינפעקציע אין די הייזער, הויפן און גאַסן.

לעצטנס האָט מען אויפגעמאַכט אַן אָפּטיילונג, וועלכערס אויפגאַבע איז צו פאַרטיילן די שפּייז־פּראָדוקטן וואָס ווערן צוגעטיילט דורך דעם סטאַראָסטווע פון פּאָוויאַט.

די אָפּטיילונג פון וווינונגען האָט רעגעסטרירט אַלע וווינונגען, אין וועלכע מ'באַזעצט יידן וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון סאָקאָלאָוו. אין צוזאַמענהאַנג מיט די חלוקי־דעות צווישן די בעלי־בתים פון די דירות און צווישן די פּליטים, האָט מען געשאַפן אַ געריכט, וועלכער באַשליסט אין די ענינים. צו דעם דאָזיקן געריכט האָט די יידישע באַפעלקערונג גרויסן צוטרוי און מ'ווענדעט זיך צו אים אויך אין אַנדערע פראַגן.

נאָך דעם וואָס ס'איז ערשינען דער באַפעל וועגן יידישע שולן, האָט מען אָרגאַ־ניזירט ביים יודנראַט אַ אָפּטיילונג פאַר שולן.

מען האָט צוגעריכטעט די אַלטע שוהל, פאַר עטליכע טויזנט זלאָטעס, און ס'לערנען דאָרט 450 יידישע קינדער. דאָס ערשטע שוהל־יאָר האָט זיך אָנגעהויבן דעם 1־טן ינואר 1941.

די יידישע אָרדנונגס־שוץ זאָרגט וועגן אָרדנונג אין די גאַסן, העלפט איינאָרדנען די פּליטים און פילט אויס אַנדערע אויפגאַבן וואָס ווערן זיי צוגעטיילט דורכן יודנראַט.

די פינאַנס־אָפּטיילונג פירט דורך פון צייט צו צייט געלט־זאַמלונגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

* די קאָרעספּאָנדענץ איז גענומען פון דער צייטונג אַרויסגעגעבן דורכ'ן יודנראַט אין קראַקא.

**ש. זאבלודאוויטש** (קאַראַקאַס, ווענעצועלאַ)

# דער כלל און דער פרט

## א. שוהלן און חברות

עיני, עיני, ירדה מים!... טיף געבויגן אין אבלות. מיט אַ צובראָכן האַרץ און טיפסטן יראת־הכבוד, פאַר די אַלע — קדושים וטהורים — וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם. וויל איך, אַ בן־עיר פון דער קהילה ווענגראָוו, פאַר־צייכענען פון מיין זכרון לדורות, די חרוב געוואָרענע קהילה, איר בית־הכנסת, בתי־מדרשים, חברות, לומדים מופלגים, האָרעפּאַשנע בעלי־מלאכות און חסידים־שטיבלעך.

כדי מיר אַלע לעבנגעבליבענע, מיט אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, אָפּשטאַמיקע פון דער ווענגראָווער קהי־לה, זאָלן מיטן כוח פון זייער געדענקען אויפהאַלטן זייער אַלעמענס אָנדענק לעולם ועד...

תהיה נשמתם הקדושה והטהורה צרורה בצרור החיים, אמן.

א.

ווענגראָוו, אַ שטאָט וואָס האָט געציילט קרוב צו 8000 יידן, אַ שטאָט וואָס איר יידישע קהילה, לויט דער מסורה, האָט עקזיסטירט ביי אַכט הונדערט יאָר, אַ שטאָט וואָס האָט מרביץ תורה געווען ברבים, האָט וויט געשמט אין דער מדינה פוילן, מיט איר מלאכת־הקודש, מיט איר פאַרצווייג־טער אינדוסטריע פון פאַרמעט, מיט סופרים פון ספרי־תורה׳ס, מגילות, פרשה׳ס, תפילין, רצועות, מזוזות וכדומה. וואָס האָט באַלד ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג פאַר־שפּרייט אירע דאָזיקע אַרטיקלען אויך וויט איבער די גרע־ניצן פון פוילן.

ווענגראָוו האָט אויך געשמ׳ט מיט איר „רבי״ און צדיק, מיטן נאָמען „דער קאַלושינער רבי״, הרב יעקב יצחק ז״ל. וואָס האָט געהאַט טרייע, פרומע חסידים־לומדים האָרע־פּאַשנע, פּשוטע, פרומע יידן, גאַרבערס, פּאַרמעט־מאַכער, קירזשנער, שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, רימאַזשעס, הי־טלמאַכער. דער רבי פלעגט ביי זיך האָבן אַ „מנין״, פירן אַ ברייטן טיש, מיט תורה, שיריים; ס׳פלעגן פון דער פרעמד אַראָפּקומען המונים מיט חסידים צו זייער רבי׳ן, יעדערער מיט זיין צעבראָכן האַרץ, זיינע נויטן און צער; פון צייט צו צייט פלעגט דער „רבי״ אויך אַרויספאָרן אין צענדליקער שטעט צו זיינע חסידים, וועלכע פלעגן דעם „רבי״ן אויפ־נעמען מיטן גלאַנץ און ברען.

צווישן דער גרויסער עדה האָבן געשמ׳ט ערליכע יידן, למדנים מופלגים און שאַרפע חסידים; פיל פון זיי האָבן געהאַט „סמיכות לרבנות״, אָבער עקשנות׳דיק ניט געוואָלט מאַכן פון דעם אַ „קרדום לחפר בה״.

פון פיל אַזעלכע וויל איך דאָ אָנרופן: ר׳ זיינוועלע קאָזאַק, אַ זון פון באַוואוסטן בראָקער רבין און מרא דאתרא, ר׳ מאיר אשר קאָזלאָווסקי — דער ערשטער תלמיד פון גרויסן גאון ר׳ אברהמ׳לע סאָכאַטשאָווער, ר׳ יעקב מענדלס — וויין־הענדלער, ר׳ פייוויש סאָקאָלאָוו — סגי־נהור — נאָענטער קוזין פון גרויסן ציוניסטישן מנהיג נחום סאָקאָלאָוו, — ר׳ בערטשע זלאָטאָווסקי, זיין איידעם ר׳ יקותיאל בער־טשעס, ר׳ יונה־אייזיק — ראש פון ווענגראָווער ישיבה, ר׳ אוריה לעווענשטיין — זון פון נאַשעלסקער רב, ר׳ מענדיל פייווישעס (איידעם פון ר׳ פייוויש סאָקאָלאָוו), ר׳ מטות שוחט, ר׳ משה׳קע בערגמאַן, ר׳ יצחק שוחט, ר׳ מאָטיל שוחט, זיין איידעם ר׳ אברהם־יודיל, ר׳ משה רדזימינסקי, ר׳ וואָלף רעקאָנט, ר׳ אַרקע פּשעפּיורקאַ, ר׳ מרדכי פנחס ספיר, ר׳ אברהם פיינגאָלד, ר׳ יוסיל עסיגמאַכער, — ר׳ ישראל־אשר, ר׳ יוסף שאַפּיראָ, ר׳ אברהמ׳טשע שוחט, ר׳ חיים מאיר בראָנער, ר׳ מנחם מענדזיזשעצקי און אַנדערע וואָס איך קאָן נישט מער זיך דערמאָנען.

אָט די אַלע יידן, לומדים מופלגים, שאַרפע חסידים, זענען יומם ולילה געווען פאַרנומען מיט תורה לערנען, געלערנט בציבור ש״ס און פוסקים, מדרש און „זוהר״, רבי־אישע ספרים, געגעבן „שיעור״ פאַר יידישע בעלי־בתים, בחורים, יינגע איידעמס אויף קעסט, פאַרנומען זיך מיט צרכי־ציבור, געפאָרן מזמן לזמן צו זייערע „רבי״ים, ווי זיי זענען געווען צווישן די חשובע „טיש־זיצער״. אַליין גרויסע יראי־שמים־יידן, האָבן זיי אָפּגעהיט שטרענג דאָס יידישקייט, צוליב וואָס דער רוב פון זיי האָט זיך ניט פאַרנומען מיט צרכי פרנסה, און זייערע מסחרים זענען געפירט געוואָרן דורך זייערע פרויען — די אשת־חיל׳ס.

גרויס און טייער איז ביי זיי געווען די מצווה פון חינוך־התורה פאַרן יונגן דור. פלעגן טאָקע שבת און יום־טוב קומען צו זיי דערוואַקסענע יינגלעך, ישיבה־בחורים, אויף צו „פאַרהערן זיך״, פלעגן אויך זיין די טראַדיציאָנעלע שטענדיקע „פאַרהערערס״ פון חתן־בחורים ערב די „תנ־אים״ שרייבן, זיין די שטענדיקע פוסקים, פאַר שאַרפע קשיות אין לערנען, אין די בתי־מדרשים און אין די חסידים־שטיב־לעך.

אַלע שוחטים זענען אויך געווען מוהל׳ם, האָבן דאָס באַטראַכט דורכאויס פאַר אַ מצוה־זאַך, „שלא על מנת לקבל פרס״. פלעגן אַדורכפירן ברית־מילה׳ס למהדרין מן המהדרין.

ווי ווייט מיין זכרון גרייכט, געדענק איך אַז אין שפּיץ פון דער קהילה זענען געשטאַנען די בעלי־בתים, ר׳ בערטשע זלאָטאָווסקי, ר׳ משה׳קה בערגמאַן, ר׳ מאיר־אשר קאָזלאָווסקי, ר׳ אברהם פיינגאָלד, ר׳ דוד־אייזיק ניימאַן, אַ ייד אַ משכיל, אַ ציוני, אַלעקסאַנדער חסיד, אַ זון פון מאַקאָווער רב, און ר׳ יוסף־חיים בערנשטיין, אַ גביר, אַ משכיל וציוני, פּראָגרעסיוו און קורץ־געקליידט אין זיין הלבשה.

די אסיפות פלעגן פאָרקומען ניט־רעגלמעסיק, כמעט אַלע צוויי יאָר אין איינעם פון די בתי־מדרשים, צו וועלכע ס׳פלעגן קומען אַ גרויסע צאָל בעלי־בתים, וואָס האָבן געצאָלט אַ געוויסן סכום „עטאַט״ און אַזוי אַרום געהאַט וואַלרעכט אויסצווועלן די פרנסים צו דער קהילה. די אסיפות פלעגן זיין יידישלעך, פאָלקסטימלעך, אָן פאַרלאַמענטאַרישע סדרים, און די אָפּשטימונגען פלעגן זיין עפנטלעכע לויט אַ רוב שטימען.

כ׳בין ניט ביכולת פעסטצושטעלן, אין וועלכע ערטער די פרנסים פלעגן אָפּהאַלטן זייערע ישיבה׳ס. ווי כ׳מיין, פלעגן זיי אויך פאָרקומען אין איינעם פון די בתי־מדרשים אָדער אין פריוואַט־הויז פון ראש הקהל, קהל פלעגט אויף זיינע אסיפות פעסטשטעלן דעם סכום „עטאַט״ פאַר דער קהילה, וואָס פלעגט איינגעמאָנט ווערן דורכן מאַגיסטראַט. די אַנשי ווענגראָוו פלעגן באַשטייערט ווערן מיט געוויסע סכומים פאַר „מעות חיטים״ — מצות און ארבע כוסות אויף חג־הפּסח, וואָס איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אָרימעלייט און בכבודיקע יורדים.

אין סאַמע צענטער פון שטאָט איז געשטאַנען די גרויסע שוהל, געמויערט פון ציגל, ווייס געמאָלט אויסנווייניק, מיט אַ הויך פון איבער 3 שטאָק מיט איר אומגעווענליכן שיינעם אייגנאַרטיקן סטיל, צוליב וועלכן זי האָט ווייט־ווייט געשמט צווישן גרויסע יידישע ישובים.

גאָר אויבן ביים דאַך, פון מזרח און מערב זייט, האָט די שוהל געהאַט אויף זיך, אויסגעגאָסן פון גיפּס, פיין־געמאָלענע מיט גאָלדענע אותיות די „שני לוחות הברית״, וועלכע מ׳האָט געקענט זען גאַנץ ווייט פון שטאָט. זי האָט אויך געהאַט 3 עזרות־נשים, צוויי פוןביידע זייטן אין נידריקן טייל באַזונדער, איינע גאָר הויך — ביי צוויי שטאָק, אין מערב זייט, פאַרשטעלט מיט אַ געמאָלן הילצערנער וואַנט. מיט קליינע פענצטערלעך, כדי צו קענען הערן די תפילות, ברכות, און אויך צו קענען זען „הוצאה והכנסה״ פון די ספרי־תורה׳ס האָבן צום הויכן עזרת־נשים געפירט 4 פאַכיקע גאַרנדיקע הילצערנע טרעפּ.

אונטן אין פּאָליש — אויף רעכטס — איז געווען אַ גרויסער זאַל מיט פיל פענצטער אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען דאָס „שניידער־שולכל״, וואו אַלע שניידערס האָבן געדאַוונט, געלערנט חומש, פּרקי־אבות, תהילים; לאַנגע יאָרן איז דאָרטן געווען גבאי דער רייכער שניידער, ר׳ הערש־חיים שוואַרצבערג.

אינעווייניק איז די שוהל געווען גאַנץ הויך. מיט אַ רונדיקן סופיט, וואָס איז אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון פילע רונדיקע פילאַרן, אויסגעשטעלט סימעטריש אין צוויי שורות. דער סופיט איז געווען געמאָלן מיט פאַרשיידענע מאָלערייען, וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם הימל, שטערן, זון, מלאכים, ים און פיש, לויתן, שור הבר, פייגל; די ווענט האָבן אויף זיך געהאַט כתיבה׳דיקע אויפשריפטן, די עליית התורה, העברעאישע אַפאָריזמען „כהאי־גוואנ׳ס״ א.אַ.וו.

ביים אַריינגאַנג אויף דער מערב־וואַנט, איז געווען אַן אויסגעהוילטער אָרט, וואו ס׳האָט געברענט אַ נר־תמיד. אין סאַמע צענטער איז געשטאַנען דער פיין־געשניצטער „בעלעמער״. ביי ביידע זייטן זענען געווען הילצערנע טרעפּלעך, וואָס האָבן געפירט צום „שולחן״ אַרויף, וואו מ׳פלעגט מקריא זיין. ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ ברייטער פיין־געשניצטער „כסא של אליהו״, ווי מ׳פלעגט דערציילן, איז אַמאָליקע צייטן געווען אַ מנהג, דאָרטן צו פראַוועון ברית׳ן, פּדיון־הבן׳ס; ס׳זענען אויך געווען עטלעכע גרויסע מעשענע טאַצן, אויף וועלכע מ׳פלעגט דערלאַנגען די קינדער צום יידישן.

אויף מזרח־זייט, אין סאַמע צענטער ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ פיין־געשניצטער ארון־קודש, מיט גרויסע אויסגעשניצטע לייבן פון ביידע זייטן, צו אים האָבן אַרויפגעפירט טרעפּלעך, מיט צוויי זייטן פיין־געשניצטע ווענטלעך. נעבן אים — רעכטס — איז געשטאַנען אַ געשניצטער עמוד, מיט אַ גרויסער מנורה אויף ליכט צינדן.

אין דער שוהל האָבן געדאַוונט גוטע בעלי־תפילות, ווי ר׳ אברהמ׳טשע שוחט, ר׳ יצחק שוחט א.אַ.וו., פון בעלעמער פלעגט מען אויך מכריז זיין אַלע נייטיקע תיקונים, אין נאָמען פון מרא־דאתרא און קהל.

אין ימים־נוראים און ימים־טובים צו „טל״ און „גשם״, פלעגט דאָרטן דאַוונען דער אויסגעצייכנטער בעל־תפילה ר׳ אברהמ׳טשע, דער נייער שוחט. (די פריערדיקע בעלי־תפילות זענען געווען ר׳ אהר׳קע פּשעפּיורקא און ר׳ ראובן גאָלדשטיין). באַגלייט זיינע מתיקות׳דיקע ניגונים, האָבן אים אַן אימפּראָוויזירטער כאָר; פון אַלע בתי־תפילות פלעגן קומען אַהער גרויסע המונים מתפללים, און צוהערן זיך צו די ניגונים וואָס מ׳פלעגט זיי שפּעטער לאַנג נאָכזינגען.

דער רב ווייס פלעגט זיך אויך באַטייליקן מיט אַ דרשה בעת מ׳האָט געמאַכט דעם קייסער דעם „מי שברך״. צו דער תפילה פלעגט קומען דער נאַטשאַלניק מיט אַ סך פאַרשטייער פון דער אַדמיניסטראַציע; דער רב פלעגט אויך אָפיציעל אָפּנעמען ביי די יידישע רעקרוטן די „שבועה״, צו וועלכער ס׳פלעגן קומען ספּעציעל הויכע אָפיצירן פון דער רוסישער מיליטער.

### בתי־מדרשים

בתי־מדרשים האָט די ווענגראָווער קהילה געהאַט פיר: א) ר׳ הילל׳ס בית־מדרש, ב) דער נייער בית־מדרש, ג) דער אַלטער בית־מדרש, ד) ר׳ הערש־יחיאל׳ס בית־מדרש.



די גרויסע שוהל

(פאָטאָ: א. פשעפיורקאַ, 1936)

יעדער בית־מדרש האָט געהאַט אַ באַזונדער בפירושן חותם, אַן אַנדער קאָליר. ר' הילל'ס בית־מדרש איז געווען אַ הילצערנער בנין מיט פיל פענצטער אין דריי ווענט, מיט אַ „עזרת־נשים" פון מערב־זייט; ער איז געווען זייער נאָענט פון שטאָטישן גרויסן מאַרק. און אָט צוליב נאָענטקייט פון האַנדלס־צענטער, פלעגט מען טאַקע אַהין קומען דאַווענען, תהילים זאָגן, משניות און גמרא לערנען; מען פלעגט אים רופן דער בעל־בת'ישער בית־מדרש. דאָ פלעגן אויך שטענדיק דרשענען מגידים צווישן מנחה און מעריב, שבת נאָכמיטאָג פאַר פרקי־אבות און ברכי־נפשי.

דער נייער בית־מדרש איז געשטאַנען אויפן פלאַץ וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען „שוהל־הויף", געווען איז דאָס אַ גרויסער, ברייטער, מאַסיווער בנין פון ציגל, ווייס־געקאַלכט, מיט אַ סך פענצטער פון אַלע זייטן: זיין אַריינגאַנג איז געווען פון מזרח זייט. אינווייניק זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי אַלע ווענט, גרויסע מאַסיווע הילצערנע טישן, מיט לאַנגע שווערע בענק, אין צענטער איז געווען דער בעלעמער און ביי די זייטן האָבן צו אים אַרויפגעפירט הילצערנע טרעפלעך. אויפן בעלעמער איז געשטאַנען אַ „שולחן" פאַר קריאת התורה. אין צענטער פון מזרח־וואַנט איז געשטאַנען אַ שיין־געשניצטער ארון־קודש. אין דער וואָכן האָט מען כמעט ווי נישט געדאַוונט דאָרטן. דאַקעגן שבת און יום־טוב און ימים־נוראים איז דער בית־מדרש געווען פול פון מתפללים. דער רוב מתפללים זענען געווען בעלי־עגלות; דער בית־מדרש האָט אויך געהאַט צוויי „עזרות נשים".

אין זעלבן בית־מדרש האָט זיך אויך געפונען דאָס שטאָטישע תלמוד־תורה־„חדר", וואו ס'האָבן אַן שכר־לימוד געלערנט אָרימע קינדער. אויסגעהאַלטן האָט זיך דאָס תלמוד־תורה־„חדר" פון געלטער־זאַמלונגען צווישן פרומע יידן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, פלעגן אין „נייעם" בית־מדרש פאַרקומען גרויסע וואַלמיטינגען פאַר די וואַלן צום סיים, אָדער שטאָט־ראַט, צוזאַמענגערופן דורך די אָרטיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס „פועלי־ציון" און „בונד".

אין די יאָרן 1917—1918, די שווערע יאָרן פון דער ערשטער מלחמה, האָבן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס איינגעאָרדנט אין דעמזעלבן בית־מדרש, אַן אַרבעטער־קיך פאַר אָרימע אַרבעטסלאָזע.

נעבן דער שוהל און דעם „נייעם בית־מדרש" איז געשטאַנען דער „אַלטער" בית־מדרש, וואָס, ווי מען דערציילט, איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. אומגעהויערדיקע געמויערטע ווענט, מיט אַ סך קליינע פענצטערלעך, אייזערנע לאָדנס, אַ עזרת־נשים. דאָס איז געווען פון אַ גאַנץ אַלטן סטיל. דער אַריינגאַנג צום „אַלטן" בית־מדרש איז געווען פון דרום זייט, אינווייניק און אויסנ־

ווייניק — ווייס־געקאַלכט. ביים אַריינגאַנג אַ קופּערנער כיור צום וואַשן זיך. אין צענטער איז געווען דער בעלעמער, מיט הילצערנע טרעפּלעך פון צוויי זייטן. אַ ביסל העכער אַ „שולחן" פאַר קריאת התורה, אין צענטער ביי דער מזרח־וואַנט — אַ פיין־געשניצטער ארון־קודש, אַ מנורה פאַר ליכט. פון פּאַליש (פּארהויז) האָבן געפירט טרעפּ אַראָפּ אין קעלער, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ מקוה צום טובלען זיך.

אין דעם בית־מדרש פלעגן דאַווענען פשוטע בעלי־בתים, בעלי־מלאכות, פּאַרמעט־מאַכערס און יידן „דאָרפס־גייערס". די אַלע וואָס פלעגן זיך איילן צום ערשטן מנין.

שטאָטישע בעלי־בתים פלעגן דאָרטן זיצן און לערנען יומם ולילה.

אַ ביסל ווייטער פון צענטער, נאָענט צו דער ראַגאַטקע־גאַס, איז געשטאַנען דער גרעסטער בית־מדרש מיטן נאָמען „ר' הירש־יחיאל'ס בית־מדרש". אַ גאָר הויכער געמויערטער בנין, רויטע גלאָטע ציגל מיט אַ סך פענצטער אין די ווענט. אַ גרויסער הויף, אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. דער אַריינגאַנג איז געווען פון מערב זייט. אינווייניק ביי אַלע ווענט זענען געשטאַנען שווערע לאַנגע הילצערנע טישן, מיט לאַנגע שווערע בענק. הילצערנע שענקלעך מיט פאַרשיידענע ספרים, זענען געווען איינגעמויערט ביז צום סופיט. דאָס באַוואוסטע וואָרקער שטיבל, איז אַ לאַנגע צייט געווען אין דעם בית־מדרש. דער שמש האָט דאָרט געהאַט אַ באַזונדער צימער און דאָרטן געוואוינט מיט זיינע בני־בית.

חסידים־שטיבלעך: גערער, אַלעקסאַנדער, ראַדזינער, וואָרקער, קאָצק־לובלינער, אַמשינאָווער, קאַלושינער און אומענער. דאָרטן האָט מען געדאַוונט, געלערנט און געפּראַוועט חסידות. געפייערט פּריילעכע ימים־טובים.

גרויס איז געווען די התלהבות בשעת די חסידישע פייערונגען. פון דאָרטן זענען דערגאַנגען קולות פון פאַרשיידענע חסידישע ניגונים און פון שעה'ן־ווייז־לאַנגע טאַנצן אין חסידישער דבקות.

באַזונדערס פייערלעך זענען געפּראַוועט געוואָרן די חסידישע מלוה־מלכה'ס. ביי אויסגעשטעלט ווייס־געדעקטע טישן, פלעגט מען סערווירן געשמאַקע מאכלים, וואָס חסידישע פרומע באַלעבאָסטעס פלעגן צוגרייטן און איבערשיקן אין „שטיבל" אַריין אַ צושטייער צו וויין, ביר און בראָנפן.

גאַנץ אָפט, בעת אַזעלכע סעודות, פלעגט מען אויך אַרומרעדן אַ סך ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן „שטיבל"; למשל, וועגן הכנסת כלה, העלפן אַ חסידישן יורד, אָדער אַנדערע צרכי־ציבור.

גאָר אינטערעסאַנט איז געווען דער חסידישער געדאַנק, וועגן אַזעלכע סעודות — וואָס מיינט, אַז דער צונויפקום שטאַרקט אהבת־ישראל און במילא רוט שוין דערביי אויך די שכינה.

געווען אויך חברה־תהילים און חברה־משניות. זייער אויפגאַבע איז געווען זאָגן תהילים בציבור אין אַלע בתי־מדרשים; לערנען משניות פאַר אַ ברייטן עולם, און נישט בלויז פאַר לומדים נאָך אויך פאַר פשוטע האַרעפּאַשנע יידן און פרומע בעלי־מלאכות, זאָגן תהילים אַלס רפואה פאַר קראַנקע, פאַר מקשה־ללדת און זאָגן תהילים אין הייזער לזכר טויטע.

## די ליי־און שפּאַר־קאַסע

אין בית־מדרש פלעגט יעדעס יאָר צונויפגערופן ווערן די אַלגעמיינע יערליכע פאַרזאַמלונג פון דער שטאָטישער „ליי־און שפּאַר־קאַסע", אויף וועלכער מ'פלעגט אָפּגעבן אַ באַריכט פון דער טעטיקייט און אויסוויילן אַ נייע פאַרוואַלטונג.

די ליי־און שפּאַר־קאַסע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין סאַמע אָנהויב האָט זיך די קאַסע געפונען אין אַ פּריוואַטער וואוינונג. אָנגעהויבן פון גאַנץ קליינע סכומים כדי צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע אין אַ שווערער שעה. מיט דער צייט האָט זיך די שפּאַר־קאַסע זייער גוט אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַ וויכטיקע יידישע קרעדיט־אינסטיטוציע, וואָס האָט זייער פיל געהאָלפן די יידישע באַפעלקערונג אין איר געראַנגל פאַרן קיום... דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסן איר טעטיקייט און פאַראורזאַכט פאַרלוסטן פאַר די מיטגלידער.

תיכף נאָכן קריג, איז ווידער באַנייט געוואָרן אַ קרעדיט־אַנשטאַלט מיט ענלעכע צילן ווי די פריערדיקע.

מיט דער גרינדונג פון אָט די נייע קרעדיט־אַנשטאַלטן, האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן דער עקאָנאָמישער מצב פון יידישן סוחר, בעל־מלאכה און האַנטווערקער.

## חברה „רודפי צדק"

די חברה „רודפי צדק" איז געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן 1911—1910. די אויפגאַבע פון אָט דער נייער חברה איז געווען קאָמפּליצירט; זי האָט געדאַרפט אויסאַיבן איר ווירקונג אויף אַלע שטאָטישע אינסטיטוציעס אַז זיי זאָלן זיין אַקטיוו און גוט פאַרוואַלטן, אויספירן די פליכט פּינקטלעך און גענוי. בתי־מדרשים זאָלן זיין באַלויכטן, באַהייצט, ספרים זאָלן זיין גענוג און אין אָרדענונג, „עטאַט" זאָל ווערן אין דער צייט אויפגעמאָנט, און די געהאַלטן זאָלן ווערן אויסגעצאָלט רעגלמעסיק און אין דער צייט. קאַסעס זענען געוואָרן שטרענג קאָנטראָלירט, די שפּאַר־קאַסע זאָל מיט כבוד באַדינען אירע מיטגלידער; און אַסך אַנדערע ענינים וואָס געהערן צו עסקי־ציבור.

די פאַרוואַלטונג פון „רודפי־צדק" פלעגט אָפּהאַלטן אירע זיצונגען אין פּריוואַטע הייזער פון אירע מיטגלידער. די יערלעכע פאַרזאַמלונגען פלעגן צוזאַמענגערופן ווערן אין איינעם פון די שטאָטישע בתי־מדרשים. זיי האָבן אַפילו געהאַט אַן אייגענעם שטעמפּל. די וועלט־מלחמה פון יאָר 1914 האָט אַ סוף געמאַכט צו דער אינטערעסאַנטער אינסטיטוציע.

## דער בית־החיים

דער בית־החיים אין וועגנראָוו איז זייער אַן אַלטער. מ'ציילט אים אַסך הונדערטער יאָרן. אָנגעהויבן האָט ער זיך אַ האַלבן קילאָמעטער ווייט פון שטאָט אויפן וועג צו דער יידישער מיל. אַסך מצבות זיינען שוין געווען שטאַרק גע־



דער בית־החיים (פֿאָטאָ: מ. שוואַקס, 1939)

זונקען אין דער ערד. אויפֿשריפֿטן און דאַטעס האָבן באַוויזן אַז זיי שטאַמען פֿון 17־טן יאָרהונדערט. צו דעם „אוהל" מיט דער אייזערנער טיר און מיטן קליינעם פֿענצטערל, פֿלעגט מען קומען „איינרייסן". אין דעם „אוהל" זיינען געווען דריי קברים פֿון שטאָטישע רבנים פֿון אַלטע צייטן.

מיטן וואוקס פֿון דער שטאָטישער יידישער באַפֿעלקערונג האָט מען אָנגעהויבן פֿאָדערן נאָך אַ שטיק פּלאַץ צו פֿאַרגרעסערן דעם בית־החיים. דער קריסטלעכער מאַגיסטראָט האָט זיך עקשנותדיק אָפּגעזאָגט אָנטקעגנצוקומען דער יידישער פֿאָדערונג. די אומדערמיידלעכע שתדלנות מצד דער חברה „רודפֿי־צדק" האָט געדויערט יאָרן־לאַנג. ס׳זענען געפֿירט געוואָרן אַלערליי אונטערהאַנדלונגען אין פֿאַרשיידענע מלוכה׳שע אַנשטאַלטן ביז ס׳איז געקומען די שעה און ס׳איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן שעדלעצער גובערנאַטאָר, אַז יידן האָבן דאָס רעכט צו פֿאַרגרעסערן זייער בית־החיים.

די חברה „רודפֿי־צדק" האָבן אַזוי אַרום באַקומען אַ גרויס שטיק ערד און אויסגעבויט אַ גרויסן פּאַרקן אַרום דעם בית־החיים.

### „חברא־קדישא"

די חברה־קדישא איז געווען גוט אָרגאַניזירט. בראש פֿון דער חברה איז געשטאַנען דער זייער פֿרומער ייד ר׳ פּרץ בתניק, דער פֿאַרמעגט מאַכער; אַ ייד מיט אַ פֿעסטן ווילן, וועמעס וואָרט ס׳איז געווען אַ בעפֿעל. ער איז אויך געווען דער ראש־מתעסק מיט די בר־מיננס אין שטאָט.

די חברה־קדישא האָט אויך געהאַט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פֿון פֿרויען־עסקניות, וואָס פֿלעגן זיך פֿאַרנעמען מיט פֿרויען־בר־מינגס און זייער אָנפֿירערין איז געווען די באַוואוסטע אשת־חיל, אַ פֿרומע יידענע, מאַליע־רעשע, אַ אייגענטימערין פֿון אַ מויער און אייזן־געשעפֿט; איר ביי־העלפֿערין איז געווען די פֿרומע אשת־חיל רחל משה־הערש־יודילס, מבית בורשטיין.

עטלעכע מאָל אין יאָר פֿלעגט חברה־קדישא זיך צונויפֿקומען, אָפּהאַלטן אירע אַסיפֿות און מתקן זיין אירע תקנות. די יערלעכע סעודה פֿלעגט זי איינאָרדנען — אויף דעם שענסטן אופֿן — חמישה־עשר בשבט.

## ב. פֿרומע האַרעפּאַשניקעס

די שטאָט וועגנראָוו האָט געשמט אין דער אַרומיקער יידישער געגנט אַלס אַ שטאַרק פֿרומע שטאָט, מיט גרויסע רבנים, לומדים מופֿלגים. אין די לעצטע צענדליקער יאָרן איז זי אויך געווען באַוווּסט מיט איר שטאַרקער אָרגאַניזירטער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג און געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

חוץ דעם איז וועגנראָוו אויך געווען באַוואוסט אַלס שטאָט פֿון אַרבעט און פּראַצע, פֿון שווערן יגיע־כפּיים, אַ שטאָט פֿון פֿרומע יידישע האָרעפּאַשניקעס, וועלכע זענען געווען אמתדיק פֿרום, און געלעבט אַן ערלעך פֿאַרהאָרעוועט לעבן. אָט די פֿרומע יידישע האַרעפּאַשניקעס האָבן געאַרבעט אין אַלע פֿאַכן: שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, בעקערס,

און אַלע כּלי־קודש־אַרבעטן. אָט די פרומע בעלי־מלאכות מיט זייער לאַנגער יידישער הלבשה, סאַמעטענע היטעלעך מיט קאַפּל, זיידענע קאַפּאָטע און גאַרטל, לאַנגע בערד, טלית־קטן מיט ציצית — האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט גרויס שאַרפזין און למדנות. דער רוב פון זיי האָט געקענט אַ ביסל לערנען, אַ ביסל גמרא, חומש, תנ״ך, מדרש; אַ סך פון זיי זענען אַפילו געווען מיטגלידער פון פאַרשיידענע חברות: חברה ש״ס, חברה משניות, חברה תהילים, חברה קדישא, חברה „ביקור חולים״ א.אַ.וו. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען אויך געווען חסידים, אָנגעהערט צו פאַרשיידענע חסידים־שטיבלעך אין שטאָט, פון צייט צו צייט אויך געפאָרן אויף אַ יום־טוב צו אַ „רבי״ן. אַ נסיעה צום „רבי״ן איז תמיד געווען פאַרבונדן מיט הוצאות, וואָס האָבן באַדייט אַ שווערע מאַטעריעלע לאַסט און קרבן פאַר אַזאַ האָרעפּאַשנעם ייד. ניט קוקנדיק דערויף, זענען זיי דאָך געפאָרן צום „רבי״ן צוליב גייסטיקע טעמים: איבערלעבן גייסטיקע התלהבות פון זיין ביי אַ „גוטן ייד״, הערן „תורה״, הערן חסידישע ניגונים, דערגרייכן התרוממות הנפש. געווען אויך אַ האָפענונג אַז קינדער זאָלן גיין בדרך הישר און טיילמאָל איז מען געפאָרן שואל־עצה־זיין וועגן אַ שידוך, אַ גט, אָדער סתם פאַר פּרנסה וועגן.

אָט די פרומע פּראָלעטאַריער האָבן געאַרבעט זייער שווער. פון גרויען פרימאָרגן ביז אין דער גאָר שפּעטער נאַכט, כּדי אויסאַרבעטן די טעגלעכע פּרנסה פאַר בני־הבית, וואָס איז תמיד געווען בצמצום. טראָץ דעם אַלעם האָבן זיי תמיד געדאַוונט אין אַ בית־מדרש אָדער אין אַ חסידים־שטיבל מיט אַ „מנין״ בציבור, אַריינגעכאַפּט אַביסל תהילים, אַ שטיקל משניות, און אַ פּרשה חומש מיט רש״י. זעלטן ווען מ׳איז אַהיימגעקומען מיט אַ בלויזן „טרוקענעם דאַוונען״...

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט פאַרניכטעט איבער אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. מיר, די לעבנגעבליבענע, טראָגן אויף זיך אַ גרויסן מאָראַלישן חוב, צו פאַראייביקן לדורות די גרויסע צאָל יידישע פרומע האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געוואוסט פון סאָציאַליזם, עקספּלאָאַטאַציע, קלאַסנקאַמף, אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָבן זיי געלעבט פון אייגענער שווערער פּראַצע.

כ׳זע זיי אַלעמען פאַר מיינע אויגן, ווי דאָס וואָלט געווען איצט און ניט מיט קנאַפּע פיר צענדליק יאָר צוריק. כ׳האָב זיי אַלעמען געקענט פערזענליך.

אָט זע איך דעם הויכן שלאַנקן ייד מיטן בלאַסן דאַרן פּנים, דעם פיינעם פרומען גערער חסיד. שטיל ווי אַ טויב מיט צניעותדיקע טריט. אויפן קאָפּ דאָס הויכע ברייטע סאַמעטן היטל איבערן קאַפּל, שפּיציק־לאַנגע באָרד, וואָס האָט זיך שוין געגרויט בעת ער איז נאָך געווען אין די 40־ער יאָרן — ר׳ יוסף־לייזער סופר (יאָספערשטיין). געווען איז דאָס אַ הייליקער יידישער סופר, וואָס האָט געשריבן ספר־תורה׳ס, מגילה׳ס, פּרשה׳ס, מיט פולער קדושה, מיט אַלע רעליגיעזע כוונות. מ׳האָט געדאַרפט שטאַמען פון גאָר פרומען יחוס, צו קענען האָבן אַ ספר־תורה אָדער אַ מגילה געשריבן דורך דעם הייליקן סופר... איך האָב אים אין מיין פאַנטאַזיע געזען ווי דעם חתם־סופר...

פרייטיק פאַרנאַכט פלעגן גערער חסידים לויפן אין זייער „שטיבל״, צווישן זיי אויך דער פרומער סופר, ר׳ יוסף־לייזער פלעגט גיין מיט זיין בנעימותדיקן שבתדיקן גאַנג, אָנגעטאָן אין דער שבתדיקער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, (טונקל־גרין אָדער שוואַרצער אַטלאַס). געענדיקט מנחה בציבור, זיצט ער שוין מיטן עולם חסידים און לערנט שבתדיקן מדרש און שפת־אמת; אין די ימים־טובים בעת חסידים פלעגן זיך פאַרזאַמלען ביי אַ חסיד אין הויז צו פראַווען שמחה בציבור ביי חסידישע הילולות, מלווה־מלכּה׳ס, האָט ער זיך תמיד געהאַלטן שטיל און צוריקגעצויגן.

געוואוינט מיט זיינע בני־בית האָט ר׳ יוסף־לייזער אין זייער אַ באַשיידענער וואוינונג, דוכט זיך מיר אַז אויף אַ בוידעם, און געלעבט פון יגיע־כּפּיו. תמיד געזעסן און געשריבן די הייליקע פאַרמעטן, די רעשט שעה׳ן נאָך זיין לאַנגער אַרבעט האָט ער געלערנט אין „שטיבל״. תמיד געדאַוונט מיט „מנין״.

אַ באַזונדער איידעלע טרויעריקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון זיין פּנים, ווי עפּעס אַ שווערער צער וואָלט געפּרעסט אויף אים, ווער ווייסט צי נישט דערפאַר וואָס זיינעביידע זין (הערשל און משה) — זענען אַוועק צום „בונד״. ביידע זענען זיי געווען אַרבעטער, און אין יענער צייט איז עס געווען אַ „פּסול״ אין אַ חסידישער היים. אינם שטורמישן יאָר (1905) זענען אַזעלכע באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „שטרייקערס״, „ציציליסטן״ און דאָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פּחד...

צו ר׳ יוסף־לייזער סופר האָט דאָס „שטיבל״ נישט געהאַט קיין שום תרעומות, קענענדיק זיין תמימות און זיינע צדקות.

אַ צווייטער פרום חסידישער בעל־מלאכה איז געווען דער פרומער שטוב־מאָלער, שילדן־מאָלער, ר׳ איטשע מאַליאַרזש ע״ה (זילבערשטיין). שטענדיק אין זיינע לאַנגע אַרבעטס־מלבושים, פאַרשמירט פון פאַרשיידענע פאַרבן, תמיד געגאַנגען מיט פאַרב און פּענדזל, מיטן לייטער און קיבל. קיינמאָל האָט ער ניט גערוט, שטענדיק זיך געיאָגט צו דער אַרבעט אָדער צום דאַוונען. מנחה און מעריב־צייט פלעגט מען אים טרעפן אַרומגעוואַשן אין גערער „שטיבל״. נאָכן דאַוונען פלעגט ער זיצן צוזאַמען מיט חסידישן עולם, לערנען גמרא אָדער מדרש. כעלות השחר פלעגט ער שוין דאַוונען מיט „מנין״. נאָכן דאַוונען פלעגט ער זאָגן תהילים און לערנען אַ פּרשה חומש. געלעבט פון יגיע־כּפּיו. זיין לעבן איז געווען אַרבעט און לערנען לשמה.

דאָס גרעסטע חסידים־„שטיבל״ אין שטאָט איז געווען דאָס גערער „שטיבל״. געלעבט האָבן חסידים פון זייער אַרבעטס־לוין. איך וויל דערמאָנען די ביידע חסידישע גאַרבערס, יאָסל לייזער־קאָטשער דעם מלמד׳ס אַ זון, און יאָסל סטאָקער. ביידע האָבן געאַרבעט אין גאַרבערייען 12—14 שעה אַ טאָג. אויך זיי, אין לאַנגער יידישער הלבשה, זיידענע קאַפּאָטעס מיט באָרד און פּיאות, האָבן געדאַוונט אין

„שטיבל״ מיט „מנין״ און געלערנט.ביידע האָבן געפירט אַ לעבן בצמצום, אָבער אָן תרעומות, אָן פּרעטענזיעס, אַלע יאָר געלעבט פון זייער שווערן יגיע־כפּיים.

כדאַי אויך צו דערמאָנען דעם פרומען חסידישן בעל־עגלה, וואָס האָט אויך געהערט צום גערער „שטיבל״ — דער חסידישער יונגערמאַן אהרן, אַ זון פון אַברהם־משה־מאיר אהרנ׳ס. געלעבט אין דחקות, און געפינען צייט אויף לערנען אַ בלעטל גמרא.

אויך אַ פרומער חסידישער איינבינדער איז געווען ביי אונדז אין שטאָט, אַ ייד אַ האָרעפּאַשניק און אַ בן־תורה. אַ וואָרקער חסיד איז געווען ר׳ מרדכי־מענדיל איינבינדער, אַ הויכער פעסט־געבויטער ייד מיט געדיכטער באָרד און פיאות. געוואוינט אין אַ קליין וואוינונגל מיט זיינע בני־בית. אויך זיין איינבינדעריי פלעגט זיין דלת על דלת. פלעגט ער פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט דאָרט אַרבעטן; בעת׳ן איינבינדן פלעגט דער חסידישער האָרעפּאַשניק שטיין אין קאַפּל און אין לאַנגן טלית־קטן, זינגענדיק חסידישע ניגונים. אויך דעם ניגון פון „התקוה״ און אַנדערע ציוניסטישע שירים פלעגט ער פון צייט צו צייט אויסברומען.

איך פלעג אָפטמאָל אַריינקומען צו אים; אַלס ביבליאָטעקאַר האָב איך אים געגעבן איינבינדן ביכער און זשורנאַלן; אַ סך סימפּאַטיע האָב איך געפילט צו דעם דאָזיקן פיינעם יידן. ער פלעגט מיט מיר פיל רעדן וועגן י. ל. פּרץ, פרישמאַן, הירשביין, פּינסקי, שלום־עליכם און ביאַליק. קיינמאָל האָט מען ניט געמערקט ביי אים קיין עצבות. אַן אמתדיקער שמח־בחלקו.

ס׳לעבט אויף אין מיין זכרון מיט אַבסאָלוטער פרישקייט אַ פרומער יידישער רעליגיעזער האָרעפּאַשניק מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט באָרד און פיאות — ר׳ יעקב־משה לעוו, דער סטאָליער. געוואוינט האָט ער אין אַ באַשיידענער וווינונג צוזאַמען מיט זיין ווערקשטאָט. ער איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן, פלעגט מאַכן נאָר באַשטעלטע גוטע מעבל פאַר די פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. געפירט אַ בצמצום׳דיק לעבן און פון שווערע פראַצע דערנערט זיינע בני־בית. כל ימיו געווען אַ ייגיע־כפּים, תמיד אינדערוואָכן געדאַוונט מיט אַ מנין אין ר׳ הלל׳ס בית־המדרש, און שבת, יום־טוב — אין אלכסנדר שטיבל.

אַסך שעה׳ן פאַר און נאָך זיין שווערער אַרבעט האָט מען אים תמיד געטראָפן זיצן, צוזאַמען מיט צענדליקער יידן, אין ר׳ הילל׳ס בית־המדרש און צוהערן זיך צום געשמאַקן לערנען פון תלמידי־חכמים.

ס׳זענען געבליבן פון אים אַ זון (אין אורוגוואַי), אַ זון און אַ טאָכטער (אין בראַזיל) און אַ טאָכטער (אין ישראל).

פון צווישן די בעלי־עגלות אין שטאָט, איז כדאַי צו דערמאָנען די צוויי יידישע בעלי־עגלות — פאָטער און זון — ר׳ מאָטל שמואל־משה׳ס, דער פאָטער, און זיין זון נחמן; ביידע האָבן זיי געאַרבעט בשותפות, געהאַט פערד און וועגענער, געפירט פּאַסאַזשירן, משאות צו דער באַן, רייכע יידישע סוחרים פלעגן זיי געבן גרויסע סומעס געלט אויסצוקויפן פראַכטן מיט סחורות. אַלע האָבן געהאַט צום פאָטער און צום זון אומבאַגרענעצטן צוטרוי, ביידע — פאָטער און זון — האָבן געטראָגן די אַלטע טראַדיציאָנעלע הלבשה, שטרענג אָפּגעהיט יידישקייט אין זייערע היימען. כעלות השחר געדאַוונט אין ביהמ״ד. אויך זיי האָבן געהערט צו דער גרופּע „צוהערערס״, מיט וועלכער ס׳האָט געלערנט דער באַוואוסטער למדן ר׳ יונה־אייזיק ז״ל. פאָטער און זון האָבן תמיד שווער געהאָרעוועט אויף חיונה.

אויך ר׳ בנימין מאַליאַרזש האָט געלעבט פון שווערער האָרעוואַניע און שטרענג אָפּגעהיט יידישקייט אין שטוב. אין גרויע פרימאָרגנס פלעגט ער שוין דאַוונען מיט „מנין״ און אָפּזאָגן מיטן עולם תהילים. דאָס זעלבע אין די אָוונטן. אויך ר׳ בנימין איז געווען אַ פלייסיקער „צוהערער״. געווען אַ שטענדיקער מיטגליד אין דער חברה „תהילים״.

אינטערעסאַנט ביז גאָר איז געווען ר׳ שמואל זייגערמאַכער, הנקרא „טשיזשעווער זייגערמאַכער״. געוואוינט ס׳גאַנצע לעבן אָרעם אין אַ פּיצינקער דירה׳לע, דלת־על־דלת, געאַרבעט יומם ולילה כדי צו קענען מפרנס זיין די בני־בית. געווען אַ ייד אַ בן־תורה, אַ גרויסער שווייגער. פאַרטאָג האָט מען אים שוין געזען אין ביהמ״ד אָדער אין גערער „שטיבל״, מעיין זיין אין אַ ספר. אין די פרימאָרגנס און אין שפּעטע שעה׳ן נאָכן לערנען, איז ער צוריק אַוועק צו זיין אַרבעט־טישל, מיטן פאַרגרעסער־גלעזל אין רעכטן אויג. אַ טייערער חסידישער ייד געווען — איש נאמן וישר.

דאָס גרויסע גערער „שטיבל״ האָט צווישן אירע חסידישע האָרעפּאַשנע יידן געהאַט אַ ניט־געוויינלעכן האָרעפּאַשניק — שטיל ווי אַ טויב, אַ גרויסער למדן, אַ מזג־טוב. שווער געאַרבעט דאָס גאַנצע לעבן, מיט אמתן זיעת־אפּיים אַרויסבאַקומען זיין שווערע פרנסה פאַר זיינע בני־בית... געווען איז דאָס דער ערלעכער בעל־מלאכה מאיר־יחיאל דער קאַשע־מאַכער. געהאַט זיין טונקל פּיצינקע דירה׳לע. אין זיין שמאָל געוועלבל איז קיין ליכט אינגאַנצן נישט געווען. דאָרטן איז ער געשטאַנען מבוקר עד ערב — דער שיינער גערער חסיד, דער למדנישער מופלג, און געדרייט מיט זיינע שוואַכע הענט די צוויי שווערע מיל־שטיינער, וואָס האָבן צומאָלן דעם גערשטן אויף קאַשע. אויף אים איז טאַקע אויסגעפאַלן וואָס דער תלמוד זאָגט: ווער ס׳האָט חתונה און נעמט אַ פרוי — נעמט אויף זיך שווערע מילשטיינער... געווען איז ער אַ הויכער, בלאַסער און דאַרער ייד, מיט צוויי בלויע ליכטיקע אויגן און שוואַרצער לאַנגער באָרד. אָט די דאָזיקע פיגור שטייט פאַר מיינע אויגן שעה׳ן לאַנג און מאָלט קאַשע; אָבער אַנדערש האָבן געגלאַנצט די אויגן ביי דעם חסידישן למדן זיצנדיק אין ביהמ״ד, בעת ער האָט זיך פאַרטיפט אין די הייליקע בלעטער, וואָס האָבן אים אַריינגעפירט אין דער וועלט פון גייסט און חכמה. אַ סך מאָל האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגן געזען ר׳ מאיר־יחיאלן אין זיינע ביידע וועלטן — די „וועלט״ פון מאַטעריעלער אָרעמקייט און די וועלט פון גייסטיקער רייכקייט. אין די ביידע וועלטן איז ער שטענדיק געווען דערזעלבער שטילער, באַשיידענער.

דער לעצטער וועמען איך וויל דערמאָנען אין דער סעריע האָרעפּאַשניקעס, איז ר׳ אברהם דער היטלמאַכער. אַ סך יאָרן געווען גבאי אין ר׳ הלל׳ס ביהמ״ד. שטענדיקער מיטגליד אין חברה־תהילים, חברה משניות. אַליין האָט ער אויך געקענט אַריינקוקן אין אַ ספר. געאַרבעט שווער, געווען שטאַרק פרום, געשטאַנען אויף די מערק מיט זיין סחורה, געפאָרן אויף די יאַרידים אין די אַרומיקע שטעטלעך, אָבער קיינמאָל נישט געקלאָגט זיך. אָן תרעומות מקבל־באהבה געווען זיין שווערן מצב. געווען אַ מיטגליד אין חברה קדישא. די פרייע צייט געזעסן אין ביהמ״ד.

און אַזוי וואָלט מען געקאָנט אויסשטעלן הונדערטער און אפשר טויזנטער, שורה נאָך שורה, פשוטע יידן, וואָס האָבן דערצויגן זייערע קינדער אין יידישן גייסט, געטראָגן שטיל באהבה דעם שווערן עול פון פרנסה, אָפּגעהיט יידישקייט באמונה. אַ גאַנץ לעבן גע׳חלומ׳ט דעם רעליגיעזן חלום פון גאולה, ביאת המשיח, דער חלום וואָס האָט אַזוי מעכטיק געווירקט אויף דער יידישער פאָלקס־נשמה, געקרעפטיקט און געשטאַרקט די יידישע פאָלקס־מאַסן איבערצוטראָגן אַלע טראַגישע רדיפות, אַכזריות׳ן, בלבולים, וואָס די וועלט־רשעים האָבן אין אַלע דורות צוגעטראַכט פאַרן יידישן פאָלק.

מיר האָבן געשילדערט עטלעכע יידישע בעלי־מלאכות פון צווישן דער גרויסער עדה האָרעפּאַשניקעס, וואָס זענען געווען אין אונדזער שטאָט. אַזוי טאַקע האָבן זיי אויסגעזען, אַזוי האָבן זיי געלעבט אַלס יידן, און אַזוי איז געווען זייער אַלעמענס שיקזאַל.

איצט זענען זיי נישטאָ מער; דער גורל פון מיליאָנען יידן אומגעקומענע איז אויך זייער גורל. דער בעסטיאַלער דייטשער רוצח האָט צעשטערט זייער היים, אָפּגעמעקט פון זייערע פנים׳ער דעם צלם אלוקים און געטריבן צו די גאַז־קאַמערן, כדי צו זען פאַר זיך דעם אַכזריות׳דיקן טויט דורכן גיהנום׳דיקן צופלאַמטן ליכט. אַפילו קיין קברים נישט געבליבן.

נישטאָ קיין טרערן — נישטאָ קיין טרייסט.

זאָל דאָס דאָזיקע קאַפּיטל זיין זייער בית־עולם און מצבה.

**שלמה שזיוויצה** (נס־ציונה, ישראל)

# גבאים אין ווענגראָוו

### ר׳ הלל׳ס בית־המדרש

אין ר׳ הלל׳ס בית־המדרש האָבן געדאַוונט אין די וואָכן־טעג יידן פון אַלע שיכטן, חסידים פון פאַרשידענע שטיבלעך, האַנטווערקער און אַפילו רעכטע און לינקע טוערס. דאָרט איז געווען דער צענטער פון יידישן לעבן. דאָרט האָבן זיך אויסגעמישט גער מיט אַלעקסאַנדער, חסידים מיט שניידערס, שוסטערס, שטעפּערס און בעלי־עגלות.

במשך אַ לענגערער צייט איז דאָרט געווען דער גבאי ר׳ אברהם שזיוויצה ז״ל, וועלכן מ׳האָט גערופן ר׳ אברהם דער גבאי. ער האָט געלעבט זער באַשיידן אַלס בייטל־מאַכער און געווען תמיד גרייט צו העלפן אַנדערע. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער און אין די טבת־פרעסט פלעגט ער שוין 4 פאַרטאָג איינהייצן די אויוונס אין בית־המדרש און אויספּוצן די צענדליקער נאַפט־לעמפּ זינגענדיק דערביי מיט התלהבות חסידישע ניגונים. ער איז תמיד געווען פריילעך און געהויבן דאָס געמיט און דערמוטיקט דערשלאָגענע.

### דאָס שניידערשע שוהלכל

ביי דער גרויסער שוהל איז געווען דאָס אַזוי גערופענע שניידער שוהלכל, אין וועלכן ס׳האָבן געדאַוונט שניידערס און שוסטערס, ווי אויך אַנדערע האַנטווערקער. יעדן שבת איז מען געגאַנגען צו אַ צווייטן אויף קידוש. דער גאַנצער קידוש איז באַשטאַנען פון אַ קליין פלעשעלע בראָנפן, און האָט געבראַכט צו אחדות און קירוב הלבבות.

איינער פון די גבאים איז געווען ר׳ יוסף ווענגראָווסקי ז״ל, גערופן ר׳ יוסף קאַלושינער, וועלכער איז געקומען פון אַמעריקע צוזאַמען מיט ר׳ ישראל דזיענצ׳לאָווסקי ז״ל. ער האָט געשטרעבט צו העלפן די האַנטווערקער אין זייער פריינדלעכן און ערלעכן יידיש־רעליגיעזן צוזאַמענלעבן און געווען דער שטענדיקער פאָרשטייער פון די בעלי־מלאכות און שלום־מאַכער אין זייערע פאַרשיידענע סכסוכים.

שטיל און באַשיידן ביזן טראַגישן סוף האָט ער געדינט דעם כלל. פון די פאַרקויפטע עליות יעדן יום־טוב פלעגט מען איינאָרדענען אַ מסיבה מיט אַ פאַס ביר, וואָס איז געווען אַן אמת פאָלקסטימלעכער צוזאַמענטרעף.

**ש. זאבלודאוויטש** (קאראַקאַס, ווענעצועלאַ)

# מנהגים, טראַדיציעס, שבתים, ימים־טובים, שמחות און טרויער

מנהגים, טראַדיציעס און סימבאָלן האָבן פאַרנומען אַ חשוב׳ן אָרט אינם יידישן לעבן אין ווענגראָוו. ווענגראָוו האָט געקענט פייערן ימים־טובים און פראַווען שמחות.

### שבתים — מנהגים, טראַדיציע

דער שבת־טאָג אין אונדזער שטאָט האָט געהאַט יידישן חן. שוין דאָנערשטיק פלעגן זיך אומקערן אַהיים אַלע שטאָטיקע סוחרים, האַנטווערקער און האַרעפּאַשניקעס, וואָס זייער פרנסה האָט פאַרלאַנגט אַרומפאָרן אויף יאַרידים איבער שטעט און שטעטלעך; אין אָונט האָבן שוין יידישע פאַמיליעס אָנגעהויבן „גרייטן צום שבת". איינקויפן פלייש, פיש, גרינצייג, וויין, בראַנפן, מאַכן אַ גרויסן „ראַשטשין" פונם פיינסטן מעל אויף חלות, קיכלעך און שטרודל; דאָס אויפגעװירעניע טייג פלעגן יידישע מיידלעך אָװעקטראָגן אין יידישע בעקערייען, אויספלעכטן חלות, אויסקנעטן און אָנפילן די זיסע קוכנס; די דאָזיקע ערב־שבתדיקע אַרבעט פלעגט זיך ציען ביז נאָך חצות.

פרייטיק גאַנץ פרי פלעגן די יידן פריער אָפּדאַווענען אין די בתי־מדרשים, כדי צו קענען גיין אין מרחץ אַריין לכבוד שבת. יידישע פרויען און טעכטער פלעגן גאַנץ פרי שוין אָנהויבן צוגרייטן די מאכלים. אָפּקאָכן די געפילטע פיש, אָפּבראָטן די ספּעציעלע פליישן, צוגרייטן די טשאָלענטן.

מיטאָג־צייט פלעגן דאָרפס־גייער, בעל־מלאכות, בעלי־עגלות זיך אומקערן אין שטאָט אַריין. בעלי־עגלות מיט שווער־געלאָדענע וועגענער פלעגן מיט געפילדער אַריינפאָרן אין שטאָט אַריין, כדי באַצייטנס אָפּלאָדן די סחורות פאַר די יידישע קרעמערס.

עטלעכע שעה פאַרן ליכט־צינדן, האָט מען אָנגעזוען דעם שבת אין די שוהל און בתי־מדרשים. די קינדער זענען געווען אויסגעוואַשן, צוגעקעמט און אָנגעטאָן שבתדיק; דורך די פענצטער האָט מען געזען אויפגערוימטע צימערן, געשפּריי־טע טישטיכער אויף די טישן, צוגעדעקטע חלות, שבת־לייכטער מיט ליכט.

„צייט ליכט צו צינדן!" האָט אויסגערופן דער שמש אַ גאַנצע שעה פאַר ליכט צינדן.

געוועלבער, שפּייכלערס, מאַרק־טישלעך פלעגן זיך בליץ־שנעל שליסן. כהרף־עין איז יידישער מסחר געווען געשלאָסן. יידישע הייזער פול באַלויכטן דורך לאָמפּן און ליכט, מענער שבתדיק אָנגעטאָן זענען געגאַנגען צו מנחה און קבלת־שבת, פון שוהל, בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך, האָט מען געהערט דאָס שבתדיקע דאַווענען מיט דביקות. פון די הייזער האָבן געקלונגען די ניגונים פון די שבתדיקע זמירות בשעת דער פרייטיק־צו־נאַכטס סעודה לכבוד שבת.

נאָכן פרייטיק־צונאַכטסדיקן עסן איז דערגאַנגען דאָס קול פון לערנען מדרש, חומש, זוהר און אַנדערע ספרים איבער אַלע בתי־מדרשים, און אַפילו ס׳רוב יידישע הייזער, הייזער סתם.

שבת־פאַרטאָג פלעגן יידן גיין אין מקוה און נאָך פאַרן דאַווענען זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים און מעביר־סדרה זיין. אויך פרויען, שבתדיק אָנגעטאָן, פלעגן גיין צום דאַווענען מיט „קרבן־מנחה"־סידורים. אַנדערע פלעגן מיטנעמען אַ תחינה, וואָס איר אינהאַלט האָט געהאָלפן זיך אויסצוווייַנען, ווי ס׳פּאַסט פאַר פרומע יידישע טעכטער...

אַרום 12 מיטאָג צייט פלעגן יידישע המונים — מענער, פרויען און קינדער — אומקערן זיך פון דאַווענען אַהיים. מ׳פלעגט קידוש מאַכן איבער וויין, בראַנפן מיט קיכן, און ס׳פלעגט זיך אָנהויבן די געוויינלעכע שבתדיקע סעודה. נאָכן מיטאָג־שלאָף פלעגט מען (זומער־צייט) זאָגן „פּרקי־אבות", עסן פּרוכט — „שבתאויבס", און גיין צו געסט; ווינטער־צייט פלעגט מען זאָגן „ברכי־נפשי", און טרינקען טיי. יידישע פרויען פלעגן זאָגן מיט אַ ניגון די סדרה פון דער וואָך פון זייערע סידורים: צאינה וראינה, מנורת המאור, נחלת־צבי, קב־הישר. די אַלע דערמאָנטע ספרים זענען געשריבן אין יידיש־טייטש, ספּעציעל פאַר פרויען וואָס האָבן עברית נישט געלערנט.

נאָכן „שלוש־סעודות" פלעגט מען אָװעקגיין צוריק אין די בתי־תפילה וואו מ׳האָט געזונגען בציבור ספּעציעלע זמירות פון שבת, אַפּעסן אַ „כזית" עסן, בענטשן ברכת־המזון מיט „מנין", דאַווענען אַ וואָכעדיקן מעריב, מאַכן „הבדלה" אויף אַ כוס וויין, כדי מוצא זיין אַלע פרעמדע אורחים אין שטאָט. דאָס מאַכן „הבדלה" האָט זיך איבער־געחזרט אין דער היים — און ווידער צוזאַמען מיט הבדלה־זמירות פלעגט מען „שמעקן בשמים" פון אַ באַזונדער בשמים־פּושקע, און דערמיט איז מען דערגאַנגען צום אַרויס־באַגלייטן די „מלכה־שבת".

אַ גאַנץ באַזונדער מנהג איז געווען ביי אונדז אין שטאָט. פרייטיק־צונאַכטס און יום טוב, האָט דער גבאי אָדער דער חזן אין בית־המדרש און אין שוהל, איידער דער עולם איז אַהיימגעגאַנגען, געמאַכט קידוש. דער טעם איז געווען מוציא צו זיין צוגעפאָרענע אורחים, אָדער סתם אָרימעלייט וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקייט צו מאַכן קידוש אויף אַ כוס יין.

פרייטיק — ערב שבת, פלעגט מען אויך אַרומגיין פון הויז צו הויז, פון געוועלב צו געוועלב — צונויפנעמען קליינע נדבות פאַר תלמוד־תורה, פאַרן „הקדש" און פאַר „מתן־בסתר".

## פסח

אָבער באַזונדערס חנודיק און שיין איז געווען ביי אונדז אין ווענגראָוו דער פסח.

כדאי זיך אָפּשטעלן אויף הכנות פון באַקן מצות אויף פסח. דאָס זעקל פסחיק מעל האָט יעדער באַלעבאָס אַריבערגעפירט אין דער בעקעריי וואָס איז באַשטימט געוואָרן באַקן מצות. נאָך זונאונטערגאַנג האָט זיך יעדער באַזונדער אָנגעפילט זיין פעסל וואַסער וואָס וועט נויטיק זיין צו קנעטן זיינע מצות. דאָס פעסל איז איבערגעדעקט געוואָרן מיט אַ ספּעציעל ריין געוואַשענעם טישטוך. צומאָרגנס איז די גאַנצע משפחה געקומען אין דער בעקעריי העלפן און אויך אַכטונג געבן אויף כשרות ביים באַקן די מצות. די אָפּגעבאַקענע מצות זענען צוזאַמענגעלייגט געוואָרן אין ספּעציעלע קוישן און אָפּגעטראָגן געוואָרן צו יעדערן אַהיים. מיט האַרציקע וואונטשן האָט יעדער בעקער באַגלייט די באַלעבאָסטע וואָס איז אַרויסגעגאַנגען מיטן טרעגער צוזאַמען, וועלכער האָט איר דאָס פּעקל מצות אָפּגעטראָגן צו איר אין שטוב אַריין.

צוויי וואָכן פאַר פסח זענען די יינגלעך באַפרייט געוואָרן פון „חדר", פלעגן זיי טאַקע אָנפילן די גאַסן מיט יונגן לעבן. וואו נאָר אַ ליידיקער פּלאַץ, פלעגן די קינדער אויסגראָבן גריבלעך און דאָרטן זיך שפּילן מיט ניסעלעך, קליעפּקע און אויך מלחמות. אַ טומל וואָס ס'איז געקומען מיט דעם לעבעדיקן פרילינג. אין מיטן דעם שפּילן האָט זיך נישט איינמאָל דורכגעריסן דער ניגון פון שיר־השירים וואָס די יונגע קינדער האָבן איבערגעחזרט פּרובנדיק פאַרהערן איינער דעם צווייטן.

אַלע, פון קליין ביז גרויס, האָבן פסח באַקומען נייע מלבושים. האָט מען טאַקע אויף שריט און טריט געהערט דאָס ווינטשעווען זיך „תתחדש".

אויך די הייזקעס פון אויסן און אינעווייניק זענען געוואָרן ליכטיקער. אַלץ איז געוואָרן באַנייט, איבערגעמאָלן מיט דערזעלבער אָדער אַנדערער פאַרב.

דאָס שענסטע פון אַלץ איז אָבער געווען דער „סדר", וואָס האָט זיך איבערגעחזרט צוויי אָוונטן נאָכאַנאַנד. דאָס אָפּריכטן דעם „סדר" פלעגט ביי טייל דויערן ביז „חצות" און ביי אַנדערע אַפילו ביז פאַרטאָג. שיינע ניגונים פון הגדה, באַגלייט פון קינדער און פרויען־שטימען, האָבן אָפּגעקלונגען אין יענע צוויי אָוונטן אין אַלע יידישע גאַסן אין ווענגראָוו.

אַ סך תנאים זענען אין ווענגראָוו געשריבן געוואָרן אין די טעג פון חול־המועד פסח. פלעגן טאַקע די מיידלעך פון ווענגראָוו שיינען אין די פסח־טעג ליכטיקער ווי דאָס גאַנצע יאָר...

### ספירה־צייט, ל"ג בעומר, שבועות

נאָך פסח קומען געוויינלעך די וואָכן־טעג. ביז ל"ג בעומר האָט מען זיך נישט געשאָרן, ניט באַנייט קיין מלבושים, ווייל דאָס זענען די טעג פון „ספירה".

ל"ג בעומר איז אין די לעצטע יאָרן זייער שיין געפייערט געוואָרן אין אונדזער שטאָט. מיט פאַקלען אין האַנט און מיט הילכיקן געזאַנג פלעגן מאַרשירן יוגענטלעכע פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס איבער די גאַסן פון שטאָט ביז אין וואַלד. דאָרטן געצונדן אַ פייער, געהערט ציוניסטישע דרשות פון דערוואַקסענע און אין די שפּעטע אָוונט־שעהן זיך אומגעקערט אַהיים.

שבועות פלעגן די יידישע היימען אויסגעצירט ווערן מיט גרינס. די קינדער פלעגן אַהיים ברענגען פון טייך „ליוויעץ" וואַסער גראָז, און מאַמעס מיט די עלטערע שוועסטער פלעגן באַצירן די היים. די חסידים פון ווענגראָוו פלעגן דעם יום־טוב פאַרלאָזן זייערע היימען און פאָרן צום רבין...

### תשעה־באב, „ניין טעג", טרויער

נישט נאָר זמירות, ניגונים און פרייד, האָט דאָס יידישע ווענגראָוו אויפגעכאַפּט פון די נאַציאָנאַלע און טראַדיציאָנעלע פייערונגען. אויך די סימבאָלן פון נאַציאָנאַלן טרויער, האָט ווענגראָוו אָפּגעהיט.

באַלד אין די „ניין־טעג" האָט ווענגראָוו אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם טרויער פון חורבן בית שני. מ'האָט נישט געטאָרט פאַרקויפן אין די יידישע יאַטקעס קיין פלייש. יידן האָבן ניין טעג געגעסן מילכיקס, ניט געטאָרט זיך שערן, נישט אָנטאָן אַ ניי מלבוש, ניט באָדן זיך לשם תענוג, נישט גיין צו געסט, נישט מהנה זיין מיט כיבוד א.אַ.וו. ערב תשעה־באב האָט מען מיטאָג־צייט פאַרמאַכט די געוועלבער, בעלי־מלאכות האָבן אָפּגעשטעלט זייערע אַרבעטן, בעלי־עגלות אומגעקערט זיך אין שטאָט אַריין, נישט געפאָרן קויפן פרישע סחורה און נישט געפאָרן אויף יאַרידים. אין אַלע בתי־תפילות האָט מען אָפּגעדאַוונט מנחה פריער ווי אַלע טאָג, אַהיימגעגאַנגען און איבערגעדרייט די בענקלעך און די טישן און אַזוי געזעצט זיך פאַרפאַסטן. ד.ה. עסן די „סעודה מפסקת", וואָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ מילכיקע. פרומע יידן פלעגן עסן בייגל מיט אַש — סימבאָל פון אבלות, גיין אין די זאָקן און גומענע שטעק־שיך, שוואַרצע מלבושים, און אַוועקגיין יעדערער אין זיין בית־תפילה דאַוונען „מעריב" און זאָגן „מגילת־איכה".

ביי אונדז אין שטאָט האָט מען נישט באַלויכטן די היימען מיט לאָמפּן נאָר מיט ליכט; אין אַלע בתי־תפילות האָט מען נישט אָנגעצונדן קיין לאָמפּ נאָר ליכט, און אַלע בענק און טישן איבערגעקערט און פון ארון־הקודש אַראָפּגענומען די פּרוכת'ן. — אַלע מתפללים פלעגן זיצן מיט ליכט אין די הענט און זאָגן וויינענדיק „איכה ישבה בדד העיר"... שפּעטער האָט מען זיך אַוועקגעזעצט לערנען מסכת גטין — די אגדה פון קמצא־בר־קמצא.

תשעה־באב האָט מען געדאַוונט אָן טלית און תפילין — מעשה אבל — און מ'איז געגאַנגען אויפן בית־החיים, געלערנט האָט מען ספר איוב.

תשעה־באב נאָכמיטאָג האָט מען געלעגט טלית און תפילין, געלייענט „קריאת־התורה", געדאַוונט מנחה־מעריב, און אַהיימגעגאַנגען עסן. די תשעה־באב טעג האָט מען נישט געאַרבעט און נישט געהאַנדלט.

## ימים־נוראים, חודש אלול, סליחות, מנהגים, ראש־השנה, יום־כיפור

דער חודש אלול האָט מיט זיך געבראַכט די אַטמאָספער פון ימים־נוראים. שוין אין חודש אלול האָט מען אין ווענגראָוו יעדן טאָג געהערט דאָס בלאָזן פון שופר. חזנים און סתם בעלי־תפילות האָבן אַלע טאָג אויסגעפרווווט זייער „כלי" און אייגענעם כוח.

דעם לעצטן שבת פאַר ראה"ש — פאַר חצות, האָבן זיך אַלע יידן פון קליין ביז גרויס, פאַרזאַמלט אין אַלע בתי־תפילות צו די ערשטע סליחות. אַלע בתי־תפילות זענען געווען באַלויכטן, און דער חזן וואָס פלעגט זאָגן די סליחות — איז געווען אַ גרויסער למדן און ירא־שמים; מיט זיין יאָמערדיקן ניגון האָט ער געקאָנט רירן אַ שטיין פון אָרט. נאָך חצות, ווען די גאַסן זענען שטיל ווי אַ חלום, האָבן זיך אַדורכגעריסן יידישע יללות און אָנגעפילט דעם חלל מיטן טרויער פון יידישן גלות.

נאָך די סליחות פלעגן די חסידים פון ווענגראָוו זיך זעצן צו דער „מלווה מלכה". די חסידישע שיטה זאָגט, אַז דינען גאָט דאַרף נישט זיין מתוך יראה און עצבות, נאָר מתוך אהבה און שמחה, איז טאַקע די „מלווה־מלכה" געפראַוועט געוואָרן זייער פריילעך, דורכגעוועבט מיט ניגונים, זמירות און ריקודים.

איך וויל דערמאָנען נאָך אַ מנהג פון יידישן ווענגראָוו: יעדן פאַרטאָג פון די סליחות־טעג, פלעגט דער שמש אַרומגיין אין די יידישע געסלעך מיט אַ הילצערנעם האַמער, אָנקלאַפּן אין די לאָדנס און אויסרופן אויפן קול: „שטייט אויף, יידעלעך, צו סליחות, צו עבודת הבורא!"...

אין די טעג פון ראש השנה האָבן געשטראָמט מתפללים — מענער און פרויען מיט דיקע מחזורים אין די הענט. אַרויסגייענדיק פון די שוהלן האָט מען זיך געווונטשן אַלדאָס גוטס צום נייעם יאָר.

צו די ראש־השנה'דיקע סעודות, איז שטענדיק געווען האָניג אויפן טעלער, אַ צייכן פון זיסקייט צום נייעם יאָר.

אַ באַזונדער ווערט, האָט מען געלייגט אויף תקיעת־שופר און דעם כיבוד האָט מען צוגעטיילט דעם רב בכבודו ובעצמו.

דעם ערשטן (און אויב ס'איז אויסגעפאַלן שבת — דעם צווייטן טאָג ראה"ש) פלעגט כמעט דער גאַנצער יידישער עולם פון שטאָט גיין צו „תשליך". דאָרט, ביים טייך „ליוויעץ", האָבן זיך געהערט שיינע חסידישע ניגונים און זייער אָפט האָבן זיך חסידים אַוועקגעלאָזן אין אַ התלהבות־דיקן טאַנץ, וואָס האָט געדויערט ביז „מעריב".

אין די טעג פון „עשרת ימי תשובה" האָבן אַלע געדאַוונט מיטן „מנין". ביז ערב יום כיפור האָט מען יעדן פאַרטאָג געזאָגט סליחות, בלויז די לעצטע סליחות וואָס פאַלן אויס אַ טאָג פאַר ערב יום־כיפור ממש, האָט מען געזאָגט ביי נאַכט און זיי האָבן געדויערט ביז אַ שפּעטער שעה. פרומע יידן פלעגן שלאָגן כפרות באַלד נאָך די סליחות.

ערב יום־כיפור פלעגט כמעט ווי נישט געפירט ווערן מסחר און נישט געטון ווערן קיין מלאכה. אַלע האָבן געדאַוונט נאָכמיטאָג האָט מען ביי אונדז אין שטאָט אויסגעלעגט שטרוי אין אַלע בתי־תפילות, אָנגעצונדן גרויסע חלבנע און וואַקסענע ליכט, אַריינגעשטעלט זיי אין קעסטלעך מיט זאַמד. אויך לאָמפּן האָט מען אָנגעצונדן. אויפן ארון־קודש אויפגעהאָנגען אַ נייעם פרוכת. דער עולם איז געגאַנגען פרי צו מנחה. ביי מנחה דאַווענען איז געווען ביי אונדז אַ מנהג, אַז פרומע יידן האָבן זיך געלאָזן מלקות שלאָגן, כדי אַזוי אַרום אויך פאַרגרעסערן דאָס תשובה־טאָן. נאָך דער לעצטער סעודה, זענען פרומע יידן געגאַנגען אין מקווה און אויך צו קרובים, קינדער, שכנים און פריינט, כדי צו ווינטשן אַ גוט־יאָר. עלטערן האָבן געבענטשט זייערע קליינע קינדער. פרויען פלעגן זאָגן באַזונדערע תחינות ביים ליכט־בענטשן. אין יעדער יידישן הויז האָט געברענט אַ גרויס ליכט. צום דאַוונען האָט מען אָנגעטאָן ווייסע קליידער און טליתים, אָן שיך, בלויז אין די זאָקן אָדער לייכטערע גומענע שטעקשיך.

די יידישע הייזער אין ווענגראָוו מיט די גרויסע צעצונדענע ליכט זענען יענעם אָוונט באַהויכט געווען מיטן שיין פון הייליקייט. אויך פרויען זענען ס'רוב געווען ווייס געקליידעט.

נאָך דעם שיינעם כל־נדרי־געזאַנג, פלעגן די גאַנץ פרומע יידן איבערבלייבן נעכטיקן אין די בתי־תפילות.

יום־כיפור האָבן זיך אין ווענגראָוו אָנגעהויבן די תפילות שוין פאַרטאָג. געענדיקט די תפילות האָט מען מיטן מחדש זיין די לבנה און ערשט דאַמאָלסט האָבן זיך יידן געוואונטשן אַ גוט יאָר און זיך געלאָזן אַהיים — אָנבייסן.

תיכף נאָכן עסן איז מען זיך צונויפגעקומען און מ'האָט אָנגעהויבן צוגרייטן די התחלה פון אַ סוכה...

## סוכות, סוכה, הושענה־רבה, שמיני־עצרת, שמחת־תורה

דער יום־טוב סוכות איז געווען אין ווענגראָוו זייער פּאָפּולער און זייער באַליבט. אַפילו די פויערים פון דער סביבה האָבן זיך אינטערעסירט מיט דעמדאָזיקן יום־טוב. זיי פלעגן דאָס ברענגען די דינינקע צווייגעלעך מיט אַ סך בלעטעלעך, ס'זאָל זיין דער ריכטיקער סכך. די סוכות פלעגן געציירט ווערן מיט שיינע פאַרהענגלעך, מיט פאַרביקע און פאַרזילבערטע פּאַפּיר־לענטעס געשאָרן אין פאַרשיידענע פאָרמען. זייער אָפט פלעגן עטלעכע בעלי־בתים בויען אַ בשותפותדיקע סוכה און מיט געמיינזאַמע כוחות, און דער עיקר: מיט דער הילף פון די קינדער איז טאַקע די סוכה אַרויסגעקומען ווי אַ שיינער פּאַפּירענער פּאַלאַץ. די פרויען פלעגן צינדן און בענטשן ליכט אין סוכה. די קינדער זענען צוויי טעג געווען פריי פון „חדר" — און דאָס האָט גורם געווען זיי זאָלן קענען געניסן פון זייער האָרעוואַניע ביים אויפשטעלן די סוכה, וואָס אין אמת'ן איז דאָס געווען אַ גרויסער תענוג פאַרן נאַטירלעכן, קינדערשן אינסטינקט, וואָס קומט נישט צו זיין באַפרידיקונג אַ גאַנץ יאָר.

אויך חול־המועד סוכות, ווי חול־המועד פסח, איז מען געפאָרן צו־געסט און מ'האָט געפראַוועט שמחות פון תנאים פאַר חתן־כלה.

דעם 5־טן טאָג חוה"מ סוכות, הושענה־רבה, האָט מען

זיך אין אונדזער שטאָט נוהג געווען צוגרייטן די בינטלעך הושענות — פאַר יעדן הויז־געזינט אַ באַזונדערע בינטעלע. פרומע יידן פלעגן אויפזיין כמעט אַ גאַנצע נאַכט.

שמחת־תורה איז דער פריילעכסטער יום־טוב ביי יידן. יעדער ייד, וועלכער איז אויפגערופן געוואָרן צו דער עליה, האָט פון פאָרויס געוואוסט, אַז באַלד וועלן זיך אַרונ־טערכאַפּן אונטער זיין טלית אַ סך יינגלעך און וועלן זינגען אויף אַ קול „כל הנערים", דאָס איז געווען זייער אַ שפּי־לעוודיק און זייער אַ פריילעך בילד אינם געפלעכט פון די תפילות און דער שיינער סצענע פון הקפות. מיט אַ סך פאַרב איז נאָך באַרייכערט געוואָרן דער גאַנצער פּייזאַזש צוליב די פילקאָליריקע פאָנען וואָס קינדער האָבן מיטגעבראַכט מיטן רויטן עפּעלע אויפן סאַמע שפּיץ פון פאַרבנרייכן פאָן. שמחת־תורה איז בכלל געווען ביי יידן אַ טאָג פון טענץ און גיזאַנגען, אין אַלע יידישע הייזער און אין די גאַסן אַרום די יידישע הייזער. יונג און אַלט פלעגן יענעם טאָג טאַנצן אין די גאַסן. ווער בגלופין און ווער סתם אַזוי מיט־געריסן מיט דער פרייד פון כלל.

איך וויל דאָ ברענגען אַ ליד פון שמחת־תורה געזונגען פון חסידים:

אף ברי —
דער ווינטער רוקט זיך צו
אין דרויסן איז אַ בלאָטע
צוריסן איז די וואַרעמע קאַפּאָטע
און דער ווינטער רוקט זיך צו —
אוי וויי, וויי, אוי וויי, וויי.

אף ברי —
דער ווינטער רוקט זיך צו
דער אויוון איז צובראָכן
דער טילעפּ איז צוקראָכן
און קיין געלט איז נישט דאָ —
אוי וויי, וויי, אוי וויי, וויי.

אף ברי —
דער ווינטער רוקט זיך צו
דאָס ווייב איז בייז און שעלט
דער בעל־הבית מאָנט דירה־געלט
און קיין פּרנסה איז אַלץ נישט דאָ —
אוי וויי, וויי, אוי וויי, וויי.

### חנוכה, ט"ו בשבט, פּורים

די אַכט חנוכה־טעג זענען געווען האַלב יום־טוב. מ'האָט געדאַווענט בציבור, געזאָגט „על הנסים" ביים דאַווענען אין דער פרי און ביי נאַכט. אויף דער נאַכט אָנגעצונדן חנוכה־ליכט אין אַ ספּעציעלן חנוכה־לעמפּל און מען פלעגט זינגען „מעוז צור". אין די חנוכה־נעכט פלעגן די קינדער נישט גיין ביינאַכט אין חדר. איז טאָקע געווען אַ שטיקל יום־טוב פאַר קינדער. אַסך עלטערן האָבן אָפּגעהיט דעם מנהג און געגעבן די קינדער חנוכה־געלט.

מ'פלעגט אויך מאַכן לאַטקעס און אַפילו אויסלאָזן גענדזן־שמאַלץ אויף פּסח, און במילא האָט מען אין אונט געגעסן גענדזן־גריוון.

„חמישה־עשר" בשבט — פלעגן די עלטערן קויפן פאַר די קינדער פייגן, טייטלען, באָקסער, מאַראַנצן, — פּירות פון ארץ־ישראל, — כדי צו וועקן די בענקשאַפט צום יידישן לאַנד. אויך חמישה־עשר בשבט זענען די קינדער ביינאַכט נישט געגאַנגען אין חדר.

לויטן סדר איז אונדז נאָך איבערגעבליבן צו דערציילן וועגן פּורים. עטלעכע טעג פאַר פּורים האָט מען אויפגעהערט גיין ביינאַכט אין חדר אַריין.

ביי אונדז אין שטאָט איז געווען אַ טיף־פאַרוואָרצלטער מנהג: שיקן משלוח־מנות צו קינדער, פריינט, קרובים; שכנים האָבן געשיקט איינער צום אַנדערן משלוח־מנות. די מתנות זענען געווען פאַרשיידענע, לרוב פון פיינע געבעקסן, זיס־קייטן און פרוכט, דערביי אויך אַנדערע מתנות. חתן־כלה פלעגן זיך שיקן זייער עלעגאַנטע און קאָסטבאַרע מתנות אַלס משלוח־מנות. מלמדים פלעגן באַקומען משלוח־מנות געבעקסן, פרוכט און דערביי צוגעלייגט אַ מטבע. אין חסי־דים־שטיבלעך האָבן זיך חסידישע יידן — נאָכן דאַווענען — געשיקט איינער דעם אַנדערן בראָנפן, וויין מיט שטרודל און געוואונטשן „לחיים". חסידים פלעגן פראַווען טיש איינער ביים צווייטן און כאַפּן אַ טרונק, געזונגען חסידישע ניגונים און געוואָרן אַ ביסל בגילופין...

אין אונדזער שטאָט האָט אָנגעהאַלטן דער מנהג פון „פאַרשטעלן זיך". אַרומגיין פאַרשטעלטערהייט פון הויז צו הויז, און אין יעדער הויז האָט דער בעל־הבית געגעבן אַ מטבע די פאַרשטעלטע, וועלכע זענען געגאַנגען גרופּן־ווייז; אַריינקומענדיק אין אַ הויז, האָבן זיי אָפּגעזונגען אויף שנעל אַ לידל אין העברעאיש אָדער יידיש, וואָס איז געווען צו־געפּאַסט פאַר פּורים. כאַראַקטעריסטיש איז געווען אַ קורץ יידיש לידל, געזונגען פון די יידישע פאַרשטעלטע:

היינט איז פּורים,
מאָרגן איז אויס,
גיט מיר אַ גראָשן
וואַרפט מיר אַרויס...

צווישן די פאַרשטעלטע זענען אויך געווען מיטגלידער פון חברות וואָס פלעגן זיך פאַרשטעלן און אַרומגיין אין די רייכע יידישע הייזער און קלייבן ביי דער געלעגנהייט נדבות; אָט די דאָזיקע פאַרשטעלטע האָבן געטראָגן קאָסט־באַרע מאַסקעס און מלבושים מיט אויפשריפטן „חברה תהילים", „ביקור־חולים", „חברה בית־מדרש־בחורים", „לינת־הצדק".

## מנהגים, צערעמאָניעס, סימבאָלן, ראשי־פרקים, תנאים, חתונות

ראשי־פרקים:

נאָכדעם ווי חתן־כלה־צדדים האָבן מסכים געווען צום שידוך, אָפּרעדנדיק וועגן אַלע באַדינגונגען, האָט מען באַשטימט אַ טאָג אויף שרייבן ראשי־פרקים. דער כלה־צד האָט צו דעם באַשטימטן טאָג צוגעגרייט אַ מאָלצייט פאַר קרובים און גוטע פריינט פון ביידע צדדים. ביים מאָלצייט האָבן זיך די מחותנים געגעבן תקיעת־כף, מ׳האָט געטרונקען „לחיים״, געשריבן אַ כתב וועגן שידוך און באַשטימט אַ טאָג אויף מאַכן תנאים.

תנאים:

די תנאים זענען אין זייער פייערלעכקייט נישט געווען וויניקער ווי ביי אַ חתונה. די תנאים זענען פאָרגעקומען אין דער היים פון דער כלה, דאָרט איז געפראַוועט געוואָרן אַ סעודה אויף אַ ברייטן שטייגער. דער פאַרבעטענער עולם איז געווען יום־טובדיק אָנגעטאָן, עלטערן פון די חתן־כלה האָבן אויסגעפילט פאָרמולאַרן פון פאַרמעט, געדרוקט אין העברעאיש און ארמית. די נעמען פון חתן־כלה, די עלטערן פון חתן־כלה, דאָס אָרט, נדן, מתנות, און זמן החתונה. חתן־כלה האָבן זיך אונטערגעשריבן, דערנאָך האָט איינער פון די פאַרבעטענע געסט געלייענט הויך אויפן קול די געשריבענע תנאים. ביים פאַרענדיקן דאָס לייענען די תנאים, האָט מען צובראָכן עטליכע טעלער — סימן ברכה און מזל — און אַלע האָבן געוואונטשן מזל־טוב חתן־כלה און מזל־טוב די טאַטע־מאַמע. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די סעודה.

ביי דער סעודה האָבן די עלטערן פון ביידע צדדים געגעבן ווערטפולע מתנות דעם חתן און דער כלה און ווי געוויינלעך געזונגען און אַמאָל אַפילו פאַרבעטן כלי־זמר.

### חתונות — שבע־ברכות

ביי אונדז אין שטאָט זענען יידישע חתונות געפראַוועט געוואָרן מיט אַלע יידישע מנהגים.

עטלעכע חדשים פאַר דער חתונה האָט מען איינגעקויפט סחורות אויף מלבושים פאַר חתן־כלה. רייכע מחותנים האָבן אַריינגענומען די שניידערס צו זיך אַהיים און נישט געגאַנגען צו די שניידערס. אַ 10 טעג פאַר דער חתונה האָט מען אין הויז פון די מחותנים אָנגעהויבן באַקן, קאָכן און פרעגלען. רייכע מחותנים האָבן עטלעכע טעג פאַר דער חתונה געמאַכט ביי זיך אין הויז אַ גאָר ברייטן מאָלצייט פאַר אָרימעלייט. נאָכן מאָלצייט, האָט מען נאָך צוטיילט אַ שיינע סומע געלט צווישן די פאַרבעטענע אָרעמע לייט.

אין טאָג פון דער חופה האָבן חתן־כלה געפאַסט. די כלה איז געווען אָנגעטאָן אין ווייסן, געזעסן אויף אַ פאָדיום. אַלע געסט וואָס זענען געקומען, האָבן צוערשט געוואונטשן מזל־טוב דער כלה און דערנאָך די מחותנים. „סאַרווערס״ האָבן יעדערן דערלאַנגט גוטע געבעקסן. יידישע כלי־זמרים האָבן געשפילט פריילעכע יידישע ניגונים און מיידלעך האָבן געטאַנצט.

דער חתן איז געזעסן אויבן־אָן, אַרום אים — יינגע בחורים, קרובים, חברים און גוטע באַקאַנטע. די טישן — ווייס געדעקט, און אַ סך אָנגעצונדענע ליכט.

שפּעט אין דער נאַכט פלעגט זיך אָנהויבן דאָס „באַדעקן די כלה״, מחותנים פלעגן נעמען דעם חתן אונטער דער האַנט און אַוועקפירן אים אין הויז פון דער כלה; דערביי האָבן ביים אַריינקומען אויפגעשפילט די כלי־זמרים און מ׳האָט צוגעפירט דעם חתן צו דער כלה; נאָכדעם ווי ער האָט איר פאַרדעקט דעם קאָפּ מיט אַ ווייסן זיידענעם שאַל, האָט מען דעם חתן צוריק אָפּגעפירט אויף זיין אָרט.

ביים „באַדעקן״ די כלה, פלעגט דער בדחן אָנהויבן באַזינגען מיט געגראַמטע ווערטלעך אין יידיש און אַמאָל אויך אין העברעאיש, וואָס פלעגט אַקאָמפּאַנירט ווערן דורך די פידלערס; דאָס דאָזיקע באַזינגען פון בדחן איז באַשטאַנען פון אַלטן־יידישן פאָלקלאָר, אָפטמאָל אויך שטאַרק־סענטימענטאַלע, און ווייבער האָבן פאַרגאָסן טרערן.

פונקט אַ שעה פאַר האַלבער נאַכט האָבן מחותנים געפירט אונטער די אָרימס דעם חתן צו דער חופה. פון פאָרנט זענען געגאַנגען די כלי־זמרים, געשפילט פריילעכע מוזיק, געסט האָבן געטראָגן אָנגעצונדענע קאָלירטע ליכטלעך; דעם חתן האָט מען געפירט צו דער שוהל, וואו ס׳האָט שוין געוואַרט די אויפגעשטעלטע חופה. דעם חתן אַרונטערגעפירט אונטער דער חופה, איז דער גאַנצער עולם, צוזאַמען מיטן רב פון שטאָט, געבליבן נעבן חתן, וואַרטן אויף דעם אָנקום פון דער כלה...

דער כלה האָבן אונטערגעפירט ביידע מחותנת׳טעס; אויך כלי־זמרים זענען געגאַנגען פאָראויס און געשפילט. געסט האָבן געטראָגן אָנגעצונדענע ליכט. אַנטקעגן דער כלה האָבן ווייבער געטאַנצט מיט חופה־חלה׳ס אין די הענט. די חופה־חלה איז געוועזן אַ געפלאָכטענע, באַשאָטן מיט פיל קאָלירנדיקן מאָן. צוגעבראַכט דער כלה צו דער חופה, האָבן די כלי־זמרים אויפגעהערט צו שפּילן. דער כלה אַרונטערגעפירט אונטער דער חופה, אַרומגעפירט דריי מאָל אַרום דעם חתן, און אַוועקגעשטעלט לינקס ביים חתן. דער רב האָט געלייענט די תנאים אין ארמית, די „כתובה״, און געמאַכט אַ ברכה איבער ווין, געגעבן צו טרינקען דעם חתן און דער כלה, דערנאָך האָט דער חתן אָנגעטאָן דער כלה דאָס רינגל און געזאָגט דעם „הרי אַת״. און דאַן האָט מען אונטערגעלעגט אַ גלעזל אונטער דעם חתנ׳ס פיס און ער האָט דאָס מיטן פוס צובראָכן... דער גאַנצער עולם האָט הילכיק אויסגערופן: מזל־טוב! מזל־טוב! אויך צוריק האָט מען דעם חתן געפירט באַזונדער און דערנאָך דער כלה; דעם גאַנצן וועג האָבן כלי־זמרים ווידער געשפילט, קרובים האָבן אַנטקעגן־געטאַנצט מיט די חופה־חלות אין די הענט, און דערביי צוגעזונגען. באַלד האָט מען חתן־כלה אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער אויף עטלעכע מינוט; מ׳האָט דאָס גערופן „יחוד״, דערנאָך האָט מען דעם חתן אַריינגעפירט צום טיש וואו ס׳זענען געזעסן די מענער, און די כלה — צום ווייבערשן טיש. ביי דער סעודה האָט דער בדחן באַזונגען

די חתן־כלה, כלי־זמרים האָבן צוגעשפּילט און דער עולם האָט געגעסן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסרופן „דרשה־געשאַנק״; נאָך אַ „מצוה־טענצל״ מיט דער כלה, האָט מען געבענטשט און דערמיט האָט זיך די סעודה פאַרענדיקט.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט מען פרומע כלות אָפּגעשאָרן די האָר, און מען האָט אָנגעטאָן אַ שייטל און דערביי איר געשענקט אַ שוואַרצן זיידענעם שאַל מיט אַ פיין געבונדענעם סידור.

דעם צווייטן טאָג נאָך דער חתונה האָבן זיך אָנגעהויבן די „שבע־ברכות״, ד. ה. יעדער טאָג אין אָוונט איז אין הויז פון דער כלה פאָרגעקומען אַ מאָלצייט פאַר געסט. מ׳האָט געזונגען, געזאָגט ברכות און אַמאָל אַפילו אויך געטאַנצט. שבת־שבע־ברכות פלעגט ביי אונדז זיין אַ מנהג צו שיקן דער כלה אַ געשאַנק, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פעטן טשאָלענט, קוגל, ווייַן, ביר, און פרוכט; דאָס איז געווען דער סיום פון אַ יידישער חתונה.

## „שיר־המעלות״, „קריאת־שמע־לייענען״, ברית׳ן

ווען אַ יידישע פרוי האָט געבוירן אַ ייִנגל, האָט מען אויסגעהאַנגען אין שטוב פון דער קינפעטאָרין „שיר־המעלות״ן אויף די ווענט. דאָס האָט געדאַרפט אָפּהיטן דאָס ניי־געבאָרענע קינד פון „בייזע רוחות״. יעדער טאָג זענען געקומען חדר־ייִנגלעך, האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום נייעם ייִנגל און הויך אויפן קול האָבן זיי אַלע געזאָגט „קריאת־שמע״ און „המלאך־הגואל״. מ׳האָט זיי אַלעמען געטיילט צוקערלעך און אַנדערע זיסקייטן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט יעדן טאָג, ביז דער ברית־מילה.

ברית־מילה איז פאָרגעקומען אין הויז פון דער „געוויי־נערין״. דאָס קינד האָט מען שיין אָנגעטאָן און דער רב איז געווען דער סנדק. קוואַטער איז געווען די נאָענטסטע קרובה. דעם ערשטן פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן געבוירן פלעגט מען אָפּריכטן שלום־זכר. אויפן שלום־זכר פלעגט מען מכבד זיין מיט זיסוואַרג, ביר און געפעפערטע אַרבעס.

## דער ערשטער טאָג אין חדר אַריין

אַז דאָס קינד (אַ ייִנגל) האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָט מען ביי אונדז געפראַוועט אַ שמחה: פאַרבעטן געסט אויף אַ באַזונדער סעודה. אויך די קינדער פון „חדר״ פלעגט מען פאַרבעטן. אויך ביי אָנהויבן „חומש״ האָט מען געמאַכט אַ סעודה.

אַ גאָר גרויסע סעודה האָט מען געפראַוועט דעם ייִנגל, ווען ער איז געוואָרן 13 יאָר. דער מלמד האָט אים אויסגע־לערנט תפילין־לייגן; אין דעם טאָג פון זיין „בר־מצוה״, האָט דער ייִנגל צום ערשטן מאָל געלייגט תפילין און געדאַוונט מיטן פאַרבעטענעם עולם מיט אַ „מנין״. מ׳האָט אים אויך אויפגערופן צו דער תורה אויף אַן עלייה. נאָכדעם האָט דער פאָטער באַקומען אַן עלייה און ביי דער תורה געזאָגט דעם פסוק „ברוך שפטרני״. אין הויז פונעם בר־מצוה איז געוואָרן צוגעגרייט אַ פיינע סעודה, דערביי האָט דער בר־מצוה־בחור געזאָגט אַ דרשה פאַרן עולם.

## אויך צו צרות־יחיד איז דער ציבור ביי אונדז געווען אַ שותף

בשעת עמעץ איז שווער קראַנק געוואָרן, פלעגן „חברה תהילים״ זיך אָוועקזעצן זאָגן תהילים גאַנצע טעג און נעכט. קרובים און פריינט פלעגן לויפן אייַנרייסן קברים און אויך אין שוהל צום ארון קודש פלעגן צופאַלן פרויען וואָס זענען געווען שכנים אָדער פריינט פון קראַנקן. מ׳פלעגט צוזעצן אַ נאָמען דעם קראַנקן און מאַכן אים אַ מי־שבירך.

ביי גסיסה פלעגט קומען דער רב מיט „חברה קדישא״ זאָגן ווידוי מיטן קראַנקן, דערביי אָוועקלעגן צוקאָפּנס פון קראַנקן דעם ספר „מעבר־יבוק״ און בלייבן מיט אים ביז יציאת נשמה. בשעת מעשה פלעגט דער עולם זאָגן: „ה׳ נתן וה׳ לקח, יהי שם ה׳ מבורך״...

„חברה קדישא״ פלעגט באַשטימען די קרקע אויפן בית־עולם, אויפנייען פון ווייסן לייוונט תכריכים און ברענגען דאָס טהרה־ברעט כדי מטהר צו זיין דעם מת. חוץ דעם האָט מען פאַרהאָנגען דעם שפיגל, אָפּגעשטעלט דעם זייגער און אַוועקגעשטעלט צוקאָפּנס אָנגעצונדענע ליכט. „חברה תהי־לים״ האָט ביז צו דער קבורה געזאָגט תהילים.

ביי יעדער לוויה איז פאָרויסגעגאַנגען דער שמש מיט דער פושקע, זאָגנדיק הויך אויפן קול: „צדקה תציל ממות״... דעם מת האָט מען געטראָגן ביז צו דער שוהל. דאָרטן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט און דער עולם האָט געבעטן מחילה ביים מת. דער ראש פון „חברה קדישא״ האָט דעם מת מקבר געווען; אַריינגעשטעקט אין ביידע הענט צוויי הילצערנע שטעקלעך, און אויף די אויגן אַרויפגעלעגט צוויי ערדענע שערבלעך. צוגעדעקט פון אויבן מיט ברעטלעך, צוגעשאָטן דעם קבר, געשטעלט אַ הילצערנעם ברעטל אויפן קבר מיטן נאָמען פון מת, טאָג פון געבוירן און טאָג פון פטירה. דער גאַנצער עולם האָט געזאָגט: „מעפר אתה ולעפר תשוב, ברוך דיין אמת״. און לסוף אויך אַ קאַפּיטל תהילים, „יושב בסתר עליון״, די אבלים האָבן געזאָגט „קדיש״ און נאָכדעם האָט דער ראש פון „חברה־קדישא״ קורע געווען די מלבושים ביי די אבלים. אין הויז פון מת האָט מען געדאַוונט גאַנץ „שבעה״ — זיבן טעג. — דורך די גאַנצע צייט פון „שבעה״ זענען די אבלים געזעסן אויף קליינע בענקעלעך אין די זאָקן. נאָכן דאַווענען ביים אַרויסגיין, האָבן זיך די אבלים אויפ־געשטעלט און דער עולם האָט זיי געזאָגט אַ טרייסט־וואָרט: „המקום ינחם אתכם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים״ — גאָט זאָל אייך טרייסטן צווישן אַלע טרויערנדע אויף ציון און ירושלים.

נאָך דער פטירה האָבן אַלע נאָענטע שכנים אויסגעגאָסן דאָס וואַסער פון זייערע הייזער. שכנים וואָס זענען געווען כהנים האָבן נישט געטאָרט זיין אין שטוב, כל זמן דער מת דער שכן איז געלעגן ביי זיך אין שטוב. אין די טעג פון „שלושים״ האָבן זיך די אבלים נישט געטאָרט שערן זייערע האָר, אַ גאַנץ יאָר נישט גיין אויף שמחות, נישט הערן מוזיק, געזאַנג, נישט באַנייען קיין שום זאַך און אַ גאַנץ יאָר זאָגן „קדיש״. דורכן גאַנצן יאָר האָט מען אויך נישט געטאָרט גיין אויפן קבר.

*

אַ לעגענדע וועגן אונדזער שוהל: אין מיטן נאַכט האָבן מתים פאַרשלעפּט אַ מענטשן פון גאַס אין דער גרויסער שוהל, — אַרויסגענומען אַ ספר־תורה און אויפגערופן אים צו עליית התורה. די לעגענדע פאַרענדיקט, אַז דער מענטש איז באַלד נאָכדעם אָפּגעשטאָרבן.

*

די לעגענדע פון טייך: יעדער זומער פלעגן ביי אונדז דערטרונקען ווערן צוויי מענטשן. דערציילט די פאָלקס־לעגענדע: דער טייך „ליוויעץ" דאַרף צוויי קרבנות אַ יאָר. קומט אויפן וואַסער אַ ווייסע שוים, פאַרשטעלט זיך אַלס מענטש אָדער אַלס חפץ און בשעת מען דערנענטערט זיך צו דעם ווייסן געשפּענסט — ווערט מען דערטרונקען. נאָכדעם באַרויִקט זיך דער טייך און פאַרלאַנגט נישט מער קיין קרבנות.

*

אָט אַזוי בערך האָבן געלעבט יידן אין ווענגראָוו במשך פון הונדערטער יאָרן. אין די דאָזיקע שורות האָב איך זיך באַמיט צו געבן אַן איבערבליק ווי אַזוי יידן האָבן דורות־לאַנג געשמידט די גאָלדענע קייט פון קיום ישראל אויף פאַרשיידענעם אופן, אין פרייד און אין לייד, אויף שמחות און אין צער — שטענדיק אָפּגעהיט דאָס פּינטעלע ייד.

דאָס איז דער גרויסער סוד פון אונדזער קיום און דער נס פון אונדזער גאולה.

**שמעון זילבערשטיין** (תל־אביב)

# ערב יום־כיפור אין ווענגראָוו

דאָס גאַנצע שטעטל זעט אויס ווי אַ בית־עולם. באַזונדערס די גאַסן „בערקאַ־יאָסעלעוויטשאַ", סטאַראַ גאַרבאַרסקאַ", ווי אויך דער שוהל־הויף. הערש־יחיאלס בית־מדרש, רב הללס בית־מדרש און אַרום אַלטן בית־מדרש. די יידן דרייען זיך אַרום ערנסטע, מ'קען זאָגן אַפילו מרה־שחורה'דיקע און טראַכטן אַריין אינעם פאַרגאַנגענעם יאָר און מיט וואָס עס הויבט זיך אָן דאָס נייע יאָר. אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן געלעבט אין דחקות און אין נויט, די פּרנסה איז געווען בצמצום, אָרעמע האַנטווערקער, ווי שוסטער, שניידער, סטאָלאַרעס א.אַ.וו. האָבן באַשעפטיקט נאָך אָרעמערע פון זיי אַרבעטער און קוים געצויגן זייער חיונה. אַז גאָט האָט געהאָלפן און עס איז געווען אַ גוטער יריד אין שטעטל אין אַ פרייטאָג און די האַנטווערקער בעלי־בתים האָבן פאַרקויפט זייערע אויסגעאַרבעטע סחורות אויפן מאַרק, האָבן זיי געהאַט צו באַצאָלן זייערע אַרבעטער צו פירן גאָר אַ באַשיידן לעבן.

יום־כיפור האָט מען געמאַכט דעם חשבון־הנפש. דאָס פּנים פון יעדער יידן האָט אויסגעדריקט טרויעריקע יום־טובדיקייט. אַפילו פון די שטיבער האָט אַרויסגעשמעקט אַן אַנדער ריח ווי אַ גאַנץ יאָר.

אָט גייט מען שוין צו מנחה. שנעל־שנעל לויפן מענער אָנגעטאָן אַ ביסל יומטובדיק מיט קינדער ביי דער זייט. אין די הענט טראָגן זיי גרויסע ליכט פאַרן בית־מדרש, פאַר דער שוהל, און ווער אין שטיבלעך — גערער, סאָקאָלאָווער, אומאַנער, וואָרקער, א.אַ.וו.

ביי מנחה — עפּעס לאָזט זיך מערקן אַ שפּאַנונג, אָבער מען הערט גאָרנישט. יעדערער איז פאַרטאָן אין זיינע מחשבות. פון מאָל צו מאָל ציטערט אויף אַ קלאַפּ פון אַ צדקה־פּושקע. אין אַלע שוהלן און בתי־מדרשים האָט מען אַוועקגעשטעלט „קערות". געזעלשאַפטלעכע טוער פאַרנעמען זיך מיט זאַמלען געלט פאַר פאַרשיידענע צוועקן: קרן־קיימת, קרן־היסוד, רב מאיר בעל־הנס, לינת־הצדק, ביקור־חולים, הכנסת־כלה א.אַ.וו.

גאַנץ ווענגראָוו איז איינגעהילט אין קדושה און גוטסקייט, און צוגעבונדנקייט איינער צום צווייטן. יעדער איינער איז פול מיט דרך־ארץ און באַשיידנקייט. אויף דער גאַס איז שטיל, מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש, נאָר ווען נישט ווען לויפט אַדורך אַ פערסאָפּעטע יידענע אָנגעטאָן יום טובדיק מיט אַ ווייס פאַרטעכל אויף איר קלייד און איר פּנים שיינט מיט גאָטספאָרכטיקייט.

יעדער איינער גרייט זיך איצט צום פאַסטן. אָט שפּרייזט שוין מיט שנעלע טריט רבי יונה־אייזיק פון דער ראָגאַטקע. אַ ייד אַ ברייטפּלייציקער, איבערן מיטלוווקס, אַ בעל הדרת־פּנים און אַזוי אויך זיינע באָרד און פּיאות — אַ בן־תורה. איצט קומען אונטער פון אַלע זייטן יידן מיט טליתים און שטראַמען צוזאַמען מיט זייערע קינדער נאָך יונה־אייזיקן אין בית־המדרש אַריין צו כל־נדרי. פון אַ געסל קומט אַרויס רב אברהמ'טשע שוחט מיט זיינע משוררים אַ שיינער ייד און אַ געצירטע גאָלדענע באָרד באַפּוצט פון אויבן מיט באַזילבערטע הערלעך. און אַזוי אַלע יידן, שיינע און ערלעכע. און אַ ביסל ווייטער — די פּרויען. די שוהל און די בתי־מדרשים זענען שוין פול געפּאַקט. די ליכט אָנגעהויבן לייכטן. גרויסע וואַקסענע ליכט אין קאַסטנס מיט זאַמד שטייען אויסגעשטעלט אויף די טישן, ווי הייליקע באַטאַליאָנען, וואָס קומען צו הילף דעם געבעט פונעם עולם. נאָך תפילה־זכה איז שטיל... דאָ און דאָרט הערט מען אַ קרעכץ, מיט פיל אויסדרוק; — „ווי לאַנג, גאָטעניו, וועלן מיר נאָך אַזוי ליידן?" צום סוף אַ קלאַפּ אויפן באַלעמער: טאַך־טאַך, און דער חזן רב אברהמ'טשע שוחט הויבט אָן שטיל מיט גרויס כוונה: כ ל ־ נ ד ר י.

**אפרים פשעפיורקא** (תל־אביב)

# א באזוך אין ווענגראוו — אויגוסט 1939

אין לעצטן חודש פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אוי־גוסט 1939, האָב איך באַזוכט ווענגראָוו. אַלעס שטייט מיר ווי לעבעדיק פאַר די אויגן. אָט זע איך דערנענטערנדיק זיך צו דער שטאָט די הויכע טאָפּאָלע ביימער, וואָס שטייען ווי סאָלדאַטן לענג אויס דער סטרוגע. דאָרט פלעגט די יידישע יוגנט פון שטאָט פאַרברענגען פריילעכע שעהן אין וואַ־רעמע זומער־טעג. איך האָב זיך געקוויקט מיטן אָנבליק פון די פעלדער און גערטנער און שוין בין איך אויפן מאַרק ביים הויז פון מיינע עלטערן. אַ גרויסע פרייד האָט מיך אַרומגענומען דערזעענדיק די אַלטע היים.

ווענגראָוו האָט זיך געפירט אויפן געוויינלעכן אַלטן שטייגער אָבער מ׳האָט פאַרט געפילט, אַז ס׳גרייטן זיך גרויסע געשעענישן. אַ גרעסערע דעלעגאַציע איז געקומען אין געשעפט פון שלמה גרינבערג (אין הויז פון שמואל לאזוווניק) און איינגעלאַדן מיך, דעם גאַסט פון ארץ־ישראל אויף אַ פאַרזאַמלונג.

אויף ווי ווייט די יוגנט האָט געפילט, וואָס ס׳גרייט זיך, באַווייזט דער פאַקט, וואָס פיל פון זיי האָבן געטראַכט וועגן פאַרשאַפן זיך געווער, כדי צו זיין גרייט, ווען די שעה וועט קומען. ביי די דאַמאָלסדיקע באַדינגונגען אין פוילן איז דאָס געווען אַ געוואַגטער געדאַנק. איך האָב זיי גראַטולירט צו זייער ניכטערן טראַכטן.

בסך־הכל בין איך פאַרבליבן אין ווענגראָוו דריי טעג און דעם פערטן טאָג האָב איך פאַרלאָזט מיין היים־שטאָט, געזעגנט זיך מיט טאַטע־מאַמע און שוועסטער און אַלע אייגענע, וועלכע האָבן מיך געפּרעגט, צי מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען אין לעבן. דאָס באַווייזט, אַז טראָץ דער אוי־סערלעכער נאָרמאַליטעט איז שוין די לופט געווען פול מיט אומזיכערקייט און זאָרג.

איך האָב אַלעמען אויף שטענדיק פאַרלאָזן און בין צוריקגעפאָרן אין מיין נייער היים — ארץ־ישראל. אָבער דאָס וואָס איך האָב געזען בעת מיין קורצן באַזוך אין אונ־דזער שטעטל איז מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון און וועל דאָס ווייטער באַשרייבן צוזאַמען מיט אַלטע דערינערונגען, וואָס מיטן פאַרלויף פון די יאָרן ווערן זיי אַלץ פרישער...



דער מאַרק (פאָטאָ: א. פשעפיורקא, 1936)

### דער גלאָק אין דער נאַכט

איך וויל אָנהויבן מיט אַ קליינער עפּיזאָדע. אַרויסגיי־ענדיק פון אויטאָבוס, מיט וועלכן איך בין אָנגעקומען האַלב־צוועלף ביי נאַכט, האָט זיך פלוצים דערהערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק. ערגעץ־ווו איז אויסגעבראָכן אַ שריפה. אַ פאַרשלאָפן יידל, מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אַן עמער אין דער האַנט, איז געלאָפן פרעגנדיק: יידן, ווו ברענט?

אין טויער פון משה׳קע בערגמאַן איז געשטאַנען חיה־מנוחה (יוסקעלעס ווייב), געוווען אין די הויכע חדשים און געדעדט צו זיך אַ דערשראָקענע: ווייַ איז מיר, ס׳ברענט דאָך דאָ דערנעבן, נישט ווייט פון אונדז, ביים בריקל. יידיש פאַרמעגן פאַרגייט אין פלאַמען.

דאָס פייער האָט באַלויכטן דאָס גאַנצע שטעטל. אָבער די פייערלעשער האָבן שנעל באַהערשט די שריפה.

דערמאָנענדיק זיך איצט אין אָט דער עפּיזאָדע, זע איך, אַז זי האָט געהאַט אַ סימבאָלישע באַדייטונג. די קליינע שריפה איז אַזוי־צו־זאָגן געווען דער אָנזאָג פונעם העלישן פייער, וואָס האָט אין קורצן אַרומגעכאַפּט דאָס יידישע ווענגראָוו פון אַלע פיר זייטן.




רעכטס — דער אפּטייק, — „ווו ס׳איז איינגעשטאַנען נאַפּאָלעאָן“...

## די עלטסטע בנינים

גלייך מיט אַנדערע צוגערייזטע האָט מיין אויג פאַרכאַפּט די צוויי גרעסטע בנינים אין שטאָט: די שיינע שוהל מיט די לוחות־הברית, אויף וועלכע ס׳זענען געווען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות די עשרת הדיברות, האָט זיך געזען פון ווייטן. דער צווייטער גרויסער בנין איז געווען, — להבדיל די קירך, אין מזרח פון דער שטאָט, אויף וועלכער ס׳זענען געשטאַנען צוויי געפאַרבטע ליים־פיגורן, אָדער ווי מ׳פלעגט זיי רופן פּיאָטער און פּאַוועל. נעבן דער קירך איז געווען די אַפּטייק, און לויט ווי מען פלעגט דערציילן איז אין איר איינגעשטאַנען נאַפּאָלעאָן בעת זיין מאַרש קיין מאָסקווע דורך ווילנע.

דער אַלטער בית־המדרש און די אַפּטייק זענען געווען די צוויי עלטסטע בנינים אין ווענגראָוו.

דער אַלטער בית־המדרש איז געשטאַנען אין דרום זייט און אַרום אים האָבן זיך קאָנצענטרירט די שוהל און דער נייער בית־המדרש, די מקווה, דער הקדש, און בית־העלמין. דאָרט האָבן זיך אויך קאָנצענטרירט כמעט אַלע ישיבות. דער אַלטער בית־המדרש איז געשטאַנען איבער 800 יאָר און זיינע דיקע מויערן זענען געווען ווי פון אַ פעסטונג. זעט אויס אַז צוליב זיכערקייטס־טעמים איז דער אַריינגאַנג געווען שמאָל און נידעריק דורך אַן אַייזערנער טיר.

מיר יינגלעך פלעגן מורא האָבן פאַר דער קליינער מקווה, וואָס איז געווען אין קעלער פון אַלטן בית־המדרש. אַלטע יידן האָבן דערציילט, אַז דאָרט האָט זיך טובל געווען ר׳ יהודה החסיד. אין אַלטן בית־המדרש האָט אויך געדאַוונט ר׳ לוי יצחק מברדיצ׳ב, ווען ער איז געווען רב אין זשעלעכאָוו. דאָס איז געווען נאָכן חרם אויף די חסידים, ווען ער האָט פאַרלאָזט פּינסק.

### ר׳ יהודה החסיד

אגב, ס׳איז כדאי צו פאַרהאַלטן זיך ביי ר׳ יהודה החסיד, וועלכער איז אַן אינטערעסאַנטע היסטאָרישע פיגור. געשטאַמט האָט ער פון שעדלעץ, אָבער צוליב רדיפות האָט ער זיך באַזעצט אין ווענגראָוו. געווען אַ גרויסער מקובל און אַ פלאַמפייערדיקער רעדנער. געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און מבשר געווען, אַז די גאולה איז נאָענט. געהאַט אַרום זיך פיל אָנהענגער, צווישן זיי דער באַוווסטער מנהיג חיים מלאך. די רבנים אין יענער צייט האָבן אים און זיינע אָנהענגער חושד געווען, אַז זיי זענען פאַרבאַהאַלטענע שבתי־צבי׳ניקעס.

ר׳ יהודה החסיד האָט אויך געפרעדיקט שיבת־ציון הלכה למעשה. דאָס הייסט נישט נאָר גערעדט, נאָר אויך מקיים געווען און זיך אַוועקגעלאָזט מיט אַ גרופּע יידן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען זייער אַ געוואַגטע אונטערנעמונג אין די דעמאָלסדיקע צייטן, און וועגן איר אויסגאַנג זענען פאַראַן חילוקי דעות. לויט דער „אנציקלופדיה כללית“ זענען בערך 500 פאַרשוין געשטאָרבן אין שווערן וועג, און נאָר אַ קליין הייפל איז אָנגעקומען קיין ירושלים. ר׳ יהודה החסיד האָט געקויפט דעם פּלאַץ אויף וועלכן ס׳איז שפּעטער אויפגעבויט געוואָרן דער בית־הכנסת, וואָס האָט געהייסן החורבה. קיין ירושלים זענען ר׳ יהודה החסיד און די רעשטלעך פון זיינע אָנהענגער אָנגעקומען ג׳ חשוון תס״א, דאָס הייסט פאַר 260 יאָר. געצעלטע טעג שפּעטער איז ער נפטר געוואָרן.

לויט „בית ישראל" פון היילפרין איז ר' יהודה החסיד אַרויס פון פּוילן קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1700 מיט עט־לעכע דרייסיק משפחות, בערך 120 נפשות. דער באַוווּסטער נדבן ר' שמואל אָפּענהיימער האָט פיל געהאָלפן די ריי־זנדיקע און זיי באַזאָרגט מיט איינרייזע דערלויבנישן און מיט צוויי שיפלעך קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל.



דער אַלטער בית־המדרש

(פאָטאָ: א. פשעפיורקא, 1936)

פונעם אַלטן וועגראָווער בית־המדרש און דאָס קליינע מקווה'לע פון ר' יהודה החסיד איז קיין שפּור נישט פאַר־בליבן.

## דער טאָג־טעגלעכער לעבן

ווי געזאָגט, האָט זיך געפירט דאָס לעבן אין וועגראָוו, האָרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, נאָרמאַל ווי תמיד. אויבנאויף איז גאָר נישט געווען קענטיק, אָבער אינעווייניק האָט גענאָגט אַ געפיל פון אומרו און מוראדיקער דערוואַר־טונג ביי דער יוגנט און אויך ביי מער טראַכטנדיקע לייט.

איך וויל דעריבער שילדערן אַ פּרימאַרגן אין וועגראָוו אין סאַמע ערב פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפע.

אָט זע איך די אַלטע און נייע הייזער מיט זייערע יידישע באַזיצער אין די קליינע און שמאָלע געסלעך פון אונדזער שטאָט. לאַנגזאַם שפּרייזט זיך דער הויכער און באַבאָרטער ר' זאב רעקאָנט מיטן גרויסן טלית־זאַק און גייט דאַווענען אין ר' הילל'ס בית־המדרש. איינצייטיק לויפט ר' שלום נוטקע, דער שוסטער, מיט דראָבנע טריט צו העניע רייזלס קלייט צופּאַסן פּאַטקאָוועס צו אַ פּאָר אַלטע שטיוול. זיין ווייב חאַשקע לויפט אויך, אָבער מיט צוויי קאַנען מילך ווילנדיק איבעריאָגן שרה קיזיען, וועלכע פּאַרטיילט אויך מילך אין יידישע הייזער.

נעבן שלום נוטקען וווינט נאָך אַ שוסטער, יאָסקעלע, אַ נידעריק יידל מיט אַן אָפּגעשוירן בערדל. זיצנדיק ביי זיין וואַרשטאַט און קלאַפּנדיק פלעקלעך זינגט ער תמיד פריילע־כע לידלעך. געוווינט האָט ער אין איין צימער, זיין עלטסטע טאָכטער, ביילע־גיטל, איז געווען אַ שניידערין און געהאַט איר וואַרשטאַט אין זעלבן צימער. די ניי־מאַשין מיט די קליידלעך און דער שוסטערישער וואַרשטאַט האָבן זיך גע־פונען צווישן די זעלבע פיר ווענט צוזאַמען מיט די בעטן און דאָס וויגעלע, וואָס איז קיינמאָל נישט אַרויס פון דער שטוב. דאָרט האָבן זיך דערצויגן און זענען אויפגעוואַקסן ניין קינדערלעך, פאַר וועלכע די מוטער האָט זיך געפּאָרעט און געקאָכט אינעם קליינעם קיכל. טראָץ דער ענגשאַפט איז די גאַנצע משפחה געווען תמיד לוסטיק און גוט אויפגע־לעגט — אַ לעבעדיקער באַווייז פאַרן יידישן בטחון און לעבנסווילן ביי אַלע באַדינגונגען.

נעבן יאָסקעלע זיצט דער שטריק־מאַכער מיט זיין ווייב זלאַטע און דריי טעכטער, וועלכע דרייען אַ גאַנצע וואָך שטריק און פירן אַרויס פאַרקויפן צו די פויערן אין די

מאַרק־טעג דינסטיק און פרייטיק. זלאַטע פלעגט תמיד פאַרכאַפּן דעם גוט־מאָרגן, כדי צו באַקומען אַ גוט־יאָר.

ווייטער זיצט זיך ר׳ שמעון און זאָגט תהילים, ווי ס׳פּאַסט פאַן אַן אַלטן יידן, זיין ווייב שרה העלפט אים צו.



דער וואַסער־טרעגער (פאָטאָ: א. פשעפּיורקא, 1939).

בכלל איז דער הויף פון ר׳ משה׳קע בערגמאַן געווען אָנגעפּיקעוועט מיט שכנים, פון וועלכע יעדער איינער איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. למשל, ר׳ שמואל לאופער און זיין פרוי חוה און זייערע דריי זין און דריי טעכטער — אַלע זייערע געראָטענע; פרייטיק־צו־נאַכטס האָט ר׳ שמואל געהאַט זיין אייגענע קאַפּעלע און די זמירות, וואָס ער האָט געזונגען האָבן פאַרקלונגען ווייט און ברייט. דאָרט האָבן אויך געוווינט ר׳ יעקב משה לעוו, וועלכער האָט אַליין אויסגעאַרבעט געשניצטע מעבל, ר׳ שמואל האַלבערשטאַט, ר׳ ישראל לייביש טייבלום, מענדל יחיאלס, עלקע־לאה, די נייטאָרין, אסתר חלה׳לע, די בעקערין, וועלכע האָט לעבנסלאַנג געקעמפט פאַרן שטיקל ברויט, געוווינט אין קעלער, וווּ ס׳איז געווען דער בעקער־אויוון, צוזאַמען מיט זעקס קינדערלעך.

און אָט ווייטערע שכנים: שלמה־מאיר אלבום מיט זיין דרוקעריי, שלמה׳לע פשעפּיורקא, ר׳ יצחק פּנחס, וועלכער פלעגט גאַנצע טעג און נעכט לערנען תורה אויפן קול, פאַמיליע באָנדע, פאַמיליע אשכנזי און פאַמיליע בערגמאַן — די בעלי־בתים פון הויף.

איך שפּריַיז ווייטער און באַגעגן די קצבים אויף דער יאַטקע־גאַס. איינצייטיק שטויס איך זיך אָן אויף די בעלי־עגלות מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס, ווי ר׳ וועלוול פון די קאַלע, זיין זון יוסף, אַ ברייטער ייד מיט אַ געל בערדל, שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט דער אַרויסהענגנדיקער גאָלדענער דעווּיסקע פון זיין וועסט און אין דער קעשענע דער דיקער זייגער, ר׳ בערטשע שלינגער, דער בעל־תפילה אין נייעם בית־המדרש מיט זיין קלינגענדיקער שטים, ר׳ נחמן מאטל׳ס, וועלכער פלעגט פירן פּאַסאַזשירן צום באַן אין אַ אַמניבוס, ר׳ יהודה זאלעלעס, די ברידער שמעון און פּנחס שטיינבערג, אפרים פריימאַן, ר׳ חיים נאַטשאַלניק און פיל אַנדערע.

און איצט די שוסטערס, ווי ר׳ וועלוול קאַטשקע, ר׳ מענדל באבע, ר׳ שמואל קאקוסקע, ר׳ מרדכי חיה הודסה׳ס, ר׳ הערש־לייב קאפּאווע, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט פּויערישע שטיוול און געווען גבאי אין ר׳ הערש־יחיאלס בית־המדרש. און ווען מ׳דערמאָנט די שוסטערס מוז מען שוין דערמאָנען אויך די קאַמאַשן־מאַכערס, בעל־בתישע יידן, ווי משה און מענדל פשעפּיורקא (ראזביטשער), וועלכע האָבן אויסגעבילדעט צענדליקער ווענגראָווער בחורים פאַר גוטע פאַך־לייט, דערונטער אויך מיך, ר׳ מרדכי לוין, ר׳ נחמן (קעצעלע) פשעפּיורקא, משה פרידמאַן, פישל בערגמאַן און אַנדערע.

נישט מעגלעך אַלעמען אויסצורעכענען. אָבער פאַר די אויגן גייט מיר אַדורך דאָס שטעטל צוזאַמען מיט די יידן ווי אַ קינאָמאַטאָגראַפישער פילם, און אָט פאַרהאַלט זיך דאָס אויג אויף ר׳ איטשע גולם, דער שניידער, מיט זיינע רויטע אויגן און די שפּאַקולן אויף דער שפּיץ נאָז, ווי ער נייט אַ שוואַרץ כאַלאַט פאַר אַ בעל־בתישן ייד. צוזאַמען מיט די שניידער דערמאָנען זיך די סטאָלערס, מאַלערס, בלעכערס, גאַרבערס.

און אָט הער איך ווי ס׳קריצט די פען פון די אויסגעבלייכטע סופרים, ווי זיי זיצן און שרייבן ספרי־תורה׳ס אין ריינקייט און קדושה.



ווענגראָווער טרעגער און בעלי־עגלות ביי לאופמאַנס הויז (פאָטאָ: א. פשעפּיורקא, 1939).

אויף די שטיגלעך פון לאופמאַנס הויז איז געווען דער זיץ־פּלאַץ פון די טרעגער און בעלי־עגלות. געזעסן מיט די אַרויסגעשטרעקטע באַשטיוולטע פיס אָדער געשטאַנען אָנגעלענט אויף דער מויער גרייט צו טון יעדע אַרבעט און באַלאָדן זייערע פלייצעס מיט פּעק, זעק, קאַסטנס א.ד.גל.

נעבן זיי איז אויך תמיד געזעסן דער שטאָטישער וואַסער־טרעגער, וועלכן מ׳האָט גערופן „פאפּעלעך”.

ר׳ ישעיהו, דער ראש החבורה, דערציילט מעשהלעך פון אַמאָל און אַלע הערן זיך צו. יצחק (ליפקע) פויגל שמייכלט מיט גלאַנצנדיקע אויגן און וואַרפט אַריין אַ וויציק ווערטל און אַלע האָבן הנאה. באַזונדערס קוועלט יהושע פאטשטא. יאָסל מעדא, אַ יונג מיט ביינער, הויך און שטאַרק, בעט יצחקן מיט זיין גראָבער שטים: „נו, יצחק, זאָג ווייטער, זאָג". ר׳ איטשע קישקע, אַ פעסטגעבויטער, ברייטביייניקער און רויט באַבאָרטער, הערט זיך צו און קוועלט פון די חכמות. ער אַליין וויל אויך עפּעס זאָגן, אָבער ס׳גייט אים נישט, דעריבער וואַרפט ער אַריין אַ קללה ביזן זיבטן דור און גיט צו: איר זייט אַלע אַ באַנדע לאַפּיטוטערס. כאַפּט יאָסל מעדא אַ זאַק און פאַרוואַרפט אויף זייערע קעפּ.



יצחק פויגל (ליפקע)

## ערב שבת

ווען ס׳איז געקומען דער פרייטיק האָבן אונדזערע מאַמעס זיך אַרומגעיאָגט דעם גאַנצן טאָג: געלאָפן אין מאַרק קויפן פיש, צום קצב נאָך פלייש און צום בעקער נאָך חלות.

דער מאַרק איז פאַרהילכט פון די שרייענדיקע קולות: קויפט, ווייבער! קויפט ציבעלעס, קויפט מייערן — אַלץ פריש און גוט!

די פישערס שטייען מיט די לעצטע פאַרבליבענע פישלעך (סטינקעס). אין די יאַטקעס זענען נאָך פאַרבליבן אַ גריישל מיט לונג־און־לעבער. די אָרעמע פרויען זענען תמיד די לעצטע צום איינקויפן אויף שבת, געוואַרט אויף די רעשטלעך, וואָס זענען געווען ביליקער.

אין מאַרק טרעפט מען אויך שטיין אַן אָרעמע פרוי שטרעקנדיק אויס די האַנט צו דורכגייער: שענקט אַ שטיקעלע ברויט, האָט רחמנות אויף אַ מאַמע מיט דריי פיצעלעך קינדער, וואָס לעבן אין דחקות.

דער טאָג פאַרגייט און דער אָוונט פאַלט צו. די מומע ביילע זיצט נאָך אַלץ מיט אַ ביסל נישט פאַרקויפטע עפּעלעך. די זון בויגט זיך איבערן ליוויעץ, אָט וואָס אַריינצופאַלן אין זיינע וואַסערן און באַפאַרבט זיי מיט פורפור שטראַלן. זי האַלט זיך שוין ביים אָפּגעזעגענען פון ערב־שבת און די איינגעדאַרטע און געפינטלטע עפּעלעך וואַרטן נאָך אַלץ אויף אַ קונה, וואָס זאָל זיך איבער זיי דערבאַרעמען. דערווייל לויפן שוין די מיידעלעך מיט די טשאָלנט־טעפּ צום בעקער. דאָ און דאָרט אַ פאַרשפעטיקטער איילנדיקער ייד מיט אַ קוואַרטירל ווייַן אין האַנט אויף קידוש. אויך די



ביילע מאַזור — אַ טיפּיש ווענגראָווער עלטערע פרוי

בעלי־מלאכות זענען אין אַ גרויס איילעניש, כדי אויסצופערטיקן די אַרבעט אידער ס׳הויבט זיך אָן דער שבת און זי אָפּטראָגן צו די בעלי־בתים.

און איצט אונדזערע פאָטערס. נאָך מיטאָג צייט האָבן זיי זיך גענומען גרייטן צו גיין אין מרחץ און פון דאָרט צוריק אַהיים גוט אויסגעפאַרעוועטע. אָט לויפט דער הויכער שמואל איצל׳ס, דער סופר, מיטן העמד אונטערן פאַלטן אַ פאַרשוויצטער און עס קאַפּן נאָך טראָפּן וואַסער פון זיין באָרד און פאות. ער לויפט פון געוועלב צו געוועלב מיט

אַ מאָנענדיקער שטים: שבת, שבת, שפּעט! און איינס נאָכן אַנדערן פאַרמאַכן יידן זייערע קלייטן. פון ווייטן הערט מען דעם שמש רופן מיטן הייזעריקן קול אין שוהל אַריין. אין דער לעצטער מינוט לויפט אַ יידענע זוכן עטלעכע שיר־המעלות׳לעך צום אויפהענגען אין שטוב ווו די שנור האָט נאָר וואָס געבוירן אַ בן־זכר אין אַ מזלדיקער שעה. פון בערג־מאנס הויף שלעפּט זיך דערווייל דער אַלטער פּאדגורסקי מיט זיין וואָלף־הונד, וועלכער וואַרפט אַן אימה, צו ר׳ יעקב יהושע מאַנדלבוים אויף זיין נאַכט־וואַרטע.

אַ פאַרשפּעטיקטער און פאַרשמייערטער פאָרט אָן ר׳ טוביה יאַליק מיט זיין קאַרעטקע. ער שפּרינגט אַראָפּ פון מאַמעס שטייען און בענטשן ליכט. די טישן באַדעקט מיט שניי־ווייסע טישטעכער און אויף זיי שטייען זילבערנע, אָדער מעשענע לייכטער און די פאַרדעקטע חלות.

די מענער מיט די זין גייען אין שוהל צו קבלת־שבת און די לופט אין שטוב איז געווירצט מיט די געקאָכטע פיש און אַנדערע שבת־מאכלים. באַלד קומען זיי צוריק און עס פאַרהילכט אין שטוב דער ניגון פון „שלום עליכם מלאכי השרת" און אַנדערע זמירות. דער טאַטע מאַכט קידוש און אַלע טרינקען ווייַן. די מאַמע דערלאַנגט פיש און די איבעריקע שבתדיקע מאכלים. אַלע פּנימער שטראַלן פון דער שבתדיקער נשמה יתירה.



ר׳ טוביה יאַליק׳ס קאַרעטקע

דער קעלניע, שיקט שנעל אַהיים זיין שמייסער ווייל אָט וואָס איז שוין שבת, און אַליין שפּאַנט ער אויס זיינע צוויי קליינע געפלעקטע פערדלעך, וועלכע ווייסן שוין אַליין דעם וועג אין שטאַל אַריין. ר׳ טוביה קויפט נאָך אַ שקאַרמיץ באַניע־קערן, לויפט שנעל אין שטוב אַריין, טוט אויס זיינע וואָכנדיקע בגדים, טוט אָן זיין לאַנגע טוכענע קאַפּאָטע, וויקלט זיך אַרום מיטן דיקן און ברייטן גאַרטל און איילט שנעל אין נייעם בית־המדרש אין וועלכן ער איז גבאי און חזן אויף אַ צולעג. לויפנדיק אין בית־המדרש מורמלט ער צו זיך: פאַרכאַפּט זאָלן זיי ווערן; דאָס גאַנצע פאָרעכץ איז נישט כדאי געווען, נישט געבליבן אפילו אויף אַן אמתן טרינק אקאוויט, נאָר קוים אויף אַ לעפל געקעכץ און אַ פירטל האָבער פאַר די צוויי לאָשיקעס.

### פרייטיק־צו־נאַכטס

דער פרייטיק איז פאַרביי און דער ליבער שבת קודש קומט אָן. רו און שטילקייט אין גאַנצן שטעטל. שבת־ליכט פינקלען אין די פענצטער פון אַלע יידישע הייזער. אונדזערע

*

ווי שיין זענען געווען די שבתים ביי טאַטע־מאַמע, געפּראַוועטע אויפן טראַדיציאָנעלן שטייגער! ווענגראָוו איז געווען אַן אַלט־איינגעזעסענע יידישע קהילה און אין איר האָבן געלעבט זיידעס און באָבעס מיט זייערע טעכטער און זין, אייניקלעך און אָפטמאָל איר־אייניקלעך. אַ גאָלדענע קייט פון אָפּגעהיטענער יידישקייט, וואָס האָט זיך גע־שלענגלט פון דור צו דור, ביז...

אַווו איז דאָס אַלעס אַהינגעקומען? פאַרוואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אַ שרעקלעכער צאָרן אויף דער קהילה קדושה ווענגראָוו און אירע יידן אינאיינעם מיט טויזנטער ענלעכע קהילות אין פוילן און פיל אַנדערע לענדער אין אייראָפּע?

אַוועק דער שיינער פרייטיק־צו־נאַכסט און דער שבת צוזאַמען מיט דער אַלטער היים און מיט זיי אויך טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער. אַפילו דער אַש פון זייערע ביינער איז אַוועק מיטן ווינט.

זאָלן די פּאָר שורות זיין אַ ליכט פאַר זייערע נשמות.

דוד פשעפיורקא (חיפה)

# די אלטע היים

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער ר׳ בנימין ז״ל בר׳ הערש לייב ז״ל און מיין מוטער עטקע ז״ל, בת מנחם מענדל און אַלע קדושים אומגעקומענע אין חורבן ווענגראָוו.

געבענטשט מיט אַלע שענקייטן פון דער נאַטור איז געווען דאָס שטעטל ווענגראָוו; — אַרומגערינגלט מיט גרינע פעלדער און בליענדיקע סעדער, ווי אויך מיט צוויי טייכן, איבער וועלכע ס׳זענען געווען געשפּאַנט צוויי בריקן: די ליוועצער בריק און די סטאַראָווישער בריק. אויסער דעם האָבן געפירט קיין ווענגראָוו עטלעכע שאָסייען, וואָס דער וויכטיקסטער פון זיי איז געווען פון וואַרשע דורך מינסק־מאַזאָוויעצק און קאַלושין.

דער טייך ליוועץ, אָדער קאָפּינקע ווי מ׳האָט אים גערופן אין ווענגראָוו, איז געווען פון איין זייט טיפער ווי פון דער צווייטער. צוליב דעם האָט יעדע זייט זיך אַנדערש גערופן. אויף דער טיפער זייט האָבן זיך געבאָדן די מענער און אויף דער פלאַכער זייט די פרויען פון גאַנצן שטעטל. די קאָפּינקע האָט אַזוי אַרום געדינט דאָס יידישע שטעטל אַן אויסנאַם: מענער און פרויען.

דער צווייטער טייך האָט זיך גערופן סטרוגע, געווען פלאַך, אַדורכגעשפּאַנט דאָס שטעטל אין דער ברייט און אַריינגעפלאָסן אין דער קאָפּינקע. צוליב זיין פלאַכקייט האָט ער געדינט פאַר אַנדערע צוועקן פון די איינוווינער, ווי וואַשן וועש, שווענקן שפּעסינע פעל א. ד. גל.

געווען אַ מנהג צו גיין שבת־צו־נאַכטס שעפּן פון ליוועץ פריש וואַסער אויף טיי. מיין פאָטער ז״ל האָט מיר דערקלערט דעם סוד פון דעם מנהג: דער ברונעם פון מרים הנביאה גייט דורך שבת־צו־נאַכטס אַלע טייכן, דעריבער איז אַ סגולה צו טרינקען טייך־וואַסער גראַד שבת־צו־נאַכטס. דאָס איז אויך גוט צום געזונט.

צו תשליך איז מען אָבער געגאַנגען צום גרויסן טייך קאָפּינקע.

אין די ניין טעג האָט מען זיך נישט געבאָדן, ווייל דעמאָלט איז שולט אין טייך דער וואַסער־מענטש, פאַרשטעלט זיך אױף נאַרט אַריין וואָס טיפער אין וואַסער, כדי צו דערטרינקען. אָבער אויסער די ניין טעג פלעגן יידישע מאַמעס לעבן אין פחד צוליבן באָדן זיך פון די קינדער אין טייך, כאָטש זיי האָבן גוט געקאָנט שווימען. אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז דער טייך מוז צונעמען יעדעס יאָר אַ קרבן, וואָס ס׳האָט כמעט פּאַסירט אַלע יאָרן.

### דאָס שטעטל

אַ פירעקיגער מאַרק מיט גאַסן פון אַלע פיר זייטן איז געווען דער צענטער פונעם פיין געבויטן שטעטל. די הויפּט־גאַסן זענען געווען: ר׳ הלל׳ס גאַס, סטאַראָווישער, דייטשע, סאָקאָלאָווער, ר׳ בערטשע׳ס יאַטקע גאַס, קאָזשע, רוכנע און די גרויסע בערעק יאָסאָלעוויטש גאַס, וואָס האָט געפירט צו די ראַגאַטקעס מיטן טראַקט קיין וואַרשע. אויסער דעם זענען געווען קליינע געסלעך.

דאָס שטעטל איז געווען בדרך־כלל יידיש, און נאָר אין אַ טייל גאַסן האָבן געלעבט קריסטן: רעגירונגס בעאַמטע און בעלי־מלאכות. אויסער דעם איז אַלץ געווען יידיש: סוחרים פון אַלע בראַנזשעס, אינדוסטריעלער, בעלי־מלאכות פון אַלע פאַכן. נאָר איין געשעפט פאַר די פּריצים אין דער אומגעבונג איז געווען כמעט ביז צו דער ערשטער וועלט מלחמה; שפּעטער האָבן זיך פאַרמערט די קריסטלעכע געשעפטן.

ווענגראָוו איז געווען אַ קרייז־שטאָט (פּאָוויאַט) מיט 17 געמיינדעס (גמינעס) און יעדע גמינע האָט געציילט 16 קלענערע דערפער. צווייטמאָל אין דער וואָך — דינסטיק און פרייטיק — זענען געווען מאַרק־טעג און אויף אַ צולעג אויך אין זונטיק אָנגעהויבן 12 אַ זייגער.



אין אַ מאַרק־טאָג (פאָטאָ מ. שוואַקס)

## דער מאַרק־פּלאַץ

דער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פאַרבויט פון דריי זייטן מיט הייזער. די פירטע זייט האָט פאַרנומען די קירך. אין דערמיט זענען געווען צוויי שורות פון געוועלבער, וואָס האָבן ווי אָפּגעטיילט די קירך פון מאַרק. יידישע קינדער פלעגן אויסמיידן צו גיין אויף דער זייט פון דער קירך.

צוויי וואַסער־פּלומפּן האָבן באַדינט די ביידע שורות געוועלבער, ווי אויך די פּויערים אין די מערק־טעג. מיט דער צייט האָט זיך יעדער בעל־בית געמאַכט אַ ברונעם פאַר זיך — לויטן פאַרלאַנג פון מאַגיסטראַט, אַלס מיטל קעגן פאַרשפּרייטן זיך פון שריפות.

לויטן אויסזען פון מאַרק האָט מען זיך געקאָנט אָנ־שטויסן דעם ריכטיקן טאָג פון דער וואָך:

שבת און יום־טוב איז דער מאַרק געווען שטיל, אַלע געשעפטן פאַרשלאָסן מיט פאַרשידענע פּאַטענט־שלעסער. מענטשן האָט מען געזען גאָר ווייניק — כמעט בלויז יידן אנגעטוענע שבתדיק, וועלכע זענען געגאַנגען דאַווענען אין אויסזען. ביסלעכווייז צופאַרן זיך די קריסטן, דער מאַרק ווערט שיטערער, ס׳פאַרבלאָנקט זיך אַ שיכור, די שטאָטישע קריסטן, וועלכע וווינען אין די שטאָט עקן, גייען אַהיים — די יידן הייבן זיך אָן גרייטן צו מנחה־מעריב. עס פאַרענדיקט זיך דער ערשטער טאָג פון דער וואָך.

מאָנטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק זענען שטילע טעג און דער מאַרק איז ליידיק. ביים זייט פון מאַרק זיצן די שטעלערקעס מיט גרינצייג. סוחרים, בעלי־מלאכות פאָרן אויף די אַרומיקע ירידים, אָדער קיין וואַרשע איינהאַנדלען סחורה. דאָקעגן ווימלט דער מאַרק ווי אַ בינשטאָק אין די צוויי מאַרק־טעג דינסטיק און פרייטיק. מיט אַלע וועגן קומען אָן פּויערים אויף וועגנער אָנגעלאָדעוועט מיט גענז, קאַטשקעס, הינער, חזירים, תבואה, קאַרטאָפל א. ד. גל.

פרייטיק האָט זיך פאַרענדיקט דער מאַרק־טאָג פרי צוליב שבת. דאָס האָבן געוווסט אויך די פּויערים און נאָכ־מיטאָג איז דער מאַרק־פּלאַץ געוואָרן וואָס מער שיטערער ביז אַלץ איז שטיל געוואָרן מיטן אָנקום פון שבת מלכתא.

הייזער און געוועלבער (פאָטאָ: שפּילמאַן)

די שטיבלעך, בתי־מדרשים, אָדער שוהל. די פרויען זענען געווען באַהאָנגען מיט צירינג, דער קרבן־מינחה סידור אַרומגעוויקלט מיט אַ ווייס טיכל. זיי האָבן געדאַוונט אין ר׳ הלל׳ס בית־המדרש, אָדער אין דער שוהל. קינדער האָבן זיך געשפּילט ביי די פאַרמאַכטע קלייטן.

דער מאַרק איז געווען ליידיק פון די שטעלערקעס, די צוויי פּאָמפּעס וואַסער פאַריתומט — שבת־רו אומעטום.

## די צוויי מאַרק־טעג

דער האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן זונטיק צוועלף אַ זייגער. יידן שטייען אין דרויסן ביי די האַלב־פאַרמאַכטע טירן פון די קראָמען. זיי וואַרטן אויפן קלאַנג פון די קירך־גלאָקן, וואָס ווי נאָר זיי דערהערן זיך הויבן זיך אָן צו באַווייזן די קריסטלעכע קונים אין מאַרק. אין די שענקן ווערט פריילעך — דער מאַרק באַקומט זיין וואָכנדיקן

## די צוויי שורות געוועלבער

אַרום מאַרק האָבן געוווינט דאָס רוב סוחרים און אין די הויפן האָראַפּאַשנע בעלי־מלאכות. די צוויי שורות געוועל־בער אין מיטן מאַרק האָבן געהאַט באַזונדערע סימנים. די קלענערע שורה האָט מען גערופן „די אייזערנע", ווייל אַלע טירן פון אירע געשעפטן זענען געווען פון אייזן. די גרעסערע שורה געוועלבער האָט געהייסן „די פּלומפּ".

די גרויסע שורה איז באַשטאַנען פון איין זייט בלויז פון מאַניפאַקטור געשעפטן און די צווייטע זייט פון קאָלאָ־ניאַל, שיך, אייזן און כללערליי אַנדערע קראָמען.

אין די מאַרק־טעג האָט דער תבואה האַנדל פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט און פיל וועגנראָווער יידן האָבן זיך מיט אים פאַרנומען. אין מיין צייט זענען די גרעסטע תבואה אויפקויפערס געווען: נחמן קוביק מיט זיינע צוויי זין, די ברידער אורשעס, יאַנטשע מיט זיין זון מאיר.

די אייל־פּרעסערס (אָלאַרניקעס) זענען געווען שמואל שטיינבערג, און די פאַמיליעס גאָלדפאַרב און ליכטמאיר; זיי און אַנדערע האָבן אויפגעקויפט שעמיע.

ווען דער מאַרק־טאָג איז געווען אַ שוואַכער און די פויערים האָבן נישט געבראַכט פיל תבואה און שעמיע זענען די אויפקויפערס געשטאַנען מיט אַ שטרוי אין מויל און געוואַרט אויף בעסערע מאַרק־טעג.

אין דער מאַנופאַקטור בראַנזשע איז געווען דער גרעס־טער סוחר ר׳ משה׳קע איצעלעס (בערגמאַן), וועלכער האָט געהאַט צוויי קלייטן — איינס אין דער גרויסער שורה און דאָס צווייטע אין זיין אייגן הויז. דאָס צווייטע געשעפט איז געווען תמיד פאַרמאַכט און אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז די פאַרשפאַרטע טירן זענען צוליב אַ גוט אויג. אין אָט דער קלייט פלעגן ווענגראָווער יידן קויפן די אויסשטייער פאַר זייערע קינדער צו חתונה. איז טאַקע, ווען די טירן זענען צייטנווייז געווען אָפן, האָט דאָס געדינט אַלס סימן, אַז בקרוב וועט מען פראַוון אַ חתונה אין שטעטל. אויף טשיקאַוועס פלעגן די שכנים נאָכקוקן ווער איז דער בעל־שמחה און וועלכער שניידער גייט אַרויס מיט אַ גרויסן פאַק שטאָפן אונטערן אָרעם, נייען חתונה מלבושים.

ר׳ משה׳קע איצעלעס איז געווען אַ רייכער און פרומער ייד, רעיעל און געהאַנדלט אויפן וואָרט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געהאַט צו אים צוטרוי. אַ סך יאָרן געווען דאָזאָר, גבאי פון חברה קדישא. געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד און זיך משדך געווען מיט רבנישע הויפן. זיין זון אַלטער בערגמאַן איז שוין געווען אַ פאָרגעשריטענער מיט אַ ווייס געפרעסטן קראַגן.

די קינדער פון ר׳ לייזער רעשעס האָבן געהאַט דריי געשעפטן פון שניט־סחורה. ר׳ מאיר־אשר, דער איידעם, פלעגט זעלטן קומען אין געשעפט מיט זיין זון יעקב, אַ גרויסער מתמיד, מקיים צו זיין תורה מיט דרך־ארץ.

אין דער זעלבער שורה איז אויך געווען דאָס געוועלב פון ר׳ פייוויש למדן, אַ סגי נהור, וואָס זיין פרוי האָט עס געפירט, און דאָס געשעפט פון ר׳ זיינוול קאזאק, אַ שטריימל־דיקער ייד. ר׳ זיינוול האָט מען געזען אין קראָם נאָר אין אַ מאַרק־טאָג. אין די אַנדערע טעג איז ער געזעסן אין שטיבל און געלערנט. דאָרט זענען אויך געווען די קראָמען פון טאַבאַטשנע, יצחק מרובקה, הערשל מארגענשטערן און שמואל האלבערשטאט, וועלכער האָט תמיד געחלומט וועגן ארץ־ישראל. זיינע דריי זין האָבן טאַקע עולה געווען און ער מיט דער איבעריקער משפחה זענען אומגעקומען אין ווענגראָוו.

### פאָפולערע פיגורן

בישט מעגלעך אויסצורעכענען אַלע סוחרים מיט זייערע געשעפטן. מערסטנס זענען דאָס געווען פרומע יידן, חסידים, וועלכע האָבן דאָס רוב עוסק געווען אין תורה. מיר וועלן דעריבער איצט אַריינגיין אין דער רוכנע גאַס, ווו ס׳האָט זיך געפונען די באַרימטע פייערלעשער שאָפּע, וואָס האָט אויך געדינט אַלס טעאַטער און געווען דאָס וויגע־לע פון יידישן, ווי אויך פון פוילישע דראַמאַטישע קרייזן אין ווענגראָוו.

צווישן די פּאָפולערע פיגורן איז געווען לייזער לאופמאַן דער פעלדשער, וועלכער איז געווען אָנגעטון מאָדערן־קורץ, מיט אַ גוייש היטל. געווען באַרימט אין דער גאַנצער סביבה מיט זיין ספּעציאַליטעט צו באַפרייען פון מיליטער אַלס פּערפעקטער חסרונות־מאַכער אין קערפּערס פון מיליטער פליכטיקע... ער האָט געעפנט די ערשטע יידישע דראָגעריי (סקלאַד אפּטעטשני) אין ווענגראָוו, וואָס איז געווען זעער באַקוועם פאַר די יידן, ווייל זיי האָבן מער נישט באַדאַרפט רעדן פויליש, כדי צו באַשטעלן אַ רעצעפּט. חדר־יינגלעך פלעגן שוין אָן פּחד אַריינקומען און קויפן שמעק־טראָפּנס, כדי צו פאַרלייכטערן דאָס פאַסטן אין יום־כיפור.

קעגנאיבער לאופמאנס הויז איז געווען דאָס הויז פון הערשל מאָרגענשטערן, אַ הויכער ייד און אַ חסיד. חסידישע בחורים פלעגן דערציילן, אַז ר׳ הערשל מאָרגענשטערן איז אַ וואַזשנער מומחה צום אויסגלייכן חלוקי־דעות בעתן מאַכן אַ קערטל אין שטיבל אין דער נאַכט פון ביטל.

און נאָך אַ באַקאַנטע פיגור: יוסל רימאזש, אַ ברייטער און באיארטער ייד. געגאַנגען מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט, געווען דער איינציקער ייד אין מאַגיסטראַט אין דער צאַרישער תקופה, געקענט יעדן אין שטעטל ביים נאָמען און געווען אַ שטענדיקער צוהערער ביי דער חברה חומש פון ר׳ בנימין פשעפיורקא אין ר׳ הילל׳ס בית המדרש.

### די סאָקאָלאָווער גאַס

אויף סאָקאָלאָווער גאַס איז געווען דער שטאָט־גאָרטן, באַזעצט מיט הויכע קאַשטאַן ביימער. פון איין זייט איז געווען דער פלויט פון דער צערקווע מיט אַ גאָרטן פון פרוכטס־ביימער, ווי רויטע קאַרשן א. אַ. וו. אויסער דעם האָבן דאָרט געוואָקסן אַגעריס, וויינפערלעך, מאַלינעס — בקיצור אלץ וואָס רייצט דעם יצר הרע פון קינדער, ווייל „מים גנובים ימתקו״.

די סאָקאָלאָווער גאַס איז געווען ווייניק באַוווינט און פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן ברייטע פעלדער און געוואקסן ביימער. פאַר דער יידישער יוגנט איז דאָס געווען דער טרעף־פונקט אין אָוונטן און דאָרט האָבן געהילכט דיסקוסיעס וועגן סאָציאַליזם און ציוניזם. דאָרט זענען געשפינט געוואָרן די חלומות אויף אַ בעסערע וועלט און צוקונפט.

די סטאַרווישע גאַס איז געווען דער וועג צו דער סטאַציע לאכאוו־וואַרשע, באַוווינט פון יידן און קריסטן. ביימער און סעדער פון ביידע זייטן. דאָרט האָבן שפּאַצירט חסידישע יונגעלייט, זומערצייט, בין מנחה למעריב. צייטנווייז האָט מען געקאָנט זען אין אַ וואָכנדיקן פאַרנאַכט ר׳ פייוויש למדן, דער באַוווסטער סגי נהור, באַגלייט פון צוויי חסידישע

בחורים, זאָגנדיק דברי תורה און שעפּנדיק איינצייטיק אַ ביסל פרישע לופט. ווייטער ווי ביזן בריקל פון דער סטרוגע זענען זיי נישט געגאַנגען.

האָרט דערנעבן איז געווען די דייטשע גאַס, באַוווינט דאָס רוב פון יידן. אַ שטילע גאַס מיט אַ סך ביימער און סעדער. ביים עק פון דער גאַס זענען געווען די דייטשע שול און קירך, וואָס האָט פאַרשפּאַרט די גאַס און איבערגעלאָזט נאָר אַ שמאָלן דורכגאַנג צום פעלד, וואָס האָט געפירט צו דער קאַפּינקע. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די קירך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל. צו תשליך פלעגט מען גיין דורך דער גאַס.

## די גאַרבער גאַס

ווענגראָוו האָט אויך פאַרמאָגט אַ לאַנגע גאַס, וואָס האָט זיך געטיילט אין צווייען: די ערשטע העלפט ביזן צלם און די צווייטע פון צלם ביז צו דער ראָגאַטקע, וואָס האָט געפירט מיטן טראַקט קיין וואַרשע. די גאַס איז געווען באַוווינט פון לויטער יידן, און האָט נישט געהאַט אַפילו אַ סימן פון קיין בוים.



קאָאָפּעראַטיוו פון גאַרבערס (1918)

אין אָנהויב פון דער בערעק יאסאלעוויטש גאַס, אין הויז פון דער „תיבה", האָט געוווינט ר' ישראל אשר, וועלכער האָט געהאַט אַ גורקיך.

ר' ישראל אשר איז געווען אַ ייד אַ חסיד מיט אַ גרויס סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ. אַ שפּיץ פון זיין רויטער פּאַטשיילע האָט תמיד אַרויסגעשטעקט פון דער קעשענע אין חאַלאַט. געשטאַנען אין דער האַלב־אָפענער גלעזערנער טיר און אַריינגעשריגן אין קיך די באַשטעלונגען פון די געסט: אַ פּאָרציע לעבערלעך מיט ראָסל, געפילטע מילץ, אַ געבראָטן העלדזל מיט סאָס און כריין, אַ פּערטל גענזנס א. ד. גל.

דאָס פלעשל בראָנפן האָט ער שטענדיק געהאַלטן אין דער בוזעם־קעשענע, מסתמא האָבנדיק מורא פאַר אַ גוייש אויג.

דער ריח ביחוח פון דער קיך האָט זיך געפילט אויך אויף דער גאַס.

נעבן דער תיבה האָט געוווינט דאָס פּאָרפאָלק משה און חיה פּשעפּיורקא, וועלכע מ'האָט גערופן די „ראזביטשער". בסך־הכל איז די דירה באַשטאַנען פון איין צימער און אַ קיכל, און האָט אויך איינצייטיק געדינט אַלס ווערקשטעל פאַר משה און זיין ברודער מענדל, וועלכע זענען געווען קאַמאַשנמאַכער.

די דירה און ווערקשטעל האָט אויך געדינט אַלס שטענדיקער „קלוב" פון פועלי־ציון חברים, וועלכע האָבן דאָרט פאַרפירט הייסע דיסקוסיעס.

מיט יאָרן איז מענדל געוואָרן ראַטמאַן מצד די לינקע־פועלי־ציון, און משה פּשעפּיורקא איז געווען ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה פרנס הקהילה און פאָרזיצער פונעם האַנטווערקער פאַריין.

ווי שוין דערמאָנט האָט זיך אָנגעהויבן די גאַרבער גאַס פונעם צלם. קעגנאיבער האָט געהאַט אַ גורקיך דער זון פון ישראל־אשר. דאָרט איז אויך געווען די סטאַציע פון הענעך קאַלושינער מיט זיין פערד־און־וואָגן, וואָס האָט באַדינט דעם האַנדלס־אויסטויש צווישן ווענגראָוו—קאַלושין.

אַלע טראַנזאַקציעס צווישן ווענגראָוו און קאַלושין זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן ביי יידל ישראל־אשר'ס. אין די קליינע צימערלעך פלעגן נעכטיקן סוחרים, וועלכע האָבן געמוזט בלייבן איבער נאַכט אין ווענגראָוו.

אַריינגעגאַנגען איז מען דורך דער קיך־טיר, ווו ס'האָט תמיד פאַרכאַפּט אַ שאַרפער ריח פון געבראָטנס. אין קאַלטע טעג האָט פון דאָרט תמיד אַרויסגעזעצט אַ הייסע פאַרע.

די קליינע צימערלעך האָבן אין די ווינטער־נעכט אויך געדינט צו מאַכן אַ קערטל פאַרן בעל־בתישן שטאַנד. דערביי האָט מען אַריינגעכאַפּט אַ טרונק בראָנפן און פאַרביסן מיט אַ פירטל גענזנס.

ווייטער פון דער גורקיך ביזן קאָוואַל זענען געווען די גאַרבערייען, אין זומער טעג האָט זיך זייער ריח גוט געפילט איבער דער גאַס. אין די הייף זענען געשטאַנען די קאַדקעס מיט גרויסע קוזלעס אויפצוהענגען די פעלן צום טרוקענען. בערדיקע יידן אין לעדערנע פאַרטוכער האָבן געשאַרט די קאַלעך פון די פעלן, פאַלסירט די לעדער, און פלאַטירט, כדי צו מאַכן גלייך. די גאַנצע משפחה האָט געאַרבעט — דער פאַך איז אַריבער פון פאָטער צום זון.

דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט, די נעגל ברוין, די חאַלאַטן אויסגעשמירטע־גלאַנצנדיקע, כאַפּט מען זיך טאַקע אַריין נאָך מנחה־מעריב צו יידל־ישראל־אשר'ס צו שטאַרקן זיך מיט אַ טרונק בראָנפן און אַ פאַרבייסעכץ, כדי צו האָבן כוח ווייטער צו אַרבעטן ביז האַלב אין דער נאַכט.

מיט יאָרן איז אַלץ געוואָרן מאָדערניזירט און מעכאַניזירט. מען האָט באַשעפטיקט אַרבעטער און די גאַרבער אַליין זענען געוואָרן גאָר לייטיש און בכבודיקע מיוחסדיקע יידן.

## ר' הלל'ם גאַס

די קאַמינרסקי גאַס האָט אין די אַמאָליקע יאָרן זיך גערופן ר' הלל'ס גאַס אויפן נאָמען פון בית־המדרש, וואָס איז געווען אין דער גאַס. אָנגעהויבן האָט זיך די גאַס פון מאַרק מיט צוויי הייזער, וואָס זענען געשטאַנען פוןביידע זייטן: רעכטס לאופמאנס הויז, לינקס הערשל מארגענשטערנס הויז. לייזער לאופמאנס הויז מיט די שטאַרקע און טיפע קעלערס האָט געדינט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַן אויסבאַהאַלט־אָרט פאַר די יידן פון די אַרומיקע גאַסן ווען די קאָזאַקן זענען געלאָפן פון פראָנט. בעת דער דייטשישער פאַרניכטונג אין צווייטן וועלט־קריג האָבן די אין די קעלערס אויסבאַהאַלטענע יידן געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד, געפירט דעם לעצטן קאַמף מיט די היטלעריסטישע באַנדעס, זיך נישט אונטערגעגעבן און געוואָרן אויפגעריסן — טאַטעס, מאַמעס, קינדער — צוזאַמען מיטן הויז.

בדרך כלל איז די גאַס געווען פאַרבויט מיט הילצערנע הייזער און דאָס לעצטע הויז — פון מיכאל אליעזר רעשעס — איז געשטאַנען אין דער ברייט און פאַרשפּאַרט דעם צוגאַנג צו די פעלדער און צו דער קאָפּינקע. געווען איז דאָס אַ קליינע גאַס, נאָר ר' הלל'ס בית־המדו־ש האָט איר וויכטיק געמאַכט.

דאָס רוב האָבן דאָרט געוווינט כלערליי בעלי־מלאכות, ווי שוסטערס, סטאָלערס, שניידערס, סופרים, בתניקעס און אויך קליין־הענדלער, מאַרק אויפקויפערינס. די בעלי־מלאכות האָבן טאַקע פאַרנומען די בעסטע זיץ־פּלעצער אין ר' הלל'ס בית־מדרש און געדאַווגט נוסח אשכנז. אין שבת איז געווען אַ צווייטער מנין, וואָס האָט געדאַוונט נוסח ספרד.

קעגנאיבער דעם בית־מדרש איז געווען דאָס געסל צום שוהל־הויף, וואָס האָט זיך גערופן מלכה הנדילס געסל. די פרוי איז געווען אַ טאָכטער פון ר' ארקע פשעפיורקא. זי האָט אַליין געפירט אַ קאָלאָניאַל געשעפט אין איר הויז פאַר דעטייל און האָרט. זי איז געווען אַן אלמנה מיט 6 קינדער. אין די עלטערע יאָרן האָבן די קינדער געפירט דאָס געשעפט. מלכה הנדילס האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין די עזרת נשים פון ר' הלל'ס בית־מדרש. זי האָט געדאַוונט אויפן קול און אין דער מענערישער שוהל פלעגט מען שבת הערן, ווי זי זאָגט מיט גרויס התלהבות „שמע ישראל". אַלע אירע דריי זין זענען געווען מאָדערנע יידן. דער איידעם ר' יצחק פנחס, אַ סוחר פון מעל, אַ גרויסער למדן, האָט עולה געווען אין יאָר 1935, געוווינט אין תל־אביב, נישט פאַרנומען זיך מיט האַנדל, נאָר געלערנט יומם ולילה ביחידות און חברה ש"ס אין אַ נאָנטער שוהל. נפטר געוואָרן אין 1954.

אין אַ נידריק הילצערן הייזל האָט געוווינט ר' איטשע פויגל, אַ חסיד מיט אַ מאָדערנעם קוק אויפן לעבן. געווען אַ פאָדרייטשיק, דאָס הייסט מיליטערישער ליפעראַנט. געמאַכט גוטע געשעפטן מיט דער רוסישער אַרמיי. געבויט זיך אין הויף אַ ווילע און אַ אויסערגעוועגלעך שיינע סוכה מיט קאָלירט באַגלאָזטע פענצטער און אַן אַכט פליגלדיקן דאַך. אינוועניק איז די סוכה געווען באַפּוצט מיט ווונדערלעכע שניצערייען. חדר־יינגלעך פלעגן גיין באַקוקן די סוכה אין די זומער טעג, ווען די אַכט פליגלען פון דאַך זענען געעפנט געוואָרן צום לופטערן די סוכה. צו דער חתונה פון דער יונגסטער טאַכטער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דער ראַדזימינער רבי אַלס מסדר קדושין.

גאַנצע זיבן טעג זענען געפראַוועט געוואָרן די שבע־ברכות ביי פול־געדעקטע טישן מיט אַ קאַפּעלע פון כלזמרים. באַזונדערע טישן זענען געדעקט געוואָרן פאַר אָרעמע לייט און צו יעדער פּאָרציע איז צוגעלעגט געוואָרן אַ קופּערנער צענער — אַ גאָר שיינע נדבה אין יענער צייט.

די חתונה פון ר' איטשע פויגלס טאָכטער איז געווען אַ גרויסע געשעעניש, און במשך יאָרן פלעגט מען וועגן איר דערציילן ווונדער. די אַרומיקע שטעטלעך האָבן שטאַרק מקנא געווען וועגנראוו, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ גרויסן גביר.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט געוווינט אויף ר' הלל'ס גאַס ר' בנימין (בייגער) פשעפיורקא אינעם ירושה הויז פון זיין פאָטער ר' הערש לייב. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געוואָרן מלמד. אַ סאָקאָלאָווער חסיד, געדאַוונט אין בית־המדרש און זעלטן געגאַנגען אין שטיבל, ווייל ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן ווי דאָרט מערן זיך די ווייסע קראַגנס. געווען אַ סך יאָרן גבאי פון בית־מדרש און פון חברה־תהלים, גרינדער פון דער הכנסת־אורחים, אַ אָפּגעהיטענער ייד, שטענדיק זיך פאַרנומען מיט צרכי ציבור.

מוצאי יום־כיפור נאָכן דאַווענען, באַלד נאָכן אויסטון דעם קיטל, פלעגט ער זיך נעמען צוגרייטן די סוכה און דערביי זינגען מיט גרויס התלהבות דאָס לידל:

מוצאי יום־כּיפּור אויף דער נאַכט
מ׳גייט נאָך אין די זאָקן,
מ׳האָט נאָך קיין הבדלה געמאַכט,
מ׳קלאַפּט שוין אַריין אַ פּלאָקן,
מ׳טוט דאָס אַלץ לכּבוד
אברהם, יצחק, יעקב, יוסף, משה, אהרון, דוד.

## די יאַטקע גאַס

מיטן הויז פון ר׳ יוסל עסיק־מאַכער האָט זיך אָנגעהויבן די יאַטקע־גאַס. קעגנאיבער איז געווען די טשיינע פון מאָטל דוד מירלס, ווי אויך די סטאַציע צום פאָרן קיין סאָקאָלאָוו. ווייטער זענען געשטאַנען די יאַטקעס אָנגעפאַרבט אויף רויט.

ר׳ אברהמטשע שוחט האָט געוווינט אַנטקעגן די יאַטקעס. ער איז געקומען פון דאָרף קורטניצע, געהאַט אַ גוט קול און געווען דער שטענדיקער חזן פון דער שוהל אין די ימים נוראים. געדאַוונט האָט ער מיט אַ קאַפּעלע און די משוררים זענען געווען זיינע צוויי זין, שלמה פּשעפּיורקא (זון פון ר׳ בנימין פּשעפּיורקא) און געצל, הענאך טשוואקס זון. צוליב דער חזנות פונעם נייעם שוחט, ווי מען האָט גערופן ר׳אברהמטשען, האָבן פיל יידן אויפגעהערט דאַווענען אין די בתי־מדרשים און געקומען מתפּלל זיין אין דער שוהל.

## די שוהל מיטן שוהל־הויף

דער צוגאַנג צום שוהל איז געווען בעיקר דורכן געסל פון מלכּה הנדל׳ס. דער שוהל־הויף איז געווען פאַרבויט פון דריי זייטן מיט הייזער. די פירטע זייט איז געווען די שוהל מיטן אַלטן און נייעם בית־המדרש.

די שוהל איז געווען שיין אין דרויסן און שיין אינעווייניק. אין דרויסן האָבן זי באַצירט לענג־אויס פון ביידע זייטן די שני לוחות־הברית.

אינעווייניק האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג דער געשניצטער ארון־קודש, דער היכער באַלעמער צו וועלכן מ׳איז אַרויפגעגאַנגען אויף זעקס טרעפּ, פון ביידע זייטן אויסגעקריצט מיט פאַרשידענע תּפילות. די מזרח וואַנט איז געווען באַפּוצט מיט פאַרשידענע שניצערייען, געמאָלן אין גאָלד. פון ביידע זייטן ארון־קודש — רעכטס זענען געווען אויסגעשניצט די מנורה און דער מטה אהרון. לינקס — דער שולחן מיטן לחם־הפּנים. אויפן סופיט איבערן ארון־קודש איז געווען אויסגעמאָלן דער הימל מיט שטערן, דער גן־עדן, דער שור הבור, אַלץ אַרומגענומען פון לויתן מיטן עק אין מויל. מיט פּחד האָבן זיך קינדער דערציילט, אַז אויב חלילה דער לויתן וועט אַרויסלאָזן זיין עק פון מויל וועט די וועלט חרוב ווערן. די דאָזיקע אַלטע יידישע לעגענדע איז נעבעך פול מקוים געוואָרן, וואָס שייך דער יידישער קהילה אין ווענגראָוו, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט דער שוהל און דעם געמאָלטן לויתן.

דער אַלטער בית־המדרש איז געווען געבויט אין אַ מזרחדיקן סטיל מיט זייער דיקע ווענט. איבער אים זענען אַרומגעגאַנגען אויסטערלישע לעגענדעס. איינע פון זיי איז געווען, אַז דער בית־המדרש איז אַלט 800 יאָר. געווען אין אים אַ באַזונדערער חדר מיט אַ קליינער מקוה, אין וועלכער ס׳פלעגט אַמאָל זיך טובל זיין אַ צדיק פאַרן דאַווענען. די אייזערנע טיר פון חדר איז געווען תּמיד פאַרשלאָסן. חדר יינגלעך פלעגן מיט פּחד דאָרט אַריינקוקן דורך די אייזערנע גראַטעס פון אַ קליינעם פענצטערל. זקנים און יונגע בחורים האָבן געלערנט יומם ולילה אין אַלטן בית־המדרש.

אין נייעם בית־המדרש האָט מען געדאַוונט שבת און ימים טובים — דאָס רוב אַרבעטס מענטשן. געווען זייער גרויס און דעריבער פלעגט מען דאָרט איינאָרדענען פאַרשידענע אסיפות. ביז די יוגנט האָט זיך פאַרשאַפט אייגענע לאָקאַלן זענען אין נייעם בית־המדרש אויפגעטרעטן רעפּערענטן פון פאַרשידענע ריכטונגען.

## דער געלויף פון דער חיים

דאָס יאָר 1905 האָט געבראַכט קיין ווענגראָוו נייע ווינטן. אין די בתי־מדרשים האָט מען געפונען פּראָקלאַמאַציעס אונטער די טישן און צווישן די בלעטער פון די גמרות. פּאָליציי האָט אַמאָל געפּאַקט אַ פאַרזאַמלונג אויפן פעלד און בעלי־בתּישע זין זענען געפירט געוואָרן אין חד־גדיא. די חרפּה איז געווען גרויס און דער פּחד פון די טאַטעס־מאַמעס נאָך גרעסער. נייע אידעען האָבן זיך אַריינגעריסן און אָנגעהויבן צו שטורצן דעם פּאַטריאַרכאַליש חסידיש־טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער.

די חסידים האָבן פּריציייטיק דערשמעקט די סכּנה און אַמאָל אין שמחת־תּורה זיך גענומען „לעשן די שריפה" אָנקלאָפּנדיק די ביינער פון פאַרדעכטיקע יוגנטלעכע. האָבן זיי באַצאָלט פאַר דעם נצחון דאָפּלט און אין דרייען נאָך שמחת־תּורה. במשך יאָרן האָט מען געדענקט אין שטעטל דעם נאָמען „שמחת־תּורהניק".

דעסגלייכן האָט זיך גוט אַריינגעקריצט אין זכּרון דער דורכפאַל פון 1905. ווייל איינער פון זיינע רעזולטאַטן איז געווען דאָס צולויפן זיך פון אַ סך דעמאָלדיקע סאָציאַליסטן. דוד, בעקאַנט מיטן צינאָמען קיסר, נחמן, מאָטל מלמד׳ס זון, יענקעלע סרול אשר׳ס, משה קיגלס אַ זון, צוויי טעכטער פון אַלטער כּלעזמער, וועלכע מ׳האָט גערופן די קיסרינס און אַנדערע האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. אַנדערע זענען געוואָרן בעל־ביתלעך און פון זייערע וואַרשטאַטן פלעגט מען אָפּט הערן לידער פון פינפטן יאָר.

דערווייל איז אונטערגעוואָקסן אַ נייער דור. דאָס שטעטל איז געוואָרן ענג. אַ טייל יוגנט האָט גענומען פאָרן לערנען אין די ישיבות פון לאָמזשע, אָסטראָוו און וואַרשע (ישיבה פון ר׳ איטשע אויף דער מאַראַנאַווסקי גאַס). טאַטעס־מאַמעס האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד אויף צו באַפרייען זיך. איך אַליין האָב געלערנט איין יאָר אין וואַרשע אין דער ישיבה און דערנאָך געלערנט זיין אַ גראַווירער, כּדי ס׳זאָל זיין צוגעפּאַסט צום יחוס. דאָס זעלבע האָבן געטון אַנדערע: פאַרלאָזט די ישיבה פריער אָדער שפּעטער און יעדער זיך געגאַנגען זיין וועג.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה

זענען מיר אַלע צוריקגעקומען קיין ווענגראָוו און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע געזעלשאַפטלעך קולטורעלע אָרגאַניזירטע טעטיקייט. צוערשט איז געגרינדעט געוואָרן די לינת־הצדק און דערנאָך די ביבליאָטעק און צום סוף דער בית־העם. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די דיפערענ־ציאַציע פון פּאַרטייען. די ערשטע דערלויבניש אויף גרינדן דעם „בונד", צום ביישפּיל, איז געווען אויף מיין נאָמען און אויפן נאָמען פון לאַזער, דער זון פון מלמד יעקב. מירביידע זענען געווען פּוליאַריק צו באַקומען די דערלויבניש פון די דייטשישע אָקופּאַנטן.

דער בונד און די פּועלי ציון זענען געווען די צוויי טעטיקסטע פּאַרטייען צו יענער צייט אין ווענגראָוו. צוליב דער שטעלונג פון בונד צו דער יידישער פראַגע האָבן חיים בראַנד און דער שרייבער פון די זכרונות פאַרלאָזט דעם בונד און אָנגעשלאָסן זיך צו די פּועלי ציון.

די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אַרויסגערופן אַ גרוי־סע אידעאָלאָגישע מחלוקת אין די רייען פון פּועלי ציון, די ווענגראָווער פּועלי־ציון האָבן זיך פאַרעכנט צום לינקן פליגל פון פּועלי־ציון.

איך האָב באַשלאָסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, געקומען אין פאַרבינדונג מיט חבר ראַפּאַלקעס (היינט חבר הכנסת ניר) און באַקומען אָנווייזונגען צו גרינדן אין ארץ־ישראל אַ קאָאָפּעראַטיווע גאַרבערײַ (איך האָב אין די לעצ־טע יאָרן געלערנט אין ווענגראָוו גאַרבערײַ). אַ פּאַרטיי חבר אין קראָקע האָט מיך אַדורכגעפירט דורך די גרענעץ קיין מעריש־אָסטראַו און פון דאָרט בין איך אָנגעקומען קיין ווין, דער דעמאָלסדיקער צענטער פון חלוצים, וועלכע זענען גע־פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין ווין איז דעמאָלט פאָרגעקומען די באַרימטע פינפטע וועלט־קאָנפערענץ, וואָס האָט געבראַכט צו דער שפּאַלטונג אין די רייען פון די פּועלי־ציון. קיין ווין איז אָנגעקומען חבר יחיאל ווייס מיט דער חברה גיטל פיינגאָלד, זיין ערשטע פרוי ז״ל.

נאָך אַ חודש פאָרן מיט דער שיף קאַרינטיאַ בין איך אָנגעקומען קיין יפו דעם 28 אויגוסט, 1920 — דער ערשטער חבר פון די ווענגראָווער פּועלי ציון. סוכות האָב איך שוין געיומטובט אויפן כביש טבריה־צמח.

*

מיינע זכרונות פון דער אַלטער היים שפּיגלען אָפּ די תקופה 1904—1919. זאָלן זיי דינען אַלס מצבה פאַר אַלע קרבנות, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם אינ־איינעם מיטן חרוב געוואָרענעם שטעטל ווענגראָוו, וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין דאָס וואָס ס'איז געווען פאַר יידן במשך פון הונדערטער יאָרן.

**אפרים פשעפיורקא** (תל־אביב)

# די אלעקסאנדער חסידים און זייער שטיבל

געווידמעט דעם אָנדענק פון מיין פאָטער ר' שלמה ב״ר פנחס ז״ל.

איך געדענק דאָס אַלעקסאַנדער־שטיבל נאָך מיט 40 יאָר צוריק, ווען ס'האָט זיך געפונען אין הויף פון ר' יוסף חיים בערנשטיין. איבערן שטיבל איז געווען אַ בוידעם און דאָרט איז געווען דער זיץ־פּלאַץ פון ר' יעקב מישעניצער, וועלכער פלעגט פאַרגיסן טייכן טרערן בעתן דאַווענען, בעיקר אין די ימים נוראים. מיר קליינע קינדער האָבן שטענ־דיק אַרויפגעקוקט צו אים מיט גרויס פאַרווונדערונג און אים נישט פאַרשטאַנען.

צו אָט דער קינדערישער דערינערונג קומען צו שפּע־טערדיקע איינדרוקן, שוין מער אינהאַלטלעכע. די אַלעקסאַנ־דער חסידים זענען כמעט אַלע געווען וועלטלעכע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען דאָס לעבן און נישט געווען קיין בטלנים. פיל פון זיי זענען געווען ציוניסטן, אָדער באַלאַנגט צום מזרחי; אַלע גוטע און טייערע יידן בלבב ונפש.

אַ גרויס געשעעניש איז געווען דאָס קלויבן זיך צום רבין אויף אַ יום־טוב. די הכנות זענען געמאַכט געוואָרן מיטן גאַנצן חסידישן ברען. קודם כל האָט זיך יעדער חסיד באַזאָרגט אַ שטריימל, אָן וועלכן מען איז בכלל נישט גע־פאָרן. אָבער דאָס איז נאָר אַ דעקאָראַטיווער פרט. דער עיקר איז געווען די געמיטלעכע און גייסטיקע דערהויבונג, דאָס אַרויסרייסן זיך פון דער וואָכנדיקייט.

ווי לעבעדיקע שטייען מיר פאַר די אויגן פיל פון די שענע אַלעקסאַנדער חסידים, ווי למשל: ר' מנחם מענדע־זשעצקי, ר' יצחק שוחט, ר' יעקב חיים מלמד, ר' אהרן משה אהרנ'ס, ר' ישראל לייביש טייבלום, ר' לייבל לערנער, ר' אברהמצ'ע ז'ולטי, ר' הלל פשעפיורקא, ר' פנחס פשע־פיורקא, ר' שלמה'לה פשעפיורקא, ר' יוסל יצחק שוחט'ס, ר' וועלוול באטשעס, ר' שמואל איצלס דער סופר, ר' שמואל איידעלשטיין, ר' ראובן בראווערמאַן דער פאַרמעט־מאַכער, ר' שמואל האלבערשטאַט, ר' דוד אייזיק ניימאַן, ר' מענדעלע מיעדזינער, ר' מרדכי משה פרעסערס און זיין זון איטשקעלע, ר' הערש פסח און פיל אַנדערע.

### שלוש סעודות און מלווה מלכה

אוממעגלעך אַלע אויסצורעכענען און אומגלויבלעך, אַז זיי אַלע זענען שוין נישטאָ. פונדעסטוועגן זע איך זיי מיט זייערע באָרד און פיאות, אָנגעטון אין זייד און אַטלאַס. איך זע ווי זיי וויקלען אָרום זיך די ברייטע זיידענע גאַרטלען אין

זייערע נגידישע הייזער און די דינע פֿאַרגעלטע ציציות שלענגלען זיך אַראָפּ פֿון די שווערע טליתים. איינצייטיק קלינגען אין מײַנע אויערן זייערע זיסע ניגונים פֿון קבלת שבת און שלוש סעודות. דער ניגון איז דער סאַמער תוך פֿון חסידות. „השיר והניגון והריקוד כולו אחד ממש ואין תענוג גדול מזה״ — זאָגט ר׳ נחמן מבראַסלב.

אויסער זינגען פֿלעגט מען ביי שלוש סעודות אויך רעדן דברי תורה און דערציילן מעשים טובים.

לוסטיק און פֿריילעך איז געווען די מלווה מלכה, וואָס מ׳האָט געפּראַוועט מוצאי־שבת צו דער פֿולער וואָך.

ווינטער ווען דער שניי האָט ווי אַ ווייסער קיטל אַראָפּ־געגלאַנצט ביי נאַכט פֿון די דעכער און געוואָרפֿן אַ בלייכן שיין אויף די פֿאַרשנייטע גאַסן, האָט אין בית־המדרש גע־ברענט אַ חלבדיק ליכטל און אין חצות האָבן זיך אַלטע יידן נאָך אַלץ דאָרט געוואַרעמט ביים אויוון און איינער דעם צווייטן מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק פֿון זייערע אַלטע שענע טאַבאַקערקעס. דער בית־המדרש איז קיינמאָל נישט געבליבן אַליין. תמיד האָט זיך דאָרט געפֿונען אַ ייד אין ווינקל ביי אַ קליין פֿייערל און געברומט אַ ניגון אין דער פֿינסטערער נאַכט אַריין.

## תשעה באב

תשעה־באב פֿאַרנאַכט איז דער הימל אין מערב ווי אַ פֿלאַמענדיקער ים, ווי כדי אָנצוזאָגן דעם טרויער־טאָג. אין שטיבל זענען די בענק אומגעדרייט, דאָס פּרוכת פֿון ארון הקודש אַראָפּגענומען און די יידן אין זאָקן זיצן אויפֿן דיל אין שיין פֿון חלבדיקע ליכטלעך. דער שליח ציבור, ר׳ הלל בן ארקע פּשעפּיורקאַ, פֿאַלט צו צום ארון קודש מיט אַ געוויין און הייבט אָן צו זאָגן „איכה ישבה בדד״. דער עולם פֿאַרגיסט זיך אין טרערן און באַקלאָגט דעם חורבן בית־המקדש.

אַזוי האָט זיך געפֿירט אַ דור נאָך אַ דור און דאָס יידישע לעבן האָט געפֿלאָסן אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער, אָפּגעזונדערט פֿון דער אַרומיקער גוישער וועלט. אָפּגע־וויינט דעם חורבן הבית און ווייטער געלעבט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן.

## שמחת תורה

שמחת־תורה איז געווען דער יום־טוב פֿון אמתער פֿריי־לעכקייט און געזאַנג, פֿון התרוממות הנפש. די שמחה האָט אַרומגענומען אַלע בתי־תפילה און אומעטום האָט זיך גע־פֿילט ליכטיקייט און לייכטקייט: — שמחת תורה ביי יידן.

אין אלעקסאַנדער־שטיבל האָט מען פֿאַרקויפֿט „אתה הראית״. די גבאים האָבן זיך אויסגעשטעלט אויבן־אָן און אָנגעהויבן דעם קאָנקורס, אויסרופֿנדיק „צום ערשטן מאָל״, „צום צווייטן מאָל״ און שליסלעך ״צום דריטן מאָל״.

אין מיין צייט איז דער שטענדיקער אָפּקויפֿער פֿון „אתה הראית״ געווען אין שטיבל ר׳ שמואל האלבערשטאַט. ביי „כל הנערים״ פֿלעגן מיר קליינע ייִנגלעך אים דערלאַנגען שפּילקעס.

דאַן האָט מען אָנגעהויבן פֿאַרטיילן די הקפֿות. יעדער חסיד איז אַרויסגערופֿן געוואָרן מיט גרויס כבוד „מורנו ורבנו החסיד מכבד מיט אברהם אבינו׳ס הקפה״, און אַזוי איינער נאָכן צווייטן. דערביי ווערט געטאַנצט און געזונגען מיט די תורה׳ס. די קינדער מיט די פֿענער טאַנצן מיט די טאַטעס און די שמחה איז נישט צו באַשרייבן, זי דערגייט צו אמתער עקסטאַזע.

נאָכן דאַווענען מאַכט מען דעם ריכטיקן קידוש. די חסי־דים ווערן בגילופֿין און טאַנצן און זינגען. לויטן אָנגענומע־נעם מנהג גייט מען פֿון שטוב צו שטוב און אַלץ וואָס געפֿינט זיך דאָרט ווערט אויפֿגעגעסן.

אַזוי יאָר איין יאָר אויס — ביז ס׳איז געוואָרן גענצלעך אויס. נישטאָ מער אין ווענגראָוו קיין אַלעקסאַנדער שטיבל און נישטאָ מער דאָרט קיין אַלעקסאַנדער חסידים. די באַנדיטישע דייטשן האָבן געוווסט ווי שטאַרק יידן זענען פֿאַרבונדן מיט זייערע בתי־תפילה און האָבן דאָס ערשטע וואַנדאַליש חרוב געמאַכט די שוהלן און בתי־מדרשים.

איצט איז פֿון אַלעם גאָרנישט פֿאַרבליבן. אַפֿילו די טויטע, וועלכע זענען זייט דורות געלעגן אויפֿן ווענגראָווער בית־עולם, האָט מען אויסגעגראָבן און פֿאַרברענט נעבן מיל פֿון מענדל קליין ביי דער סטרוגע. דאָרט האָבן די דייטשישע פֿאַרברעכערס אויפֿגעבויט אַן אויוון צו פֿאַרברענען מתים.

אַ ביסל צעשאָטענער אַש — דאָס איז אַלץ וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון יידישן ווענגראָוו.

**מתתיהו יאסקולקה ז״ל**

# ר׳ שמואל קאַרעווער זצ״ל

(אַ לעגענדע)

מיט יאָרן צוריק איז אין שטעטל סאָקאָלאָוו געווען רב דער באַוווסטער צדיק, ר׳ שמואל. ער האָט געמשפט לויטן דין, נישט נושא פנים געווען נגידים. צו זיינע דרשות, וואָס ער פלעגט האַלטן אין שוהל יעדן חודש, איז געקומען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, בעיקר דער פּראָסטער עולם, ווייל זיינע רייד זענען געווען ווי באַלזאַם, אַדורכגענומען מיט רחמים און געבעט, טרייסט און ליבע.

פלוצים האָבן זיך די פרנסי הקהילה ארומגעזען, אַז אַזאַ פאָלקסטימלעכער רב פּאַסט זיי נישט. אַ רב — האָבן זיי געטענה׳ט — דאַרף אַרויסרופן רעספּעקט, דיסטאַנץ און נישט זיין מעורב מיט פּראָסטע לייט. באַלד האָט זיך צופלאַקערט אַ גרויסע מחלוקת, וואָס האָט לאַנג אָנגעהאַלטן און דער רב האָט געמוזט צום סוף פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

אַרויסגייענדיק פון שטעטל אַ צובראָכענער, האָט ער געווונטשן סאָקאָלאָוו: „אויב ס׳וועט דאָ אויסברעכן אַ שריפה זאָל זי פאַרכאַפּן דאָס גאַנצע שטעטל״.

וווּ אַהין איז געגאַנגען דער רב? אין דערבייאיקן ווענגראָוו. אָנקומענדיק אַהינצו, האָט ער זיך געזעצט אָפּרוען אויף אַ שטיין. ווערט דערציילט: „דער שטיין איז געוואָרן ווייך ביזן היינטיקן טאָג״.

די ווענגראָווער האָבן דעם צדיק ר׳ שמואל אויפגענומען מיט גרויס כבוד און אים געמאַכט אַ האַרציקן קבלת־פּנים. האָט ער זיי געבענטשט: „זאָל קיין פייער נישט האָבן ביי אייך קיין שליטה״. איז דאָס פאַרטשייטש געוואָרן, אַז אויב ס׳וועט אויסברעכן אַ שריפה וועט זי זיך נישט פאַרשפּרייטן, נאָר שנעל פאַרלאָשן ווערן.

און אַזוי איז טאַקע געווען. אין סאָקאָלאָוו אויב ס׳האָט אָנגעהויבן צו ברענען איז בשום פנים נישט מעגלעך געווען איינצושטעלן דאָס פייער ביז אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן. דאַקעגן אין ווענגראָוו, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ שריפה האָט יעדער געוווּסט, אַז ס׳דראָט נישט קיין סכנה; אַ פעסל וואַסער איז גענוג געווען פאַרלעשן דאָס פייער...

**אפרים פשעפיורקא** (תל־אביב)

# דער בית־הקברות

דער ווענגראָווער בית־הקברות איז געווען היסטאָריש־ווערטפול, מיט מצבות פון גרויסע רבנים און געלערנטע — אַלט הונדערטער יאָרן. לויט געוויסע ידיעות, איז ווענגראָוו, נאָך אין יאָר 1350, דערמאָנט געווען אַלס שטאָטישער צענטער.

אין סוף פון 16־טן יאָרהונדערט איז ל י וו ע (וואָס געפינט זיך 5 קילאָמעטער פון ווענגראָוו) געווען אין דער געגנט אַ אָנגעזעענער שטאָטישער צענטער מיט אַ קעניגליכן פּאַלאַץ אין פאָרם פון אַ פעסטונג.

ס׳איז באַוווּסט, אַז ווענגראָוו איז געבויט געוואָרן הונדערטער יאָרן פריער ווי פּוילנס רעזידענץ־שטאָט — וואַרשע; זי האָט אויך באַקומען אירע שטאָטישע רעכט פופציק יאָר פאַר פּראַגע (די פאָרשטאָט פון וואַרשע), — דאַן נאָך אַ דאָרף — און מ׳האָט פון דאָרטן געפירט



דער ווענגראָווער בית־הקברות; רעכטס — דער „אוהל״ (פאָטאָ א. פשעפיורקא, 1939)



די חורבות פון דער קעניגלעכער פעסטונג אין ליווע

(פאָטאָ: א. פשעפיורקא, 1939)

מתים צו קבורה קיין ווענגראָוו. (וואַרשיינלעך זענען געווען בלויז איינצעלנע פאַלן, ווייל מיט די דאַמאָלסדיקע קאָמוני־קאַציע־מיטלען איז דאָס געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן).

אין יאָר 1788 האָט דער באַוווסטער פרנס פון פראַגע, ר׳ שמואל זביטקאווער, פאַרהאַנדלט מיט ווענגראָוו, זיך צו באַפרייען פון איר אפוטרופסות (זע: „די אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב אין ווענגראָוו״, ז. 178).

ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, אין 1939, איז נאָך דער בית־הקברות געווען אַרומגערינגלט מיט דעם זעלבן לאַנג־יאָריקן מויער פון רויטע־ציגל; אין צענטער פון די מויער האָט זיך געפונען אַ ברייטער טויער.

דער בית־הקברות האָט זיך געטיילט אין צוויי טיילן: אַן אַל־טע טייל ווו ס׳האָבן גערוט די ביינער פון די ערשטע ווענגראָ־ווער יידן (דאָרט האָט מען שוין מער ניט קובר געווען) און די נייע טייל, וועלכע האָט געדינט ביז דער מלחמה. אַרייג־קומענדיק, פון דער רעכטער זייט ביים פאַרקן, זעט מען

אַ גרויסן קבר פון אַ מוטער מיט אירע דריי זין, וועלכע זענען צוזאַמען לעבעדיק פאַרברענט געוואָרן אין הויז פון טובה׳לע בערצ׳עס אין יאָר 1931 (די שנור און אייניקלעך פון „גרויסן״ יצחק מלמד); לינקס זעט מען אַ הויכע שוואַרצע מצבה פון דעם אַלטן ר׳ אברהם־חיים שפילמאַן, געשריבן אין יידיש, ווי אויך קליינע און גרויסע מצבות געשריבן מיט גאָלדענע אותיות: „מגזע ישרים״, „מזרע קדושים וטהורים״. צו מערב־זייט געפונט זיך דער „אוהל״ פון הרב ר׳ שמואל ווייס און זיין פרוי, געבויט פון האָלץ, נידעריק; אין לינקער זייט איז געווען אַ „פתח״, ווי גלויביקע יידן האָבן אַריינגע־לעגט קוויטלעך; צום יאָרצייט זענען געקומען חסידים צום „אוהל״ אָפּריכטן תפילות.

דער „אוהל״, אַרומגערינגלט מיט קברים, אויף וועלכע מען איז געקומען זיך משתטח זיין און מאַכן אַן „אל־מלא־רחמים״; פרויען פלעגן ליגן אויף די קברים און שמועסן מיט זייערע פאַרשטאָרבענע, ווי מיט לעבעדיקע... זיך באַקלאָגן אויף זייערע צרות, אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ מיט הייסע טרערן.

אין אַלטן טייל פון בית־הקברות, צווישן אַלטע איינגע־פאַלענע קברים, וועלכע קענען שוין מער אויף זיך נישט טראָגן די גרויע שטיינערנע מצבות, זענען די אויפשריפטן אָפּגעמעקט פון אַלטקייט.



דער „אוהל״ (לינקס) און די מצבות פון הרב ר׳ שמואל ווייס און רבנית חנה

## טעקסטן אויף מצבות

פ׳  נ׳

איש זקן ושבע ימים
עסק במו״מ באמונה עם אנשים
בתורה קבע עתים
הסתופף בצל צדיקים
הדריך בניו בדרכי ישרים
יגינו עליו מעשיו הטובים
אבינו היקר עטרת ראשנו
מו״ה ראובן ב׳ מו׳הר׳ שמעון ז״ל
נפטר בש״ט ז׳ כסלו
שנת תרצ״ח לפ״ק

ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳

פ׳  נ׳

אשה זקנה
הצנועה וחשובה מרת
פרל ברכה
בת ר׳ יהודה לייב ז״ל
אשת ר׳ נחום הכהן ז״ל
רפופורט
מעיר ווארשא
נפטרה בש״ט, ט׳ אדר ב׳
בשנת תרצ״ב לפ״ק
ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳
Perla Brocha
Rapoport

פ׳  נ׳

ציון קבר

אשה צנועה וישרה
וטובת לב
מרת רבקה נעכא
בת ר׳ מרדכי ז״ל
נפטרה בשם־טוב
ט״ז לחודש כסלו
שנת תרפד לפ״ק
ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳




די מצבה אין יידיש פון הערש ווינטרויב

## דער „אוהל" און זיין אויסזען

אין אַלטן טייל פון בית־הקברות האָט זיך געפונען דער „אוהל" אין וועלכן ס'זענען געלעגן דריי צדיקים: א) ר' שמואל קאַרעווער ז"ל, אַ תלמיד פון „חוזה מלובלין"; ב) זיין זון ר' דוד; ג) זיין תלמיד ר' יצחק'ל ווענגראָווער.

דער „אוהל" איז שטענדיק געווען פאַרמאַכט פון אַלע פיר זייטן. דאָס קליינע שטיבעלע האָט געהאַט נאָר איין שמאָלע טיר און אַרום די ווענט פענצטערלעך, וועלכע זענען כמעט שטענדיק געווען פאַרמאַכט מיט אייזן־שטאַבן.

נאָר פסח שני איז דער „אוהל" געעפנט געוואָרן — אין טאָג פון יאָרצייט פון ר' שמואל קאַרעווער. אין יענעם טאָג זענען זיך צונויפגעקומען פיל יידן פון שטאָט און אויך פון אַרומיקע שטעט, און אַלע האָבן מתפלל געווען נעבן „אוהל", געקושט די ווענט און — ווען קיינער זעט נישט — זיך אויסגעוויינט...

דער „אוהל" איז באַשטאַנען פון אַ געמויערטן צימער, „דלת־על־דלת"; אין מיטן — איין גרויסער קבר פון די דריי צדיקים, אַ נר תמיד האָט געברענט. אויף די ווענט זענען געווען אויפשריפטן פון תפילות: „אנא", „אל־מלא־רחמים".

## די לעגענדע פון „אוהל"

... אין שטאָט איז נפטר געוואָרן אַ גרויסער צדיק, האָבן די חברה קדישא געזוכט פאַר אים אַ מקום חשוב און דאָס האָט געקענט זיין נאָר אין „אוהל". אָבער דאָרט איז קיין אָרט ניט געווען, ווייל ס'זענען דאָרטן שוין געלעגן צוויי צדיקים. האָבן די חברה קדישא גענומען בעטן ביי זיי מחילה, זיי זאָלן מאַכן פּלאַץ פאַר אַ דריטן צדיק. וכך הוה. ווען די חברה קדישא האָט געעפנט דעם „אוהל", האָבן זיי דערזען דעם גרויסן וווּנדער: די צוויי צדיקים האָבן זיך פונאַנדערגערוקט און דערמעגלעכט קובר זיין דעם דריטן צדיק אין „אוהל"...

דער גאַנצער בית־הקברות איז געווען מיט גרינס באַוואַקסן; ס'זענען דאָרט געווען הויכע בוימער, פון וועלכע עס האָט זיך געהערט דאָס פּישטשען און זינגען פון די פייגעלאַך, וועלכע זענען געשפּרינגען פון איין צווייגל צום צווייטן. דאָס שטילע רוישן האָט געמורמעלט סודות'דיקע טענער אַרום די קברים צום הימל אַרויף. אַ ווינטל האָט געבלאָזן און באַוועגט די בוימער, וועלכע זענען געווען עדות צו די מצבות און שטיינער, וואָס זענען פון הונדערטער יאָרן געשטאַנען, ביז ס'איז געקומען די בלוטיקע פינצטערע היטלער־מלחמה און צעשטערט די סימנים פון די יחוסדיקע דורות.

אויף דעם בית־הקברות האָט מען דערשאָסן טויזנטער יידן. ס'איז נישט פאַרבליבן קיין זכר פון אַמאָליקע גרויסקייט. קיינער קומט נישט מער אויף קבר־אבות, היינט איז דאָרט שטיל, מען פּאַשעט בהמות און חזירים און עס טאַנצן פּוילישע שיקסעס מיט שקצים.

די דייטשע רוצחים האָבן געוואָלט אָפּמעקן יעדן שפּור פון היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט; פריער פאַרניכטן אַלע בתי־מדרשים, שוהלן און נאָכער אויף דעם בית־הקברות און ס'איז קיין זכר נישט געבליבן — אַלעס איז אָפּגעמעקט געוואָרן אין טייכן פון בלוט און אין פלאַמען פון פייער.

## דער אויפגעהאַקערטער בית־הקברות

אין יאָר 1945, באַלד נאָך די באַפרייאונג, האָט זיך געפונען אין ווענגראָוו אלתר שפּילמאַן, היינט אין ישראל,



(פאָטאָ: שפּילמאַן, 1946)

און געזען מיט זיינע אויגן, ווי די פּאָליאַקן האָבן אויפגע־האַקערט דעם בית־הקברות, כדי צוצוריכטן דעם באָדן פאַר בויען אויף אים אַ מאָדערנעם בנין. די ביינער פון די אויסגעגראָבענע מתים האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן גאַנצן בית־עולם. אַלס פּועל־יוצא פון שפּילמאַנ׳ס אינטער־ווענץ, האָט דער סאָוויעטישער שטאָט־קאָמיסאַר באַפוילן די פּאָליאַקן צונויפזאַמלען די ביינער און זיי באַגראָבן אין איין אָרט.

*

זאָלן מיינע שורות זיין ווי אַ מצבה אויף די קברים וועלכע זענען מער נישטאָ אויף דעם ווענגראָווער בית־עולם.

**שלמה זשיוויצה** (נס־ציונה)

# תלמידי־חכמים אין ווענגראָוו

אַ רייכע גאַלעריע פון תלמידי־חכמים, וועלכע זענען געווען בקי אין ש״ס ופוסקים און האָבן אַרום זיך געשאַפן ברייטע קרייזן פון לערנער און תלמידים, איז געווען כאַראַק־טעריסטיש פאַרן יידיש־חסידישן קלימאַט פון ווענגראָוו.

די דאָזיקע האַרציקע יידן און גרויסע לומדים האָבן געשאַפן די אַטמאָספער פון „וועלן לערנען". באַזונדערס איז דאָס נוגע ר׳ הלל׳ס בית־המדרש, וועלכער איז געווען דער צענטער פון יידישן לעבן און אין וועלכן עס האָבן געדאַוונט יידן פון די פאַרשיינדסטע שיכטן און גרופּן.

דאָרטן איז געווען ר׳ מענדל גרייבר ז״ל (מענדל פּייוויש״ס) איינער פון די ערשטע צו לערנען דעם „דף יומי" אין ווענגראָוו. אַליין אַ גרויסער תלמיד־חכם, ירא שמים און אמתער חסיד, האָט ער מקיים געווען בוכ־שטעבלעך „והגית בו יומם ולילה".

נאָך אים האָבן איבערגענומען זיין פּלאַץ ר׳ שלמה׳לע פּשעפּיורקא ז״ל און ר׳ יוסף ווייגאָרטן ז״ל (יאָסעלע מאיר מיכאל׳ס), וועלכע האָבן אויפסניי באַלעבט דעם „דף יומי" און אים געגעבן אַ שווונג. זייער גאַנצע פרייע צייט האָבןביידע אָפּגעגעבן מיט ליבשאַפט דעם לערנען אַנדערע און באַמיט זיך צו העלפן אויך די שוואַכע לערנער. געטון האָבן זיי דאָס אין אַ פאָלקסטימלעכער שפּראַך און מיט חריפות.

ר׳ שלמה׳לה פּשעפּיורקא ז״ל איז געווען אַן אַלעק־סאַנדער חסיד, זייער פאָלקסטימלעך אין באַנעם, שאַרף־וויציק אין שיחת־חולין און שאַרפזיניק אין לערנען. געווען באַהאַוונט אין אַלע ווינקלען פון תלמוד, אַן אַקטיווער חסיד מיט טיפער פאַרשטענדעניש פון חסידות. נאָכן לערנען אין בית־המדרש 12 ביינאַכט האָט ער נאָך געלייענט די טעגלעכע פּרעסע.

ר׳ יוסף ווייגאַרטן איז געווען אַ גערער חסיד און אויך ער האָט זיך באַמיט מקרב צו זיין די תלמידים און באַציען זיך צו זיי ווי צו חברים און פריינט.

די צוויי תלמידי חכמים זענען געווען זייער באַוווסט און באַליבט. דעסגלייכן איז געווען באוווסט ר׳ יצחק פּנחס פּערל ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין ארץ־ישראל. אין זיין גאַנצן באַנעם איז ער געווען אַ „נסתר" און שטיל און באַשיידן געלערנט מיט זיין גרופּע תלמידים, זיי אָנציינדנדיק מיט חסידישער התלהבות.

אַ באַזונדערן אָרט האָט פאַרנומען אין ר׳ הלל׳ס בית־מדרש ר׳ נחמן זשיוויצא ז״ל (קוביק). זייענדיק די לעצטע יאָרן אַ סגי נהור האָט ער געלערנט מיט זיינע תלמידים תנ״ך און תלמוד אויסנווייניק. געווען גענוג צו דערמאָנען דעם אָנהויב פון פּסוק און ער האָט שוין אַליין פאָרגעזעצט מיט די גרינדלעכסטע פּירושים. דאָסגלייכן איז געווען מיט די שווערסטע סוגיות פון תלמוד, וועלכן ער האָט אויך געקענט בעל־פּה. געווען איינער פון די עלטסטע קאָצקער חסידים און דערציילט פיל מעשי צדיקים.

גאָר חשובע תלמידי חכמים זענען געווען ר׳ יונה אייזיק ניימאַן ז״ל, וועלכער האָט זיך גערופן דער „בעל בטחון", און ר׳ אברהם יעלין ז״ל. ר׳ יונה־אייזיק איז געווען אַ בקי און זיין הדרת פּנים האָט אַרויסגערופן רעספּעקט. ער האָט געלערנט מיט אַ זיסן ניגון און זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט אין ישיבות און אין דער יידישער רעליגיעזער וועלט, צוליב די פאַרשידענע ספרים, וואָס ער האָט מחבר געווען.

ר׳ אברהם, דער מחבר פון ספר „ארך אפּיים", אין וועלכע ער באַהאַנדלט דאָס באַהערשן זיך און ניט ווערן אין כעס האָט מיט זיין לעבן סימבאָליזירט דעם אינהאַלט פון זיין בוך. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע מידות און ס׳איז געווען אַ תענוג צו זיצן אין זיין געזעל־שאַפט. ער איז אויך געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון ארץ־ישראל און שטענדיק געוועקט די יוגנט עולה צו זיין. זיין מאָטאָ איז געווען, אַז „אַ בעל־מידות קאָן מען זיין נאָר אין הייליקן לאַנד".

(די בילדער פון ר׳ יונה־אייזיק ניימאַן און ר׳ שלמה׳לע פּשעפּיורקא — זע ז׳ 102 ; פון ר׳ אברהם יעלין — זע ז׳ 118 ; פון ר׳ מענדל גרייבער, ר׳ יוסף ווייגאַרטן, ר׳ נחמן זשיוויצא — זענען ליידער קיין בילדער נישט פאַרבליבן...)

**ש. זאבלודאווימש** (קאראקאס, ווענעצועלא)

# מיין טייער שטעטעלע...

ווענגראוו — אַ יידיש־פרומע פּאַרצייטיקע שטאָט,
כ'וועל דיך איצט מספיד זיין מיט מיין יאָמערליכע קלאָג!
אין ווייטע מקומות האָסטו געשמ'ט אַ „עיר ואם בישראל"
מיט דיינע גאונישע רבנים, לומדישע דיינים, פון אַמאָל!
מיט דיינע כשר'ע סופרים פון: ספרי־תורה'ס, מגילות,
תפילין, פרשה'ס, מזוזות און רצועות!

*

ווענגראָווער טייערע יידן — זיי לעבן אויף אין זכרון:
דער „גערער" למדן ר' מאיר אשר קאַזלאָווסקי —
„סאָכאַטשאָווערס" בעסטער תלמיד;
פון אים „זכותו יגן" אַליין, געהאַט „היתר הוראה"!
יומם ולילה אין תורה אין חסידות, תמיד געלעבט אין דחקות
באהבה אַלץ מקבל געווען, אָן אַ שמץ פון עצבות
קיינמאָל, חלילה, מסכים געווען אויף אַ כסא הרבנות!..

זיין בנעימות'דיקער גאַנג — ווי אַ שטילע ווייסע טויב,
ניט געמסחר'ט, ניט פּאַרקויפט, רק דעם רבש"ע זיין לויב;
די בני־בית געפירט דאָס געוועלב, ער קיין צורת מטבע
נישט געקענט און אין שטאָט די העכסטע דעה
ביי קאָמפּליצירטע ענינים, שווערע שאלות
לייכט געפּסקנ'ט, אַ אמת'ער „בית הלל" מיט אַלע מעלות.

אין פריייטיק־צונאכטסן, מיט חסידיש'ן עולם
געלערנט זהר, מדרש און שפת אמת
געווען אַ בקי אין „אורים־ותומים", „יורה דעה"
אויף האַרבע קשיות — געענטפערט לייכט און באַלד
געקענט אויסנווייניק ש"ס, פוסקים און תנ"ך
זיין עניוות'דיקייט, האָט ניט געהאַט קיין פאַרגלייך!

ר' יעקב מענדיל'ס, דעם גביר און ווייַן־העֶנדלער
דער הויכער הדרת'דיקער ייד — מיטן שטריימל, געלאָקטע
פאות
זאָקן און פליושענעם חאַלאַט, אין פראַסטן מיטן וואָך.
קיינמאָל געדאַוונט בציבור, תמיד ביחידות.
עולה רגל געווען קיין ארץ־ישראל מיט בני־בית
ניט געוואָלט קובר ווערן אין חשכ'דיקן גלות!..

ר' זיינוועלע קאָזאַק — שטריימל'דיקער ייד,
שלשלת היוחסין — דעם בראָקער רבי'ס אַ זון.
פלאַמיקע תורה מיט הייסע חסידות פאַרייניקט
צו מענטשן אַ מזג טוב, אַ עניו ביז־גאָר
אין זיין הויז, כמעט „טיש" געפירט מיט „שירים" נעמען —
אין „שטיבל" אַ פראָסטער ייד, דאָס לומדות גאָרניט צו
דערקענען.

אין ימים־טובים, שמחת־תורה און פורים
אויפגענומען חסידישן עולם ביי אים, כיד המלך
געדיכטן מעד, ווייַן, ניס און שטרודל,
צו שלוש־סעודות'ן און מלוה־מלכה'ס געפילטע פיש
נאָכדעם הענט אויף אַקסלען — און געטאָנצט!

ימים־נוראים'דיקע מוספים, און צו נעילה
צו טל און גשם, הושענא־רבה
האָט ס'„שטיבל" פאַרלאַנגט ר' זיינוועלען צום עמוד
מיט אַזאַ חזן — זקן ורגיל, איז עולם געווען מער בטוח
ביי די „פתח שערי שמים'ס", האָט ער הימלען אויפגעריסן
און דעם גזר־דין, אויף אַ גוט־יאָר אויסגעביטן!..

ר' פייוויש למדן — דער באַוווּסטער „סגי־נהור"
אַ גרויסער שניט־סוחר און אַ זך וטהור
געלערנט מיט חתן־בחורים אין ראַדזינער „שטיבל"
און מיט גבירישע בעלי־בתים גרויסן „שיעור"
זיין הסברה מיט מפרשים איז געווען צוקער־זיס
אַנגעטאַפּש מיט פינגער די „דפים", און געוווּסט ווו ס'איז!..

*

טייערע הייליקע קדושים, ליבע חברים מיינע
כ'זע אייך איצט, איר אויסגעדאַרטע גופים
מאַרשירן צוזאַמען צום גאַז־אויוון — אייער לעצטער גאַנג.
סמישן זיך צונויף אַ געזאַנג פון: „עלינו לשבח", „התקוה",
„מיר הויבן די הענט צו מזרח און שווערן"
מיט „אין געזאַלצענעם ים פון מענטשליכע טרערן"!..

און מיט אַט די טייערע קדושים, דאַרע גופים,
מאַרשירט צוזאַמען מיין אייגענע משפחה
טאַטע, שוועסטער, שוואָגער און קינדער
און אויך פילע נאָענטע קרובים
אַלע נעמען זיי זיך פעסט נשמה'דיק אַרום
און מיט הייליקע שם'ס אויף די ליפּן, קומען אַלע אום!..

און איך שטיי איצט מיט מיין קאָפּ געבויגן
אין טיפן טרויער, איבער אייער הייליקן אַש
וואָס גאָט האָט פון אייערע לעבנס געמאַכט אַ מיש־מאַש,
און פון מיין נשמה רייסט זיך אַרויס אַ יאָמער
און הויבט זיך העכער צום הימל, הויבט אָן אָנקלאָגעריש
טענה'ען:
ווו איז צדק! ווו איז רחמנות? ביזט דאָך „אל רחום וחנון"?!..

1945

**א. פּ.** (תל־אביב)

# אַ מערקווירדיקער בריוו

(געשריבן מיט 50 יאָר צוריק)

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט באַקומען דער ווענגראַווער לאַנדסמאַן יעקב השכלה, וועלכער האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען מיט זיין משפחה אין ארץ־ישראל, אַ מערקווירדיקן בריוו פון זיין קרוב אהרן טייבלום אין ווענגראַוו. דעמאָלס האָט שוין דער שאָטן פון היטלערן פאַרשוואַרצט דעם הימל אין אייראָפּע, און דער ווענגראַווער חסיד און למדן פרעגט אָן זיין קרוב אין ארץ־ישראל, צי ער אַלס געוועזענער געזעלשאַפטלע־כער עסקן, האָט נישט געהערט וועגן מנהג, דאָס ביים קובר זיין אַ ייד, וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך גויים, שטעקט מען אַריין אין זיין האַנט אַ מעסער און מען זאָגט אים, אַז ער זאָל זיך נוקם זיין...

מיר ברענגען דעם בריוו אין זיין אָריגינעלן אויסלייג, וועל־כער איז אַ מערקווירדיקער באַווייז פונעם פאָראויסגעפילטן אומגליק, ווען דאָס קובר זיין דערמאָרדעטע יידן וועט ווערן אַ ברענענדיקער פּראָבלעם פון אַ כמעט קאָסמישן פאַרנעם:

ידידי ש״ב (שאר בשרי) הרבני החסיד, מו״ה יעקב נ״י השכלה,

אחדש״ה (אחר דרשי שלומך הטוב) איך שרייב צו דיר ווייל די ביסט אַ מאָל אַ עסקן בצרכי ציבור, מסתמאַ ווייסטו ווסטי מיר ענטפערן. אַזוי ווי איך גידענק שוין פיל יאהרן האָב איך גיזייען אין אַ ספר דאַכט מיר אין ספר זכריה, אַז חלילה זאָל זיך נישט טרעפן, אַז גויים האָבין חלילה גיארגיט אַ ייד זאָל מען מקבר זיין דיים הרוג אין גייבען היים אין האַנט אַ מעסער (דאכט מיר אַז עס שטייט מי זאָל היים זאָגן, אַז ער זאָל זיך נוקם זיין אין אַלע). אין עס שטייט עס איז געווייזען אין אַ מקום אַ חברה סטידענטען האָבען נישט אנדגידאכט גיארגיט אַ יוד, האָט מען אַזוי גיטאען, האָבן די אַלע סטידענטען גיאט אַ מיתה משונה. בפה אין ווענגראַוו האָט מען נאָך דער מלחמה געפינען אַ הרוג באיי לידווינאָוו, דאַכט מיר אַז מי האָט אַזוי גיטען. עס איז דאָך שוין ערך 20 יאָר.

ע״כ (על כן) רעכין איך, אַז מסתמא די חברת הקדושים אין א״י ווייסען דאָך אַוודאי דערפין. בייט איך דיר אַז די קינדער וועלן שרייבן בייט איך זאָלסט מיר ענטפערין אויף דעם איך וויל וויסין. אין דיים ספר שטייט דאָס לשון סכין טהור רעכין איך, אַז מי מיינט מיזאָל טובל זיין דאָס מע־סער. עס האָט מיר געדאַכט אפשר מאַכט דאָס סכין שחור, אַ שוואַרץ מעסער, גיכער דער שכל, אַז עס מאַכט טהור. בייט איך דיר זאָלסט מוחל זיין צו שרייבן ווען די קינדער וועלן שרייבן לפה — — —

דער סוף פון בריוו איז שוין אַ ריין פּריוואַטער. ווי געזאָגט איז דער בריוו איבערגעדרוקט אָן שום ענדערונג — מיט אויסנאַם פון די אַריינגערינגלטע ווערטער פון די העברעאישע ראשי־תיבות. און די אינטערפּונקציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, כדי צו פאַרלייכטערן דאָס לייענען.

**שרה סליבקה** (פּשעפּיורקאַ)

# אויסגעלאשן זענען די אייגעלאך...

(געווידמעט די אומגעבראַכטע קינדערלעך)

געשוווירן האָט גאָט נישט צו ברענגען קיין מבול
מער אויף די זינדיקע וועלט —
און ער היט זיין שבועה גאָר טייער; —
אמת, ס'איז נישט געווען קיין מבול פון וואַסער,
נאָר פון בלוט און פון פייער.

— — — — — — — —

הייזלעך צוויי שורות אויף יעדער גאַס —
נידעריק און קליין.
הייף מיט קינדערלאַך אַ סך —
ליבענקע און שיין.
טייערע, ליבע קינדערלאַך!
נישטאָ מער אייער גלייכן.

אייערע פייכט־גלאַנציקע אייגעלאַך —
ליכט געצינדענע אין טייכן.

דורך מיין פענצטער שעהנלאַנג,
נאָכפאָלגן פלעג איך אייערע שטיפערייען.
אייערע המצאה'לעך און חכמה'לעך —

— — — — — — — —

אויסגעלאָשן זענען די אייגעלאַך,
איבערגעריסן די שפּילערייען —
די געשוחטענע כאָרכלדיקע העלדזעלאַך
„פאַרוואָס, פאַר־וואָ־ס?״
צו גאָט אין הימל שרייען.

**שלמה זשיוויצה** (נס־ציונה)

# פרייטיק־צו־נאכטס אין ווייטן סיביר

זייענדיק אינטערנירט אין ווייטן סיביר, ווו איך מיט אנדערע יידן האבן שווער געארבעט אין וואלד, פלעג איך פרייטיק־צו־נאכטס זיך דערמאנען אין מיינע ליכטיקע עלטערן. מיין שכן בערל ביאלער מיט וועלכן איך בין געלעגן אויף איין נארע, פלעגט דערציילן וועגן זיין פרוי און קינדער אין ביאלע, ווי אזוי ער האט מיט זיי געפראוועט פרייטיק־צו־נאכטס. זינגענדיק די שבת זמירות איז ער אנטשלאפן געווארן אין זיסע חלומות, און איך בין געלעגן שלאפלאז און אויפגעלעבט אין זכרון מיין גאנצע משפחה. פלוצים האב איך פארשטאנען מיין טאטנס קידוש... מיין פאטער האט געארבעט עטלעכע יאר אין ווארשע ביז ער האט געקענט ברענגען צו זיך פרוי און קינדער. ווען ער האט קידוש געמאכט דעם ערשטן שבת צוזאמען מיט אונדז אלעמען, האט ער זיך צעוויינט פאר שמחה און אנגעהויבן אונדז אלעמען קושן.

ליגנדיק אויף דער נארע האב איך געזען מיין פאטער ע"ה, וואס זיין ציל איז געווען צו האבן ביי זיך זיין משפחה און האט שווער געארבעט, כדי צו דערנערן איר; מיין מרטער ע"ה, א שטילע, באשיידענע און באלעזענע פרוי, האט מיט ראט און טאט אלץ געטון, כדי אירע קינדער זאלן באקומען א יידישע און אלגעמיין־מענטשלעכע דערציונג. ווען איך בין שוין ענדלעך איינגעשלאפן האט קורץ דערנאך דער גלאק אונדז אויפגעוועקט צו דער ארבעט אין וואלד, ווי אמאל ס'פלעגט דער שמש רופן יידן: „שטייט אויף צו סליחות, צו עבודת הבורא".

די נאכט זכרונות האבן אונדז געגעבן כוח איבערצוטראגן די ליידן, די שווערע ארבעט אין וואלד אין די שארפסטע פרעסט. אבער בערל ביאלער האט נישט דערלעבט באפרייט צו ווערן. ער איז קראנק געווארן פון דער ארבעט און געשטארבן אין דער פרעמד.

זאלן די ווערטער דינען א אנדענק פאר מיינע עלטערן, ווי אויך פאר ר' בערל ביאלער.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויך דערמאנען דעם אנדענק פון מיין ברודער שמואל לייב ז"ל, וועלכער איז געווען א פליט אין ביאליסטאק און איז דארט געשטארבן עלנד און אליין אין בליענדיקן עלטער פון 17 יאר, דעם 21־טן נאוועמבער, 1939. דער נומער פון זיין קבר איז .10.10.4.11

געווען א גרויסער ליבהאבער פון יידישער ליטעראטור און קונסט און געהאט גרויס פארשטענדעניש פארן יידישן ליד.

תנצב"ה.

**פרומה בלומאן** (תל־אביב)

# זייער ווייניק האבן דערגרייכט דעם ציל...

...ס'געדענקט זיך די קינדער־יארן, נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'זענען דערגאנגען קיין ווענגראוו די קלאנגען פון סאציאלן און נאציאנאלן אויפברויז אין דער וועלט אונטערן איינדרוק פון דער רוסישער רעוואלוציע. אונדזער יוגנט האט ארגאניזירט דאס יידישע לעבן אין שטאט; ס'האבן זיך געשאפן אידעאלאגישע קרייזן, וועלכע האבן זיך שפעטער אויסקריסטאליזירט אין פארטייען. ס'זענען געשאפן געווארן ביבליאטעקן, לעזע־זאלן, אוונט־קורסן, שטודיר־קרייזן — ארום וועלכע די יוגנט האט דארשטיק געשלונגען די גייסטיקע קוואלן פון וויסן. ס'זענען געשאפן געווארן פראפעסיאנאל פאראיינען, וועלכע האבן קאנצענטרירט ארום זיך די ארבעטער פון אלע פארטייען און וועלכע האבן געלעגט דעם פונדאמענט פארן פאליטישן און קולטורעלן לעבן.

דאס ווענגראווער פרומע יידנטום האט זיך צוגעקוקט מיט חשד און אנצוטרוי צו די מעשים פון זייערע קינדער, וועלכע האבן מיט אמאל פארלאזט די „ישיבות" און די „תלמוד־תורה'ס" און האבן אנגעהויבן צו גיין אין „קרומע" וועגן, דאך האט דער גרעסטער טייל פון ווענגראווער יידנטום אינסטינקטיוו ביסלעכווייז פארבינדן זייער גורל מיט דער אויפוואכנדיקער יוגנט. דאס האט זיך אויסגעדרוקט אין פארשיידענע וואל־קאמפאניעס, פון די ווענגראווער האנטווערקער, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. איבערצייגט מיטן טיפן גלויבן פון זייערע קינדער, האבן געגעבן זייערע שטימען די אויפגעקומענע פארטייען אין זייער פאליטישן, עקאנאמישן און קולטורעלן קאמף.

די יוגנט האט נישט געהאט קיין עקאנאמישן באזיס פאר זייערע אויפגעוואכטע סאציאלע און נאציאנאלע געפילן אין די קליינע ראמען פון ווענגראווער לעבן. זי האט געשטרעבט צו עקספאנסיע אין דער גרויסער וועלט. זיי האבן נישט געוואלט און נישט געקענט מיטמאכן די טראדיציע פון זייערע עלטערן — פון קרעמער, האנטווערקר און בעלי־מלאכות. ס'האט זיי פארצויבערט דער גרויסער סאציאלער פראצעס, וואס קומט פאר אין דער וועלט. ספעציעל האבן זיך גענומען ארגאניזירן די ציוניסטישע ארבעטער פארטייען אין אלע שאטירונגען וועלכע האבן געשטרעבט קיין ארץ־

ישראל, כדי צו ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן און אַליין דורך זייערע אייגענע אַרבעט מיטהעלפן בויען אַ נאַציאָנאַלן צענטער פון יידישן פאָלק.

לײדער, האָבן זייער ווייניק פון דער וועגנגראָוער יוגנט, ספּעציעל פון דער אַרבעטער־יוגנט, וועלכע האָבן בלב ונפש געשטרעבט יאָרן־לאַנג זיך איינפלעכטן דורך אַרבעט און קאַמף אין דעם אויפבוי־ווערק פון ארץ־ישראל, דערלעבט דערגרייכן זייער ציל. די ענגלישע מאַנדאַטן־מאַכט האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז זייער קליינע גרופּן זאָלן קומען אין לאַנד. דער רוב וועגנגראָווער יוגנט זענען אומגעקומען. מיר די לעבן־געבליבענע, זענען געבליבן פאַר־יתומ׳ט, אָפּגעריסן פון אונדזער וואָרצל, פון אונדזער ליבער שטאָט וועגנגראָוו.

## אויסבאַהאַלטענע אַלס „אַריער"



משה שניאַדאָווער (דער ערשטער, רעכטס), זיין פרוי און שוועגערין (ערשטע און דריטע, זיצן לינקס), מיט אַ גרופּע פּוילישע פּויערן אין דאָרף יזשעם־ביעלאַנקא, נעבן טלושטש (ביי וואַרשע).



שרה נארטמאַן, אויסבאַהאַלטן ביי דער פּוילישער פאַמיליע באַרטשינסקי.

**חיים בראנד** (ניו־יאָרק)

# אויפקום און אנטוויקלונג פון דער פועלי־ציון־פארטיי אין ווענגראוו

מיין שטעטל ווענגראָוו איז יידן־ריין, ניטאָ דאָרט קיין איין ייד — ס'איז אַן אַנדער ווענגראָוו, ניט דאָס וואָס לעבט אין מיין זכרון און אין מיין נשמה; ניטאָ מער דאָס שטעטל מיט וועלכער איך האָב שטאָלצירט; ס'איז חרוב!

ווענגראָוו אָן יידן, אָן יידישע קרעמער און הענדלער, אָן יידישע סופרים און בת'ניקעס; אָן חסידים, לומדים, מתנגדים און בעלי־מלאכות; אָן די יידישע גאַרבער־אַרבעטער, שניידער, שוסטער; אָן יידישע בעלי־עגלות, קצבים, בעקער און טרעגער; אָן די צניעותדיקע מיידלעך וועלכע האָבן טאָג און נאַכט געשטריקט די דערעלעך (וואָלענע טיכלעך פאַר עקספּאָרט), כדי צו פאַרדינען עט־לעכע גילדן אַ וואָך און קענען אַרויסהעלפן אָרעמע טאַטע־מאַמע, אָדער זיך קענען מאַכן אַ קליידל און אַ פּאָר שיך אויף פּסח אָדער סוכות; אָן דער פּרעכטיקער באַוואוסטזי־ניקער שטורמישער יידישער יוגנט; אָן ציוניסטן, פּועלי־ציוניסטן, בונדיסטן — גאָרניט!

אָן אַ רב און אָן אַ דיין; אָן דער שטעטלשער גרויסער שוהל וואָס מ'האָט באַוואונדערט; אָן די בתי־מדרשים, אָן דעם שוהל־הויף; אָן חסידים־שטיבלעך און חדרים; אָן די שיינע ליכטיקע פרייטיק־צו־נאַכטסן און אָן די שבתים, ווען די גאַנצע שטאָט איז געווען אין מנוחה און אין דער־הויבנקייט. אַפילו אָן דעם בית־עולם.

נאָך אַלץ און אַלעמען — בויג איך דעם קאָפּ אין טרויער.

*

שרייבן וועל איך וועגן דאָס בראשית פון דער יצירה, פון די ערשטע יאָרן פון דער אַנטוויקלונג פון דער „פּועלי־ציון"־באַוועגונג אין ווענגראָוו. אין דעם „יזכור בוך" וויל איך דערמאָנען די „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע מיט אירע פאַרצווייגטע טעטיקייטן אויף אַלע געביטן. זי איז אומגע־קומען צוזאַמען מיט אירע פירער און טוער, מיט אַלע חברים, מיט אַלע יידן, מיט דער גאַנצער ווענגראָווער יידישקייט.

לויידער האָב איך ניט קיין אַרכיוו־מאַטעריאַלן און איך האָב אויך ניט די חברים פון יענער צייט דאָ, נעבן זיך, מיט וועלכע איך זאָל זיך קענען צוזאַמענרעדן וועגן דעם נאָענטן עבר פון אונדזער שטעטל ווענגראָוו. שרייב איך דאָס אַלץ פון זכרון. מעגלעך, אַז דאָ און דאָרט וועל איך מאַכן אַ טעות, וועט געשען אַן אומפּינקטלעכקייט אין אַ דאַטע, אָדער ראָל פון אַ חבר — זאָל מען מיר מוחל זיין! (נאָך עפּעס: ביים איבערגעבן פּרטים וועגן די פאַרשיידענע געביטן פון טעטיקייטן מוז איך אָפּט אָנגעבן מיין פּערזאָן. דאָס איז זיכער ניט צוליב זעלבסט־רעקלאַמע, נאָר אַזוי זענען געווען די פאַקטן אין יענער צייט וועגן וועלכער איך שרייב).

דער אויפקום פון „פּועלי־ציון" אין ווענגראָוו איז געווען סוף יאָר 1915; עס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן און די אָקופּאַנטן האָבן גלייך ביים אַריינקומען אין לאַנד געפּרובט זיך פאַרשטעלן פאַר באַפרייער, און דורך אָפּיציע־לער העפלעכקייט געזוכט צו פאַרדעקן די באַרבאַרישע מעשים וואָס זיי זענען באַגאַנגען בעת די ערשטע מלחמה־טעג אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין קאַליש און אין די שכנותדיקע שטעטלעך.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן דעמאָנסטרירט מיט זייער גרייטקייט צו העלפן בויען די הילפס־און קולטור־אינסטי־טוציעס פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אויך אין ווענגראָוו האָבן זיי געגעבן צו וויסן דער יידישער יוגנט, אַז זיי וועלן זיין צופרידן אויב די יוגנט וועט גרינדן ליטעראַרישע קלובן, קולטור־געזעלשאַפטן, דורכפירן טעאַטער־פאָרשטע־לונגען און אָרגאַניזירן אָוונט־שולן וואו מען זאָל אויך לערנען די דייטשע שפּראַך.

די גרויסע צאָל יוגנט אונדזערע, וועמען די מלחמה האָט געצוואונגען צו פאַרלאָזן וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט און אַהיימגעקומען צו די עלטערן אין ווענגראָוו, האָט זיך אַרומגעדרייט פּוסט־און־פּאַס, געבענקט נאָך אַ גייסטי־קער אויסלעבונג. די אָקופּאַנטן וועלכע האָבן געבראַכט פאַרוויסטונג, אַרבעטלאָזיקייט און נויט, האָבן געזוכט אַ וועג אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט ביי דער יוגנט פון די אמתע סיבות פון זייער שווערער לאַגע און דורך פאַרווײלונגען און קולטור־אַרבעט געפּרוווט אָפּשוואַכן די פאַרביטערונג פון דער יוגנט. איז טאַקע מיט דער דערלויבניש פון דער דיי־טשער מאַכט געשאַפן געוואָרן אַ הילפס־אינסטיטוציע פאַר קראַנקע, „לינת־הצדק". הונגער און נויט האָבן געבראַכט מיט זיך עפּידעמישע קראַנקייטן, וועלכע האָבן אומאויפהער־לעך געבושעוועט אין די מלחמה־יאָרן, באַזונדערס זענען

די קראַנקייטן געווען פאַרשפרייט צווישן דער אָרעמקייט, וועלכער מען האָט געמוזט העלפן.

עס איז אויך דאַן געשאַפן געוואָרן אַ קולטור־געזעלשאַפט „בית־עם", מיט אַ ביבליאָטעק, אַ לייען־זאַל, אַ דראַמאַטישער קרייז א. א. די פון גרויסע שטעט צוריקגעקומענע יוגנט און יוגנט פון די היימלאָזע משפחות, וואָס די מלחמה האָט זיי פאַרטריבן פון זייערע שטעט ווי קאָליש, כאָרזשעל, וויערזשאָוו א. אַ. האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך נייע לעבנס־באַגריפן און אידייען אין דעם שטילן, פרומען שטעטל וועגראָוו.

דער „בית־עם", וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דעם שענסטן בנין פון שטאָט, איז געוואָרן דעריבער די גייסטיקע היים פון דער גאַנצער יידישער יוגנט, פון אַלע שיכטן און שאַטירונגען. אין שפיץ פון די אַקטיוויטעטן פון „בית־עם" זענען געשטאַנען: דוד אייזיק ניימאַן, ציוניסט; מענדל האָלאַנד, פאָלקיסט; איינער אַ שעדלעצער (איך דיינק אַז זיין נאָמען איז געווען משה ליבראָך), אויך אַ ציוניסט; אברהם פשעפיורקאַ, דוד גאָלדפאַרב און מענדל פשעפיורקא. די דריי לעצטע זענען געווען די שפּעטערדיקע פירער פון די „פועלי־ציון".

מיטן אַנטשטיין פון „בית־עם" האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן די יידישיסטן און העברעאיסטן. די ערשטע מחלוקת איז פאָרגעקומען אַרום דעם נאָמען פון דער אינסטיטוציע. די יידישיסטן האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער נאָמען זאָל זיין „פאָלקס־הויז" און די ציוניסטן זענען געשטאַנען אויף זייערס, אַז דער נאָמען זאָל זיין „בית־עם" און אַז אויף דעם שטעמפל פון דער אינסטיטוציע זאָל זיין דער „מגן־דוד" און אין דער מיט „ציון". נאָך לאַנגע, שטורמישע דיסקוסיעס איז מען געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס: די אינסטיטוציע זאָל טראָגן דעם נאָמען „בית־עם", אָבער פון דעם שטעמפל ווערט אַרויסגענומען דאָס וואָרט „ציון". די מחלוקת האָט זיך דאַן איבערגעטראָגן אויף אַנדערע געביטן און פראָבלעמען, אָבער די אַרבעט פון דער אינסטיטוציע איז אָנגעגאַנגען ווייטער. עס האָט זיך זייער שטאַרק אַנטוויקלט די ביבליאָטעק, וועלכע איז געפירט געוואָרן דורך מענדל פשעפיורקאַ, ישראל'טשע ראָזענבוים און מרדכי לעוואַרטאָווסקי. ס'איז געווען אַ פּרעכטיקער לייען־זאַל, אַ גוט אַנטוויקלטער דראַמאַטישער־קרייז, וועלכער האָט געגעבן פאָרשטעלונגען און אָרגאַניזירט ליטעראַרישע אָוונטן. עס זענען אויך פאָרגעקומען אָפטע ליטעראַרישע שמועסן. מיט איין וואָרט: אַ ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט.

די כסדרדיקע דיסקוסיעס אַרום די פאַרשיידענע פּראָבלעמען האָבן געשאַפן צוויי באַזונדערע לאַגערן און עס האָבן זיך דורך דעם אויסגעקריסטאַליזירט צוויי פאַרטייען: „פועלי־ציון" און „בונד". אַלע אַנדערע וועלכע האָבן זיך ניט געשטעלט אין איינעם פון די לאַגערן האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. דער געפעכט איז שוין איצט געגאַנגען אַרום דעם עיקר: בונדיזם און פועלי־ציוניזם.

אין שפיץ פון די „פועלי־ציון" האָבן זיך געשטעלט: אברהם פשעפיורקאַ, מענדל פשעפיורקאַ, דוד גאָלדפאַרב, מרדכי לעוואַרטאָווסקי, אהרן רייזמאַן א.אַ. און אין שפיץ פון „בונד" זענען געשטאַנען: משה מאַרקוספעלד, שלמה איציק פאַוו, יאַנקל פרידמאַן. דער שאַרפער פאַרטיי־קאַמף האָט דערפירט צו דער ליקווידאַציע פון דעם „בית־עם" און צום אויפקום פון צוויי באַזונדערע אינסטיטוציעס; „אַרבעטער־היים" און אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט". אַרום דער ערשטער האָבן זיך גרופּירט די „פועלי־ציון" און אַרום דער צווייטער — דער „בונד".

דאָס פאַרמעגן פון „בית־עם" איז אויף אַ גלייכן אופן פאַרטיילט געוואָרן צווישן „פועלי־ציון" און „בונד". כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטדיקע פאַרהעלטנישן איז די מעשה מיט דעם טיש. אין לייען־זאַל איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש, וואָס האָט מן הסתם געהאַלטן זעקס מעטער די לענג, — איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אים צושניידן אויף העלפט און יעדע העלפט האָט שפּעטער געדינט פאַר דעם טיש אין לייען־זאַל איןביידע אינסטיטוציעס. די ביבליאָטעק איז געבליבן גאַנץ, ניט צעטיילט. מען האָט געדונגען אַ ספּעציעלן לאָקאַל פאַר דער ביבליאָטעק און די לייענער האָבן געשאַפן אַ באַזונדער פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער פאָלקס־ביבליאָטעק. אין דער אויסגעקליבענער אָנפירונג איז אַ באַדייטנדע מערהייט געווען פון די „פועלי־ציון". די אינסטיטוציע האָט טאַקע יאָרן־לאַנג געדינט פאַר דער גאַנצער יוגנט פון אַלע ריכטונגען.

אַ שטיקל צייט שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב געהאָלפן אויפבויען די אַרבעטער־קולטור־געזעלשאַפט „צוקונפט" — ווייל בעת די קאַמפן אַרום יידיש און העברעאיש אין „בית־עם", האָב איך זיך דערנענטערט צו דער גרופּע פון די יידישיסטן וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיטן „בונד" — בין איך אַוועק פון זיי. עס האָט מיר געצויגן צו דעם אַרבעטער־ציוניזם. אַ שטויס דערצו האָט מיר געגעבן דער ערשטער „פועלי־ציון" רעדנער פון וואַרשע ביי אונדז אין שטאָט, חבר בריסקמאַן. זיין רעפעראַט וועגן די גרונט־פּרינציפּן פון פועלי־ציוניזם האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ גרויסן רושם. זיינע טעאָרעטישע באַגרינדונגען האָבן מיך ממש געפאַנגען. איך האָב אָנגעהויבן זיך מער גריבלען אין די אַלע טעאָרעטישע פּראָבלעמען און נאָך עטלעכע חדשים — דאָס איז געווען אין אָנהויב 1916 — האָב איך זיך דעקלאַרירט אַלס „פועלי־ציוניסט". נאָך אַ קורצער צייט בין איך אויך צוגעצויגן געוואָרן צו דער פירערשאַפט פון דער „פועלי־ציון" אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט מיר זענען אויך צוגעקומען אין דער אָנפירונג די חברים: מענדל בראַוו, אַ וואַרשעווער, אַ לערער, וועלכער האָט געוואוינט אין צייט פון דער מלחמה ביי אונדז אין שטאָט, און שלמה זאַבלודאָוויטש. די „אַרבעטער־היים" האָט געהאַט אַ באַזונדער אָנפירונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון די חברים: דוד גאָלדפאַרב, מאָטל קאָפּאָווי, שאַיע לאופמאַן, יחיאל ווייס, שלמה זאַבלודאָוויטש, מאַטעס יאַסקולקע און פישל ניימאַן. די לעצטע פיר זענען אין פאַרשיידענע צייטן געווען די סעקרעטאַרן פון דער „אַרבעטער־היים".

די פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרמאָסטן אויף

אַברייטער טעטיקייט אויף אַלע געביטן פֿון געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אָרגאַניזירונג פֿון דער יוגנט, קולטור און סאָציאַלע הילפֿס־אַרבעט און מיט באַזונדערער פֿלייסיקייט איז געפֿירט געוואָרן די פּאָליטישע טעטיקייט, אַ סך מי איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן פֿאַרן אָרגאַניזירן די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען.

רעדע פֿון פּאַפּיר) און בײדע רעדעס האָבן געדויערט סך־הכל אַ האַלבע שעה. שפּעטער איז מען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען דורך פֿאַרשײדענע װעגן. די דײַטשע זשאַנדאַרמען זענען באַלד געלאָפֿן צום פּלאַץ װוּ די פֿײַערונג איז פֿאָרגעקומען, אָבער קײנעם שױן דאָרט ניט געטראָפֿן. די צװײטע ערשטע־מאַי־פֿײַערונג איז געפּראַװעט געװאָרן אין יאָר



„פּועלי־ציון" 1 מאַי מאַנעפֿעסטאַציע אין 1919 אין לידווינאָווער וואַלד.

## פּאָליטישע טעטיקייטן

איך וועל ניט שרייבן וועגן אַלץ, בלויז וועגן אייניקע וויכטיקע פּאַסירונגען און פֿאַרבינדונג מיט דער פּאָליטישער טעטיקייט.

די ערשטע פֿייערונג פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־יום־טוב, דעם ערשטן מאַי, איז ביי אונדז אין שטאָט נאָך פֿאָרגעקומען פֿריִער איידער ס'האָבן זיך אויסגעבילדעט די אַרבעטער־פּאַרטייען, — אין יאָר 1915. מענדל פּשעפּיורקאַ, דער שפּעטערדיקער פֿירנדער חבר פֿון „פּועלי־ציון", שלמה־איציק פּאַוו, וואָס איז שפּעטער געוועזן דער פֿירנדער חבר פֿון „בונד", און איך — האָבן אין דעם פֿרימאָרגן פֿון ערשטן מאַי זיך אויסגעפּוצט מיט רויטע בינדעס און זיך געלאָזט איבער די וואַרשטאַטן אָפּצושטעלן די אַרבעט פֿון אַ גרויסן טייל אַרבעטער, און באַשטעלט זיי צו קומען צו אַ מאַי־פֿאַרזאַמלונג הינטערן שטאָט, אין אַ טאָל, אויפֿן פֿעלד, לעבן טייך (מיר האָבן אויסגעשטעלט אַ וואַך ביזן שטאָט צו היטן פֿאַר אַ „בייז אויג"...). צו דער פֿייערונג זיינען געקומען אַרום 40 פּערזאָן. וועגן ערשטן מאַי האָבן גערעדט מענדל פּשעפּיורקאַ און שלמה־איציק פּאַוו (געלייענט זיין

1916, דאָסמאָל אין באַזונדערע פּאַרטיי־לאָקאַלן פֿון „בונד" און „פּועלי־ציון".

אין דער „אַרבעטער־היים" האָבן זיך גאַנץ פֿרי פֿאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל חברים. עס האָבן גערעדט אַברהם פּשעפּיורקאַ, מענדל פּשעפּיורקאַ און איך. דוד גאָלדפֿאַרב איז געוועזן פֿאָרזיצער. דער עולם האָט געזונגען אַרבעטער־לידער און עס איז באמת געווען אַ יום־טובדיקע שטימונג. ביים סוף פֿון דער פֿייערונג איז געקומען די מעלדונג, אַז פּאָליציי קומט. דער פֿאָרזיצער האָט פֿאַראָרדנט אַז דער עולם זאָל אַרויס פֿון זאָל, בלייבן זאָלן בלויז אייניקע חברים. ווען זשאַנדאַרמען און פּאָליציי זיינען אַריינגעקומען, זיינען אין דער „אַרבעטער־היים" געווען בלויז די חברים מענדל פּשעפּיורקאַ, שלמה זאַבלודאָוויטש, יאָסל לויפּמאַן און איך. מיר זענען אַלע אונטער אַ וואַך פֿון פּאָליציי אָנגעפֿירט געוואָרן אין אַרעסט. נאָך אַ רעוויזיע אין לאָקאַל פֿון דער „אַרבעטער־היים", האָט דער הויפּט פֿון דער זשאַנדאַרמען (שיינט מיר, אַז זיין נאָמען איז געווען באַסטיאַן) געפֿירט די אויספֿאָרשונג. קודם־כל האָט ער אונדז זייער שטאַרק אויסגעמוסר'ט וואָס מיר וואַגן צו מאַכן אַזעלכע פֿייערונגען, דערביי אונדז

געזאָגט: — איך בין אויך „אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט", אָבער היינט אין קריגס־צייט, מאַכט מען ניט קיין מאַי־פייערונגען. מיר האָבן זיך אַלע געהאַלטן זייער ווירדיק און אים געענטפערט, אַז מיר, די סאָציאַליסטן, האַלטן, אַז דעם ערשטן מאַי דאַרפן מיר פייערן דוקא ווייל עס איז מלחמה. מיר ווילן אויף דעם אופן אויסדריקן אונדזער פאַרלאַנג צו שלום.

בעת דער אויספאָרשונג האָט ער אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און אונדז געוויזן, אַז דאָס האָט ער געפונען אין דער „אַרבעטער־היים" און געפרעגט צו וועמען עס באַלאַנגט. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך בין פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל איך בין דער רעזשיסאָר פון דעם דראַמאַטישן קרייז און דאָס געפינט זיך אין דעם רעקוויזיטשענקל פון דעם קרייז. מיר באַנוצן דאָס בלויז, אויב עס איז נויטיק, בעת אַ פאָרשטעלונג. די פאָליציי, וועלכע קומט צו אונדזערע פאָרשטעלונגען, זעט דאָס זייער אָפט. ווידער האָט ער זיך צעשריגן מיט קולות, אַז אויב דער רעוואָלווער זאָל געבראַכט ווערן אין אָרדנונג, קען ער „טויט־שלאָגן". מיר האָבן אים רואיק געענטפערט, אַז ער איז דאָך אָבער ניט אין אָרדנונג און עס דראָט ניט דעריבער קיין שום געפאַר. ער האָט אונדז געסטראַשעט מיט שלאָגן און אויף דעם האָבן מיר רעאַגירט, אַז מיר דערוואַרטן דאָס פון דעם דייטשן „הויך־ציוויליזירטן סאָציאַל־דעמאָקראַט". ער האָט אונדז איבערגעשיקט אין אַרעסט, דאָרט האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן צוויי טעג און אַרויסגעלאָזן.

גלייך נאָכדעם ווי מיר זענען אַהיימגעקומען, איז צו מיר אַריין פרץ פראַווּדע, וואָס איז דאַן, בעת דער אָקופּאַציע געווען אַ „סטאַרשי פּאָליציאַנט" און מיר איבערגעגעבן, אַז מען האָט אונדז אַרויסגעלאָזט פון אַרעסט על־פּי טעות, ווייל געהייסן אַרויסלאָזן האָט מען בלויז יאָסל לויפמאַן און אונדז, די דריי, האָט דער קרייז־שעף פאַראָרדנט צו פאַרשיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. ער האָט אונדז דאָס דערציילט כדי מיר זאָלן קענען אַנטלויפן פון שטאָט. מיר דריי האָבן זיך גלייך פאַרשטענדיקט און אַוועק צופוס דורך היגטער־וועגן ביז קאַלושין. נאָך אַן אָפּרו זענען מיר ווייטער אַוועק ביז וואַרשע. דאָרטן זענען מיר אויפגענומען געוואָרן זייער חבריש און די חברטע פאַיע לעוו האָט זיך מיט אונדז פאַרנומען און באַזאָרגט אונדז מיט עסן און אַ דירה. דאָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע וואָכן ביז חברטע פייגע וויינטרויב האָט בעת אַן אינטערווענץ ביים קרייז־שעף באַקומען פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט אונדז מער ניט פאַרפאָלגן — זענען מיר דאַן צוריק אַהיימגעקומען.

אין 1917 — עס איז מן הסתם געווען אין חודש פעברואַר — האָט אַ חבר פון שעדלעץ געבראַכט צו אונדז אַ פּעקל מיט אומלעגאַלע פּוילישע אויפרופן קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און קעגן מלחמה. דריי חברים האָבן פרייוויליק גענומען אויף זיך אויפצוקלעפּן די אויפרופן איבערן שטאָט. מענדל פּשעפּיורקאַ, יחיאל־מאיר פייגנבוים און איך. דער חבר מאָטל זאַיאָנץ, וואָס איז בעת דער דייטשער אָקו־

דער סעקרעטאַריאַט פון „פּועלי ציון" אין וועגראָוו (1917)



זיצן (רעכטס): אברהם פשעפיורקא, יחיאל ווייס; שטייען (רעכטס): שמחה פיינגאָלד, חיים בראַנד, שלמה מאזור

פאַציע געווען אין דער פאָליציי, האָט מיר געגעבן אַנדערע בגדים, מ׳זאָל מיך נישט דערקענען, און מיר זאַלבעדריט האָבן אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס אויפגעקלעפט די שטאָט מיט פראָקלאַמאַציעס. מיר האָבן אַפילו אויפגעקלעפט די פראָקלאַמאַציעס אויף די ווענט פון דער פוילישער קירך. נאָכמער: אַפילו אין דער ביוראָ פון דעם קרייז־שעף. דאָס לעצטע האָבן מיר געטאָן אויף אַ זייער קונציקן אופן. אין די שעה׳ן ווען די ביוראָ איז געווען טעטיק. אַ טאָג שפעטער האָבן די דייטשן אַרויסגעהאַנגען אַ מעלדונג אין שטאָט, אַז די וואָס וועלן איבערגעבן ווער עס האָט אויסגעקלעפט די שטאָט מיט אויפרופן, וועלן פאַרגיטיקט ווערן מיט 500 מאַרק. האָבן מיר זיי ווידער אָפגעטאָן „אויף טערקיש״; מענדל און איך האָבן מיט אַ ספעציעלן שטאָף פון סאַזשע און טינט פאַרשמירט די דייטשע מודעות. דאָס האָט שוין די דייטשן אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט און גלייך אויף צומאָרגנס האָבן זיי אַרויסגעהאַנגען איבערן שטאָט אַ צווייטע מודעה, אַז דאָס מאָל וועלן זיי שוין געבן 1,000 מאַרק אַ פאַרגיטיקונג, אויב מען וועט צושטעלן די מענטשן וועלכע האָבן עס געטאָן.

דער פאַרטיי־קאָמיטעט האָט דאַן באַשלאָסן, אַז איך זאָל אויף אַ שטיקל צייט אַוועק פון שטאָט. איך האָב זיך דאַן עטלעכע וואָכן אויפגעהאַלטן אין סאָקאָלאָוו און אין שעדלעץ, ביז מען האָט געפילט, אַז עס איז פולשטענדיק באַרואיקט, בין איך דאַן צוריקגעקומען צוזאַמען מיטן חבר ישראל שורעק ע״ה, וועלכער איז געקומען אויף אַ פאַרלעזונג קיין ווענגראָוו.

נאָכן שליסן דעם שלום־אָפמאַך אין בריסק, אין 1917, איז קלאָר געוואָרן, אַז פוילן וועט דערגרייכן דער אויסגעבענקטער נאַציאָנאַלער אומאָפהענגיקייט. אונדזער פאַרטיי איז געווען פאַר דער נאַציאָנאַלער אומאָפהענגיקייט פון פוילן. אַרום דעם זענען פאָרגעקומען שאַרפע דיסקוסיעס מיט אייניקע חברים און באַזונדערס מיט „בונדיסטן״.

די באַפרייאונג פון פוילן איז געקומען. די דייטשע אָקופאַנטן האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַנד אַ באַוועגונג פון וויילן אַרבעטער־און פויערים־ראַטן. ביי אונדז זענען אָבער געווען בלויז יידישע אַרבעטער פאַרטייען פון „פועלי־ציון״ און „בונד״. האָט אונדזער פאַרטיי־קאָמיטעט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן די פוילישע אַרבעטער און באַאַמטע און זיי העלפן שאַפן אַ פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון „פ.פ.ס.־לעוויצאַ״. עס איז אונדז געלונגען זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דריי פאָליאַקן, איינער אַ שטאָטישער באַאַמטער, דער צווייטער אַ בוי־אַרבעטער און דער דריטער אַ מולאַזש. מיט די דריי איז אָפגעהאַלטן געוואָרן אַ זיצונג אין דער „אַרבעטער־היים״. חבר מענדל בראַוו האָט פאַר זיי אויפגעקלערט דעם ענין וועגן שאַפן אַ פויליש־סאָציאַליסטישע אַרבעטער פאַרטיי מיט דער אויסזיכט, אַז נאָכדעם זאָל געוויילט ווערן אַן אַרבעטער־און פוערים־ראַט. אָבער גלייך ביי דער צווייטער זיצונג האָט איינער פון זיי פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי באַזאָרגן מיט געווער. מיר האָבן דערפילט, אַז עס דראָט מיט פראָוואָקאַציע און אויפגעגעבן דעם פלאַן.

מיט אַ קורצער צייט שפעטער האָבן מיר זיך טאַקע דערוואוסט, אַז דער מולאַזש איז געווען אַ געהיים־אַגענט אין דער ניי־אָרגאַניזירטער פוילישער פאָליציי און אין שפעטערדיקע צייטן האָט ער זיך ספעציעל פאַרנומען מיט פאַרפאָלגונגען קעגן די טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

קורץ נאָך דער פוילישער באַפרייאונג איז אין לעמבערג פאָרגעקומען דער פאָגראָם אויף יידן. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין לאַנד האָט עס אויפגענומען מיט שרעק און מיט דער וואָרנונג, אַז מיר דאַרפן זיין גרייט אומעטום פאַר אַזעלכע איבערפאַלן. אונדזער פאַרטיי־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן זיך צו פאַרשטענדיקן מיט אַלע פאַרטייען פון בירגערלעכן־און אַרבעטער־לאַגער און פאַרלאַנגט צו רופן אַ געמיינזאַמע זיצונג. די זיצונג איז צושטאַנדגעקומען אין הויז פון דעם ווענגראָווער הילפס־קאָמיטעט. ס׳זענען געקומען צו דער זיצונג: דער גביר פון שטעטל, יוסף־חיים בערנשטיין; דער גערער חסיד, אברהם פיינגאָלד; אויך לייזער פיינגאָלד, דוד־אייזיק ניימאַן, מענדל האָלאַנד א. אַ. פון פועלי־ציון זענען געווען פאַרטראָטן: דוד גאָלדפאַרב און איך. פון „בונד״: משה מאַרקוספעלד און ברוך סטאָפיק.

די פאַרטרעטער פון די אַרבעטער־פאַרטייען האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל צוגרייטן אַ זעלבסט־שוץ־אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער יוגנט אין ווענגראָוו. מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זאַמלען געלט, פאַרשטייט זיך, ביי די רייכערע יידן, אויף געווער. אַרום דעם ענין איז פאָרגעקומען אַ זייער שאַרפער ויכוח. די יידישע גבירים האָבן זיך אָפגעזאָגט דאָס צו טאָן, דערקלערנדיק אַז זיי זענען ניט זיכער, צי דאָס געווער וועט ניט באַנוצט ווערן קעגן זיי. אין מיטן פון די פאַרהאַנדלונגען איז דאָס הויז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך פאָליציי און אַלע באַטייליקטע אויף דער זיצונג, זענען אָפגעפירט געוואָרן אין אַרעסט. נאָך אַ לענגערער אויספאָרשונג האָט מען אַלעמען באַפרייט. ווייזט אויס, אַז אין זכות פון די רייכע יידן זענען אויך די אַרבעטער־פאָרשטייער באַפרייט געוואָרן...

די פאָליטישע אַרבעט פון „פועלי־ציון״ האָט זיך ניט נאָר אויסגעדריקט אין אַזעלכע אַקטן אָדער אַקציעס, נאָר זי איז געווען פאַרבונדן מיט כסדרדיקע אויפקלערונגען וועגן אַקטועלע פאָליטישע געשעענישן אין אינטערנאַציאָנאַלן און מלוכהשן לעבן פון פוילן. ס׳זענען געפירט געוואָרן אָפטע דיסקוסיעס וועגן ציוניזם און בונדיזם. גאָר באַזונדערס איז אויפגעקלערט געוואָרן וועגן דעם מהות און תוכן פון פועלי־ציוניזם און וועגן דער סאָציאַליסטישער לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

די שמועסן איבער ליטעראַטור האָבן באַזונדערס צוגעצויגן גרויסע צאָלן פון דער יידישער יוגנט פון אַלע ריכטונגען.

די גאַנצע אויפקלערונגס־אַרבעט איז געפירט געוואָרן דורך אייגענע כוחות, דורך די פירנדע חברים פון „פועלי־ציון״, וועלכע האָבן נאָך געמוזט אויך באַדינען אַנדערע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך מיט פאָרלעזונגען, חברישע שמועסן און בכלל מיט דער אָרגאַניזיר־אַרבעט פון די פאַר־

טיי־גרופּן אין שטאָט און דער סביבה. דורך סיסטעמאַטישער פּאָליטישער אויפקלערונג־אַרבעט, האָבן מיר צוגעצויגן די ווייט־גרעסטע מערהייט פון דער יוגנט.

די ווענגראָווער פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ אינטעליגענטע פירערשאַפט, איז אויך געווען זייער דיסציפּלינירט, געשטאַנען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיטן שעדלעצער ראַיאָן־קאָמיטעט און צענטראַל־קאָמיטעט, און האָט אויסגעפירט אַלע באַשלוסן און דירעקטיוון. די אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט פאַרטרעטער צו די ראַיאָן־קאָנפערענצן און צו די לאַנד־צוזאַמענפאָרן. ביי דער אומלעגאַלער ראַיאָן־קאָנפערענץ אין שעדלעץ, אין יאָר 1917, זענען געווען פאַרטראָטן די חברים מענדל פשעפּיורקאַ און איך. ביי דעם אומלעגאַלן לאַנד־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע — די חברים: אַברהם פשעפּיורקאַ און דוד גאָלדפאַרב. ביי דעם ערשטן לעגאַלן צוזאַמענפאָר פון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי אין פּוילן, אין דעצעמבער 1918, זיינען פאַרטראָטן געווען די חברים מענדל בראַוו און איך.



אַ סצענע פון דער פּיעסע דער שטימער פון א. ווייטער. אויפגעפירט פון ווענגראָווער דראַמ־קרייז אין 1923.
רעכטס: מאטעס בלאכמאן אין די ראָל פון „פאָטער"
לינקס: משה ראדושינסקי אַלס „דער פריינט".

אונדזער דערפאָלגרייכער דראַמאַטישער קרייז, וועלכער איז באַשטאַנען פון זייער טאַלאַנטפולע אַמאַטאָרן, האָבן פון די באַדייטנדע הכנסות פון זייערע פאָרשטעלונגען, געגעבן גרעסערע סומען דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און זייער אַ סך מיטגעהאָלפן פינאַנציעל צו שטאַרקן די זיך־בויענדע פּאַרטיי אין פּוילן.

## די וואַל קאַמפּאַניעס

נאָך פּוילנס באַפרייאונג, זענען פאָרגעקומען וואַלן צו די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס. אונדזער שטאָט איז באַשטאַנען פון אַ יידישער מערהייט און עס האָבן געדאַרפט געווילט ווערן 24 ראַטמענער. פון די 24 זענען טאַקע אויסגעוויילט געוואָרן 14 יידן. די „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי איז צו די וואַלן געגאַנגען מיט אַ זעלבסטשטענדיקער ליסטע. ס'איז אויך געווען אַ באַזונדער ליסטע פון „בונד" און אַן אַלגעמיינע יידישע ליסטע פון אַלע בירגערלעכע פּאַרטייען, ווי: חסידים, ציוניסטן א. אַ. אויף אונדזער ליסטע זענען אויסגעוויילט געוואָרן 7 קאַנדידאַטן מיט דוד גאָלדפאַרב בראש. פון דער בירגערלעכער ליסטע — 5; פון „בונד" — 2. די פּראָפּאָרץ־פאַרטרעטערשאַפט— מיט זייער קליינע ענדערונגען — האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט ביי אַלע וואַל־קאַמפּאַניעס אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין 1939. מיר האָבן אויך באַקומען אַ זייער גרויסע צאָל שטימען בעת די וואַלן צום סיים. עס איז דערביי אינטערעסאַנט איבערצוגעבן, אַז די גאַנצע צייט פון די ערשטע וואַל־קאַמפּאַניעס, האָבן מיר זיך קיינמאָל ניט באַנוצט מיט קיין שום פרעמדע רעדנער, נאָר אַלץ איז געפירט געוואָרן מיט אייגענע כוחות פון דער אָרגאַניזאַציע.

## אונזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע

מיר האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע נאָך אין די צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. איך בין אויסגעטיילט געוואָרן צו דער דאָזיקער אַרבעט דורכן פּאַרטיי־קאָמיטעט. צו דער אָרגאַניזירונג־אַרבעט זענען אויך צוגעצויגן געוואָרן די חברים: יצחק זאַיאָנץ, מענדל אַקערמאַן און י. האַלפּערן. די ערשטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעמען אין אַן אָפּגעברענטער חורבה, אין הויז פון די וויינטרויבס. אין אַ קורצער צייט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן הונדערטער יוגנטלעכע אין דער אָרגאַניזאַציע „יוגנט", וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די אויבנדערמאָנטע חברים און שפּעטער — נאָך מיין פאַרלאָזן — דורך די חברים: זעליק בורשטיין, פּיניע יאַסקולקע, שטיכמייסטער, שלעזינגער, צוזאַמען מיט די פריער דערמאָנטע חברים פון אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט.

אין די יאָרן 20—1919 האָט אַ גרויסער טייל פון די פירנדע חברים פאַרלאָזט די שטאָט. אַ טייל פון זיי זענען צוריקגעפאָרן צו זייערע אַרבעטן אין וואַרשע און אין לאָדזש. אַנדערע זענען גענומען געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי. מענדל פשעפּיורקא און איך זענען געשטעלט געוואָרן צו פּאַרטיי־אַרבעט אין אַנדערע שטעט. גאָלדפאַרב איז אַוועק קיין אַרגענטינע; אברהם פשעפּיורקאַ — קיין וואַרשע, וואו ער האָט געאַרבעט אין דער יידישער פּרעסע. די פירערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע איז איבערגענומען געוואָרן דורך די חברים: משה מאַנדעלבוים, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער אָרגאַניזאַציע ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין אומקום; ער איז אויך געווען דער איינציקער געוויילטער יידישער לאווניק פון ווענגראָווער מאַגיסטראַט.

מאטל זאיאנץ — איינער פון די וויכטיקע טוער פון דער ווענגראָווער אָרגאַניזאַציע, איז געווען אין דער פירערשאַפט ביז ער איז אין 1928 אַוועק קיין אַרגענטינע.

מעכל ווארשניטער פון זאַראָמב, אַ אינטעליגענטער טוער, אַ פיינער רעדנער; מאיר נארדמאן, אַ פירנדער חבר פון דער פּראָפ. באַוועגונג, פּיניע יאסקולקע, א. נ. שטיכ־

מייסטער א. אַ. זיי האָבן אָנגעהאַלטן די העגעמאָניע פון „פועלי־ציון" אין דער שטאָט ווענגראָוו און דער איינפלוס פון דער פאַרטיי איז כסדר געשטיגן.

די חברים האָבן אויף אַלע עפנטלעכע טריבונעס אין די שטאָטישע קאָמונאַלע קערפּערשאַפטן און אין דער יידישער קהילה רעפּרעזענטירט דעם ווייט־גרעסטן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט און די פאָלקס־מאַסן. אין שטאָט־ראַט און אין דער קהילה זענען מצד די „פועלי־ציון" אין באַשטימטע צייט־אָפּשניטן אויך געווען פאַרטרעטן די חברים: שמואל שטיינבערג, נתן ווײַנטרויב, שמעון באס, איטשע קאשיץ, מענדל פשעפּיורקאַ (ראזביטשער). די חברים זענען אויך געווען אַקטיוו אויף אַנדערע געביטן פון פאַרטייאישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.

„פועלי־ציון" און „בונד" כדי צו אָרגאַנאַזירן די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונגען. צו דעם קאָמיטעט פון די „פועלי־ציון" זענען אויסגעוויילט געוואָרן די חברים: מענדל פשעפּיורקאַ, מרדכי לעוואַרטאָווסקי און איך; און מצד דעם „בונד" — די חברים: שלמה איציק פּאַוו, ברוך סטאָפּיק און יאַנקל פרידמאַן. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אַרבעטער, אַפילו אויך פון די וועלכע אַרבעטן ביי אייגענע עלטערן, און די רעגיסטרירטע אַרבעטער זאָלן אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות אויסקלייבן אַן אָנפירערשאַפט. ביי דער ערשטער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז דערוויילט געוואָרן אַ פירערשאַפט פון 7 חברים. מצד „פועלי־ציון" זענען דערוויילט געוואָרן די חברים: מענדל פשעפּיורקאַ, מרדכי לעוואַרטאָווסקי, שמחה



ערשטע רייע: (שטייען) פון לינקס: לייזער ארענשטיין, יעקל פאסטל, (ניט באַקאַנט), שמחה פיינגאלד, שמחה פאסטל, פרץ פראוודע, איטשע קאשיץ, משה גורמאן, שמואל לויפער, משה וויינטרויב.
צווייטע רייע: משה מאנדבוים, יחיאל פשעפּיורקא, (?) לויפמן, אברהם פשעפּיורקא, מענדל בראוו, יחיאל ווייס, (?), מאטל קאפאווער.
דריטע רייע: (זיצן אויף דער ערד): אשר גינצבורג, יאסעלע לויפמאן, חיים בראנד, מלכה ווייס, מלכה קאגאן, גיטל פיינגאלד, אברהם בערגמאן און פישל ניימאן.

## אָרגאַניזירונג פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

אין אונדזער שטאָט זענען געווען קליינע צאָלן פון אַרבעטער ביי פאַרשיידענע פאַכן, ווי גאַרבערעס, שוסטער, שניידער, סטאָלער, טרעגער און אַ גרויסע צאָל סופרים. די גרעסטע צאָל סופרים זענען באַשטאַנען פון חסידישע יידן און עס איז געווען אוממעגלעך זיי צו אָרגאַניזירן. אַלע אַנדערע פאַכן האָבן מיר באַשלאָסן אונטער אַלע אומשטענדן צו אָרגאַניזירן.

די „פועלי־ציון" האָבן געהאַלטן, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דאַרפן געבויט ווערן אומפּאַרטייאיש. מיר האָבן זיך דאַן געווענדעט צום „בונד" און זיי פאָרגעלייגט, אַז ס'זאָל געשאַפן ווערן אַ צווישן־פּאַרטייאישער קאָמיטעט פון

פיינגאָלד און איך; מצד דעם „בונד" זיינען דערוויילט געוואָרן די חברים: שלמה־איציק פּאַוו, יאַנקל פרידמאַן, ברוך סטאָפּיק, די דריי וועלכע זענען געווען אין דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע. די אַרבעט פון דעם דערוויילטן קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי מיר זענען נאָך אַלע געווען אין שטאָט; שפּעטער, ווען די חברים זענען זיך פונאַנדערגעפאָרן און די פאַרטייאישע אַמביציעס האָבן אָנגענומען אַ גאָר שאַרפן כאַראַקטער, זענען די פאַריינען שוין געווען צעטיילטע. די „פועלי־ציון" האָבן אָנגעפירט מיט די סטאָלער, טרעגער און צוקערוואַרג־אַרבעטער, וועלכע זענען באַשטאַנען מערסטנס פון יוגנטלעכע מיידלעך, און די טרעגער־אַרבעטער, וועלכע זענען דורך מיר אָרגאַניזירט געוואָרן אין

אַ פאַרייניקטער גרופּע, און אַזוי אַרום פאַרמיטן אינערלעכע רייבונגען. ביי די שניידער־און שוסטער־אַרבעטער איז די השפּעה געווען אויף אַ בשותּפותדיקן אופן פון „פּועלי־ציון" און „בונד". מיר האָבן אויך אָנגעפירט מיט די גאַרבער־אַרבעטער, וואו איך אַליין האָב אָנגעהערט פריער צו דעם פאַך, אַלס אַ וואַלקער, און אויך שמחה פיינגאָלד, וועלכער האָט ביי דעם פאַך געאַרבעט לאַנגע יאָרן. ס'זענען זייער אָפט פאָרגעקומען שטרייק־אַקציעס פון פאַרשיידענע פאַכן, טיילמאָל געמיינזאַמע מיטן „בונד" און טיילמאָל זעלבסטשטענדיקע דורך די „פּועלי־ציון" אָדער „בונד".

## חברישע שפּאַצירן

ווי אַלע שטעטלעך צו יענער צייט, האָבן זיך אַזוי אויך אין אונדזער שטעטל געפונען יוגנטלעכע וועלכע האָבן זיך געפילט ווי פאַרשטויסן פון אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן און פאַרטייאישן לעבן. יוגנטלעכע וועלכע זענען געווען פאַרוואָרלאָזט, הפקרדיק, און געשטאַמט פון אָפּגעשטאַנענע אָרעמע פּראָסטע עלטערן. די עלטערע מענטשן האָבן זיי גערופן מיט די נעמען: „פּעבל", לאָבוסעס א.אַ.וו. געווען זענען זיי טרעגער אָדער בעקער ייִנגלעך, שמייסער ביי בעלי־עגלות, און די מיידלעך זיינען על־פּי־רוב געווען „דינסטן".

אונדזער פאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז מען מוז אַ סוף מאַכן צו אַזאַ צושטאַנד. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דורך אָנהאַלטן אַ פאַרטיילונג פון יחסנישע בעלי־בתּישע קינדער פון איין זייט, און אָפּגעשטאַנענע ייִנגלעך און מיידלעך פון דער אַנדער זייט, — וועט דער צושטאַנד ניט פאַרבעסערט ווערן, נאָר פאַרקערט: זיי וועלן אויסוואַקסן נאָך ווילדער, הפקרדיקער ווי ביז איצט. איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז אונדזערע חברים, אַלס באַוואוסטזיניקע יונגע סאָציאַליסטן, וועלן מוזן ענדערן דעם ביז־איצטיקן נוסח און אָפּשאַפן דעם ניט־פּראָקלאַמירטן אָבער פאַקטישן „חרם" אויף די פאַרנאַכלעסיקטע און פאַרשטויסענע יוגנטלעכע.

מיר האָבן דעריבער איינגעפירט „חברישע שפּאַצירן" און יעדער אָנגעזעענער חבר אָדער חברטע האָט אין אַ שבת־פאַרנאַכט שפּאַצירט איבערן שטאָט מיט די אָפּגעשטאַנענע ייִנגלעך און מיידלעך, זיך געחברט און געשמועסט מיט זיי און זיי אויפגעהויבן צו זייער ניוואָ, און דורך דעם זיי אַרויסגעהויבן פון זייער דערשלאָגנקייט, אָפּגעשטאַנענקייט, זיי אויפגעקלערט וועגן זיך, וועגן מענטש און ייִד, וועגן וועלט און פאָלק, וועגן נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען.

די ערשטע צייט בעת די שפּאַצירונגען, האָבן זיי מיט אונדזערע חברים ניט געוואָלט גיין; שפּעטער, ווען מיר האָבן שוין צוזאַמען אין פאָרלעך ענדלעך שפּאַצירט איבער די גאַסן, האָבן באָבעס און מאַמעס געשאָלטן; טאַטעס האָבן געגעבן פּעטש, — אַ קלייניקייט מיר פאַרשווענן זייער ייחוס. מיר האָבן אָבער דאָך דורכגעבראָכן די מחיצה און זייער אַסך פון דער אָפּגעשטאַנענער יוגנט האָבן מיר אַרויסגעהויבן פון דער געפאַלנקייט, און שפּעטער זענען זיי געוואָרן גוטע, באַוואוסטזיניקע, אַקטיווע חברים און חברטעס.

מיר האָבן אַפילו אָרגאַניזירט אַ גרופּע דינסט־מיידלעך, וועלכע איז דאַן געפירט געוואָרן דורך די חברטעס: פייגע וויינטרויב, גיטל זומער, מלכה טאָרנהיים א. אַ. מיר האָבן זיי געהאָלפן זיך צו באַשיצן קעגן דער ווילדער שקלאַפערישער באַציאונג פון די רייכע באַלעבאָסטעס און דער עיקר: — דערוועקט אין זיי מענטשלעכן שטאָלץ.

## אונדזערע לאָקאַלן

אונדזער „אַרבעטער־היים" איז אין פאַרשיידענע צייטן געווען געצוואונגען, צוליבן דרוק פון די בעלי־בתּים, צו פאַרלאָזן די לאָקאַלן. די פאַרטיי האָט דעריבער רעקווירירט די „ווייבער־שול" פון נייעם בית־מדרש — אין וועלכן מען האָט זייער זעלטן געדאַוונט, — פאַר אונדזער פאַרטיי־לאָקאַל. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער „לינת־הצדק". אַ דאַנק דעם וואָס דער „לינת־הצדק" האָט זיך געפונען אין זעלבן לאָקאַל, זענען מיר געשיצט געוואָרן פון אַלע פּראָטעסטן פון די פרומע און עס איז אונדז מעגלעך געווען אָנצופירן די פאַרטיי־אַרבעטן אין זעלבן לאָקאַל. שפּעטער איז דורך דער פאַרטיי רעקווירירט געוואָרן דער „הקדש", אַ הויז וואָס האָט באַלאַנגט צו דער יידישער קהילה און וואָס איז געווען זייער אָפּגעלאָזן, ווייל עס איז קיינמאָל ניט באַנוצט געוואָרן. מיר האָבן דורכגעפירט דאָרט אַ רעמאָנט, געמאַכט פון דעם אַ לייטישן פּלאַץ און פאַרוואַנדלט אין אַ קולטער־צענטער, וואו ס'האָט זיך גרופּירט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „יוגנט"; אין נאָך אַ לאָקאַל, אויף דער גאַרבער גאַס, ביי דער „ראָגאַטקע" האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט אַן אָוונט־שולע, וואו ס'האָבן געלערנט אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע אַרבעטער און וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די חברים: אברהם פּשעפּיורקאַ און מענדל בראַוו. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין שוין אין ווענגראָוו ניט געווען, האָט די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מיט דער הילף פון די ווענגראָווער חברים אין אַרגענטינע, ספּעציעל דורך דוד גאָלדפאַרב, אויפגעבויט אַן אייגן הויז וואו ס'האָט זיך געפונען אַ קינדער־היים און אַ קולטור־קלוב. דאָרט זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אַלע געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע טעטיקייטן.

## אונדזער הילפס־אַרבעט

אויפן געביט פון הילפס־טעטיקייט האָט די „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע דערפילט צוויי אויפגאַבן: ערשטנס, מיר האָבן ווידער אָנגעהאַלטן די אַרבעט פון „לינת־הצדק", וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין יאָר 1915, בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. מיט דער אַרבעט האָבן זיך ספּעציעל פאַרנומען די חברים: מענדל שעדלינסקי, וועלכער האָט זיין גאַנצע מי אָפּגעגעבן פאַר דער אינסטיטוציע; נתן וויינטרויב, וועלכער איז געווען פון באַרוף אַ פעלדשער, און דוד גאָלדפאַרב. די לעצטע צוויי חברים זענען אויך געווען טעטיק ביי פאַרשיידענע פאַרטיי־אַרבעטן.

די צווייטע סאָציאַלע הילפס־אַרבעט וואָס מיר האָבן אָנגעפירט, איז געווען אַ קיך פאַר אַרבעטסלאָזער און יידי־שער אָרעמקייט, וואו מען האָט געגעבן אומזיסטע מאָלציַיטן. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן בשותפות מיטן „בונד״. אַרום דער אַרבעט פון קיך זיינען פאָרגעקומען זייער אַ סך מחלוקת מיט די בירגערלעכע עלעמענטן אין שטאָט, ווי אויך מיט דעם בירגערלעכן הילפס־קאָמיטעט אַלס גאַנצן. מיר האָבן דאַן געוואוסט, אַז דער בירגערלעכער הילפס־קאָמי־טעט פירט די טעטיקייטן אויף אַן אופן וועגן וועלכן איך וויל איצט ניט אַריינגיין אין פרטים, ווייל איך וויל ניט אויפמישן אַ זייער טרויעריקן קאַפּיטל, וואָס האָט דערפירט צו דער באַזייטיקונג פון דעם בירגער־קאָמיטעט. די אַרבע־טער־פאַרטייען האָבן איבערגענומען די פולשטענדיקע אָנ־

דער גאַנצער משפחה. פאַר אַ סך פון די מענטשן איז דאָס געווען די איינציקע שפּייז וואָס זיי האָבן געהאַט.

כדי אויסצוהאַלטן די קיך, האָבן מיר אַרויפגעלייגט אַ שטייער אויף די רייכע יידן, פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָבן גוטוויליק געצאָלט יעדן חודש דעם איינקאַסענט חבר שלמה דראָבלעס. דער אייגנטימער פון דער גרויסער מיל, ה. סאַטענשטיין, האָט בייגעשטייערט מעל פאַרן פולן גע־ברויך; קצבים און בעקערייען האָבן בייגעשטייערט ברויט און פלייש, וואָס איז עטלעכע מאָל אַ וואָך פאַרטיילט גע־וואָרן צו די אָרעמע. די אַלע אַנדערע אויסגאַבן האָבן מיר געמוזט דעקן דורך ביישטייערונגען, וואָס מיר האָבן באַקו־מען פון פאַרמעגלעכע יידן: דווקא אַ באַדייטנדער טייל פון די גבירים האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן דעם דאָזיקן שטייער

**יידישע אָוונט־שול א. נ. פון ב. באָראָכאָוו — (1927)**



ערשטע רייע, אויבן: יצחק בורשטיין, זייליק גרונטרוי, איטשע שטינברג, שמעון שנידובר (אין אַמעריקע), חיים וועלוול לעוואַרטאָווסקי, פּאַרביארז׳, נוח קאָכאַן, אברהם בורשטיין, ישראל וואגמאן, בורשטין.
צווייטע רייע: רויזע פיינגאָלד, עלקע שעדלינסקי, רבקה שעדלינסקי, אסתר פשעפּיורקא, יענטע בערגמאַן, ריווע פּאַסטאַלסקי, שרה רוזענפעלד, סאָקאָלאָוו, שדלינסקי, (ניט באַקאַנט), פייגע שנידובר,
אונטן: אהרן נוח שטיכמיסטער, נתן ווינטרויב, (?), מאטל זאיאנץ, זייליק בורשטין.

פירונג פון דעם גאַנצן הילפס־קאָמיטעט און טאַקע שפּעטער געפירט אים אויף זייער דעמאָקראַטישן, פאָלקסטימלעכן און אָרענטלעכן אופן — אין די אינטערעסן פון דער גאַנצער יידישער אָרעמקייט. אין שפּיץ פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט איז שפּעטער געשטאַנען חבר דוד גאָלדפאַרב.

די קיך פאַר די אַרבעטסלאָזע האָט זיך געפונען נעבן שול־הויף און הונדערטער מענטשן האָבן סיי אויפן אָרט באַקומען שפּייז, און סיי געקענט מיטנעמען עסן אַהיים פאַר

און מיר האָבן זיי געמוזט צווינגען מיט כוח צו דערפילן זייער חוב פאַר דער יידישער אָרעמקייט.

ביי דער פאַרטיי איז געווען אַ גרופּע, וואָס איז לכתחילה אָרגאַניזירט געוואָרן אַלס אַ זעלבסט־שוץ אין פאַל פון אַזעלכע געשעענישן, ווי עס זענען פאָרגעקומען אין לעמ־בערג. די גרופּע אונטערן נאָמען „ק. ד.״ (קאַמף־דרוזשינע) איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די חברים: שמחה פיינגאָלד און יחיאל ווייס. ווען די גבירים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון

צאָלן שטייערן פאַר דער קיך, איז די גרופּע באַנוצט געוואָרן דאָס אויפצומאָנען. עס איז טאַקע געקומען צו אָפּטע אַרעסטן פון חברים, אָבער דאָס האָט זיי ניט אָפּגעשראָקן.

איינמאָל איז דורך די אַרבעטסלאָזע באַשלאָסן געוואָרן צוצונעמען פרייטיק־צו־נאַכטס דאָס עסן פון די גבירישע הייזער, וועלכע האָבן ניט געוואָלט צאָלן זייער שטייער. גרופּן אַרבעטער האָבן זיך געלאָזן צו די פּאַרעקשנטע גבירים אין די הייזער און צוגענומען אַלץ וואָס איז געווען צוגע־גרייט פאַר דער פרייטיק־צו־נאַכטס־סעודה און דאָס אַוועק־געטראָגן אין קיך, וואו די אַרבעטסלאָזע האָבן געהאַט אַ גוטן מאָלצייט; שבת אין דער פרי האָבן זיך די אַרבעטס־לאָזע געלאָזט איבער די שטאָטישע בעקערייען. די בעקער־ייִנגלעך וועלכע האָבן געאַרבעט אין די בעקערייען, האָבן געמאַכט צייכנס אויף די טשאָלנטן פון די רייכע פאַ־מיליעס. די גרופּן אַרבעטסלאָזע האָבן צוגענומען די טשאָלנטן און דאָס אַוועקגעטראָגן אין דער אַרבעטער־קיך, וווּ די אָרעמקייט האָט ווידער אַמאָל געהאַט אַ גוטן שבתדיקן מאָלצייט...

בעת די אַקציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן, בין איך זיך רואיק געגאַנגען מיט נאָך חברים איבערן שטאָט שפּאַ־צירן און אַפילו ניט געוואוסט אין וועלכע הייזער די אַקציעס ווערן דורכגעפירט, זענען צוגעגאַנגען צו מיר פּאָליציי צו־זאַמען מיטן גערער חסיד, נייפעלד, און מיך אַרעסטירט. אין אַרעסט האָב איך באַקומען אַ צעטעלע פון חבר זאַבלודאָ־וויטש, וואָס איז, אגב, מיר געבראַכט געוואָרן דורך אַ פּאָלי־ציאַנט, אַז די אַרבעטסלאָזע און די יידישע אָרעמקייט גרייטן זיך צו אַ דעמאָנסטראַציע. איך האָב מיטן זעלבן פּאָליציאַנט צוריקגעשיקט אַ צעטעלע — פאַרווערנדיק דורכצופירן די דעמאָנסטראַציע. חבר זאַבלודאָוויטש האָט דאַן אָנגעשריבן אַ בריוו צו אריה נייפעלד און אים געוואָרנט, אַז אויב חבר בראַנד וועט ניט היינט באַפרייט ווערן, וועט ער פאַר דעם טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער ייד, ווייזט אויס, האָט זיך דערשראָקן און איז אַוועק אין פּאָליציי — מן הסתם זיי צוגעזאָגט אַ ביסל „חאַבאַר" און אין אָוונט האָט מען מיך פון אַרעסט באַפרייט. אָבער נאָך דעם אינצי־דענט האָבן שוין אויך די „עקשנים" געצאָלט זייער ביי־שטייערונג פאַר דער קיך...

דערביי איז וויכטיק איבערצוגעבן צוויי אינטערעסאַנטע עפּיזאָדן: בעת איך בין אַרויס פון אַרעסט איז געווען שבת־צו־נאַכטס. אַ גרופּע חברים האָבן מיך באַגלייט אַהיים. מיין טאַטע ז"ל האָט שוין געהאַט געמאַכט הבדלה. אַריינקומענדיק אין הויז, זאָגט צו מיר דער טאַטע: „חיים, היינט האָסטו זיכער ניט געהערט קיין הבדלה, בעט איך דיך, איידער וואָס־ווען, מאַך קודם־כל הבדלה." — מיר דערלאַנגט די וויין, אָנגעצונדן די הבדלה, אַוועקגעשטעלט דעם בשמים־ביקסל — און איך האָב געמאַכט הבדלה. נאָכדעם האָט ער פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל אריה נייפעלד, דעם גערער חסיד, פון זעלבן שטיבל וואָס מיין טאַטע ז"ל, רופן צום רב ער זאָל מקבל זיין צי איך האָב געכאַפּט טשאָלנטן, ווייל ער איז זיכער אַז דאָס איז אַ בלבול.

אַ צווייטער עפּיזאָד: נאָך די געשעענישן מיט די טשאָלנטן, זענען ביי אונדז אין שטאָט פאָרגעקומען וואַלן. האָבן די טוער פון דעם בירגערלעכן בלאָק אויפגעשריבן לאָזונגען אויף די ווענט מיט אַ רוף צו די יידן — „שטימט ניט פאַר די טשאָלנט־כאַפּער, שטימט ניט פאַר „פּועלי־ציון"..."

די „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע אין ווענגראָוו מיט איר קאָלעקטיוון כוח, פּאָליטישער, מאָראַלישער דערצויגנקייט און אחריות, איז די אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ געווען אַ דערמוטיקנדיקער פאַקטאָר פאַר דער גאַנצער „פּועלי־ציון" באַוועגונג אין פּוילן. ווען איך פלעג פון צייט צו צייט — איינמאָל אין עטלעכע יאָר — קומען קיין ווענגראָוו צו מיינע עלטערן ז"ל, צו מיינע יוגנט־חברים, האָב איך שטענ־דיק געהאַט אַ גרויסן נחת־רוח צו זען די פאַנאַנדערגעבליטע, צעוואַקסענע באַוועגונג און די צעשטראַלענע, פריידיקע חברים, וועלכע זענען געווען שטאָלץ מיט זייערע־אונדזערע דערגרייכונגען.

צו די מיטינגען און פאָרלעזונגען וואָס די פּאַרטיי האָט איינגעאָרדנט בעת מיין באַזוך, זענען געקומען הונדערטער און הונדערטער חברים און פריינט, עלטערע און יוגנטלעכע. זיי האָבן פאַרפּלייצט די גאַסן אַרום דעם זאַל, וואו מיין אויפטריט איז פאָרגעקומען. אַ סך פון די יוגנטלעכע האָב איך ניט געקענט, ווייל זיי זענען אַריין אין דער „פּועלי־ציון"־באַוועגונג נאָכדעם ווי איך בין שוין דאָרט ניט געווען. אָט דער גרויסער וואוקס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק די חברים וועלכע האָבן ממשיך געווען די אַרבעטן מיט גלויבן און התלהבות.

אין שפּעטערדיקע יאָרן פלעג איך הערן גרוסן פון מיין שטעטל. די פירנדע חברים פון דער באַוועגונג, וועלכע פלעגן באַזוכן ווענגראָוו, פלעגן מיט באַזונדער פרייד מיר דערציילן וועגן דעם. די מערסטע פון די פירנדע חברים האָבן באַזוכט ווענגראָוו און אַ טייל — צו עטלעכע מאָל. ס'זענען דאָרט געווען די חברים: זרובבל, ד"ר ניר (ראַפאַל־קעס), ד"ר ג. גרשוני, ד"ר רפאל מאַלער; חברים וועלכע זענען שוין מער ניטאָ מיר אונדז ווי, ש. זאַגאַן, ב. בוקסנ־בוים, יצחק לעוו, י. ראָזען, יעקב קענער, י. פּעטערזייל, ד"ר רינגלבלום א.אַ. די אַלע חברים מיט זייערע פאָרלעזונגען, חברישע שמועסן, אַקאַדעמיעס, פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, האָבן זייער אַ סך מיטגעהאָלפן צו דער געשטאַלטונג, דערציאונג און אויפבוי פון די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אין ווענגראָוו. נאָך יעדן באַזוך האָט יעדער פון זיי שטאַרק געלויבט און אָנערקענט די אָרגאַניזאַציע אין ווענגראָוו מיט אירע פירער און טוער. איך האָב זיך דערפון געפילט שטאָלץ און דער־מוטיקט.

אַזוי האָבן זיך צו מיר, אין משך פון 20 יאָר — זינט 1919 ווען איך האָב פאַרלאָזט ווענגראָוו ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1939 — געטראָגן די גוטע בשורות פון אַ פולסירנדיקן פּאַרטיי־לעבן מצד די „פּועלי־ציון" אין ווענגראָוו.

שפּעטער, אין די ערשטע מלחמה־טעג, ווען חברים

פון אַנדערע שטעט זיינען געלאָפן פון די נאַצישע מערדער, געוואַנדערט, געוואָגלט, האָבן זיך אין זייער נע־ונד געלויף אָפגעשטעלט אויף אַ ווײלע, דעם אָטעם צו כאַפן, אין ווענגראָוו, האָבן זיי מיר דערציילט וועגן דער ברידער־ און שוועסטער־ליבע וואָס די „פועלי־ציון”־חברים האָבן אַרויסגעוויזן — אַליין שוין געיאָגטע — צו די פאַרוואָלגטע יידן. מיט וויפל ליבשאַפט און רחמים האָבן זיי די חברים און חברטעס אויפגענומען און זיך געטיילט מיטן שטיקל ברויט און מיט אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

אין יענע פינצטערע טעג פון אונדזער יידישער געשיכטע, איז צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פאָלק אומגעקומען די „פועלי־ציון”־אָרגאַניזאַציע מיט אירע פירער אין ווענגראָוו.

די ווענגראָווער „פועלי־ציון”־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעשריבן אַ פרעכטיק בלעטל אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער יידיש פאָלק; עס איז אַ ייחוס פאַר די אַלע וועלכע האָבן געלעבט אין איר און מיט איר.

אָט די „יחוס־קרוין” טראָג איך און וועל טראָגן מיט שטאָלץ ביזן סוף פון מיין לעבן!

ש. בן זאב

# געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פאָליטישע אָרגאַניזאַציעס

א.

שוין איבער פופציק יאָר ווי דאָס יידישע ווענגראָוו האָט אויפגעוואַכט צו פאָליטישער טעטיקייט. נאָך אין יאָר 1905 איז דער דעמאָלס אומלעגאַלער „בונד” אַרויס אין קאַמף קעגן צאַריסטישן רעזשים און אָרגאַניזירט עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, פראָטעסטן ווי אויך טעראָר־אַקטן.

די עפנטלעכע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט הויבט זיך אָן פון יאָר 1914. די ערשטע אינסטיטוציע איז געווען „לינת־הצדק”, אַרום וועלכער ס'האָט זיך גרופירט די גאַנצע יידישע יוגנט פון שטאָט; דאָס יידישע לעבן אין יענער צייט איז געווען באַאיינפלוסט, צום גרויסן טייל, פון צוויי גרויסע אידעען: ציוניזם און סאָציאַליזם. די יידישע יוגנט פון אונדזער שטעטל האָט מיט גייסטיקער התלהבות אויפגענומען ביידע גרויסע באַפרייאונגס־אידעען, מחמת אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געווען אַרבעטער, בעלי־מלאכות און אָנגעשטעלטע.

אין די יאָרן 1904—1905 האָט עקזיסטירט אין שעדלעץ אַ שטאַרקע אַקטיווע „בונדישע” אָרגאַניזאַציע. דאָרט איז געווען טעטיק דער ראַיאָן־קאָמיטעט און פון דאָרטן זענען געשיקט געוואָרן טוערס קיין ווענגראָוו, וואָס האָבן אין שטרענגער קאָנספיראַציע געגרינדעט דעם „בונדישן פאַריין”.

די „בונד” אידעאָלאָגיע איז אין יענער צייט אַריינגעדרונגען אויך אין די בתי־מדרשים און חסידים־שטיבלעך; פרומע בחורים זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער פרייהייטס־ באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט אין קאַמף מיט דער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט אָרגאַניזירט פאָגראָמען אויף יידן.

אין ווענגראָוו האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע געהאַט איר פאַרטיי־לאָקאַל. די פאָליציי פלעגט אָפט מאַכן אַרעסטן אין דער סביבה פונם בונדישן פאַרטיי־לאָקאַל און פונאַנדעריאָגן די שפאַצירנדיקע אין יענע גאַסן.

פון צייט צו צייט פלעגן דאָרט פאָרקומען „מאַסובקעס”, ד. ה. אַרבעטער־מיטינגען אין איינעם פון די שטאָטישע בתי־מדרשים. די רעדנער האָבן געמוזט דאָס מאַכן שנעל, כדי ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די זשאַנדאַרמען.

די שווערע מפלות פון דער צאַרישער אַרמיי אויפן יאַפאַנישן פראָנט אין יאָר 1905, האָבן שטאַרק אונטערגעגראָבן דעם צאַרישן אַבסאָלוטיזם. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך געשטאַרקט. אויך אין אונדזער שטאָט איז די טעטיקייט פון „בונד” געשטאַרקט געוואָרן. לויטן באַפעל פון די „בונדישע” אָנפירער אין ווענגראָוו איז אין יענעם יאָר געמאַכט געוואָרן אַ באַוואָפנטער איבערפאַל אויף דער רוסישער „קאַזנאַטשעיסטווע” (רעגירונגס־קאַסע), מיטן ציל צו פאַרכאַפן דאָס געלט פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן. דער איבערפאַל איז פאָרגעקומען ביינאַכט און האָט געדויערט איבער 3 שעה, אָבער ער איז אַדורכגעפאַלן.

אין ווינטער 1905 איז אין ווענגראָוו פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע דעמאָנסטראַציע אין וועלכער ס'האָבן מאַרשירט הונדערטער יידישע אַרבעטער טראָגנדיק די רויטע פאָן. ס'זענען אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס צוויי פאַרטרעטער פון שעדלעצער „בונד”. דאָס מיליטער האָט שנעל פונאַנדערגעטריבן די דעמאָנסטראַציע, און אַ סך פון די דעמאָנסטראַנטן זענען אַרעסטירט געוואָרן. אויך די רעדנערס זענען געוואָרן בלוטיק געשלאָגן, אַרעסטירט און אָפגעפירט אין שעדלעצער טורמע. אין אייניקע וואָכן אַרום איז אויסגעפירט געוואָרן אַ טעראָר־אַקט אויף די זשאַנדאַרמען אין ווענגראָוו, ביי וועלכן איין זשאַנדאַרם איז געפאַלן.

די דעספאָטישע רעאַקציע האָט אָבער געזיגט. האָט זיך טאַקע די רוסישע זשאַנדאַרמעריע גענומען נוקם זיין אינעם יידישן אַרבעטער. אַ סך אַקטיווע אָנפירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטאָט זענען אַרעסטירט געוואָרן, הונדערטער האָבן עמיגרירט קיין אויסלאַנד. מיט רעכט

קאָן מען זאָגן, אַז דאָס בלוטיקע יאָר 1905 איז דער גרויסער אָנהויב פון דער עמיגראַציע פון אונדזער שטאָט.

ב.

אין אויגוסט 1915 האָט זיך די רוסישע אַרמיי צוריקגע־צויגן פון גאַנץ פוילן און די דייטשע אַרמיי האָט אַריינמאַר־שירט. אינם יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט זיך דערפילט אַ געוויסע דערלייכטערונג. ס'איז באַלד דערלויבט געוואָרן צו אָרגאַניזירן קולטורעלע, רעליגיעזע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי דאָס יידיש־נאַציאָנאַל פאָלקסהויז א.נ. „בית־עם" מיט אַן אייגענער ביבליאָטעק.

אין „בית־עם" האָבן זיך געפונען חוץ דער ביבליאָטעק אַ טעאַטער־זאַל, אַ לייען־זאַל און שפּיל־און פאַרווייליונגס־זאַל. אויך אַן אייגענער בופעט איז דאָרטן געווען.

נאָך אַ לאַנגער אַנטיסעמיטישער העץ־קאַמפּיין איז דער שיינער לאָקאַל אַריבער אין די הענט פון פּוילישן מאַגיסט־ראַט. דער „בית־עם" איז געשלאָסן געוואָרן און די ביב־ליאָטעק איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אַ קליין צימער, וווּ זי האָט פונקציאָנירט צוויי מאָל אַ וואָך.

זומער־צייט 1916 איז אַראָפּגעקומען קיין ווענגראָוו איי־נער פון די דאַמאָלסדיקע פירער פון „פּועלי־ציון" אין פוילן, בריסקמאַן, אַ פעאיקער רעדנער און טעאָרעטיקער.

נאָך זיין רעפעראַט איז געגרינדעט געוואָרן אַ „פּועלי־ציון" פאַראיין, וואָס האָט זיך דעמאָלס גערופן „י. ס. א. פּ. פּועלי־ציון".

ס'איז געדונגען געוואָרן אַ לאָקאַל וואָס האָט זיך אָפּי־ציעל גערופן „אַרבעטער־היים". אָט דאָס איז דער אָנהויב פון דער פּוע"צ באַוועגונג אין ווענגראָוו.

אין דער „אַרבעטער־היים" האָט זיך אַנטוויקלט אַ אינ־טענסיווע קולטורעלע און פּאַרטייאישע טעטיקייט; ס'ווערט אָוועקגעשטעלט אַ גוט־איינגעאָרדנטע ביבליאָטעק פון פּאַר־טיי־ליטעראַטור, פּרעסע; ס'ווערן איינגעאָרדנט פּאַרטיי־רע־פעראַטן, דיסקוסיעס, קעסטל־אָוונטן, וואָס זענען פאַרגע־קומען יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס. ס'ווערן איינגעאָרדנט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער־אָנפאַנגער; געוויסע פאַכן אָרגאַניזירן זיך אין פראָפעסיאָנעלע פאַריינען; ס'ווערט אויך אָרגאַ־ניזירט אַ „דראַמאַטישע סעקציע", וואָס פירט סיסטעמאַטיש אויס פאַרשיידענע דראַמאַטישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען און פאָלקס־קאָנצערטן.

די „פּועלי־ציון" באַוועגונג אַנטוויקלט זיך און ווערט די גרעסטע אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. אין יאָר 1917 איז די „אַרבעטער־היים" געשלאָסן געוואָרן, ווייל אין איר איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן די פייערונג פון 1־טן מאַי; אָבער די טע־טיקייט ווערט דערמיט ניט אָפּגעשטעלט. די אָרגאַניזאַציע פונקציאָנירט ווייטער און די טעטיקייט ווערט געפירט אין פּריוואַטע היימען פון איבערגעגעבענע חברים, ביז די „אַר־בעטער־היים" איז ווידער געעפנט געוואָרן אין אַ נייעם לאָקאַל.

אין לעצטן מלחמה־יאָר — 1918 — איז געעפנט גע־וואָרן אַ ביליקע אַרבעטער־קיך פאַר אַרבעטסלאָזע.

ביי די וואַלן צום ערשטן פּוילישן סיים האָט זיך די „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע אויסגעצייכנט מיט דער גרעסטער צאָל שטימען, אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס. אויך צו דער שטאָטראָט האָט זי אָנגעצויגן שטי־מען פאַר צוויי ראָט־מענער. כדאי צו באַמערקן, אַז אין ווענגראָווער שטאָטראָט האָבן יידישע ראָטמענער געבילדעט די מערהייט. ס'זענען געווען פאַרטרעטער פון „אגודה", „בונד", „פּועלי־ציון", „פאָלקיסטן", „ציונים־מזרחי" און אומפּאַרטייאישע.

במשך פון אָט די פינף און צוואַנציק יאָרן האָט די פּוע"צ־אָרגאַניזאַציע געפירט אַ אינטענסיווע טעטיקייט אויף די פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע געביטן. געווען אויך אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם פון לעבנס־מיטלען און אַ קאָאָפּעראַטיווע מעבל־פאַבריק.

די „פּועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע אין ווענגראָוו האָט גע־פירט איר טעטיקייט ביז ס'איז אָנגעקומען דאָס טראַגישע יאָר 1939.

ג.

דער טראַגישער גורל האָט געוואָלט, אַז פון די חברים, וואָס האָבן געהערט צום ווענגראָווער „בונד" איז קיינער ניט געבליבן, וואָס זאָל קענען דערציילן וועגן זייער אָר־גאַניזאַציע.

איך וועל דאָ דעריבער איבערגעבן אַ ביסל אינפאָרמאַ־ציע.

אויך דער „בונד" האָט געגרינדעט אַן אייגענע ביבליאָ־טעק און לייען־זאַל, ווו די מיטגלידער האָבן באַקומען זייער פּאַרטיי־ליטעראַטור; זיי האָבן אָרגאַניזירט דיסקוסיעס־אָוונטן, רעפעראַטן, צו וועלכע ס'זענען אַראָפּגעבראַכט גע־וואָרן רעדנער פון שעדלעץ און וואַרשע. זיי האָבן אָרגאַני־זירט געוויסע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אַ דראַמאַטישע סעקציע, וואָס האָט אויסגעפירט טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

די חברים פונעם „בונד" זענען באַשטאַנען פון די סאַמע אָרעמסטע שיכטן אין אונדזער שטאָט. זיי זענען געווען איבערגעגעבן בלב־ונפש זייער באַוועגונג, ליב געהאַט די יידישע שפּראַך, געפּלעגט מיט ליבע די יידישע קולטור, מיט די לעצטע שווער פאַרהאָרוועטע גראָשנס געקויפט די פּאַר־טיי־ליטעראַטור, יידישע ביכער און געשטיצט יידיש טע־אַטער, אויסגעהאַלטן זייער קלוב, געשטיצט אַלע פּאַרטיי־אונטערנעמונגען, געבויט די „צ. י. ש. אָ." — שולן, דער „בונד" האָט באַוויזן אויפצוהייבן דעם קולטור־ניוואָ פון זיינע אָנהענגער. זייער פיל פון די בונדישע אַרבעטער האָבן עמיגרירט.

ד.

שווער צו פאַרצייכנען די גענויע דאַטע פון דער גרינ־דונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע ביי אונדז אין שטאָט.

נאָך אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען אין ווענגראָוו געווען פיל „משכילים״, הייסע אָנהענגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, פון פּאָליטישן ציוניזם; זיי אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם משכיל דוד־אייזיק ניימאַן. דאָס איז געווען אַ זון פון מאַקאָווער רב. זיין שטוב איז שטענדיק געווען פול מיט ציוניסטישע טוער. ער איז געווען דער מנהיג פון די שטאָטישע ציונים. אויך זיין ברודער אברהם משה ניימאַן און זיין שוואָגער יוסף לעשטש זענען געווען לומדים־משכילים, הייסע ציונים און אין דער זעלבער צייט — אַלעקסאַנדער חסידים מיט לאַנגע יידישע מלבושים. זיי פלעגן פאַרקויפן „שקלים״, מאַרקעס פון קרן־קיימת לישראל און פירן זאַמלונגען פאַר ארץ־ישראל. זיי האָבן זיך געהאַט זייערע אייגענע ביבליאָטעקן מיט ציוניסטישער ליטעראַטור, העברעאישע פּרעסע און פאַרשיידענע ציוניסטישע צייטשריפטן.

די „באַלפור־דעקלעראַציע״ האָט דערמוטיקט די ציוניסטן אין זייער טעטיקייט. דער ציוניסטישער אידעאַל האָט אַריינגעדרונגען אין יעדן יידישן הויז ביי אונדז אין שטאָט. די ציוניסטן אָרגאַניזירן דעם „החלוץ״. זיי טרעטן אַריין אין דער יידישער קהילה, אין דער יידישער ליי־שפּאָר־קאַסע, איבעראַל ציען זיי גרויסע צאָלן שטימען; זיי פירן אַריין אַ גרויסע צאָל ראַטמענער אין שטאָט־ראַט, ווי אויך פּרנסים אין דער יידישער קהילה.

ווי אַלע אַנדערע ווערט אויך די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פאַרניכטעט אין יאָר 1939.

ה.

די חסידישע יידן האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער „אגודת־ישראל״, און אַלס אָנפירער איז באַשטימט געוואָרן דער באַקאַנטער גערער חסיד און למדן ר׳ מאיר אשר קאָזלאָווסקי; אונטער זיין אָנפירונג הויבט אָן די „אגודה״ איר טעטיקייט אויף אַלע געביטן פון קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי גייען מיט אַ באַזונדערער רשימה צו די סיים־וואַלן, שטאָטראַט וואַלן און צו די וואַלן פון דער יידישער קהילה.

צוזאַמען מיט אַלע קינדער פון יידישן פאָלק זענען אויך די חברים פון „אגודת ישראל״ אומגעקומען אינעם גרויסן פייער וואָס האָט פאַרברענט כמעט דאָס גאַנצע יידענטום פון אייראָפּע.

★

פילקאָליריק איז געווען דאָס לעבן אין יידישן ווענגראָוו, צו וועלכן עס האָבן בייגעשטייערט באַוווּסטע רבנים, דיינים, לומדים, שאַרפע חסידים און שאַרפע מתנגדים, פיינע בעלי־הבתים, פרומע בעל־מלאכות און גאָטס־פאָרכטיקע הארעפּאַשניקעס, טרייע אידעאַליסטישע אַרבעטער און נשים צדקניות.

יעדע גרופּע, יעדע פּאַרטיי, איז זיך געגאַנגען איר אייגענעם וועג, אָבער איין צענטראַלער ליכט־שטראַל האָט אַלעמען באַלויכטן, אַלעמען פאַראייניקט, אויף איין דרך המלך האָבן זיך אַלע צונויפגעטראָפן: ממשיך זיין דעם קיום פון יידישן פאָלק.

נאָך 800 יאָר איז טראַגיש אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט פון יידישן ישוב פון ווענגראָוו.

יעקב חמיעלאזש (תל־אביב)

# א. די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין ווענגראָוו

דער האָלץ־פאַריין

פיל יידישע אַרבעטער אין ווענגראָוו זענען געווען בעשעפטיקט ביי סטאָלעריי און ספּעציעל ביי מעבל־אויסאַרבעטונג, פאַרן געברויך אין שטאָט און פאַר פויערן אין די אַרומיקע דערפער.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך געצויגן 12—14 שעה און דאָס האָט געווירקט קאַטאַסטראָפאַל אויפן געזונט פון די אַרבעטער.

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלן מיט זיך פאָר די לערן־יינגלעך, וועלכע האָבן זיך רעקרוטירט פון יונגע קינדער פון נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן. זיי פלעגן שוין אין פריען עלטער פון 12 אָדער 13 יאָר איבעררייסן דאָס לערנען אין חדר און גיין לערנען אַ פאַך. צום גרעסטן טייל, סטאָלעריי.

אָט דער שווערער מצב פון די אַרבעטער האָט באַוויגן די לינקע פּועלי־ציון צו טון פאַר פאַרבעסערן די באַדינגונגען פון די סטאָלער־אַרבעטער.

אין יאָר 1925—1926 איז געגרינדעט געוואָרן אין ווענג־ראָוו דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פון די האָלץ־אַרבעטער אונטער דער אָנפירונג פון: מאיר נאַרטמאַן, מאָטל זאַיאַנץ, יאָסל שעדלינסקי, איטשע בלאַכער, און אַנדערע. די ערשטע אויפגאַבע, וואָס דער פאַריין האָט זיך פאָרגענומען איז געווען: 1) אָנערקענען דעם פאַריין אַלס איינציקן פאַרמיטלער צווישן אַרבעטער און אַרבעטס־געבער; 2) אויסקעמפן אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג; 3) צולאָזן די לערן־יינגלעך צום וואַרשטאַט, כדי זיי זאָלן זיך אויסלערנען אַ פאַך און נישט באַשעפטיקן זיי ביי דער שטוב־ווירטשאַפט.

דער קאַמף איז געווען אַ לאַנגער און שווערער און איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. די האָלץ־אַרבעטער זענען געווען אין ווענגראָוו די איינציקע, וועלכע האָבן געאַרבעט 8 שעה אין טאָג.

דער האָלץ־פאַריין איז געווען אָנגעשלאָסן צום צענטראַלן פאַרבאַנד פון האָלץ־אַרבעטער אין וואַרשע ביי די פּ. פּ. ס., און אויך געווען רעגיסטרירט ביים אַרבעטער־אינספעקטאָר אין שעדלעץ.

נאָך יאָרן זענען אַ טייל אַרבעטער געוואָרן זעלבס־שטענדיק, מיט אייגענע וואַרשטאַטן, וועלכע האָבן צום טייל באַשעפטיקט אַרבעטער. פיל זענען געפאָרן אַרבעטן קיין וואַרשע, און איינצלנע אויך קיין אויסלאַנד. איינצייטיק זענען צוגעקומען פרישע אַרבעטער, לערן־ייִנגלעך און וואַרשטאַטן. מיט דער צייט האָבן ווענגראָווער מעבל־וואַרשטאַטן אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר סוחרים פון שעדלעץ, אַלקוש, וואַלאָמין, פּראַגע, וואַרשע און אַנדערע.


Nr. 1
Karta Członkowska
מיטגלידס־קארטע
na rok 1925 אויפ'ן יאָהר
CENTRALNY ZWIĄZEK
Rzemieślników Żydów w Polsce
Warszawa, Leszno 42.
צענטראַל־ווידישער
האַנדווערקער - פעראיין אין פוילען
ווארשא, לעשנא 42.
Oddział w
אבטיילונג

די מיטגלידס־קאַרטע נומער 1 פון האַנטווערקער פאַריין אין ווענגראָוו האָט באַקומען יעקב וויערניק

אין יענער צייט זענען די אָנפירער פון דעם פאַריין געווען: מאיר לייב שניאַדאָווער, יצחק זאַיאָנץ, קדיש שטשעג־לאַטשיק, חיים טוביה זילבערשטיין, שלמה שניאַדאָווער, מרדכי זאַמטלויפער און דער שרייבער פון די שורות.

מיט דער צייט איז די מעכאַניזאַציע אָנגעקומען אויך קיין ווענגראָוו. אין די גרעסערע וואַרשטאַטן האָט מען אָנגעשטעלט עלעקטרישע מאַשינען, וועלכע פאַרלייכטערן די אַרבעט. די אַרבעטער זאָרגן, אַז דאָס וועט שאַפן אַרבעטס־לאָזיקייט, אָבער פאַרקערט: עס פאַרגרעסערט זיך די פּראָ־דוקציע, עס שאַפן זיך גרעסערע אָפּזאַץ־מעגלעכקייטן פאַר ווענגראָווער מעבל. די צאָל אַרבעטער פאַרגרעסערט זיך, ווייל פיל יוגנטלעכע, וועלכע גרייטן זיך צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, לערנען זיך סטאָלעריי, כדי צו זיין פּראָדוקטיוו ווען זיי וועלן אָנקומען אין לאַנד.

דער גרויסער שטרייק אין יאָר 1935, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן נצחון פון די סטאָליערס, האָט אָפּגעקלינגען אין גאַנץ פוילן.

## דער נאָדל־פאַריין

דער שניידער־פאַך איז באַשטאַנען פון די טאַנדייטער, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט מלבושים פאַר די פּויערים אין די אַרומיקע דערפער און זענען פאַרקויפט געוואָרן אין די מאַרק־טעג אין ווענגראָוו, דינסטיק און פרייטיק. די טאַנדיי־טער זענען אויך געפאָרן אויף די ירידים אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. די בעלי־בתים זענען אַליין געשטאַנען ביים טיש און געשניטן די אַרבעט, און פלעגן באַשעפטיקן אַ געוויסע צאָל אַרבעטער, פיל מער אין סעזאָן. אַחוץ דעם האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַרבעט די חאַלופּניקעס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי זיך אין שטוב. אָט די חאַלופּניקעס האָבן אויך באַשעפטיקט אַרבעטער ספּעציעל אין די סע־זאָנען.

אויסער די טאַנדייטער זענען געווען די שניידער אויף באַשטעלונג פאַר פרויען און מענער, וועלכע האָבן אַליין געאַרבעט, צוזאַמען מיט זייערע קינדער. זיי האָבן טיילווייז באַשעפטיקט אַרבעטער, ספּעציעל פאַר די יום־טובים, ווען זיי האָבן געהאַט מער צו טון.

די שניידער־אַרבעטער פלעגן אַרבעטן פון 14 ביז 16 שעה אַ טאָג, און פאַר יום־טוב און אין סעזאָן נאָך מער. זייער לוין איז געווען אַ נידעריקער. ספּעציעל שווער זענען געווען די באַדינגונגען פון די לערן־ייִנגלעך. כמעט אַלע שניידער האָבן געהאַט זייערע וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט דער וווינונג, און אַזוי אַרום זענען די לערן־ייִנגלעך געווען געצוווּנגען אויספירן אויך אַלע אַרבעטן פון דערווירטשאַפט.

מיט דער הילף פון „בונד" איז געשאַפן געוואָרן דער נאָדל־פאַריין אין ווענגראָוו, וועלכער איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער נאָדל־צענטראַלע אין וואַרשע. אָבער שווער איז געווען די אַרבעט צווישן די שניידער־אַרבעטער. אַ גרויסן טייל פון יאָר זענען זיי געווען אַרבעטסלאָז, און ווען זיי האָבן געקריגן אַרבעט אין סעזאָן אָדער פאַר יום־טוב, האָבן זיי געאַרבעט וויפל עס האָט זיך געלאָזט. אָט דאָס איז געווען די סיבה, צוליב וועלכער דעם פאַראיין איז נישט געלונגען איינצופירן אַן אַכט שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

אַ זיץ־שטרייק פון די נאָדל־אַרבעטער האָט זיך פאַר־ענדיקט מיטן העכערן פון זייער לוין.

## דער שטריקער־פאַריין

שטריקעריי איז געווען אַ נייער פאַך אין ווענגראָוו, וועלכן עס האָבן איינגעפירט די ווענגראָווער סוחרים מאָטל אַרענשטיין, משה יענטשמען, ציפּע מיינעמער, פּראַדל די פּיצערקע און אַנדערע. זיי האָבן פון וואַרשע געבראַכט וואָל, אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן צום שטריקן דערעס און די פאַרטיקע סחורה געפירט צוריק קיין וואַרשע. אין אָנהויב זענען געווען באַשעפטיקט גאָר ווייניק אַרבעטערינס. מיט דער צייט האָבן זיך נאָך אַרבעטערינס אויסגעלערנט דעם פאַך און נאָך סוח־רים האָבן זיך מיט דעם אָנגעהויבן באַשעפטיקן. מיט דער צייט איז דאָס געוואָרן דער וויכטיקסטער פאַך אין שטאָט, עס האָבן זיך ביי דעם באַשעפטיקט הונדערטער פרויען, מיידלעך און אַפילו קינדער. (עס איז געוואָרן אַ שפּריכ־

וואָרט, אַז אַפילו קינדער אין די וויגן שטריקן דערעס.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, ווייל זי איז געמאַכט געוואָרן בלויז מיט די הענט, און דער לוין אַ נידע־ריקער. כדי צו פאַרדינען עפּעס מער, זענען די שטריקערינס געווען געצוואונגען צו אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי אַ נאַפט־לעמפּל (ווייל נישט אין אַלע הייזער איז געווען עלעקטריש ליכט).

נאָך פיל מי זענען געשאַפן געוואָרן צוויי פאַריינען: איינער אונטער דער השפעה פון „בונד" און לייטונג פון אהרן־פייוול בלומענקראַנץ; דער צווייטער — אונטער דער השפעה פון „לינקע פועלי ציון" און לייטונג פון שמואל פעלער.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען זענען די פאַריינען אַנערקענט געוואָרן פון אַלע סוחרים, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן וואָל צום שטריקן.

אין אָנפאַנג האָבן די פאַריינען געאַרבעט יעדער פאַר זיך. אָבער די אינטערעסן פון די אַרבעטאָרינס האָבן פאַרלאַנגט אַז זיי זאָלן אַרבעטן געמיינזאַם און סאָלידאַר. זיי זענען געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג און געאַרבעט צוזאַמען. אונטער דער לייטונג פון די צוויי אויבן־דערמאָנטע חברים.

דער פאַריין האָט עקזיסטירט ביז דער מלחמה אין וועלכער עס זענען אומגעקומען די מיטגלידער צוזאַמען מיט זייער פירער.

כבוד זייער אָנדענק.

## ב. דער „באראכאוו־היים"

די „לינקע פועלי־ציון" זענען געווען די פּאָפּולערסטע און גרעסטע פאַרטיי אין ווענגראָוו. דער שטענדיקער וווּקס פון דער פאַרטיי האָט געשאַפן דאָס פּראָבלעם פון אַ פּאַסיקן לאָקאַל פאַר די פאַרשיידענע פאַרטיי־אינסטיטוציעס. צוערשט האָט זיך דער פאַרטיי־לאָקאַל געפונען אויף דער סטאַרוועשער גאַס, שפּעטער אויף דער דייטשער גאַס און דערנאָך אויף דער סאָקאָלאָווער. נאָר דער יוגנט־לאָקאַל איז געווען שטענדיק אויף דער ידישער בלאָניע.

אין יאָר 5—1934 איז ענדלעך געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פאַר אַן אייגענעם „באראכאוו־היים" אויף דער טשישעטע גאַס.

הונדערטער געסט פון די אַרומיקע שטעטלעך מיטן פאַרטיי־פירער זרובבל בראש, וועלכער איז ספּעציעל גע־קומען פון וואַרשע, האָבן זיך באַטייליקט אין דער פייערלעכער גרונטשטיין־לייגונג.

די ספּעציעלע געלט־אַקציע האָט געסטאַיעט אויפצו־בויען נאָך דעם פאַרטער מיטן גרויסן זאַל פאַר אימפּרעזעס און לאָקאַל פאַר די פאַרטיי־אינסטיטוציעס און ביבליאָטעק.

די בוי־אַרבעט ווי אויך פענצטער, טירן, פּאָדלאָגעס א. אַ. וו. זענען געמאַכט געוואָרן פרייוויליק.

אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן, איז יעדן פרייטיק־צונאַכטס פאַרגעקומען אין „באראכאוו־היים" אַן עפנטלעכע אודיטאָריע אויף פאַרשיידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט הונדערטער אַרבעטער.

די אודיטאָריעס זענען געוואָרן אַ שם דבר אין שטאָט און געשטאָכן די אויגן פון דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס קווענקלט זיך נישט זיי צו פאַרווערן.

אינעם זעלבן זאַל זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן גוט־באַזוכטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָט די פּוילישע מאַכט רעקוויזירט דעם „באראכאוו־היים" פאַר אירע צוועקן.

די נאַצישע הענקער האָבן חרוב געמאַכט דאָס הויז צוזאַמען מיטן גאַנצן ידישן ווענגראָוו.



דער באראכאוו־הויז פון די לינקע פועלי־ציון אין ווענגראָוו

**יאסל שעדלינסקי** (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# דער קאַמף פאַר 8־שעה׳דיקן ארבעטס־טאָג

אין װענגראָװ זענען נישטאָ קיין ייִדן! צו אָט דעם אמת האָבן מיר זיך שוין צוגעוואוינט אין די לעצטע נאָך־מלחמה־יאָרן. צו אַלץ געוואוינט מען זיך צו. איך קען אָבער נישט פאַרגעסן דעם שווערן איינדרוק וואָס ס׳האָט אויף מיר געמאַכט די ידיעה אַז אין װענגראָװ זענען נישטאָ קיין ייִדן.

ווי איז מעגלעך זיך פאָרצושטעלן אונדזער שטאָט אָן ייִדן? אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן האָט געוואַקסן און געוואָרצלט דאָס ייִדישע לעבן אין װענגראָװ. אויף דעם זאָגן עדות דער אַלטער בית־מדרש און דער װענגראָװער בית־עולם, ווו עס זענען אַריינגעוואַקסן אין דער ערד אַריין מצבות פון די װענגראָװער עלטער־זיידעס.

אַ פאַרוואָרצלט ייִדיש לעבן, מיט אַ ייִדישער אַרבעטער־שאַפט, וועלכע איז געווען די צושטעלערין פון דער אָרעמ־קייט; ייִדישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן פאָרגעזעצט די טראַדיציע פון די ספּעציפיש־ייִדישע פאַכן: סטאָלערײַ, שוס־טערײַ, שנײַדערײַ א. אַ. מיט דער גרויסער צאָל סופרים וואָס האָבן געמאַכט אַ נאָמען דער שטאָט װענגראָװ; די װענגראָ־װער „כלי־קודש״, ייִדישע חברות און אינסטיטוציעס פאַר פילאַנטראָפּישע און קעגנזײַטיקע הילף־צילן, און מיט איר בינטל גבירים און תקיפים, וואָס האָבן באמת געמיינט אַז די וועלט געהערט צו זיי און זיי זענען די בעלי־בתים פון שטאָט...

אַ קאָכעדיק און ברויזנדיק ייִדיש לעבן איז געווען אין װענגראָװ, וואָס וועט נאָך זיכער געפינען דעם היסטאָריקער, וועלכער וועט עס פאַראייביקן אויפן גרונט פון דאָקומענטן און זכרונות.

פון דעם גרויסן שלל מאַטעריאַלן, וואָס בעט זיך אונטער דער פּעדער, און קען זײַן מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון װענגראָװ — וויל איך אַרויסנעמען צוויי מאָמענטן, אויף וועלכע ס׳איז כדאי זיך אָפּצושטעלן: 1) דער אָנהויב פון דער פּראָפעסיאָנאַלער באַוועגונג; 2) דער פּוילישער באָי־קאָט אויף ייִדישע האַנדלס־הײַזער.

פּראָפ׳־פאַריין פון האָלץ־אַרבעטער אין װענגראָװ



ערשטע רייע, אונטן: יקותיאל פּסמאַנטער, שלמה ביאַליסטאָק, איטשע זאַנטלויפער, חיים װאַרוב, ל. גראַנאַװידסקי

צווייטע רייע: יעקב סקיבניעווסקי, שמחה װאַרום, קדיש שטשיגלאַטשיק, מרדכי זאַנטלויפער, מאיר־לייב שניידאַווער, יאסל שעדלינסקי, יצחק זאַיאַנץ, איטשע סרעברע, משה שזיוויצה.

דריטע רייע: אהרן דראַבליאַס, לייבטשע אלבום, סעבער, שטשיגלאַטשיק, משה־אהרן באַטשיאַן, הערשל קאַפּלאַן, ש. קאַפּלאַן.

פערטע רייע, אויבן: אליעזר (?), מרדכי לאַופער, אליעזר סעבער, שמואל װאָלערשטיין, אברהם מאַס, פישל גאָלדמאַן, נטע פּטאַק.

## דער אָנהויב פון די פּראָפעסיאָנאַלער באַוועגונג אין ווענגראָוו

אַלס אָנהויב פון אויפקלערונג און קריסטאַליזירונג אין די רייען פון די ווענגראָווער יידישע אַרבעטער קאָן מען רעכנען דאָס יאָר 1919 — ווען ס׳איז פאָרגעקומען די אויפקלערונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אומעטום.

אין יענעם יאָר האָבן זיך באַוויזן אין ווענגראָוו די ערשטע פאָרשטייער פון דעם אויפוואַכנדיקן אַרבעטער. דאָס זענען אַרבעטער־טוער און סינדיקאַלע פירער, וואָס זענען געקומען פון וואַרשע און אַרומגעפאָרן איבער דער פּראָווינץ; געבראַכט אויפקלערונג צווישן די שטעטלדיקע אַרבעטער און געלייגט דעם גרונדשטיין פון אַ סינדיקאַט אין יעדן אָרט ווו זיי זענען געווען.

מחמת דעם וואָס אין ווענגראָוו זענען נישט געווען קיין גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, האָבן זיך די אַרבעטער נישט געציילט אין די מאַסן. די דאָרטיקע אַרבעטער־שאַפט איז באַשטאַנען ס׳רוב פון געזעלן און לערן־ייִנגלעך ביי די דאָרטיקע בעלי־מלאכות — דער גרעסטער טייל סטאָליאַרעס, — וועלכע האָבן קיין גרויסע השגות ניט געהאַט און מיט קיין גרעסערע פאָדערונגען נישט געקומען צו זייערע בעלי־בתים — די בעלי־מלאכות, וואָס זענען אָפטמאָל אַליין געווען קרבנות פון נויט און אָרעמקייט.

פריער האָט דער ווענגראָווער אַרבעטער בכלל נישט געוווּסט פון ציילן די שעה׳ן וואָס ער הובעלט און זעגט, אָדער וויפל שעה ער קלאַפּט טשוועקעס אין די שיך.

ערשט די אויפקלערונג, וואָס עס האָבן געבראַכט מיט זיך די וואַרשעווער סינדיקאַלע טוער, האָבן אים די אויגן געעפנט; אָנגעוויזן אויף זיין פינצטערער מערכה און — בעיקר — אויפן וועג וואָס קאָן אים פאַרהעלפן אין אָט דער לאַגע.

דאָס איז דער וועג פון פאַריייניקן אַלע אַרבעטער, אין שותפותדיקן און אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און בעסער לעבן. אַלץ האָט מען געדאַרפט אָנהויבן פון בראשית: די ערשטע לאָזונג איז געווען:

## ד״ר קאַמף פאַר אַן אַכט שעה׳דיקן ארבעטסטאָג

דאָס איז געווען ניי — בעיקר פאַר די בעלי־בתים. זיי האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן און נאָכמער — האָט זיך זיי נישט געוואָלט נאָכגעבן.

„וועלן מיר איצט נאָכגעבן — האָבן זיי געזאָגט — ווער ווייסט וואָס עס וועט זיי איינפאַלן ווייטער צו מאָנען?".

איז פאָרגעקומען דער ערשטער פאַרמעסט.

אין שפּיץ פון דעם קאַמף איז געשטאַנען דער סטאָליער־אַרבעטער — וועלכער איז געווען גרעסער אין צאָל און גרייט דער ערשטער זיך צו אָרגאַניזירן. נאָך אים זענען געקומען די אַנדערע פאַכן און אים נאָכגעטאָן. דער ווענגראָווער אַרבעטער האָט זיך אָרגאַניזירט, זיך פאַרמאָסטן — און אָפּגעהאַלטן זיין ערשטן זיג.

נאָך אַ עקשנותדיק־לאַנגדויערנדיקן שטרייק — עקשנות־דיק מצדביידע צדדים — איז דער אַכט־שעהדיקער אַרבעטסטאָג געוואָרן אַ פאַקט און דאָס איז געווען די ערשטע דערגרייכונג פון דעם ווענגראָווער אַרבעטער.

דער ערשטער זיג האָט געמוטיקט דעם אַרבעטער און אים געלערנט, אַז בלויז דורך קאַמף — און נישט דורך כניעה און נאָכגיביקייט — קאָן ער אויסבעסערן זיין לאַגע.

שפּעטער זענען געקומען ווייטערע דערגרייכונגען: עס זענען געווען לוין־העכערונגען — צוליב וועלכע ס׳איז ווידער אויסגעקומען צו וואַרפן די אַרבעט.

די אָריענטאַציע, פאַרשטייט זיך, און די אָנווייזונגען זענען שטענדיק געקומען פון וואַרשע, פון דאָרטיקן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, וואָס האָט געטאָן און געזאָרגט, אַז אויך אין די פּראָווינץ־שטעט זאָל דער אַרבעטער זיין אָרגאַניזירט.

ס׳האָבן זיך אָבער אויך אָנגעהויבן אַרויסרוקן לאָקאַלע ווענגראָווער טוער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אָרגאַניזיר־פעיקייטן.

פון יענע טעג נאָכן ערשטן זיג, איז מיר געבליבן אין זכרון דאָס נייע און הערלעכע בילד, וואָס מען האָט יעדן אינדערפרי געקאָנט זען אויפן מאַרק:

כדי עס זאָלן שטרענג אָפּגעהיט ווערן די אַרבעטער־שעהן, פלעגן די אַרבעטער זיך צונויפקומען יעדן פרימאָרגן אויפן מאַרק, קעגנאיבער דעם פאַפּירגעשעפט פון הערשל פראָסט, און פּינקטלעך — אַכט אַזייגער — פלעגן זיי אַריינגיין צו דער אַרבעט.

די דאָזיקע פרימאָרגן־קאָנצענטראַציע איז שוין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פונקט וואו די אַרבעטער האָבן זיך באַגעגנט און אַראָפּגערעדט פון האַרצן איינער פאַרן צווייטן; ס׳פלעגן אַרומגערעדט ווערן געמיינזאַמע ענינים. עס איז געוואָרן אַ מין אַרבעטער־בירזשע. דער אַרבעטער איז שוין ניט געווען איינזאַם. אַזאַ איז געווען דער אָנהויב פון דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווענגראָוו.

**צבי צעלניקער** (כפר־אתא)

# ספּאָרט און ספּאָרט־קלובן

דער ספּאָרט אין ווענגראָוו האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין די יאָרן 1925—1926. ס׳האָבן זיך געשאַפן גרופּן, וועלכע האָבן צונויפגעזאַמלט געלט און געקויפט אַ באַל, און אַזוי אָנגעהויבן שפּילן; די וועלכע האָבן קיין געלט ניט געהאַט, האָבן געמאַכט אַ באַל פון שמאַטעס און געשפּילט. דער שפּיל־פּלאַץ איז דאַן געווען נעבן בית־הקברות ביי דער קריסטליכער בלאָניע. די „טויערן" זענען געמאַכט געוואָרן פון לאַנגע קאָפּאָטעס מיט יידישע היטלעך, וואָס די יוגנט האָט צו יענער צייט געטראָגן. יעדער האָט געצאָלט מאָנאַט־אָפּצאָל אין זיין גרופּע. פון צייט צו צייט פלעגט איין גרופּע מיט דער צווייטער שפּילן מעטשן. די נעמען פון די גרופּן זענען געווען אויפ׳ן נאָמען פון אָרגאַניזאַטאָר.




ספּאָרט־גרופּע „שטערן" אין ווענגראָוו (1926)

אין יאָר 1926 האָט זיך געשאַפן דער ערשטער ספּאָרט־קלוב — „גוויאַזדאַ" (שטערן) פון די שפּילער הערשל קאַפּלאַן, אברהם בארשטיין, נח קאַכאַן, איטשע שטיינבערג, מרדכי זילבערמאַן, דוד מאָס, לייזער וועלוויל יעלין און נאָך אַ סך וואָס איך געדענק שוין נישט. האָט זיך דאַן געשטעלט אַ פראַגע: ווי נעמט מען אוניפאָרם און פוטבאָל־שיך? עס איז געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, מען האָט געמאַכט אַ געלט־זאַמלונג און געשאַפן געלט, דאַן איז מען אַריין אין אַ לעדער־געשעפט און געקויפט לעדער. און חברים שטעפּער, שוסטער, האָבן זיך אַוועקגעזעצט און גענומען מאַכן שיך. ווען איך בין אַריינגעקומען אין קלוב האָט ער אויסגעזען ווי אַ שוסטער־וואַרשטאַט. יעדער האָט עפּיס צוגעהאָלפן וואָס ער האָט נאָר געקענט. אין אַ וואָך צייט זענען פאַרטיק געוואָרן בלוזעס און שיך.

דער ערשטער אינסטרוקטאָר אין קלוב איז געווען יוסף ראָטמאַן, ער פלעגט אָנפירן גימנאַסטיק דריי מאָל אַ וואָך, ווי אויך שבת גאַנצפרי, און געלערנט מאַרשירן. דער ערשטער מעטש אין שטאָט איז געווען מיט אַ קאַלושינער מאַנשאַפט. מען האָט אַרויסגעקלעפּט אַפישן. אין שטאָט איז עס געווען אַ נייעס: שבת גייט מען שפּילן פוטבאָל; דער פּלאַץ איז נאָך נישט געווען אַרומגעצוימט. עס זענען געקומען אַ סך מענטשן, בילעטן האָט מען געצאָלט פרייוויליק.

*

עטלעכע יאָר שפּעטער פאָרן ווענגראָווער שפּילן אין שכנות׳דיקע שטעטלעך, און פון אַנדערע שטעטלעך איז מען געקומען קיין ווענגראָוו. דער טראַנספּאָרט־מיטל איז דאַן געווען אַ פערד־און־וואָגן. אין דער צייט זענען אונטערגעוואַקסן יונגע שפּילער און אין שטאָט האָט זיך געשאַפן נאָך אַ קלוב — דער „הפועל".

אין יעדן קלוב זענען געווען עטלעכע סעקציעס. אין די

„גוויאזדא" איז געווען אַ שיינע גימנאַסטישע סעקציע פון יינגלעך און מיידלעך אונטער דער אָנפירונג פון זייליק גרונטרוי. עס זענען פאַרגעקומען עטלעכע אַרויסטריטן אין „דאָם ספּאָרטאָווי". שפּעטער האָט זיך געשאַפן נאָך אַ קלוב, דער „מאָרגענשטערן", אַ גאָר יונגער קלוב. אַזוי אַז אויף דעם ספּאָרט־געביט איז אין ווענגראָוו אַ סך געטון געוואָרן. די יוגנט האָט געהאַלטן פון דער לאָזונג: „אין אַ געזונטן קערפּער אַ געזונטער גייסט". עס איז נישט געווען קיין איין שטעטישער פאַרמעסטונג ווי יידישע קלובן האָבן נישט גענומען אַן איינטייל (אין אַלע פאַרמעסטונגען זענען זיי אַרויס אַלס זיגער).

איך וויל דאָ דערמאָנען דעם פאַל מיט מאטל מרוווקע (קאַזע). ווי אויף דעם שטעטישן סטאַדיאָן האָט מען אָוועק־געשטעלט אַ הויכן סלופּ פון 8 אָדער 9 מעטער און אויך דעם סלופּ האָט מען באַדאַרפט אַרויפקריכן. עס האָבן זיך דערויף פאַרמאָסטן אַ סך ספּאָרטלער, קריסטן און יידן. קיינער האָט נישט געקענט אַרויף. איין סטודענט איז אַפילו שוין געווען אַ 6 מעטער הויך, אָבער נישט דערגרייכט. ענדליך איז מאָטל אַרויף און אויפגעהויבן די פאָן פון סלופּ.

אַרקע לויפער, האָט יעדעס יאָר גענומען דאָס ערש־טע אָרט אין שווימען ביי די שטאָטישע פאַרמעסטונגען; איך און אַנדערע געדענקען, ווי עס האָט געשפּילט די יידישע מיט די קריסטליכע רעפּרעזענטאַציע. ביז צו די ערשטע העלפט האָבן די קריסטליכע ספּאָרטלער געפירט 2:1, נאָך די העלפט האָבן די יידישע ספּאָרטלער אויסגעגליכן און דער נאָך ווען עס איז שוין געווען אַ־3 פאַר די יידן, האָט זיך געמאַכט אַ געשלעג ווי מען האָט אַ סך צושפּאָלטן די קעפּ פון די ספּאָרטלער. דער יידישער ספּאָרט האָט געבריינגט שטאָלץ און רעספּעקט די יידן אין שטאָט.

עס איז נישט געווען קיין איין יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין שטאָט ווי עס זאָל נישט זיין קיין ספּאָרט־סעקציע. ווען עס איז געקומען שבת האָבן אַ סך געמאַכט אויספלוגן קיין יאַרניץ אין וואַלד אַריין, אויף אַ גאַנצן טאָג. ווער געדענקט נישט דעם מאַי מאַנאַט ווי גאַנץ פרי איז די יוגנט אַרויס אויף די פעלדער אָנזאַפן זיך מיט די פרישע לופט פון דעם פרילינג וואָס האָט געפעלט אין די יידישע גאַסן?

איך וויל שטעלן אין דעם בוך אַ מצבה פאַר די אומגע־קומענע ספּאָרטלער און יוגנט, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער אויפן גרויסן קבר פון אונדזער ניט פאַרגעסליכן ווענגראָוו.

**ש. וואַלפענזאָן**

# געווען אַ מאָל אַ שטוב

וויינטרויבס שטוב פאַרדינט אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פונעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ווענגראָוו.

מ'קאָן בשום אופן נישט אָנהויבן דערציילן וועגן דעם ברויזנדיקן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ווענגראָוו נישט דערמאָנענדיק די וואַרעמע־אינטימיטעט פון דער דאָזיקער שטוב. דאָס הויז פון דער משפחה וויינטרויב איז ראוי דערמאָנט צו ווערן מיטן נאָמען „בית ועד" ווי מיר לייענען אין „פּרקי אבות".

אין זכרון טויכן אויף פאַרזאַמלונגען, מחלוקתן וואָס זענען פאַרגעקומען אין וויינטרויבס שטוב, אַלץ שטעלט זיך אָוועק פאַר די אויגן מיט דער גאַנצער פרישקייט, פּונקט ווי ס'איז ערשט נעכטן געשען.

און ווען מ'רעדט שוין וועגן דער זעלטענער „שטוב", מוז מען איר איינטיילן אין צוויי טיילן, ווייל דאָס אַלץ וואָס איך וועל דערמאָנען, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין צוויי פּלעצער: אין דער גרויסער ראַזוריע, וואָס האָט געהערט צו דער משפחה וויינטרויב, און אין זיין פּריוואַטן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף דער סטאַרווישער גאַס.

די ראַזוריע איז געווען דער גרויסער „רשות הרבים" פון געזעלשאַפטלעכע ענינים. כמעט די גאַנצע שטאָטישע יוגנט פלעגט זיך קומען אַהין שערן — יוגנט פון פאַרשיי־דענע אָרגאַניזאַציעס און גרופּירונגען. אויך דערוואַקסענע, וואָס זענען טעטיק געווען אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען. אָנהויבנדיק פון חסידים, מזרחיסטן, און מיט־גלידער פון פאַרשיידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און ענדיקנדיק מיט בונדיסטן — האָט מען אַלעמען געטראָפן אין וויינטרויבס ראַזיר־שטוב, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אַלס „צענטראַל־פּונקט" פאַר הייסע דעבאַטעס און אויפ־ברויזנדיקער פּאָלעמיק.

אַלע קוואַלן פון מיין זכרון עפענען זיך איצט ספּאָנטאַ־ניש אויף, און ס'שטעלן זיך פאַר מיר אָוועק ווי לעבעדיקע עדות די טראַגישע טעג פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת די גאַנצע יידישע יוגנט איז צוריקגעקומען אין שטעטל — יעדערער צו זיך אַהיים, צו דער אייגענער משפחה, מיטבריינגענדיק מיט זיך נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן אין יענע טעג פאַרנומען דעם אויבן־אָן צווישן דער יידישער יוגנט.

אין יענער קאַכיקער צייט איז דאָס יידישע לעבן געווען געזעלשאַפטלעך אויפגעוואַכט. כוואַליעס פון פּאָגראָמען האָבן פאַרפלייצט דאָס יידישע לעבן. די רוסישע „דומעס" האָבן געברענט מיט אַנטיסעמיטישע העצעס קעגן יידן. אין קאָנגרעס־פּוילן איז אָנגעגאַנגען אַ העפטיקע העצע־פּאָלי־טיק און עס זענען אויסגעפירט געוואָרן באָיקאָטן אויף יידישן מסחר. די באַרימטע באָיקאָט־העצע „סוואָי דאָ סוועגאָ".

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט טראַגיש

פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן. פאַרשיידענע אַנטיסעמיטישע אידעאָלאָגיעס האָבן ווי אַ פייל געטראָפן אין האַרץ פון דער יידישער גאַס.

אָט דער טיפער פאָלקס־צער ווערט אַריינגעבראַכט אין דער וואַרעמער בעל־הבתישער שטוב פון פאַמיליע וויינטרויב. דער פאָטער ר' הירש ז"ל, איז געווען אַ פראָגרעסיווער מענטש, און דערביי אויך אַ פאַרמעגלעכער ייד, פון פאַך אַ געענדיקטער פעלדשער מיט אַ גרויסער יידישער קליענטור. 3 „מעשענע בלעכלעך" האָבן באַצירט די טיר (אַ סימן פון אַן אָפיציעלן לעגאַלן פעלדשער). זיינע פיר קינדער האָט ער דערצויגן אין יידישן און וועלטלעכן גייסט. אין זיין שטוב זענען שטענדיק באַהאַנדלט געוואָרן מאָדערנע יידישע פראָבלעמען.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן זיך אַלע קינדער פון די וויינטרויבס באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי זענען צווישן די ערשטע וואָס גרינדן דעם „לינת־הצדק", יידישע „פאָלקס־ביבליאָטעק", און „בית־עם". זיי זענען אויך צווישן די ערשטע וואָס גרינדן די „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע". די עלטערע צוויי קינדער, פייגעלע און נתן, זענען אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַט־מענער אין שטאָט־ראַט; דאָרט האָבן זיי געפירט אַ שטאָלצע בכבוד'יקע טעטיקייט, אין נאָמען פון דער פועלי־ציוניסטישער פאַרטיי אין פוילן.

אין דער ראַזיר־שטוב פון די וויינטרויבס האָט מען געקאָנט ליינען פאַרשידענע יידישע צייטונגען וואָס זענען דערשינען אין פוילן. פלעגן טאַקע יעדער פרייטיק פאָרקומען העפטיקע שמועסן צווישן די קליענטן וואָס האָבן געהערט צו די פאַרשידענע פאָליטישע פאַרטייען. און דאָ טאַקע מוז מען דערמאָנען אַז די וויינטרויבס זענען שטענדיק געבליבן געטריי זייער פאָליטישער ריכטונג, אַפילו ווען דאָס האָט געשטערט צו דער הכנסה.

אין קעגנזאַץ צו דער ראַזוריע, וואָס איז געווען דאָס „פעלד" פון פאַרטייאישע־שלאַכטן, צוזאַמענשטויסן, איז די „שטוב" וויינטרויבס געווען אַ וואַרימע, יידישלעכע נעסט פאַר די „פועלי־ציוניסטישע" טוער. דאָרט זענען צוגעגרייט און פאָרמולירט געוואָרן אַלע ריכטונגען פאַר דער פאַרטייאישער טעטיקייט אין אונדזער שטאָט.

די פיינע עלטערן פון אָט דער טייערער „שטוב", די מוטער און דער פאָטער, האָבן מיט איידלקייט טאָלערירט אין זייער היים דעם קאכיקן רעש פון די פאַרטיי־אַרבעטן. מיט באַזונדערער צניעותדיקייט פלעגט די מוטער אַלעמען פיין אויפנעמען, אָפווישנדיק די גרענעץ פון „מיינס און פרעמדס". דעריבער טאַקע האָט יעדער גאַסט זיך געפילט אין וויינטרויבס שטוב פונקט ווי ביי זיך אין דער היים.

אין די צייטן פון פאָליצייאישע רדיפות, בעת די פ. צ.־אָרגאַניזאַציע פלעגט פלוצים בלייבן „היימלאָז" אָן איר „אַרבעטער־היים", אָן דער ביבליאָטעק און קיין שום אַנדער לאָקאַל איז נישט דערלויבט געוואָרן אויף צו פירן די טעטיקייט פון דער פאַרטיי, — איז די גאַנצע אַרבעט אויסגעפירט געוואָרן אין דער באַרימטער „שטוב" ביי וויינטרויבן אויף דער סטאַרווישער גאַס.

דאָרטן פלעגט מען אָפּהאַלטן זיצונגען, אָנעמען רעזאָלוציעס, רעדאַגירן אויפרופן, פראָקלאַמאַציעס, צוגרייטן מיטינגען, אָרגאַניזירן די פאַרטיי־פרעסע, צוגרייטן פאָרשטעלונגען, מאַכן רעפעטיציעס, און פאָרזעצן די פאַרטיי־אַרבעט אומגעשטערט. פלעגן טאַקע די פאַרטיי־קעגנער לאַכן. זיי פלעגן זיך וויצלען, אַז די פ. צ.־אָרגאַניזאַציע באַשטייט נאָר פון וויינטרויבס שטוב. אַפילו פאַרזאַמלונגען



וויינטרויב'ס שטוב

פון אַ גרעסערער צאָל חברים, פלעגן דאָרטן אָפּגעהאַלטן ווערן. חברים פון דער צענטראַלע, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אַלס רעדנער קיין ווענגראָוו, זענען קודם־כל אויפגענומען געוואָרן אין ווײַנטרויבס שטוב. צווישן אַנדערע געדענק איך פון דער שטוב די חברים בריסקמאַן און ניר־ראַפּאַלקעס.

זייער אָפט פלעגן כאָראַלע געזאַנגען פאַרהילכן די גאַסן מיט נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון די פאַרזאַמלטע אין דער וואַרעמער אידילישער שטוב.

די זכרונות פון דער „שטוב" שנײַדן זיך אײַן אין לייב ווי אַ מעסער און צערייסן דאָס האַרץ אויף שטיקער.

יעדער ווענגראָווער, אין וועלכן לאַנד ער זאָל זיך נישט געפינען, אַז ער וועט איבערלייענען די אָנגעשריבענע שורות וועגן דער הערלעכער שטוב, וועלן אים געוויס פאַרפלייצן געפילן פון בענקשאַפט און ליבע צו דער טייערער משפחה ווײַנטרויב, וואָס האָט געגעבן דעם יידישן ווענגראָוו אַט די פאָלקסטימלעכע וווּנדערבאַרע „שטוב". און געוויס וועט יעדער ווענגראָווער ייד דערמאָנען מיט צער און ווייטאָק דעם נאָמען ווײַנטרויב, וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט מיליאָנען פאַרמאָטערטע יידן אין פוילן.

ש. בן־זאב

# געשטאַלטן פון יידישע אַרבעטער־טוער אין ווענגראָוו

מיר ברענגען קורצע שטריכן פון ווענגראָווער אַרבעטער־טוער (לויט אלף־בית), דאָס רוב אומגעקומענע בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, אָדער געשטאָרבן ווייט פון דער אַלטער היים:

### מרדכי לעוואַרטאָווסקי

געבוירן אין יאָר 1895 ביי שטרענג פרומע חסידישע עלטערן. זיין פאָטער געווען אַ געלערנטער חסיד, געהאַט אַן אייגן הויז און בעקעריי און געגעבן דעם זון אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציאונג. זייענדיק נאָך גאַנץ יונג, ציט מרדכי'ן אין דער גרויסער שטאָט. ער פאָרט קיין לאָדז' און ווערט דאָרט אַ קוואַליפיצירטער וועבער און אַ באַוווּסטזיניקער סאָציאַליסט. קערט זיך צוריק אַהיים און ברענגט מיט זיך דעם סאָציאַליסטישן אידעאַליזם, ווערט אַן אַקטיווער מיטווירקער אין אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, באַזונדערס ווידמעט ער זיך דער ניי־געגרינדעטער ביבליאָטעק.

טיילט דעם ביטערן גורל פון זיינע ברידער אין ווענגראָוו און קומט־אום צוזאַמען מיט זיי.

### משה מאַנדלבוים

געבוירן אין יאָר 1896 ביי סוחרישע פרומע עלטערן. זיין פאָטער, ר' ישראל יצחק איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד. ווערט גאָר יונג אַ איבערגעצייגטער פועלי־ציוניסט און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין „לינת הצדק", ביבליאָטעק, בית־העם, באַראַכאָוו־היים און אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער.

פון יאָר 1923 ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און שפּעטער אויך פּרנס פון ועד הקהילה.

בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע איז ער פון די ערשטע צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע לעבן און קומט־אום צוזאַמען מיט דער ווענגראָווער קהילה און אירע יידן.

### משה מאַרקוספעלד

געבוירן אין יאָר 1894 ביי שטרענג פרומע עלטערן. זיין פאָטער, ר' אבא שאַלקעס, שטאַמט פון דורות־חסידישע שוחטים. פאַרלאָזט פרי די היים און דערשלאָגט זיך קיין וואַרשע און ווערט אַ איבערצייגטער בונדיסט. לערנט און לייענט פיל. בעתן ערשטן וועלט־קריג קומט ער צוריק קיין ווענגראָוו און ווערט אַ טעטיקער עסקן, טרעט אַרויס מיט רעפעראַטן פאַרטיידיקנדיק ענטוזיאַסטיש יידישיזם און בונדיזם. איז אויך דער ערשטער גרינדער פון בונד אין ווענגראָוו. שפּעטער ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט. אין יאָר 1920 מוז ער זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דער פוילישער מאַכט, קומט אָבער צוריק און איז ווייטער טעטיק.

אַנטלויפט אין 1940 צוזאַמען מיט זיין משפחה קיין רוסלאַנד, ווערט קראַנק און שטאַרבט דאָרט. פון זיין משפחה האָט זיך געראַטעוועט נאָר זיין זון אברהם.

### יצחק סקאַלאַ

געבוירן אין יאָר 1895. זיין פאָטער איז געווען אַ איבערגעגעבענער חסיד און געהאַט אַ בעקעריי אויף דער ראַגאַטקע. לערנט אין די בעסטע חדרים און בתי־מדרשים און אין וואַרקער שטיבל. גאַנץ יונג באַקענט ער זיך מיט דער העברעאישער ליטעראַטור און ווערט אַן ענטוזיאַסטישער ציוניסט. נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין „לינת הצדק", בית־העם, ביבליאָטעק, ווו ער טרעט אַרויס מיט ציוניסטישע רעפעראַטן.

ווערט יונג שווער קראַנק, אָבער אַ דאַנק זיין שטאַרקן ווילן ראַטעוועט ער זיך און באַזעצט זיך אין וואַרשע און ווערט סעקרעטאַר פון צענטראַלן „החלוץ". געהערט פּאָליטיש צו דער התאחדות. קומט אָפט קיין ווענגראָוו און באַאיינפלוסט שטאַרק די יוגנט צו חלוציזם און עליה. נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אונטערערדישער אַרבעט אין וואַרשעווער געטאָ און אין זיין הערואישן אויפשטאַנד און פאַלט אויף זיין קאַמף־פּאָסטן.

**פישל פיינגאָלד**

געבוירן אין יאָר 1890, אין אַ שטרענג חסידישער היים. זיין פאָטער, ר' שלמה, געווען אַ גרויסער למדן און שאַרפער לובלינער חסיד, פאַרמאָגט אַן אייגן הויז און תמיד געווען אַרומגערינגלט חסידישע לומדים מיט וועלכע ער האָט פיל געלערנט.

פישל באַקומט אַ גאָר שטרענג טראַדיציאָנעלע דערציאונג, לערנט אין די בעסטע חדרים, זיין פאָטער נעמט אים מיט צום רבין. איינצייטיק אינטערעסירט זיך דער יונגער פישל מיט העברעאישער השכלה־ליטעראַטור — און ווערט צוגעצויגן צו דער חיבת־ציון באַוועגונג און שפעטער — צום ציוניזם. טראָגנדיק חסידישע מלבושים און שטאַרק פרום ווערט ער אַ פאַרברענטער ציוניסט, איז שטאַרק משפיע אויף זיין סביבה און העלפט די יוגנט זיך באַקאַנען מיט דער העברעאישער און ציוניסטישער ליטעראַטור. לערנט אַ מלאכה, ווערט אַ סופר און שרייבט ספרי־תורה און מגילות און ציט דערפון חיונה פאַר זיין משפחה.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער דעלעגאַט און שליח פון ווענגראָווער קאָמיטעט פאַר אַמעריקאַנער הילף. ווערט שפעטער אַקטיוו אין יידישן האַנטווערקער־פאַריין, יידישע פאָלקס־באַנק א. ד. גל.

געפירט אַן עכט יידיש פרום לעבן זייענדיק דערביי טריי דעם ציוניסטישן אידעאַל. ער איז טאַקע געווען דער ערשטער עולה פון ווענגראָוו. געקומען אין ארץ־ישראל אין יאָר 1925 און געאַרבעט אַלס סופר סת"ם. נפטר געוואָרן אין 1928 און געבראַכט צו קבורה אויפן תל־אביבער אַלטן בית־עולם.

**מאָטל קאַפּאַוועץ**

געבוירן 1892 ביי פרומע עלטערן. זיין פאָטער ר' הירש־לייב געווען אַ אָרעמער האַראָפּאַשניק. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. מיטגעריסן פון דער רעוואָלוציע אין 1905 ווערט ער אַ איבערצייגטער סאָציאַליסט. אין יאָר 1914 מיטגרינדער פון „לינת הצדק", ביבליאָטעק, בית־העם און די ערשטע פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע. מאַכט דורך דעם גרויל־וועג פון זיינע ברידער אין ווענגראָוו ביזן טראַגישן סוף.

**מענדל שעדלינסקי**

געבוירן אין 1894 ביי אָרעמע עלטערן. זיין פאָטער אַ פרומער בעל־מלאכה. איבערגעגעבן בלב ונפש דער טעטיקייט פון „לינת הצדק" אין די שווערע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. שפעטער זאַמלט ער ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. פאַרט אָפּ קיין אַרגענטינע נאָך פאַרן צווייטן וועלט שטורעם און דאָרט געשטאָרבן.

יהי זכרם ברוך והי"ד!

**צבי באַמער** (חיפה)

# מעכל וואַרשניטער — „חבר מעכל"

באַקאַנט אונטערן נאָמען „חבר מעכל", געקומען פון שטעטל זאַראָמב. געווען דאָרט פאַרפאָלגט דורך דער פּויליש־ער מאַכט צוליב זיין טעטיקייט אַלס טוער פון דער לינקער „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע. געזעסן אַ געוויסע צייט אין אָסטראָווער תפיסה.

אָנהויב די 30־קער יאָרן געקומען קיין ווענגראָוו און געשטעלט זיך אין דער שפּיץ פון דער לינקער „פועלי־ציון"־אָרגאַניזאַציע און געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייטן אין שטאָט.

אַליין אַ בעל־מלאכה, אַ שניידער, וועלכער אַרבעט פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט, געפינט ער דאָך צייט צו ווידמען פאַר געזעלשאַפטלעך־פּאַרטייאישער טעטיקייט.

האָט באַזיצט פיל וויסן (ממש אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע) פון זעלבסט־בילדונג און גלייכצייטיק אַ גלענצנדער אָרגאַניזאַטאָר און טאַלאַנטפולער רעדנער.

נישט געווען קיין געביט אין דער פאַרצווייגטער לינקע „פועלי־ציון" פּאַרטיי טעטיקייט — וואָס איז געווען די שטאַרקסטע אין ווענגראָוו — אַן דעם אַקטיוון אָנטייל פון חבר מעכל. אונטער זיין אָנפירונג זענען פאָרגעקומען יעדן פרייטאָג־צונאַכטס אוידיטאָריעס אויף פּאָליטישע און פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס. ביי פאַרשיידענע קרייזן פון דער באָראָכאָוו־יוגנט האָט ער אָפּ לעקציעס וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, געאָגראַפיע, יידישע געשיכטע.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען קיין ווענגראָוו קומט אַ גרויסער שטראָם פון פּליטים פון די שטעט און שטעטלעך, וואָס ליגן נאָענט צו דער דייטשער גרענעץ, שטעלט ער זיך בראש פון שטאָטישן בירגער־קאָמיטעט צו באַזאָרגן די פּליטים מיט שפּייז און וווינונגען.

אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע ווערט מעכלס היים פאַרוואַנדלט אין אַ דורכגאַנג־פּונקט פון פאַרשיידענע פּאַרטיי חברים פון וואַרשע, לאָדזש, וועלכע זענען אַריבער אויף דער סאָוויעטישער זייט.

אויך ער קערט זיך צוריק קיין זאַראָמב, ווו ס'זענען געווען די סאָוויעטן. ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי און געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַצישע בעסטיעס.

כבוד זיין אָנדענק.

ביניש מיכאלעוויטש

# קלמן קאמאשנמאכער

(ז׳ פאלקס צייטונג 1926 נר׳ 60 *).

געשטארבן מיט דעם „נאטירלאכן" טויט פון א פראלעטאריער, געפאלן אויפן פאסטן, ווי אן אלטער זעלנער.

שטיל און לאנגזאם איז ער אויסגעגאנגען פון הונגער, קעלט און דחקות. מיט וועלכע די היינטיקע וועלט באלוינט די פראדוצירער, די, וואס שאפן פאר איר פארמעגן און רייכטום.

העכער צוויי צענדליק יאר איז דער דאזיקער זעלנער געשטאנען אויף זיין פאסטן אויפן ארבעטס־פראנט. זיינע כוחות האט ער אוועק־געלייגט אין שמוציקן ווערק־שטוב, זיינע מוסקולן, שווייס און בלוט זענען יארן־לאנג איבערגעשאפן געווארן אין סחורות, אין רייכטום, רייכטום און פארמעגן פאר אנדערע, אבער נישט פאר זיך. די צוויי צענדליק יאר שווערע פראצע האבן אים נישט געקענט פארזיכערן קיין ברויט צו זעט, קיין דאך איבערן קאפ, קיין געלעגער צום שלאפן. ער איז זיין גאנץ לעבן אפגעקומען אין די ענגע ווארשטאטן. אין שטענדיקער דחקות און נויט, ביז ער האט שטיל און אומגערעכט אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעם אויף דעם דאזיקן גרויזאמען, רחמנותלאזן ארבעטס פראנט.

יארן־לאנג האט די „פראלעטארישע קרענק" געפרעסן זיינע לונגען, צעשעדיקט זיין ארגאניזם, געזויגן זיין לעבנסזאפט. דער שווינדזוכט צו הילף זענען געקומען ארבעטסלאזיקייט, הונגער. די שטענדיקע זארג, ווו איבערצונעכטיקן א נאכט, ביז זיין געבראכענער ארגאניזם האט נישט אויסגעהאלטן, און זיין לעבן איז אויסגעלאשן געווארן.

אבער קלמן איז נישט געווען קיין בלינד ווערקצייג אין דער סטיכישער פראדוקציע־סיסטעם. ער איז נישט געווען קיין פשוטער זעלנער אויפן ארבעטס־פראנט. קלמן איז געווען א באוווסטזיניקער פראלעטאריער. א מוטיקער קעמפער קעגן די היינטיקער וויסטער ארדנונג. אן איבערצייגטער סאציאליסט, אן אנטשיידענער רעוואלוציאנער.

פון זיינע יינגלשע יארן (קלמן איז געבוירן געווארן אין יאר 1892 אין ווענגראוו, ביי שעדלעץ). שוין צו 15—14 יאר, שליסט ער זיך אן אין דער קעמפנדיקער מחנה פון יידישן פראלעטאריאט, וואס איז ארגאניזירט אין „בונד". ער ווערט א טעטיקער מיטגליד אין דער בונדישער ארגאניזאציע. ער מאכט מיט מיט זיינע באוווסטזיניקע חברים דעם רומפולן, מארטירערישן און העלדישן וועג פון יידישן ארבעטער־קלאס און טרעט נישט אפ פון דעם דאזיקן וועג ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

אט דער דאזיקער באוווסטזיין פון א קעמפער וואס גיט אפ זיין לעבן פאר א נייע, ליכטיקער און פרייע וועלט. אט דער אינערליכער שטאלץ פון א מענטשן וואס איז דורך און דורך דורכגעדרינגען מיט א גרויסער און שענער באפרייאונגס־מיסיע: אט די זיכערקייט פון א סאציאליסט, וועלכער צווייפלט נישט אויף קיין איין רגע אין דער אומפארמיידלאכקייט פון סאציאליסטישן נצחון. —

אט דאס אלץ האט אונטערגעהאלטן זיינע קנאפע כוחות; דאס אלץ האט געהויבן דעם מוט ביי קלמן קאמאשנמאכער. האט אים אנגעפילט מיט אינערליכער באפרידיקונג און לויטערער ליכטיקייט. ער, דער הונגעריקער און תמיד היימלאזער ארבעטער, האט געקוקט אויף דער וועלט מיט אזעלכע גוטע, לייכטנדיקע אויגן, מיט אזא ליבלאכן שמייכל אויף די ליפן.

קלמן קאמאשנמאכער איז געווען א באוווסטזיניקער ארבעטער. און ער האט טאקע זיך געריסן מיט א פארצערנדיקן דראנג צו ביכער, צו בילדונג, צו וויסן און קענטעניש.

קלמן איז געווען אן אוממיטלבארער רעוואלוציאנער, א ליידנשאפטליכער שונא פון דער קאפיטאליסטישער וועלט. גאנץ אפט האבן אים זיינע אויפגעבראכטע געפילן געשטויסן צו עקסטרעמע אקטן. נישט זעלטן האט זיין הארץ באקומען אן איבערגעוויכט איבערן קאלטן שכל. אין יאר 1921, ווען די פאליטישע חילוקי־דעות אין „בונד" האבן דערגרייכט זייער העכסטער ווענדונג, האט קלמן פארטרעטן דעם עקסטרעמען פליגל אין דער פארטיי און האט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון דער „קאמבונדיסטישער" פראקציע. אבער קוים איז פאר קלמנען קלאר געווארן, אז די, וועלכע האבן אינסצענעזירט דעם „קאמבונד" זענען אויסן בלויז דעם „בונד" צו שפאלטן, די יידישע ארבעטער־באוועגונג צו צעברעקלען און צעשטויבן, האט ער זיך אפגעשאקלט פון „קאמבונד". האט עפנטלעך אנערקענט זיין פעלער און ער האט זיך צוריק געשטעלט אין די רייען פון „בונד". ער איז פארבליבן א טרייער און אקטיווער מיטגלידער פון ווארשעווער קאמיטעט. ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן האט ער די בונדישע פאן נישט ארויסגעלאזן פון זיינע הענט.

קלמן קאמאשנמאכער, אונטער דעם דאזיקן ביי נאמען פון זיין ארבעטס־פראפעסיע, איז ער געווען באקאנט און פאפולער צווישן די ברייטסטע יידישע ארבעטער־קרייזן. און דער דאזיקער ביי־נאמען איז געווען ווי אנגעמאסטן צו זיין אויסגעשפראכענער פערזענלאכקייט.

קלמן קאמאשנמאכער האט אין זיך פארקערפערט אלע ליידן און אידעאלן. די ערלאכקייט און ענטוזיאזם פון יידישן ארבעטער־קלאס. די יידישע ארבעטער וועלן אים קלמנען, זיינע געפילן און זיינע אידעאלן, פארקערפערן אין זייערע מעשים און זיינע ווערק.

* געשריבן ווי אן הספד צו קלמנס טויט.




„החלוץ הצעיר" אין ווענגראָוו



„השומר הצעיר" יוגנטליכע מיט זייערע אָנפירער

**אהרן זילבערשטיין** (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# חברת „הכנסת כלה"

חברת „הכנסת כלה" וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט געבן אויסשטייער און פראַווען די חתונות פון אָרעמע כלות, איז אָן ספק געווען די לעצטע חברה אין ווענגראָוו. נאָך יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט קיינער פונעם עלטערן דור נישט געדענקט, ווען די חברה איז געגרינדעט געוואָרן.

אַלס באַווייז פאַר דער לאַנגער טראַדיציע פון דער חברת הכנסת כלה קען אויך דינען די אייגנטימלעכע פאָרם אין וועלכער זי האָט געשאַפן די מיטלען צו פינאַנסירן איר טעטיקייט. מאַנאַטלעכער אָפּצאָל איז נישט געווען אין געברויך. צו יעדער חתונה זענען דעלעגירט געוואָרן צוויי פאַרשטייער, וועלכע זענען געקומען מיט מאַסקעס אויף די פּנימער, און האָבן „באַאַרבעט" די טישן ביי וועלכע ס׳זענען געזעסן די געסט. אָנגעהויבן פון ערשטן גאַסט האָבן זיי אָנגעקגעשטעלט פאַר אים אַ צדקה פושקע און געוואַרט ביז ער האָט געעפנט דעם טייסטער און אַריינגעוואָרפן אַ שיינע מטבע. אויב די זאַמלער האָבן געהאַלטן, אַז די באַשטייערונג איז צו נידעריק, פלעגט דער צווייטער זאַמלער אַ קלאַפּ טון אין טיש מיט אַ שטעקן. דער קלאַפּ האָט באַדייט, אַז די זאַמלער וועלן נישט ווייטער גיין ביז דער גאַסט וועט נישט העכערן זיין באַטייליקונג. דער קלאַפּ האָט זיך געקענט איבערחזרן דריי מאָל און יעדעס מאָל האָט דער איינגעשפאַרטער און קאַרגער גאַסט ווידער געעפנט זיין בייטל ביז די פושקע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַן אַנדערן גאַסט א. אַ. וו.

אומגעפער מיט זעכציק יאָר צוריק האָבן די מער אויפגעקלערטע מיטגלידער פון דער חברה אָרגאַניזירט אַ מכירת־יוסף־שפּיל טראָץ דער קעגנערשאַפט פון די פרומע עסקנים. דאָס איז אייגנטלעך געווען די ערשטע טעאַטער פאָרשטעלונג אין ווענגראָוו.

אָט עטלעכע אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער אַזוי־צוזאָגן היסטאָרישער פאָרשטעלונג: מרדכי בערגמאַן (קאַטער), ראובן בראַווערמאַן (פאַרמעטמאַכער), דוד גינגאָלד (גלאַנצער — מנשה גינגאָלדס פאָטער), לייבל ציבולאַרז (פינקלער), לייזער פיינגאָלד און אַנדערע.

דער דערפאָלג איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. יאָרן לאַנג פלעגן פרויען זינגען די קופּלעטן פון מכירת־יוסף, און אויך דאָס האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון שטרענג אָרטאָדאָקסישע יידן.

טראָץ דעם, וואָס אין דער פאָרשטעלונג האָט זיך נישט באַטייליקט אפילו קיין איין פרוי, איז זי דאָך באַטראַכט געוואָרן דורך די פרומע אַלס פּריצת גדר, און ווענגראָוו האָט געהאַט לאַנגע יאָרן אַ טעמע צו רעדן.

חברת „הכנסת כלה" מיט אירן אייגנאַרטיקן טעטיקייטס שטייגער איז געווען אַ זאַפטיק קאַפּיטל פאָלקלאָר און פאָלקסטימלעכקייט.

# „בית־לחם" און „טאז"

חברה „בית־לחם" — געגרינדעט אין יאָר 1926 דורך יעקב רייזמאַן, ישראל הירש שניאַדאָווער, לייזער גורקע, אהרן דוד ראַדאַשינסקי, אברהם פיינגאָלד, אברהם־יוסף פיינגאָלד און אַנדערע.

„בית־לחם" האָט פאַרמאָגט אַ גאַנצן שטאַב וויזיטאַנטן, וועלכע האָבן באַזוכט די נויטבאַדערפטיקע הייזער אויף גאָר אַ דיסקרעטן אופן און געבראַכט די אמת׳ע ברידערלעכע הילף: שפּייז, האָלץ און אויך הלוואות אין מזומן.

ס׳איז געווען דער אמת׳ער „מתן בסתר".

יונה פרידמאַן, וואָס איז געווען אַ טיכטיקער וויזיטאַנט, דערציילט ווי אַזוי די זאַך איז צוגעגאַנגען. דער וויזיטאַנט פלעגט כלומרשט פאַרבלאָנדזשען אין אַ אָנגעגעבענער שטוב, זיך אַנטשולדיקן פאַרן טעות און אין איינוועגס זיך דיסקרעט אַרומגעקוקט און אויסגעפרעגט וועגן פאַרשיידענע ענינים און אַזוי אַרום זיך דערוווסט די לאַגע אין וועלכער די פאַמיליע געפינט זיך. די פּראַקטישע נויטיקע הילף איז שוין גאָר שנעל דערלאַנגט געוואָרן.

יידן פון פאַרשיידענע אַנשויאונגען און ריכטונגען — רעליגיעזע און פרייע — זענען געווען פאַראייניקט אין דער גרויסער הומאַניסטישער טעטיקייט שלא על מנת לקבל פרס צו דער הילף פון דער געזעלשאַפט איז געשטאַנען אַ גרויסער שטאַב פון אַנאָנימע טוער — וויזיטאַנטן. איינער פון זיי איז געווען אונדזער באַליבטער חבר יונה פרידמאַן, וועלכער איז ממשיך זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויך אין בוענאָס־איירעס, אויף פאַרשיידענע געביטן און בפרט צווישן לאַנדסלייט אין אַרגענטינע.

## דער קאָמיטעט פון „טאָז" אין ווענגראוו



פון רעכטס צו ל״נקס: אריה־וועלוועל פיינגאָלד, אברהם גאָנשאַר, נחמה קליין, פרץ פראוודע, דינה רייזמאַן, (אומבאַקאַנטער), ב. וואַטמאַכער

### „טאָז"

אַ שוועסטער־אָרגאַניזאַציע פון „בית־לחם". געגרינדעט אומגעפער אין דרעזעלבער צייט. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ביי ר׳ יעקב רייזמאַן אין הויז. די ווייטער־דיקע אַרבעט איז געפירט געוואָרן ביי ר׳ איטשע פויגל אין דער באַרימטער סוכה, מיט די קאָלירטע שויבן און שיינע מאָלערייען.

אין דער דאָזיקער סוכה, האָבן אַ גרופּע יונגע פרויען און מיידלעך — מאָדערנע נשים צדקניות, לויט דער איני־ציאַטיוו פון ה. גאָנשאַר. געלייגט דעם גרונדשטיין פון דער גרעסטער הילפס־אָרגאַניזאַציע וואָס ווענגראוו האָט אַמאָל פאַרמאָגט. דער ערשטער מיטגלידס־שטייער איז באַשטאַנען פון 5 גראָשן אַ וואָך, וועלכער איז שפּעטער פאַרגרעסערט געוואָרן.



„טאָז"־קינדער אין אַ פּורים פאַרשטעלונג, מיט זייער דערציערין

די גרינדערס זענען געווען: באלטשע מארקוספעלד, דינה רייזמאַן, די שוועסטער גרייווער, ר׳ מנדל קליינס טאָכטער, פרומע שטיינבערג, חיה טויבע פרידמאַן. די מיטאַרבעטערינס — אסתר פעלער־שטוכמייסטער, ליבע ליאס, רחל־לאה וואַרשניטער און אַנדערע.

די ערשטע אויפגאַבע איז געווען — פאַרטיילן אומזיסט צווישן די קינדער פון אָרעמע עלטערן אַ גלאָז מילך מיט ברויט און פוטער. פאַר קראַנקע קינדער און אויך פאַר עלטערע האָט די אינסטיטוציע געשיקט אין שטוב אַריין מעדיקאַמענטן און פאַרשיידענע פּראָדוקטן.



**ד״ר שמואל מעלכיאר**

געווען טעטיק אין דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג, אין רוסלאַנד; נאָכן קריג — געקומען קיין ישראל און געאַרבעט אין קופּת־חולים (קראַנקען־קאַסע). נפטר געוואָרן אין עלטער פון 46 יאָר.

מיט דער צייט האָט זיך די אינסטיטוציע פאַרברייטערט. ר׳ איטשע פויגל האָט אָפּגעגעבן נאָך עטלעכע צימערן (אומזיסט), וווּ מ׳האָט איינגעאָרדנט אַ קליניק מיט אַלע נויטיקע אינסטאַלאַציעס (קורצע שטראַמען, אולטראַוויאָלעט־שטראַמען, רענטגען, ציין־קליניק א. אַ. וו.) דער לייטער פון דער קליניק איז געווען דאָקטאָר מעלאכיאר ז״ל, אַ יונגער מעדיקער, אַ אידעאַליסט, וועלכער האָט זיך ממש מקריב געווען פאַר די ווענגראָווער קינדער. מ׳האָט געגרינדעט אַ זומער־קאָלאָניע פאַר שוואַכע קינדער אין לודווינאָווער וואַלד.



„טאָז״־קאָלאָניע אין יאַרנעצער־וואַלד

די יידישע ראַטמענער האָבן אויסגעפּועלט אַ סובסידיע ביים ווענגראָווער מאַגיסטראַט. מ׳האָט אויך געקויפט אַ אייגן פּלאַץ אין יאַרנעצער וואַלד און איינגעאָרדנט דאָרט אַ גרעסערע קאָלאָניע מיט מער באַקוועמלעכקייטן. דאָרט זענען אויך אויפגענומען געוואָרן קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן פאַר אָפּצאָל.

## אהרן רייזמאַן ז״ל

# „תרבות״ אין ווענגראָוו

אין יאָר 1920 אָדער 1921, האָט אַ גרופּע חברים־ציוניסטן, וועלכע זענען געזעסן אין דער שטוב פון שרייבער פון די שורות, באַשלאָסן צו גרינדן אַ „תרבות״־שול אין ווענגראָוו. באַטייליקט אין געשפּרעך האָבן זיך ש. האַלבערשטאַט, מ. זימאַן, א. ש. ווײַנטרויב, ברוך פרידער ז״ל.

באַלד אין די ערשטע טעג האָבן זיך פאַרשריבן איבער 50 תלמידים. ס׳זענען געזאַמלט געוואָרן ביכער און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַ ספריה (ביבליאָטעק). ס׳איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז די קינדער וועלכע לערנען אין די פּוילישע שולן זאָלן אָפּגעבן 4 שעה אין טאָג פאַר עברית, תנ״ך און אַנדערע יידישע לימודים. דער ערשטער העברעאישער מורה (לערער) ביי אונדז איז געווען פורמיינסקי ז״ל. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געהאַט אַ חתימת זקן... פונדעסטוועגן האָבן די „אגודה׳ניקעס״ גערופן אונדזער שול „חדר מסוכן״ (געפערלעכער חדר).

גלייכצייטיק האָבן מיר געגרינדעט אָוונט־קורסן פאַר

## אַ בלימעל־טאָג פאַר „גאולת־העמק"




פון רעכטס צו לינקס (ערשטע רייע אויבן): גוטגאָלד, מאיר־שלום מאנדלבוים, הערש־פסח פאָסמאַנטער, הודעס באַנדע, חיה לוין (אין ישראל), זאב מאנדלבוים (אין ישראל), סאקאלאוו

צווייטע רייע: ל. וויערניק, (אין אַרגענטינע), מרדכי זיימאן, שרה רייזמאן (אין ישראל), אהרן רייזמאן (נפטר געוואָרן אין ישראל), ל. רייזמאן, מאנדלבוים

דריטע רייע: מינדל פיינגאָלד, שרה באס (אין טשיקאַגאָ), סימע נארטמאן, מ. בלאכמאן (אין טשיקאַגאָ), פאלא און יצחק בילאַבסקי (אין קאַנאַדע)

## אַ בלימעל־טאָג פאַר „תרבות"



פון רעכטס צו לינקס (שטייען, אויבן): זילבערשטיין, (אומבאַקאַנט), פראוודע, האלבערשטאט און פרוי, פרץ פראוודע'ס פרוי, שרה רייזמאן, אהרן רייזמאן ז"ל, זיימאן.

צווייטע רייע: צפורה לעווינער, אסתר לעוו (פשעפיורקא), חוה לעווינער, א. בלאכער, חומה סעגאליק

דריטע רייע: אסתר האפענגארטן, מלכה סעגאליק, גיטל ראדזינסקי (געשטאָרבן אין ישראל), מ. ווערנער, פיעקארזש, זאב מאנדלבוים, יוסף לעווין, אסתר פשעפיורקא

דערוואַקסענע צום לערנען רעדן און שרייבן העברעאיש, און ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און העברעאיש האָט געקלונגען אין די גאַסן פון ווענגראָוו. צו די קורסן זענען געקומען יוגנטלעכע פון חסידישע און לינקע קרייזן.

באַלד איז געוועןנויטיק צו דינגען אַ נייעם, גרעסערן לאָקאַל הינטער דער שטאָט, ווו ס'האָבן זיך געפונען די פאַרשיידענע ציוניסטישע פּאַרטייען, דער „החלוץ" און „השומר הצעיר". ס'זענען געקומען רעדנער און שליחים פון „החלוץ" פון ארץ־ישראל, ווי בנארי, בנדורי, מרדכי יפה. די הנהגה הראשית פון „השומר הצעיר" אין וואַרשע האָט געשיקט אלס אינסטרוקטאָר משה תמרי (טייטעלמאַן), וועלכער איז געבליבן אַ לענגערע צייט.

די ציוניסטישע אַרבעט האָט געבליט. ס'זענען געקומען צו אונדז אַזעלכע פירער ווי יצחק גרינבוים, ד"ר יצחק שיפּער הי"ד. אין ענינים פון קק"ל איז געקומען הרב האגער ז"ל, כדי צו באַוועגן דעם „מזרחי", אַז ער זאָל אויפהערן בויקאָטירן דעם קק"ל, ווייל זיין אַנפירערין איז געווען אַ פרוי — שרה רייזמאַן...

ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער „עובד ציוני" מיט משה פּשעפּיורקא ז"ל בראש — מסתמא אַ דאַנק „תרבות", ווו זיין טאָכטער אסתר ז"ל איז געווען גאָר טעטיק. צו דער זעלבער צייט האָט די יידישע יוגנט גענומען פאָרן אויף הכשרה און גרייטן זיך צו עליה. גרויס איז געווען די שמחה ווען פון ארץ־ישראל איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ביי אונדזערע ערשטע חלוצים דאָרט, פאַמיליע מאַנדלבוים, איז געבוירן געוואָרן אַ דרילינג.

אין טאָג פון סאַן־רעמא און דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָבן יידן פאַרמאַכט די קראָמען, אָנגעטון שבת־מלבושים און זיך פאַרזאַמלט אין שוהל־הויף, ווו ס'האָבן געהאַלטן רעדעס די ברידער ניימאַן און דער ראש־ישיבה איטשע שפּיגלמאַן. פון אַלע שטובן האָט מען געבראַכט גאָלד און זילבער און ווען ישראל לייב טייבלום האָט אַלץ דאָס געבראַכט אין אַ זאַק אין די צענטראַלע אין וואַרשע, האָט מען אים דערקלערט, אַז ווענגראָוו האָט איבערשטיגן אַפילו גרויסע שטעט.

די פאַרבליבענע אין ווענגראָוו ציוניסטישע עסקנים האָבן נישט זוכה געווען צו זען זייערע אידעאַלן פאַרווירקלעכט אין מדינת ישראל. זיי זענען מיט זייערע משפחות אומגעקומען צוזאַמען מיט אַנדערע ברידער אונדזערע. לאָמיר מיט כבוד דערמאָנען זייערע נעמען: ש. האלבערשטאַט, א. ש. ווייגטרויב, פורמיינסקי, מרדכי זיימאַן, משה פּשעפּיורקא.

*יהי זכרם ברוך!*

## אהרן זילבערשטיין

# פון וואס א שטעטל האט געלעבט...

ווענגראָוו איז געווען אַ שטעטל פון פיל יידישע אַרבעטער און האַנטווערקער. אָבער נעבן די ספּעציפיש יידישע באַרופן און באַשעפטיקונגען, ווי שניידערס, בעקערס, שמידערס, שלאָסערס, בלעכערס א. אַ. וו., זענען געווען דריי כמעט מאָנאָפּאָליסטישע אינדוסטריעס, כאַראַקטעריסטיש פאַר די ווענגראָווער יידן.

### גאַרבערייען

די גאַרבער־אינדוסטרי האָט געהאַט טראַדיציע פון דורות אין ווענגראָוו, און האָט זיך געפונען הונדערט פּראָצענט אין יידישע הענט און יידן האָבן אין איר געאַרבעט. די יידישע גאַרבערייען זענען געווען אַ שם דבר אין פּוילן און זייער פּראָדוקציע איז געוואָרן פאַרקויפט אויך קיין רוסלאַנד.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די קלענערע און גרעסערע אונטערנעמונגען געאַרבעט יעדער פאַר זיך. אין יאָר 1916 האָבן זיי זיך פאַראייניקט און אינסטאַלירט די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע פאַבריק מיט דאַמף־קעסלען און מאָדערנע מאַשינען און איינריכטונגען. מיט דער צייט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאָאָפּעראַטיוו כמעט אַלע פּריוואַטע גאַרבערייען.

די ווענגראָווער גאַרבער־אינדוסטריע איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער פּוילישער עקאָנאָמיע און האָט גענאָסן פון אַלגעמיינער אָנערקענונג.

די הונדערטער יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער גאַרבער־אינדוסטריע, האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער גאַרבער־גאַס און אין די אַרומיקע געסלעך. דאָס זענען געווען אמתע האָרעפּאַשניקעס מיט מאָזאָלעסדיקע הענט, יידישע פּראָלעטאַריער, וואָס האָט צוגעגעבן דעם יידישן לעבן אין שטעטל אַ ספּעציפישן קאָלאָריט.

### פאַרמעט־מאַכעריי

די פאַרמעט־מאַכעריי איז אייגנטלעך געווען אַ קליינער אָפּצווייג פון דער גאַרבער־אינדוסטריע. בסך־הכל האָט זי באַשעפטיקט פון זעקס ביז אַכט משפחות, וועלכע האָבן געאַרבעט מיט אייגענע כוחות, און באַשעפטיקט נאָר משפחה מיטגלידער.

דאָס איז געווען אַן אָרעם פאַך. ביי עטלעכע פאַרמעטמאַכער, זענען די ווייק־פעסער (קאַדקעס) געשטאַנען אין דער וווין־שטוב און פאַרפעסטעט די לופט מיט זייער געשטאַנק.

### תשמישי קדושה (סופרים און בתניקעס)

דאָס שרייבן מזוזות, ספרי־תורה, פרשיות און אויס־אַרבעטן תפילין איז געווען די צווייטע ספּעציפישע אינדוסט־ריע פון ווענגראָוו. אויסער אין אייַנצלנע פאַלן האָבן זיך מיט אַלע די מלאכות באַשעפטיקט נאָר פרומע יידן. זיי האָבן טאַקע באַטראַכט זייער באַשעפטיקונג אַלס מלאכת קודש. ביים שרייבן אַ שם האָבן זיי געזאָגט מיט כוונה: „אני כותב שם זה לשם קדושת המזוזה", אָדער „לשם קדושת ספר התורה" א. אַ. וו. גאָר פרומע סופרים פלעגן גיין אין מקווה זיך טובל זיין פאַרן אָנשרייבן יעדן שם.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען אַ פּראָספּעריטי אויף דעם פאַך און די וועלכע האָבן אים פאַרלאָזט, האָבן זיך צוריק גענומען צו שרייבן מזוזות. ווענגראָוו האָט אָנגעהויבן ליפערן תשמישי־קדושה קיין אַמעריקע און דער פאַרלאַנג איז געווען גאָר גרויס. סוחרים — אַגענטן האָבן געגעבן פאַרשוס און פאַרלאַנגט וואָס מער סחורה. אין יענער צייט איז געווען פּאָפּולער דער פאַלגענ־דער וויץ: אַ ייד האָט זיך שטאַרק געדונגען ביים קויפן אַ מזוזה, האָט אים דער סופר אַ בייזער אָנגעשריען: גייט אייך געזונטערהייט, איך שטיי נישט אָן אויף יידישע קונים...

אין דער צייט פון גראַבסקי האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה אין דעם פאַך, ווי אין גאַנצן עקאָנאָמישן יידישן לעבן אין פּוילן. אויף די סופרים זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן פאַנטאַסטיש הויכע שטייערן און דער עולם האָט אָנגעהויבן זוכן וועגן צו עמיגרירן.

מיטאַמאָל זענען אַוועק די גוטע יאָרן פון פּראָספּערי־טי, און שוין קיינמאָל נישט מער צוריקגעקומען...

אין גאַנץ פּוילן איז נאָר געווען אַ צווייטע שטאָט — סלאָנים, וואָס איז אויך געווען אַ צענטער פון דער תשמישי־קדושה אינדוסטריע.

### מעבל־סטאָלעריי

דאָס איז געווען די דריטע וויכטיקע יידישע אינדוסטריע אין ווענגראָוו. ס'זענען געווען פיל קליינע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן נישט באַשעפטיקט קיין לוין־אַרבעטער און וואַר־שטאַטן אין וועלכע ס'האָבן געאַרבעט זעקס, אַכט און מער אַרבעטער.

אויסער פּראָסטע מעבל אין דאָרפישן סטיל פאַר פּויערן זענען אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן פיין פּאָלירטע מעבל פון גוטע העלצער. די גאַנצע אַרבעט, ווי שניידן, הובלעווען, פוגעווען א. אַ. וו. איז געמאַכט געוואָרן מיט דער האַנט.

אַרום 1924 האָט דער מעבל פאַבריקאַנט ישראל פּאַרביאַזש אינסטאַלירט מעכאַנישע מאַשינען, ווי זעגן, הובל א. אַ. וו. געטריבן מיט עלעקטרישן שטראָם. ער האָט אויך אָנגענומען אַרבעט פון אַנדערע פאַבריקאַנטן.

די אייַנציקע מעכאַנישע סטאָלעריי פלעגט אָבער אַר־בעטן נאָר ביי נאַכט, ווייל די שטאָטישע עלעקטראָווניע (שאָטנשטיינס) האָט פונקציאָנירט נאָר אין די נאַכט שעהן.

פאַרצווייגטע פאַכן זענען געווען שינדל־מאַכערס און האָלץ־טאַקערס.

### אַנדערע באַשעפטיקונגען

צווישן די פיל אַנדערע באַשעפטיקונגען פון וועלכע די ווענגראָווער יידן האָבן געצויגן זייער חיונה, איז ווערט צו דערמאָנען די שוסטעריי, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי באַזונדערע פאַכן: קאַמאַשנמאַכערס, בייגערס און שוסטערס. אויך דאָ זענען געווען קליינע און גרעסערע וואַרשטאַטן. אויסגעאַרבעט האָט מען אייַנפאַכע פּויערישע שטיוול און אויך די פיינסטע האַנט־געניייטע און געפלעקלטע שיך פון די שענסטע פאַסאָנען.

ביזן יאָר 1914 פלעגט די צאַריסטישע רעגירונג מאַכן גרעסערע באַשטעלונגען פון סאָלדאַטן־שטיוול. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָבן די טאַנדעטן־שוסטערס גאָר שטאַרק אויפגעלעבט, אָבער אין 1915 זענען אַריין די דייטשן און די שוסטערס זענען געבליבן מיט הופנס סאָלדאַטישע שטיוול. פאַר גרויס בהלה האָבן זיי אויך נישט באַוויזן אייַנצוקאַסרין ביי די פּאַדראַטשיקעס דאָס געלט פאַר די לעצטע ליפערונגען.

סאיז אַריבער אַ היבש ביסל צייט ביז די שטעפּערס און שוסטערס האָבן באַוויזן זיך אויפסניי „צו שטעלן אויף די פיס".

### קריינדלעך שטיקעריי

דאָס איז אויך געווען אַ ספּעציפיש ווענגראָווער פּרנסה, וואָס איז באַשטאַנען ביז אָן ערך 1912.

די קריינדלעך זענען געווען שוואַרץ־זיידענע שפּיצן מיט וועלכע פרויען פלעגן באַפּוצן זייערע קופּקעס. די נייע מאָדעס און די מאָדערנע שפּיצן אינדוסטריע האָט אַ סוף געמאַכט צו דער פּרנסה, ביי וועלכע פרויען און מיידלעך פלעגן אַרבעטן ביז שפּעט אין די נאַכט ביי נאַפט־לעמפּלעך, אָדער חלבדיקע ליכטלעך.

### טאָרף גראָבן

אין יאָרן 1912/10 האָט מען אָנגעהויבן עקספּלאָאַטירן די טאָרף־פעלדער אין יאַרנעץ, עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון ווענגראָוו. ווענגראָווער יידן האָבן אָנגעהויבן אַהינצושטראָ־מען — מענער, פרויען און קינדער. פאַרטאָג האָט זיך אָנגע־הויבן דער מאַרש צו פוס מיט אַ רידל אויפן אַקסל אויף וועלכן ס'האָבן געהאַנגען די שיך און אַ קלימעק מיט עסן. טיף אין אָוונט האָט מען מאַרשירט צוריק — מיד, צעבראָכן נאָך דער שווערער טאָג אַרבעט, ביי וועלכער ס'זענען געווען באַשעפטיקט יידן און קריסטן צוגלייך.

די הויפּט־אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסגראָבן פּיר־קאַנטיקע ציגל־מעסיקע ערד־בלאָקן און אויפלאָדעווען זיי אויף וואַגאָנעטקעס, וואָס האָבן געפירט די בלאָקן אויף אַ רעלסן־נעץ צו די פּרעס־מאַשינען און פון דאָרט צום טרו־קענען. דעם טרוקענעם טאָרף האָט מען פאַרלאָדנט אויף פורן און געשיקט אין די אַרומיקע שטעט.

ס׳זענען געווען גרויסע טאָרף־אונטערנעמונגען: איינע האָט געהערט צו משה בידערמאַן און די צווייטע צום פירשט גאַלאַביעווסקי, וועלכער האָט שפּעטער פאַרקויפט זיינע טאָרף־פעלדער אַ יידישן קאָנסאָרציום אין באַשטאַנד פון יחזקיהו שלעזינגער און מאָטל גרושקע.

## וואָלענע דערעס

אין די לעצטע יאָרן איז דאָס שטריקן וואָלענע דערעס (קאָפּ־טיכער) אין פאַרשידענע מאָסן, מוסטערן און מאָדעלן („שפּיצן", „שיפן", „רינגען" און אַנדערע) געווען אַ וויכטיקער פרנסה־צווייג, ביי וועלכן ס׳זענען געווען באַשעפטיקט פרויען און מיידלעך.

די אַרבעטס־מכשירים זענען באַשטאַנען פון אַ שפּול־שטענדער און אַ שטיק־נאָדל. דער שפּול־שטענדער האָט געדינט צום וויקלען די וואָל פון די פּאַסמעס אין קנוילן. דאָס שטריקן די וואָל איז געמאַכט געוואָרן מיט דער הילף פון דער שטיק־נאָדל (שידעלקע) מיט אַ שווינדל־שנעליקייט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אַ סך מיידלעך פלעגן פון אָט דער אַרבעט אָפּשפּאָרן אויף אויסשטייער — אַנדערע האָבן זיך איינגעהאַנדלט די שווינדזוכט.

## פישעריי

אַ ספּעציפיש יידישע פרנסה איז אויך געווען די פיש־פּאַנגעריי. יידישע פישערס פלעגן זיך אַוועקלאָזן מיט זייערע שיפלעך (טשיליניעס) איבערן ליוויעץ און בוג און פאַרוואָרפן זייערע נעצן (ניעוועטן) און פאַנגען פיש. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע, באַזונדערס אין ווינטער בעת פרעסט און שניי זאַווערוכעס.

די פישערס זענען אַוועק מיט זייערע שיפלעך מאָנטיק און צוריקגעקומען מיט זייער פאַנג דאָנערשטיק און באַזאָרגט די שטאָט מיט כשרע פיש אויף שבת. די טריפענע פיש און ראַקעס האָבן זיי צוריק אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, כדי נישט צו פּראָפיטירן פון טריפות.

זיי האָבן געדאַוונט אין נייעם בית־המדרש צוזאַמען מיט די בעלי־עגלות און טרעגערס — אַוודאי צוליב דעם, וואָס דאָרט האָט מען געדאַוונט גאָר פרי.

בסך־הכל האָבן זיך מיט דער פרנסה פאַרנומען איינצעלנע משפחות.

## בעלי־עגלות

קודם זענען געווען גרויסע וועגענער מיט „דראָפּקעס" און אויף דער הויכער קעלניע איז געזעסן דער בעל־עגלה און צו זיין לינקער האַנט דער שמייסער, וואָס זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין איבערנעמען די לייצעס ווען דעם בעל־עגלה׳ס הענט זענען געווען געפרוירן, העלפן פאַרלאָדן און אויסלאָדן דאָס געפּעק, פירן די פערד צום וואַסער א. אַ. וו. ווינטער־צייט האָבן זיך די פורן פאַרוואַנדלט אין בוידן.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין פירן פּאַסאַזשירן צו און פון דער באַן־סטאַציע, אָדער פון ווענגראָוו צו און פון די שטעט.

מיט דער צייט האָבן זיך די פורן פאַרוואַנדלט אין אמניבוסן געשפּאַנטע צו פערד און זינט 1926 האָבן זיי זיך צום טייל פאַרוואַנדלט אין אויטאָבוסן. (פאַר די ליניעס ווענגראָוו—לאָכאָוו און ווענגראָוו—וואַרשע). אויף דער ליניע ווענגראָוו—קאַלושין האָט געהאַט אַ חזקה ר׳ הענעך קאָלרשינער (אין קאַלושין האָט מען אים גערופן הענעך ווענגראָווער). צו זיין גרויסע פור זענען געווען איינגעשפּאַנט דריי פערד, אָבער ער האָט אַזוי אָנגעשטופּט די פור מיט פּאַסאַזשירן, אַז באַרג אַרויף האָט מען געמוזט אַראָפּגיין און העלפן די פערד. באַרג אַראָפּ איז ווידער געווען געפּערלעך צו זיצן אין אַ פול־געפּאַקטער פור איז מען דעריבער נאָכגעלאָפן איר צו פוס. בסך הכל איז מען אַ האַלבן וועג געפאָרן און אַ האַלבן וועג געלאָפן און אונטערגעשטופּט די פור...

אויף דער ליניע ווענגראָוו־סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ חזקה ר׳ אהרון סעבער. זיינע פּאַסאַזשירן זענען געווען דאָס רוב ווייבער, וואָס פלעגן פאָרן צום סאָקאָלאָווער רבין בעטן פרנסה, אָדער אַ רפואה פאַר אַ קראַנק קינד.

די אויטובוס־ליניעס ווענגראָוו—לאָכאָוו און ווענגראָוו—וואַרשע, האָבן באַדינט עטלעכע בעלי־עגלות, וועלכע האָבן, ווי דערמאָנט, דערוואָרבן אין 1926 אויטובוסן.

אָט עטלעכע פון זיי: וועלוול און זיין זון, יאָסל נאָרדמאַן, לייזער זאַטקאַליק, חיים נאַטשאַלניק, משה זאַטקאַליק (משה יארצייט), מאָטל שמואל משה׳ס, קלמן פּשעפּיורקאַ, טוביה יאַליק.

## טרעגערס

צום סוף וועלן מיר נאָך דערמאָנען די טרעגערס, ווייל אויך זיי זענען געווען גאָר קרעפטיקע פאָלקס־יידן, וועלכע פלעגן פאַרטיידיקן יידיש לעבן און פאַרמעגן בעת פּוילישע רעקרוטן האָבן געפּרוווט צולעגן אַ לאַפּע.

זייער הומאָר, וויצן און אַפילו קריגערייען האָבן געשפּרודלט מיט פאָלקלאָר. זיי פלעגן שטיין גרופּנווייז נעבן הויז פון הערשל מאָרגנשטערן (הערשל פּראַסט), אָדער אַנטקעגנאיבער ביים הויז פון יצחק מרוּוקע (יצחק קאַזע) און וואַרטן אויף אַ שטיקל אַרבעט.

יעדער טרעגער האָט געטראָגן אויף זיין גאַרטל־פּאַס אַ בלעכענע פּושקע אויף אַ שלאָס, און יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט האָט דער עלצטער טרעגער אויפגעשלאָסן אַלע פּושקעס, איבערגעציילט דעם פדיון און צוטיילט דאָס געלד אין אַ גלייכער מאָס צווישן אַלע טרעגער.

דוכט זיך, אַז נאָר אין ווענגראָוו און נישט אין קיין שום אַנדערע שטאָט איז געווען אָנגענומען אַזאַ קאָמונע קאָסע צווישן יידישע טרעגערס.

*

מיר האָבן אויסגעלאָזט פיל אַנדערע יידישע באַשעפטיקונגען, ווי בעקערס, שניידערס, נייטאָרנס, זייגערמאַכערס, היטל־מאַכערס, שמידערס, קצבים א. אַ. וו., ווייל כאָטש אויך זיי האָבן בייגעשטייערט צום אַלגעמיינעם יידישן לעבן פון ווענגראָוו, זענען זיי אָבער נישט געווען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער שטעטל.




אַ גרופּע פון „צעירי אגודת־ישראל״ (אגודת־ישראל יוגנט) אין ווענגראָוו



שילער פון ווענגראָווער גימנאַזיע מיט זייערע לערער

אהרן זילבערשפּיין (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# ווענגראָווער קינסטלער

## א. ר׳ יעקב שניצער

(מאָלער און אַרכיטעקט פון ווענגראָווער שוהל)

צו די אינטערעסאַנטע טיפּן, וועלכע האָבן צוגעגעבן פיל קאָלאָריט דעם מאָנאָטאָנעם לעבן אין אונדזער ליבן ווענגראָוו, האָבן אָן ספק געהערט ר׳ יעקב שניצער (מיין עלטער־זיידע), וואָס איז געווען אַ געבוירענער קינסטלער, כאָטש מער ווי אין אַ פּראָסטן חדר האָט ער נישט געלערנט. ער איז געווען איינער פון די אַנאָנימע יידישע פאָלקס־קינסטלער, וועלכע האָבן אָן אַ טומל און באַשיידן אַדורכ־געשפּאַנט זייער שטילן לעבנס־וועג, ביישטייערנדיק דערביי פיל צום קאָלירפולן יידישן שטייגער אין פּוילן.

זיין גאַנץ לעבן איז ר׳ יעקב שניצער (זיין אמתער פאַמיליע נאָמען איז געווען גלאַזמאַן) געווען פאַרטאָן אין עבודת הבורא און דערביי טאָקע אויך שווער געהאָרעוועט און זיך פאַרנומען מיט אַ סך פאַכן, כדי צו פאַרדינען זיין שטיקל ברויט. ער איז געווען אַ גלעזער, מאָלער, מצבה־קריצער און שניצער. פון די אַלע זיבן גליקן האָט ער קוים געהאַט פּרנסה. צו אַלע זיינע מעלות דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן, אַז ווען ער האָט זיך שוין אויף די עלטערע יאָרן אויפגעבויט אַ הויז, האָט ער אַ האַלבע שטוב אַוועקגעשענקט קהל פאַר אַ הקדש.

קיין גרויסער למדן איז ער נישט געווען, אָבער אַ מדרש האָט ער געקאָנט גאָר האַרציק אויסטייטשן. דערפאַר אָבער האָבן ווענגראָווער יידן געלעקט די פינגער פון זיינע גלייך־ווערטלעך, וואָס פלעגן איבערגיין פון מויל צו מויל און אַפילו צווישן גויים. איבערהויפּט האָבן אים שטאַרק געשעצט די פּריצים.

אויפן ערשטן פּלאַץ דאַרף דערמאָנט ווערן זיין גרויס מייסטער־ווערק, די ווענגראָווער שוהל, וואָס איז באַוווּנדערט געוואָרן פון יידן און קריסטן, פון גאַנץ פּוילן. ער איז געווען נישט נאָר דער מאָלער און שניצער, וואָס האָט אויסגע־מייסטערט די וווּנדערבאַרע פרעסקן, רעליעפן, קרוינען, קאַפּיטעלן, די מנורה, לחם־הפּנים און ארון הקודש, נאָר איז אויך געווען איר אַרכיטעקט. ער האָט געהאַט געצייכנט די פּלענער פאַרן בנין.

לויט די פּלענער איז אויפגעבויט געוואָרן דער פּרעכ־טיקער בנין מיט די דריי עזרות נשים, שניידער־שוהלעכל און גאַלעריע פאַר די חדר־יינגלעך, וועלכע פלעגן קומען מיט זייערע מלמדים מקבל שבת זיין.

אַט די וווּנדערבאַרע קאָמבינאַציע האָט זיך געהאַלטן אויף צוויי הוילע זיילן, אויסגעשניצט אין פיינע פיליגראַנען מיט איינגעקריצטע פּסוקים און פאַרענדיקט מיט באַגאָל־דעטע קרוינען און פיינעם באַראָק־סטיל. יעדער זייל, צוזאַמען מיט זיין קרוין, איז געווען פון איין שטיק האָלץ.

צום ארון הקודש האָט געפירט אַ ברייטע עסטראַדע מיט צען אָדער צוועלף טרעפּ. אין דער לינקער זייט איז געווען מייסטערהאַפט אַריינגעפּאַסט אַ באַוועגלעכער שטול פאַרן רב, וואָס איז מיט אַ לייכטן דרוק אַרויס אָדער אַריין, כדי צו קאָנען זיצן אויף אים.

אויסער דעם האָט ר׳ יעקב שניצער געאַרבעט אין פאַר־שיידענע פּריצישע פּאַלאַצן אַרום ווענגראָוו, ווי רוכנע, טורנע, סטאַראָוויעזש א. אַ. וו. און זיינע שניצערייען באַפּוצן זיי זיכער ביזן היינטיקן טאָג.

איך געדענק, ווי אַלץ קינד האָט מיר מיין זיידע ר׳ איטשע מאָלער ע״ה (ר׳ יעקב שניצערס זון) מיטגענומען אין סטאַ־ראָוויעזשער פּאַלאַץ פון פּירשט לובאָמירסקי. מיינע אויגן האָבן זיך נישט געקאָנט זאַט אָנקוקן די פּראַכטיקע שניצע־רייען פונעם גרויסן מייסטער. איין זאַך איז מיר פאַרבליבן אין זכרון: אַ באַנק אין צענטער פון גאָרטן, מיט מלחמה־סצענעס פון פּוילישע ריטערס אויסגעשניצט אויפן אָנלען מיט אַזאַ רעאַליזם, וואָס האָט מיך דערשראָקן און מיך אַ שטיק צייט אויפגעוועקט פון שלאָף.

ר׳ יעקב שניצער האָט זיך ביים לעבן אַליין געמאַכט זיין מצבה אויף אַן איינפאַכן פּירקאַנטיקן שטיין אָן שום באַפּוצונגען און קיין שום הויכע מליצות, ווי עס איז דעמאָלס געווען דער שטייגער.

אויפן שטיין איז געווען אויסגעקריצט:

פ״נ

יעקב בן ר׳ ישראל יצחק גלאַזמאַן

הנקרא יעקב שניצער

די דאַטע פון זיין פּטירה האָט שפּעטער באַזאָרגט זיין זון ר׳ איטשע מאָלער ע״ה.

ת. נ. צ. ב. ה.

## ב. די כלי־זמרים

אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון אונדזער שטאָט פאַרנעמען די כלי־זמרים און בעיקר זייער לעצטער דור, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ גרויסער פאַרצווייגטער משפּחה מוזיקער מיטן נאָמען שפּילמאַן.

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין אַ פאָרשונג וועגן ווענגראָ־ווער מוזיקער, וויל איך בלויז פאַרצייכענען עטלעכע

שטריכן וועגן אָט דער דאָזיקער קינסטלער משפּחה פון וועלכער עטלעכע זענען אָן ספק געווען טאַלאַנטירטע מוזיקער און באַשיינט נישט בלויז היימישע שמחות, ווי חתונות, וכדומה, נאָר אויך פּאָלקס יום־טובים, ווי סיום התורה, טעאַטער פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן א. אַ. וו.

איך וועל אויסרעכענען זייערע נעמען לויט זייער עלטער: ר׳ אלתר — פידלער און קאָנטראַבאַס; ר׳ ישראל׳קע — פידלער; ר׳ אייזיק — פידלער; אברהם (ישראל׳קעס זון) — פלייט שפּילער; יענקל (אייזיק׳ס זון) — קלאַרינעטיסט.

אַלע גוטע מוזיקער און האַרציקע יידן.

עס איז כדאי צו דערמאָנען דעם אַלגעמיין באַוווּסטן פאַקט, דאָס זיי פלעגן גאָר נישט טועם זיין אויף קיין חתונה, אַפילו נישט קיין טרונק משקה. דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אויף געוויסע חתונות האָט מען זיי סערווירט באַזונדער, מן הסתם נישט בכבודיק. זייט דעמאָלס האָבן זיי באַשלאָסן גאָר נישט צו פאַרזוכן אויף קיין חתונה און זיי האָבן זייער באַשלוס קאָנסעקווענט אָפּגעהיט.

איך וועל זיך באַזונדער אָפּשטעלן אויף ר׳ ישראל׳קע כלעזמער. ערשטנס, ווייל מיר האָבן יאָרן־לאַנג געוווינט מיט אים אין שכנות און איך האָב אים נאָענטער געקענט. און צווייטנס, ווייל ר׳ ישראל׳קע האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינעם רעספּעקט הן מיט זיין איידעלן באַנעמען זיך מיט מענטשן און הן מיט זיין פּראָפעסיע.

ר׳ ישראל׳קע איז געווען אַ שטילער בכבודיקער ייד מיט איידעלע מאַנירן, אַ יושב אוהל און פלעגט זעלטן אַרויסגיין, אַחוץ, פאַרשטייט זיך, אויף אַ שמחה כדי דאָרט שפּילן. ער פלעגט גאַנצע טעג זיצן ביי זיך אין שטוב און מאַכן פּראָבן. דאָס הייסט שפּילן אויף זיין פידעלע, וואָס ער האָט געצערטלט ווי אַ ליב קינד. ער איז געווען די נשמה פון די כלעזמער־משפּחה. אַ דאַנק אים האָט זיך די גרופּע געהאַלטן צוזאַמען. יעדער סכסוך וואָס פלעגט פאָרקומען צווישן די כלעזמער, האָט ער אויסגעגליכן מיט זיין אויטאָריטעט און נישט דערלאָזט קיין שפּאַלטונג.

איך בין אַ קנאַפּער מבין אויף מוזיק און בין נישט בכוח אָפּצושאַצן פאַכמעניש זיין טאַלאַנט. אָבער אַז ר׳ ישראל׳קע האָט געשפּילט סאָלאָ, אַ „מאַראַלוש״, למשל, ביים כלה־באַדעקנס וכדומה, האָט זיין פּירקאַנטיקע באָרד צוזאַמען מיטן פידעלע זיך צונויפגעשמאָלצן אין איין אינסטרומענט און די זיסע טענער, וואָס זיינע דאַרע קנאָכיקע פינגער האָבן אויסגעכישופט, האָבן פאַרקלעמט דאָס האַרץ און אויסגעפּרעסט טרערן, באַזונדערס ביי פרויען.

צום שבח פון די ווענגראָווער כלעזמערס מוז באַטאָנט ווערן, אַז זיי זענען געווען גוטע האַרציקע יידן און אויף אָרעמע חתונות האָבן זיי געשפּילט פאַר ביליקע שכירות. ביי גאָר אָרעמע פלעגן זיי נעמען אַ סימבאָלישן לוין און אויף אַ מצוה־חתונה האָבן זיי געשפּילט גאָר אומזיסט. זיי האָבן קיינמאָל נישט מבייש געווען חתן־כלה.

ווען עס האָט זיך געטראָפן און אין איין נאַכט זענען פאָרגעקומען צוויי חתונות, איז געווען אַ האַמפּערניש צווישן ביידע כלות: יעדע האָט פאַרלאַנגט, אַז ר׳ ישראל׳קע זאָל שפּילן אויף איר חתונה. ר׳ ישראל׳קע האָט געמאַכט אַ פּשרה און געשפּילט אַ האַלבע נאַכט אויף איין חתונה און אַ האַלבע נאַכט אויף דער צווייטער חתונה.

איך געדענק ווי אויף אַ סיום התורה, נאָך דעם ווי זיי האָבן באַגלייט מיט אַ גרויסאַרטיקן מאַרש די תורה אין היכל אַריין, האָט זיי דער רב געווונטשן: „איר זאָלט זוכה זיין מקבל פּנים צו זיין דעם מלך המשיח מיט אייער שפּילן״.

זאָלן מיינע באַשיידענע ווערטער זיין אַ ליכטל פאַר זייערע נשמות.

## ג. ר׳ בעריש בדחן

איך וויל דאָ פאָרשטעלן דעם ווענגראָווער טרובאַדור און פּאָעט, ר׳ בעריש בדחן. אָן די כלי־זמרים קאָן מען זיך בכלל נישט פאָרשטעלן ר׳ בעריש בדחן. אין איינעם מיט ר׳ ישראל׳קן איז ער געווען זייער גייסטיקער פירער. זיי האָבן אים שטאַרק געשעצט, מן הסתם דערפאַר, וואָס ער איז געווען באַהאַוונט אין „די דראָבנע אותיות״ (ווי זיי פלעגן זיך אויסדרוקן), און זיכער אויך אַ דאַנק זיין חכמה, ווייל ער איז געווען אַ זער קלוגער ייד.

ר׳ בעריש איז געווען פון מיטלער וווּקס, אַ ביסל אַ דיקלעכער מיט אַ קורץ בלאָנד פּירקאַנטיק בערדל; אַ שיין פּנים מיט אַ גריכישן פּראָפיל און אַ פּאָר גרויסע בלויע אויגן.

ר׳ בעריש׳ס „זאָגן״ האָט געשמט ווייט אויסער די גרענעצן פון ווענגראָוו און מבינים פלעגן פאַרזיכערן, אַז ער איז געווען פון די בעסטע בדחנים אין פוילן.

זיין בדחנות איז געווען פון אַ הויכן שטייגער. ער פלעגט אימפּראָוויזירן אויפן אָרט, צוגעפּאַסט צו יעדער שטימונג. אויף אַ געוויינלעכער חתונה איז זיין „זאָגן״ געווען לייכט, אָבער מיט פיל וויץ און איינפאַל. דאַקעגן אויף אַ למדנישער חתונה האָט ער פאַרפלעכט אין זיינע גראַמען טיפע רעיונות. אַזוי, למשל, געדענק איך זיין „זאָגן״ אויף דער למדנישער חתונה ביי ר׳ אפרים אוסטראָלענקער. צווישן די געסט זענען געווען רבנים און רביים און ר׳ בעריש האָט געבראַכט אַ מאמר פון זוהר וועגן ענין יצירה און אים גלענצענד פאַרטייטשט מיט ווונדערלעכע גראַמען פול מיט רייכן אינהאַלט.

אַז ר׳ בעריש פלעגט „זאָגן״ גראַמען צום באַדעקן אַ כלה אַ יתומה, האָט זיך די חתונה פאַרוואַנדלט אין אַ יאָמער געוויין. אָבער שפּעטער צו דער וועטשערע האָט ער געזאָגט אַ „פריילעכס״, כדי משמח זיין חתן־כלה. דערביי איז זיין הומאָר קיינמאָל נישט געווען באַנאַל, נאָר תמיד אָריגינעל און קיינמאָל נישט איבערגעחזרט די זעלבע גראַמען.

אין פּריוואַטן לעבן איז ער געווען אַ באַשיידענער מענטש, נישט געזוכט קיין כבוד.

ער איז געווען אַן אמת׳ר קינסטלער.

יהא זכרו ברוך.

**מ. זאַיאָנץ** (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

# די וועגראַווער אין אַרגענטינע

די געשיכטע פון די וועגראַווער אין אַרגענטינע ציט זיך פּאַראַלעל מיט דער געשיכטע פונעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע בכלל. שוין אין די ניינציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט טרעפט מען וועגראָווער עמיגראַנטן אין די גאַסן פון בוענאָס־איירעס.

אַרגענטינע איז געווען דעמאָלט ווייניק באַקאַנט אין די פּויליש־יידישע שטעטלעך און געשילדערט איר אין וועגראָוו האָט דער בן־עיר מרדכי ווייסמאַן.

ער האָט געהאַט אַ ווייב אַן אשת־חיל, מאלע־רעשע, וואָס האָט זיינע געשעפטן געפירט געשיקט און זיכער. דערצו האָט זי פאַרמאָגט אַ קלאָרן קאָפּ, וואָס האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז זי זאָל זיך ניט קעגנשטעלן דער אומרואיקער נאַטור פון איר מאַן און זיין ליידנשאַפט צו וואַנדערן. האָט ער טאַקע באַרייזט אַ האַלבע וועלט, און צווישן אַנדערע לענדער אויך אַרגענטינע.

קומענדיק אַהיים פון אַזאַ רייזע איז ער, פאַרשטייט זיך, געווען די אַטראַקציע פון שטעטל, און דער יידישער עולם האָט זיך געשאַרט אַרום אים אין גאַס און אין בית־המדרש. מיט אָפענע מיילער פלעגן זיי שלינגען זיינע רייזע־שילדערונגען.

אַ באַזונדערן איינדרוק האָט געמאַכט אויף זיי זיין שילדערונג פון אַרגענטינע. ער האָט דאָס לאַנד געמאָלט מיט פאַרכאַפּנדיקע פאַרבן, מיט דער כוונה צו באַווירקן די אַרבעטער פון זיין שטעטל, אַז זיי זאָלן אַהין עמיגרירן. ער לאַכט אויס די מורא פאַרן אומבאַקאַנטן לאַנד און ער דערציילט וועגן דער גאַסטפריינטלעכקייט פון אירע באַוווינער אוןביים אויפנעמען ניי־אָנגעקומענע.

די נייעס פון מרדכי ווייסמאַן האָט ביי די וועגראַווער אַרבעטער אויפגעוועקט די האָפענונג אויף אַ לייכטערער עקזיסטענץ.

אין אַ שיינעם טאָג האָט „געפּלאַצט אַ באָמבע״: דער אַרבעטער ג. פּאָרט אָפּ אינגיכן קיין אַרגענטינע, און ווייסמאַן גיט אים אויף הוצאות.

## „אגודת אחים״

דאָס איז געווען דער אָנהויב און אין עטלעכע יאָר שפּעטער זענען שוין געווען צענדליקער וועגראַווער אין אַרגענטינע.

ווער עס פאַרפאָלגט די געשיכטע פון די וועגראַווער אין די ערשטע יאָרן פון זייער געפונען זיך אין לאַנד, מוז באַווונדערן זייער צופּאַסונגס־כוח, זייער ענערגיע און אַרבעטס־חשק, זייער יאָגן אָפּצוגעווינען די יאָרן פון נויט און אויך נישט פאַרשעמען דאָס לאַנד, וואָס האָט זיי פריינטלעך אויפגענומען און גיט זיי די מעגלעכקייט איינצושאַפן זיך אַ בעסער לעבן.

זיי צעשפּרייטן זיך איבער די אַרגענטינער ברייטע סטעפּעס, שלאָגן אויף זייערע געצעלטן אין שטעט און אין דערפער מיט אַ הונגער פאַר אַרבעט, אַקטיוויטעט, שאַפן און דערגרייכן.

די משפחה צוקערס האָט זיך באַשעפטיקט מיטן האַנדל פון פיינע פעלן פאַר עקספּאָרט, די סטאָלערס טשאַפּאוו און כירסאַן מיט האָלץ און וואַלד־האַנדל. און איבער די ווייטסטע ווינקלען פון אַרגענטינע, פונעם דרום׳דיקן „סאַפּאַלאַ״ צופּוסנס פון די הויכע קאָרדאַלעירן בערג ביזן צפון־מזרח׳דיקן „מיסיאָנעס״, ביי דער גרענעץ פון פּאַראַגווײַ, איבער די שטעט און קאַמפּן פון דער צעשפּרייטער „פּאַמפּאַ״, צוואַקסן זיך די נעסטן פון אַרבעט און האַנדל, געבויט דורך די וועגראָווער שולזינגער, שוואַקס, זילבערשטיין, בעדנאַזש, פּשעפּיורקאַ, קראַווטשיק און צענדליקער אַנדערע.

דער קערן פון די וועגראַווער קאָנצענטרירט זיך אין ב. איירעס מיט א. גאָלדמאַן, בערגמאַן, האָכבערג, גאָרדאָן, ה׳ גורע־הערבשטיין, מאַרקעוויטש, פּאַסמאַנטער, ניימאַן און אַנדערע בראש. זייער אָנטייל אין אַלגעמיינעם־יידישן לעבן איז אָנזעעוודיק סיי אַלס בויער און סיי אַלס אַקטיווע טוער. זייער ערנסט און איבערגעגעבנקייט געווינען די סימפּאַטיע פון זייערע מיטאַרבעטער און פון גאַנצן יידישן קיבוץ.

די וועגראַווער קומען זיך צונויף אין שבתים און יום־טובים, אין אַ הויז פון אַ לאַנדסמאַן. דאָרט זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע ענינים, וואָס האָבן באַרירט דעם קאָלעקטיוו, יחידים, ווי אויך דעם גוטן נאָמען פונעם וועגראַווער קיבוץ.

נאָכן דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז מיט דער פאַרגרעסערטער עמיגראַציע אָנגעקומען אַ נייער קלאַס עמיגראַנטן, וואָס נישט די מאַטעריעלע נויט האָט זיי געטריבן צו די לאַפּלאַטער ברעגעס.

דאָס און אַנדערע פאַקטאָרן האָבן געבראַכט צו דער גרינדונג פונעם וועגראָווער פאַריין „אגודת אחים״. דאָס איז געווען אין יאָר 1906. די צילן פונעם פאַריין זענען געווען אויסשליסלעך לאַנדסמאַנשאַפטלעכע: הילף און איינאָרדענען נייגעקומענע א. ד. גל.

„אגודת אחים” איז געווען די ערשטע יידישע לאַנדס־מאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע באַזירט אויף סאָציאַל־געזעל־שאַפטלעכע יסודות און האָט אַרויסגערופן אַנזען אין יידישן ישוב און נאָך מער פאַרגרעסערט דעם רעספּעקט, וואָס האָט געהערשט פאַר די ווענגראָווער. דער פאַריין האָט דער ערשטער אָוועקגעשטעלט אַ מחיצה צווישן דעם ערלעכן אַרבעטזאַמען ריינעם יידישן קיבוץ און צווישן די בישט ריינע יידן *. דער ווענגראָווער פאַריין האָט אָפּגעשניטן דעם וועג פאַר די דאָזיקע לייט, וועלכע האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען און השפּעות, כדי זיך אַריינצוגליטשן אין אַלגע־מיינעם יידישן קיבוץ. דער פאַריין האָט געדינט אַלס דער וויכטיקסטער פאַקטאָר ביים אָפּהיטן די ריינקייט פונעם יידישן קיבוץ און אויך אַלס פאַרגייער אין יידישן לעבן.

דאָס געהערן צום פאַריין האָט באַפרייט פון יעדן חשד צו האָבן אַ שייכות מיט די „אַנדערע”. צענדליקער ערלעכע וואַרשעווער און סתם פּוילישע יידן האָבן זיך געווענדעט אָנגענומען צו ווערן אַלס מיטגלידער אין פאַריין, וואָס זאָל זיי באַפרייען פון אומגערעכטן חשד.

עמיגראַנטן פון ווענגראָוו און אין יאָר 1925 ווערט געג־רינדעט דער ווענגראָווער ל. ל. פאַריין און אומגעגנט, וואָס קאָנצענטרירט אַרום זיך אַלע ווענגראָווער און פאַרשטאַרקט זיין הילפס־טעטיקייט לטובת די ניי־אָנגעקומענע פון דער אַלטער היים.

די יאָרן 1925—1927 ברענגען אַ גרעסערע צאָל ווענג־ראָווער קיין אַרגענטינע, וועלכע בילדן אַ געזעלשאַפטלעכן עלעמענט, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין דער היים אינעם רענעסאַנס פון יידישן קולטור לעבן אין פּוילן אין די יאָרן פון נאָך דער מלחמה. די דאָזיקע ניי־אָנגעקומענע האָבן מיט זיך געבראַכט אַ אומגעשטילטן הונגער און בענקשאַפט נאָך יידיש קולטורעלן לעבן. ביים פאַריין שאַפן זיך אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל. ס'ווערן איינגעאָרדנט אָפטע פאָרלעזונגען און נאָך אַנדערע קולטורעלע אימפּרעזעס. ס'ווערט געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרייז.

אין פאַריין האָבן געהערשט אַ חבר'שע האַרמאָניע און אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די מיטגלידער פון דער ערשטער עמיגראַציע, הגם ס'זענען שוין פאַריבער צענדליקער יאָרן

יובל 1925 1940

אויסגאַבע

צו דער 15־יעריקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט
פון ווענגראָווער לאַנדסלייט פאַריין אין ארגענטינע

רעדאַקציע קאָלעגיום: מ. זאיאָנץ; ד אייזענבערג; ל. קאַכאַן; ד. בעדנאַרזש;
מ. וואָלמאַן און מ. ראַדושינסקי

בוענאָס איירעס | MALABIA 424 — U T. 54-7917 | יוני 1940

שער־בלאַט פון דער יובל־אויסגאַבע, 1940

**צווייטע כוואַליע פון עמיגראַנטן**

דער פאַריין איז אָנגעגאַנגען מיט זיין טעטיקייט ביזן יאָר 1916. צוליב דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָפּגעשטעלט די אימיגראַציע און פון דער צווייטער זייט האָבן זיך אין פאַריין גרופּירט יידן פון גאַנץ פּוילן און איבערהויפּט פון וואַרשע. דאָס אַלץ אינאיינעם האָט דער־פירט דערצו, אַז דער פאַריין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין זעלבן יאָר אין אַן אַלגעמיינעם פּוילישן פאַריין אונטערן זעלבן נאָמען „אגודת אחים”

נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה און דעם אויפקום פון פּוילן, הויבט זיך אָן די צווייטע כוואַליע

* דאָס באַציט זיך צו אַ לאַגע, אומגעפער מיט פופציק יאָר צוריק. (די רעדאַקציע).

ווען זיי זענען אַוועק פון שטעטל און פון פּוילן.

ווירדיק און אַקטיוו האָבן זיי דורכגעפירט די הילפס־זאַמלונגען פאַר דער ווענגראָווער גמילות־חסד־קאַסע און פאַרן קולטור־בנין וואָס מ'האָט געבויט, ווי אויך פאַר די שולן און אַנדערע הילפס־אַקציעס.

פון זיי איז אַרויס די איניציאַטיוו צו קאָלאָניזירן פינף־און־צוואַנציק ווענגראָווער משפחות, וואָס מ'וועט ברענגען פון ווענגראָוו. דער פּלאַן האָט שוין געהאַלטן ביים פאַר־ווירקלעכט ווערן, ווען פּלוצים איז פאַרווערט געוואָרן די אימיגראַציע קיין אַרגענטינע און די גאַנצע פאָרברייטונגס אַרבעט איז צעשטערט געוואָרן.

זאָלן דאָ מיט כבוד דערמאָנט ווערן די אַלע וועלכע האָבן במשך פון צענדליקער יאָרן, זייענדיק ווייט פון ווענג־

ראוו קיינמאָל אין איר נישט פאַרגעסן און תמיד געווען גרייט צו העלפן די אין דער היים פאַרבליבענע.

מיר וועלן קורץ דערמאָנען די, וועלכע זענען מער נישטאָ צווישן אונדז: א. גאלדמאן, א. בעדנאזש, א. שולזינגער, א. פּשעפּיורקא, י. ראזענטאל, י. זילבערשטיין, דוד גאלדפּארב, מענדל פּשעפּיורקא.

און צו לאַנגע יאָרן: לעאן און משה שוואקס, דוד בעדנאזש, א. בערגמאן, פעדרא טשאפּאוו, מ. קאַטץ און אַנדערע.

## די אַלטע היים

אין די ערשטע יאָרן פון מיין זיין אין אַרגענטינע, ווען איך פלעג זיך צונויפקומען מיט די אַלט־איינגעזעסענע ווענגראוווער אין פאַריין און זיי זענען נישט מיד געוואָרן צו פרעגן און ווידער פרעגן וועגן ווענגראוו, וועגן זייערע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע און איבער הונדערטער קליי־נעקייטן, האָב איך געשטוינט און זיך געפרעגט: די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זענען שוין איבער פערציק יאָר, אַלס יונגע בחורים, אַוועק פון ווענגראָוו, האָבן זיך דאָ פאַרפלאַנצט און איינגעוואָרצלט, האָבן חתונה געהאַט, געבוירן קינדער, און זייערע קינדער האָבן שוין אויך קינדער — וואָס פאַר אַ כוח נעמט זיי אַרויס אין אַזאַ קאַלטער רעגנדיקער נאַכט פון זייערע באַקוועמע היימען צווישן דער משפחה, און ברענגט זיי אין פאַריין, רעדן צום הונדערטסטן מאָל וועגן ווענגראוו?

היינט, ווען איך בין שוין אַזוי פיל יאָרן ווי זיי, ווייט פון מיין היים־שטאָט, פאַרשטיי איך וואָס זיי האָבן דורכ־געלעבט דעמאָלט; מיין היים־שטאָט, מיין יידישע היים־שטאָט עקזיסטירט נישט מער: אויסגעברענט אין איר דאָס יידישע לעבן ביז דער דנאָ, נישט פאַרבליבן קיינער פון די אייגענע נאָענטע חברים, פריינט. גאָרנישט געבליבן, קיין שפּור פון אַמאָליקן שפּרודלדיק־זאַפטיקן יידישן לעבן. פונדעסטוועגן לאָז איך מיך אַראָפּ אין איינזאַמע נעכט אין מיין דמיון קיין ווענגראוו, גיי איבער אירע וועגן און שטעגלעך, רוף אַרויס אַלע טייערע און ליבע געשטאַלטן און זיי רינגלען מיר אַרום. איך זע זיי און הער זייערע שטימען, וואָס זענען מיר באַקאַנט. אָט זע איך די גאַרבער און זייער מוטיקן שטרייק, די וווּנדערבאַרע פלינקע סטאָליער, די „סופרים" — שרייבער פון מזוזות און תפילין, וואָס האָבן פאַרפלייצט אַ וועלט, די שניידער, שוסטער, פאַרמעט־מאַכער — אַלע האָראָפּאַשניקעס, ליבע ברידער, וועלכע זענען אַזוי גרויזאַם אומגעקומען און וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אקטיוו פון די לינקע „פועלי ציון" אין ווענגראוו



צום אָפּפאָר פון אַ גרופּע חברים קיין אַרגענטינע, 1928

**משה ווײַנטרויב** (ציפּאָלעט, אַרגענטינע)

# אין שאָטן פון אומגליק

### 1. היסטאָרישע זכרונות

איך האָב פאַרלאָזט ווענגראָוו אָנהייב זומער 1938, האָב אָבער באַקומען בריוו פון מײַן פרוי רויזעלע הי״ד אויך בעת דער מלחמה ביזן אײַנשפּאַרן די ווענגראָווער ייִדן אין געטאָ אין מאַי 1942. וועגן טראַגישן גורל פון מײַן משפּחה בין איך געוווויר געוואָרן ערשט אין יאָר 1945, נאָכן באַנײַען דעם פּאָסט־פאַרקער מיט פּוילן. אָבער וועגן דעם וועל איך דערציילן צום סוף. פאַר דעם וויל איך איבערגעבן אַ ביסל זכרונות פון אַ פריערדיקער און אַ ביסל מער ליכטיקער תקופה, וואָס האָט אַ שייכות מיטן לעצטן טראַגישן קאַפּיטל פון ייִדישן ווענגראָוו, בעת דער צווייטער דײַטשער אָקופּאַציע פון פּוילן.

געווען איך אַ ערשטע דײַטשישע אָקופּאַציע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פיר יאָר און איז געווען פאָרט גאָר אַנדערש ווי די צווייטע. איך מיין די אָקופּאַציע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

טעג פון שווערן שרעק האָבן מיר איבערגעלעבט בעת די רוסישע געשלאָגענע אַרמיי האָט געהאַלטן אין אָפּציען פון ווענגראָוו. דער הימל איז געווען רויט פון די געשפּרענגטע בריקן און אונטערגעצונדענע שייערן דורך די ווילדע צוריקטרעטנדע קאָזאַקן. די לעצטע „ראַזוויעטקעס״ פון הונגעריקע און אויפגערייצטע רוסישע סאָלדאַטן האָבן געראַבעוועט און געשלאָגן. ייִדן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערס, באַזונדערס מיידלעך און ווייבלעך. איך געדענק, אַז פּלוצים איז מיט אַמאָל געוואָרן שטיל. אין אַלע ייִדישע גאַסן זענען געווען אַוועקגעשטעלט טישלעך מיט עסן און פּאַפּיראָסן און אַפילו געלט פאַר די צעיושעטע סאָלדאַטן, כדי זיי זאָלן נישט ראַבירן. דאָס איז געווען אַ געלונגענע איניציאַטיוו פון מאָטל קאַפּאַווי מיט אַ גרופּע מיטהעלפערס, וועלכע האָבן אײַנגעשטעלט זייער לעבן, כדי צו ראַטעווען די שטאָט פון אַ פּאָגראָם.

פונדעסטוועגן איז דער צוריקטריט פון די רוסן נישט געווען גלאַטיק. אונטערוועלטניקעס האָבן אַרומגעפירט ווילדע רוסישע סאָלדאַטן אין כלומרשט רײַכע ייִדישע הײַזער און זיי האָבן מיט שווערדן צעהאַקט דעם אומשולדיקן יוסל מאַנדלבוים, וואָס איז געשטאָרבן פון די וווּנדן.

### 2. די ערשטע דײַטשישע אָקופּאַציע

ווענגראָווער ייִדן האָבן דערוואַרט די דײַטשישע אַרמיי ווי אַ גואל. פאַר זייער אַרײַנמאַרשירן אין ווענגראָוו האָבן די דײַטשן באַשאָסן די שטאָט. אַ עלטערע פרוי און הערשלעוו זענען שווער געטראָפן געוואָרן און געשטאָרבן פון זייערע וווּנדן. די לעצטע רוסישע סאָלדאַטן זענען אָבער שנעל אַרויף אויף זייערע פערד און אַוועק פון ווענגראָוו מיט אַ גרויסן גאַלאָפּ.

ווי איראָניש טראַגיש קלינגט עס איצט דאָס בעת דער דײַטשישער אָקופּאַציע האָט אויפגעוואַכט די ייִדישע יוגנט אין ווענגראָוו; „לינת הצדק״, וואָס איז אין אָנהייב געווען אונטער דער אויפזיכט פון מײַן פֿאָטער, דער פעלדשער ר׳ הערשעלע ע״ה, איז אַרײַן אין אַ גרויסן לאָקאַל און ס׳האָט זיך געשאַפן דער בית־העם, די ביבליאָטעק, ס׳זענען אַנטשטאַנען פּאַרטייען און אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פיל פּיעסן.

### 3. אין נײַ־אויפגעקומענעם פּוילן

ביטער איראָניש איז אויך דער פאַקט, וואָס מיטן אויפקום פון פּוילן הויבט אָן בהדרגה׳דיק דער וווּקס פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס מאַכט דאָס לעבן פון די ייִדן שווערער פון יאָר צו יאָר. אין די דרײַסיקער יאָרן אַנטשטייט די פּוילישע רעגירונגס פּאַרטיי „סאַנאַציע״ און שפּעטער די באַוווּסטע „פאַלאַנגע״, וואָס באַמיט זיך צו קאָפּירן די נאַצישע מעטאָדן קעגן ייִדן. די פאַלאַנגיסטן פּיקירן ייִדישע געשעפטן און קראָמען, לאָזן נישט אַרײַן קיין פּוילישע קונים און טעראָריזירן די ייִדישע באַפעלקערונג אויך אין ווענגראָוו.

אָנהייב 1938 איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס צווישן מיר און אַ באַקאַנטן אַנטיסעמיטישן כוליגאַן אין ווענגראָוו, וואָס איז דערגאַנגען צו אַ געשלעג. איך האָב זיך אינגאַנצן פאַרגעסן, אָבער אונדז האָט דער ענין אָפּגעקאָסט פיל געלט און ס׳האָט ווייניק געפעלט, אַז אונדזער ראַזוריע זאָל דעמאָלירט ווערן. אויף אַ צולעג האָט זיך אָנגעהויבן קעגן אונדז אַ סעריע פון פּראָצעסן אין די געריכטן און די גאַנצע קריסטלעכע באַפעלקערונג אין ווענגראָוו האָט רעאַגירט מיט אַן אַבסאָלוטן בויקאָט פון אונדזער ראַזוריע. מיך האָבן אויך געדראָט שווערע טורמע שטראָפן. לויט דער עצה פון מײַן ברודער נתן האָב איך פאַרלאָזט ווענגראָוו אין מאַי 1938, איבערלאָזנדיק מײַן פרוי און קינדער מיט דער האָפענונג, אַז איך וועל זיי קאָנען גאָר בקרוב אַריבערברענגען צו מיר קיין אַרגענטינע.

איך האָב זיי מער נישט געזען פאַר מײַנע אויגן, ווי אויך נישט מײַן ברודער נתן און זײַן פרוי.

### 4. יאָרן פון שרעק און האָפענונג

במשך פון די מלחמה יאָרן, האָט דאָך געטליעט אַ פונק פון האָפענונג, אַז מײַנע טײַערע זענען געבליבן בײַם לעבן. אין 1945 האָב איך געשיקט מײַן ערשטע טעלעגראַם מיט אַ באַצאָלטן ענטפער צום ווענגראָווער מאַגיסטראַט, אָבער נישט באַקומען קיין ענטפער. דערנאָך האָב איך געשריבן צו אונדזערע אַ באַקאַנטע קריסטלעכע פרוי פראַנצישקא דיענאַראָוויטש, וואָס אין איר הויז האָט געוווינט מײַן גאַנצע משפּחה, נאָך דעם ווי אונדזער אייגן הויז איז פאַרברענט געוואָרן בעת דער דײַטשישער באָמבאַרדירונג. בײַ דער דאָזיקער באָמבאַרדירונג זענען אומגעקומען

אין אונדזער הויז די שוויגער עלטערן פון מיין ברודער נתן, אַ יונגע טאָכטער פון משה גרינבערג, וואָס איז געקומען רופן מיין ברודער צו אַ קראַנקן און נאָך עטלעכע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָרט צופעליק געפונען.

אויף מיין בריוו צו פרוי דינאַראָוויטש האָט מיר געענטפערט איר׳ס אַ טאָכטער און מיר געבראַכט די איובֿ־בשורה, אַז פון אַלע מיינע טייערע איז קיינער נישט געבליבן. איך האַלט דעם דאָזיקן ענטפער אין דער פּוילישער שפּראַך פאַר אַ היסטאָרישן דאָקומענט, ווייל ער אַנטהאַלט פיל וויכטיקע פּרטים וועגן גורל אויך פון אַנדערע ווענגראָווער יידן, און דעריבער גיב איך איבער דאָ זיין פולן אינהאַלט איבערגעזעצט אויף יידיש:

### 5. דער פּוילישער בריוו פון ווענגראָוו

„חשובער הער,

מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך באַקומען אייער בריוו פון 31 אויגוסט 1945. צום באַדויערן ברענג איך אייך די זער טרויעריקע ידיעה, דאָס די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט אייער גאַנצע משפחה, וועלכע האָט זיך אַרויסגעצויגן פון מיין הויז אין מאַי 1942 מחנדיק וווינען אין געטאָ, ד. ה. אין יידישן קוואַרטל. אייער גאַנצע משפחה האָט דאָרט געפונען אַ וווינונג אויף דער טשיסטע גאַס, אין הויז פון ווענגראָווער רב.

בעת דער ערשטער „אַקציע" קעגן די יידן זענען אומגעקומען אייער פרוי רויזעלע וויינטרויב און איר זון יצחק. דאָס איז געווען דעם 10־טן אָקטאָבער 1942. אין יאַנואַר 1943 זענען סאַלטשע און הענעך אָפּגעפאָרן קיין קאַלושין און פון דאָרטן האָבן זיי די דייטשן אָפּגעפירט קיין טרעבלינקע. הענעך איז אַנטלאָפן און ביז מאַי 1943 איז אים געלונגען זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף. דעמזעלבן חודש איז ער צוריקגעקומען קיין ווענגראָוו און איז געווען ביי מיר אין הויז. דעם 16־טן יוני 1943 איז ער דערשאָסן געוואָרן אַרויסגייענדיק פון דער שטוב.

אייער ברודער נתן וויינטרויב איז צוזאַמען מיט זיין פרוי דערהרגעט געוואָרן דעם 4־טן מערץ 1943, ניט ווייט פון מיין שטוב.

אַזוי איז די גאַנצע פאַמיליע וויינטרויב טראַגיש אומגעקומען פון די דייטשע הענט. דאַסגלייכן זענען אומגעקומען די פאַמיליע סלאָוואַטיצקי, איין הער סלאָוואַטיצקי, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד, האָב איך געגעבן אייער אַדרעס און ער האָט געזאָלט צו אייך שרייבן.

אין יענער צייט האָט מיך געבעטן פרוי רוזשאַ וויינטרויב, אַז ביי דער נאָענטער געלעגנהייט זאָל איך אייך פאַרשטענדיקן וועגן גורל פון אייער גאַנצער משפחה, ווייל זי האָט שטענדיק דערוואַרט אַזאַ טראַגישן סוף.

פון אַלע ווענגראָווער יידן האָבן זיך על־פּי נס, נאָר עטלעכע געראַטעוועט, ווי די משפחה ביעלאָווסקי, שפּילמאַן און עטלעכע אַנדערע.

איך דריק אייך אויס מיינע אויפריכטיקע מיטגעפילן

פרוי דינאַראָוויטש"

וואָס בלייבט נאָך צו שרייבן נאָך אַזאַ בריוו? די צונג איז שטום און אין האַרץ עגבערט אַן אומאויפהערלעכער פּיין און טרויער. מיין פרוי און קינדער, ברודער און שוועגערין האָבן געטיילט דעם גורל פון דער גאַנצער יידישער קהילה אין ווענגראָוו, וואָס איז היינט נישט מער ווי אַ היסטאָרישע דערינערונג.

תנצב״ה.




די משפחה וויינטרויב אויפן קבר פון זייער מוטער (די ערשטע מצבֿה אין יידיש אויפ׳ן ווענגראָוו בית־עולם).

# א ייד פון „יענער וועלט" זאָגט עדות קעגן די נאַציעס

(עדות־זאָגן פון שמואל רייזמאַן פאַר נירענבערגער טריבונאַל)

דער איינציקער יידישער עדות אין נירנבערגער פּראָצעס האָט געשילדערט פאַרן „מאָרגן זשורנאַל" ווי ער האָט געפילט ווען ער איז אויפגעטראָטן פאַרן טריבונאַל — פּנים אל פּנים מיט די נאַצי־פאַרברעכער:

„די פּוילישע פּראָקוראַטור האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסצופאָדערן מיר אַלס עדות צום נירנבערגער פּראָצעס. דער אויסוואַל פון דער יוסטיץ איז געפאַלן אויף די עדות, וועלכע זענען געראַטעוועט געוואָרן פון טרעבלינקע.

צוועלף חדשים בין איך דאָרט געווען. איך בין איינער פון די 23 יידן, וועמען עס איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען ביים אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, ווו עס איז געבליבן דאָס אַש און די ביינער פון קרוב צוויי און אַ האַלבן מיליאָן פון מיינע שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען טאָג־טעגלעך געבראַכט געוואָרן פון גאַנץ אייראָפּע, דאָרט פאַרטיליקט צו ווערן. ווער ס'איז אַהין אַריין, איז שוין מער קיינמאָל נישט אַרויס.

צוועלף חדשים בין איך געווען אין דעם גיהנום, ווו טאָג־טעגלעך איז מיר אויסגעקומען זיך צוצוקוקן צו דער זעלבער פאַרניכטונגס־אַקציע פון די דייטשן לגבי אונדזער פאָלק, ווי די קאַלטע מערדער האָבן געוואָרפן לעבעדיקע צאַפּלדיקע קליינינקע עופעלעך אין פייער אַריין, ביים קלאַנג פון אָרקעסטער, וואָס האָט געשפּילט די דריטע סימפאָניע פון בעטהאָווען.

שווער צו באַשרייבן מיין געפיל אין דעם מאָמענט, ווען איך בין איינגעשטיגן אין אַעראָפּלאַן אין וואַרשע, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט ספּעציעל באַשטימט, כדי מיך צו ברענגען קיין נירנבערג אַלס עדות. עס זענען מיר דאַמאָלט, ווי אין אַ קאַלעידאסקאָפּ, דורכגעגאַנגען אין מוח די גאַנצע צוועלף חדשים. עס האָט זיך מיר געשטעלט פאַר די אויגן דאָס בילד פון די „זיצונגען" פון אונדזער קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע, אין די באַראַקן ביינאַכט, אין די שפּעטע שעה'ען, ביים שיין פון פייער, אין וועלכן עס האָבן געברענט צנדליקער טויזנטער אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע.

ביים שיין פון אָט דעם העלישן פייער איז ביי אונדז אַנטשטאַנען דער פאַנטאַסטישער פּלאַן צו מאַכן אַ אויפשטאַנד און צוזאַמען מיט אונדז אַליין מאַכן אַ סוף צו טרעבלינקע. — —

און איצט? — איך שטייג איין אין אעראָפּלאַן און געפין זיך אויפן וועג קיין נירנבערג, אָפּצוגעבן מיין עדות פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל, וואָס דאַרף משפּט'ן אָט די אַלע מעשים. צו איז באמת דערפילט געוואָרן אָט דער גרעסטער פאַרלאַנג אין מיין לעבן, צו קענען דערציילן דער וועלט, דורכן נירנבערגער געריכט, אַלץ וואָס איך האָב צוגעזען במשך פון 12 חדשים?

בעת'ן גאַנצן וועג קיין נירנבערג זענען מיינע געדאַנקען געווידמעט געווען די טייערע חברים מיינע, וועלכע זענען אומגעקומען אין קאַמף בעת'ן אויפשטאַנד און האָבן ניט זוכה געווען צו ווערן אויסגעהערט אַלס עדות.

וואַרטנדיק אויף די ריכטער און אויפן אָנהויב פון דער געריכטס־פאַרהאַנדלונג, זיץ איך דערווייל אין מיין עדות־קעמערל אין דער געזעלשאַפט פון'ם סימפּאַטישן ב. וואלד פון ניו־יאָרק — דער דאָלמעטשער פון טריבונאַל. פּלוצים באַגעגן איך זיך אויג־אויף־אויג מיט די באַשולדיקטע. איך זע פאַר זיך אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק: גערינג, שטרייכער, פראַנק, קאַלטענברונער, פונק און אַנדערע מערדער, וועלכע האָבן אומגעבראַכט אונדזערע פרויען און קינדער, מוטערס, שוועסטער און ברידער.

עס נעמט מיר אַרום אַ שוידער, איך קאָן זיך נישט מער באַהערשן, די טרערן שטיקן מיך אין האַלדז, און איך האָב דאָס געפיל, אַז די מערדער זיצן דאָ, כדי אויסצוהערן מיין טראַגעדיע, און זיי וועלן נאָך דערפון האָבן פאַרגעניגן. עפּעס דערקענט זיך נישט אין זייערע פּנימער, אַז זיי זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, פאַרן אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל, און ווערן גע'משפּט פאַר די פאַרברעכנס, וואָס האָבן נישט זייער גלייכן אין דער געשיכטע. זיי זיצן אַזוי רואיק, פאַרברענגען אַזוי געמיטלעך איינער מיטן צווייטן און אָפּט מיט אַזאַ זאָרגלאָזיקן שמייכל אויף זייערע טריפה'נע פּנימער, אָן דעם מינדסטן שאָטן פון אומרו.

ניט אַזוי האָבן אויסגעזען זייערע קרבנות אין די לעצטע מינוטן פון זייער לעבן. איך קוק זיך צו צו גערינגס פּנים, דער „מאַרשאַל", וועלכער האָט אַזוי דערפאָלגרייך מיט זיין לופט־פלאָט אָפּגעווישט פון דער ערד גאַנצע שטעט מיט שוצלאָזע ציווילע איינוווינער. ער זיצט זיך, דער מערדער אָנגעלענט אויף זיין באַנק און מאַכט דעם איינדרוק, אַז ער וואַרט גאָר, מען זאָל אים אַריינשטעקן אין האַנט די מאַרשאַל־בולאַווע; קיין סימן אַז ער זיצט פאַר אַ געריכט, אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

ד"ר האַנס פראַנק, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן די גרעסטע פעאיקייטן אויף זיין פאַרוואַלטונגס־פּאָסט אין אָרעמן פּוילן — דער פראַנק, וועלכער האָט באַוויזן צו אָרגאַניזירן און אויפצובויען אַזעלכע מוסטערהאַפטע טויט־פאַבריקן ווי טרעבלינקע, און יאָרן לאַנג סיסטעמאַטיש אויסגערויבט פּוילן און איר באַפעלקערונג. עפּעס זעט זיך נישט אין זיין טריפה'נעם פּרצוף קיין סימן פון חרטה און פּיין פון געוויסן. ווען זיין בליק פאַלט אויף מיר דורך די טונקעלע זון־ברילן, שטעלן זיך מיר פאָר די אויגן־לעכער פון בילד „טויט".

שטרייכער, דער געמיינסטער און נידערטרעכטיקסטער־

